# לייענט אין קומענדיקן נומער:

**דעם סאָף** פון ה. פּאָליאַנקערס „דער בעקער פון קאָלאָמייע“, דעם ראָמאַן פון א. קליאַנאָוון „די אַנטלאָפענע פון אַ פּאַרט“.



קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן, רייזע־נאָטיצן און פאַרצייכענונגען: ש. ראַבי־נאָוויטש. מאָסקווע—טעל־אַוויוו; ש. גאָרדאָן. שטעטלעך (סאָף); ד. האָפּשטיין. די מוטער רוטמאַן אא.



**לידער־ציקלען** פון מ. סאַקציִער, י. קאָטליאַר, ש. רויטמאַן.



**אין דער אָפּטיילונג פון קריטיק** וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן אַרטיק־לען פון י. ליובאָמירסקי וועגן אייזיק הובערמאַנען, פון י. סערעבריאַני וועגן שאָלעם־אַליכעמס „מענאַכעם־מענדל“ אא.



זיכרוינעס. בריוו פון לייענער. ליטעראַרישע נייעס. שעפערישע לאַבאָראַ־טאָריע. זינג־ליד.

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסס״ר

זעקסטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

מײַ

5

1966

# אינהאַלט

זײַט

## 50־טער יאָרצײַט פון שאָלעם־אַליכעם



# 50־טער יאָרצײַט פֿון שאָלעם־אַלייכעם

# שאָלעם־אַלייכעמס געווינעס

יעדע נאַציאָנאַלע ליטעראַטור רוקט אַרויס קינסטלער, וועלכע דריקן אויס אָפֿן סאַמע בוילעטן און טיפֿן אופֿן דעם היסטאָרישן כאַראַקטער און די גײַסטיקע הויפּט־שטריכן פֿונעם פֿאָלק.

אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז אַזאַ שרײַבער שאָלעם־אַלייכעם. זײַנע ווערק זײַנען אַרײַן אין אוצר פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער, אַלמענטשלעכער קולטור. זײַן שאַפֿונג איז אומשטערבלעך.

שאָלעם־אַלייכעם, ווען ער איז געווען נאָך יונג, האָט אָנגעמערקט דעם פּאָרטרעט פֿונעם פֿאָלקס־שרײַבער, דעם קינסטלער, וואָס איז באַרופֿן צו זײַן „דער פֿאָלקס־זינגער“ און וואָס צווישן אים און דעם פֿאָלק עקזיסטירט „אַן אייביקער בונד“[1].

עס איז שווער צו געפֿינען נאָך אַ צווייטן בײַשפּיל אין דער ייִדישער ליטעראַטור, ווען אַ שרײַבער זאָל מיט אַזאַ פּאַטאָס ריידן וועגן דעם באַרוף פֿונעם שעפֿער, וועגן זײַן פֿאַרבינדונג מיטן לעבן און מיטן פֿאָלק. עס איז אַ גאַנץ קאָמפּליצירטע אויפֿגאַבע צו פֿאָרמולירן דעם טאָך פֿונעם דאָזיקן באַרוף. פֿונדעסטוועגן וועלן מיר פּרוּוון איצט, צו שאָלעם־אַלייכעמס 50־טן יאָרצײַט, זיך פֿאַרטראַכטן איבער דעם, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר שאָלעם־אַלייכעמס באַרוף און זײַן גרויסקײַט.

## 1. אין שײַן פֿון דער עפּאָכע

שאָלעם־אַלייכעם האָט, ווי אַלע ייִדישע שרײַבער, אָפּגעשפּיגלט אין זײַנע ווערק דאָס ייִדישע לעבן פֿון זײַן צײַט. אַלע פּראָצעסן און דערשײַנונגען פֿונעם פֿאָלקס לעבן זײַנען פֿאָרגעשטעלט אין זײַנע ווערק: די שטאָט, דאָס שטעטל, דאָס דאָרף, פֿאַרשיידענע לענדער, פֿאַרשיידענע שטייגערס, אַלערליי פּראָפֿעסיעס, סאָציאַלע פּסיכאָלאָגיעס, די סאַמע געוויינלעכע און אומגעוויינלעכע קאָנפֿליקטן, צוזאַמענשטויסן, אַנטאַגאָניזמען און קאָנטראַסטן.

שאָלעם־אַלייכעם האָט אין קרײַז פֿון זײַן שילדערונג אײַנגעשלאָסן דאָס לעבן און די פּסיכאָלאָגיע פֿון דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג: גווירים, אָרעמעלײַט, אינטעליגענץ, קלייקוידעש, באַלמעלאָכעס, אַרבעטער, קינסטלער, דעקלאַסירטע, אונטערוועלט־פּאַרשוינען, קינדער, פֿרויען.

די זאַך באַשטייט אָבער ניט בלויז דערין, וואָס שאָלעם־אַלייכעם האָט געמאָלט אַלזײַטיק דאָס ייִדישע לעבן. ניט ווייניקער וויכטיק איז דאָס, וואָס ער האָט געמאָלט דאָס לעבן אין שײַן פֿון דער עפּאָכע. דאָס באַטײַט, אַז שאָלעם־אַלייכעם איז געווען אַ קינסטלער, וועלכער האָט מיט זײַן שאַפֿונג פֿאַרקערפּערט די היסטאָרישע באַוועגונג, ער איז געשטאַנען אױף דער הייך פֿון דער עפּאָכע.

שאָלעם־אַלייכעם האָט געשאַפֿן אין פֿאַרלויף פֿון העכער דרײַ צענדליק יאָר. אין דעם פּעריאָד האָט זיך אַנטוויקלט דער אימפּעריאַליזם, אין רוסלאַנד האָט אויסגעבראָכן די ערשטע רעוואָלוציע, עס האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע וועלט־מילכאָמע, וועלכע האָט באַטײַט דעם

---

[1] שאָלעם־אַלייכעם. שאָמערס מישפּעט. בערדיטשעוו, 1888, ז. 67.

אַנהייב פונעם קריזיס פון דעם אימפּעריאַליזם ערעוו דער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער-רעוואָ-ליוציע. די ווירקונג פון אָט די אַלע היסטאָרישע פּראָצעסן שפּירט זיך דײַטלעך אין שאָלעם-אַליכעמס ווערק. כאָטש אַף א מאָדנע-מעשונעדיקן קאַסרילעווקער אופן, איבערגעבראָכן אין דער פּריזמע פון דער פּסיכאָלאָגיע פונעם קליינעם מענטשעלע, הערן מיר פאָרט אין זײַנע שאַפונגען דעם הו-הא פון דער קאַפּיטאַליסטישער בירזשע, דעם טומל און דעם טראַסק פון דער קאַפּיטאַליסטישער גרויסשטאָט, די שווערע טריט פון די פּאָליאַקאָווס, די בראָדסקיס, די ראָטשילדס, מיר זעען אפילו דעם בלענדנדיקן גלאַנץ פון דער בורזשואַזער ציוויליזאַציע אין דער גרעסטער שטאָט פון דעם מעכטיקסטן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד אַמעריקע. אין שאָלעם-אַליכעמס ווערק האָבן מיר א ברייטע אָפּשפּיגלונג פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, בילדער פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף, פון דעמאָנסטראַציעס און גאַסן-שלאַכטן, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן, פּאָגראָמען און שטרײַקן, פון אומלעגאַלער רעוואָליוציאָנערער טעטי-קײַט, פון דעם דרייפוס-איניען, פונעם בייליס-פּראָצעס, פון די רעאַקציע-יאָרן נאָך דער רעוואָ-ליוציע — פון די אמערסטן וויכטיקע געשעענישן, כאַראַקטעריסטישע פאַרן אָנהייב פונעם צוואַנ-ציקסטן יאָרהונדערט.

אָבער זאָגנדיק, אַז שאָלעם-אַלייכעם איז געשטאַנען אַף דער הייך פון דער עפּאָכע, ווילן מיר דערמיט ניט באַהויפּטן, אַז ער האָט אומעטום געשילדערט דאָס לעבן ווי א קינסטלער, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט א רעוואָליוציאָנערער אידייִש-פילאָסאָפישער און היסטאָריש-פּאָליטישער וועלט-אָנשויונג. שאָלעם-אַלייכעם איז ניט געווען קיין רעוואָליוציאָנערער קעמפער. ער איז אָבער געווען א דעמאָקראַט און א הומאַניסט, און די סאָציאַל-היסטאָרישע פּראָבלעמען און פּראָצעסן פון דער עפּאָכע האָט ער קינסטלעריש אופגעפאַסט אַף א פּראָגרעסיוון אופן. בענעגייע שאָלעם-אַלייכעמען איז גילטיק דער מאַרקסיסטישער שטאַנדפּונקט אַף די גרויסע קינסטלער פונעם קריטישן רעאַליזם: זייער קינסטלערישע שאַפונג איז ברייטער פון זייער אידעאָ-לאָגישער וועלט-אופאַסונג. מיר האָבן דאָ אין זינען ענגעלסעס אַרויסזאָגונג וועגן באַלזאַקן.

שאָלעם-אַלייכעם איז, נאַטירלעך, דעמאָקראַטישער און פּאָלקסטימלעכער, איידער באַלזאַק. ער האָט קיינמאָל ניט סימפּאַטיזירט די אַריסטאָקראַטן און איז ניט געווען קיין לעגיטימיסט. ער איז, פאַרקערט, געווען אַן אַנטשיידענער קעגנער פונעם צאַריזם, פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. אַזוי ווי באַלזאַק אין זײַן צײַט האָט געשאַפן די „מענטשלעכע קאָמעדיע" פון דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט, אַזוי האָט שאָלעם-אַלייכעם געשאַפן די יידישע „מענטשלעכע קאָמעדיע", די עכטע רעאַליסטישע „געשיכטע פון די יידן" אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אין זײַנע ווערק „מענאַכעם-מענדל", „טעוויע דער מילכיקער", „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס", „קאַסרי-לעווקע", „מאַנאַלאָגן", „קסאָווים פון א קאָמיוואָיאַזשאָר" און אַנד. האָט שאָלעם-אַלייכעם, ווי באַל-זאַק, באַשריבן אין דער פאָרם פון א כראָניק, יאָר נאָך יאָר, די זיטן פון זײַן עפּאָכע אין א געווי-סער נאַציאָנאַלער סוויווע — אָנהייבנדיק פונעם 1892 און ביז דעם 1916. פון שאָלעם-אַלייכעמס ווערק, פּונקט ווי פון די ווערק פון אַנדערע גרויסע שרײַבער-רעאַליסטן, דערוויסן מיר זיך, „אפילו אין זין פון עקאָנאָמישע דעטאַלן מערער, איידער פון די ביכער פון אַלע ספּעציאַליסטן — היסטאָריקער, עקאָנאָמיסטן, סטאַטיסטיקער פון אָט דעם פּעריאָד אינאיינעם גענומען"[1].

אין דעם באַשטייט די גרויסקײַט פון שאָלעם-אַלייכעמען.

## 2. דער גרויסער רעאַליסט

די יידישע ליטעראַטור פונעם 19-טן יאָרהונדערט איז אין די הויפּט-ווערק פון אירע בעסטע שעפער געווען א רעאַליסטישע ליטעראַטור. ניט בלויז מענדעלע און לינעצקי, נאָר אויך עטינ-גער, אַקסענפעלד, לעווינזאָן און אפילו נאָך פריער — די בערלינער האַסקאָלע-קאָמעדיאָגראַפן אייכל און וואָלפזאָן („לײַכטזין און פרעמעליי" און „רעב כאַנויך, אָדער וואָס טוט מען דערמיט?") און דער אווטאָר פון דער גאַליצישער אַנאָנימער „גענאַרטע וועלט" — זײַנען אין גרונט געווען רעאַליסטן. עמעס, צווישן דעם רעאַליזם פון די בערלינער און די גאַליצישע אופקלערער, פון עטינגערן און אַקסענפעלדן, פון איין זײַט, און מענדעלען און לינעצקין, פון דער צווייטער זײַט, איז א גרויסער אונטערשייד, אַן אונטערשייד ווי צווישן צוויי עטאַפּן אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור פונעם 19-טן יאָרהונדערט. אָבער ווי גרויס עס זאָל ניט זײַן דער אונטער-שייד צווישן אָט די צוויי עטאַפּן פון דער יידישער ליטעראַטור, פאַראייניקט זיי דאָס, וואָס די ליטעראַטור, וועלכע איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן, איז געווען א רעאַליסטישע.

---

[1] מ א ר ק ס ק. און ע נ ג ע ל ס פ. געווײלטע בריוו, 1953, זז. 405—406.

צום אונטערשייד פון דער רוסישער און מיִרעוו־אייראפעישער ליטעראטור, וווּ באנאנד מיטן רעאליזם האט פארנומען אן אנגעזעען ארט דער ראמאנטיזם, איז אין דער יידישער ליטעראטור פונעם 19־טן יארהונדערט קיין ראמאנטישער שטראם קימאט ווי ניט געווען, אויב ניט רעכענען נאכמען בראצלאווערס מייסעלעך, וועלכע זיינען גיכער געווען פארבונדן מיט כסידישן פאלקלאר, איידער מיט קינסטלערישער ליטעראטור. עמעס, נאכמען בראצלאווערס ווירקונג האט א סאך שפעטער זיך אנטפלעקט אין פערעצעס שאפן און אפילע נאך שפעטער, שוין אין אונדזער צייט, אין ניסטערס ווערק. אבער אין אנהייב פונעם 19־טן יארהונדערט האט נאכמען בראצלאווערס „ראמאנטיזם" אף דער ליטעראטור קיין ווירקונג ניט געהאט. ערשט מיט פערעצעס קומען האט דער ראמאנטיזם באקומען א מעכטיקן שפעער, וועלכער האט געמאכט א סאף צו דער אליינהערשונג פונעם רעאליזם אין דער יידישער ליטעראטור.

שאלעם־אליכעם האט מיט זיין שאפונג באקרוינט די רעאליסטישע טראדיציעס פון דער יידישער ליטעראטור און איינצייטיק אנגעהויבן א נייעם עטאפ אין איר רעאליזם.

שאלעם־אליכעם האט, ווי באוווסט, דערקלערט מענדעלען פאר דעם „זיידן" פון דער יידישער ליטעראטור און זיך פארן „אייניקל". פון דאן אן איז קימאט ווי אומבאשטרייטבאר די פארבינדונג פון אט די צוויי קלאסיקער. אין דער ליטעראטור וועגן מענדעלען און שאלעם־אליכעמען ווערט אלס קלאל גערעדט וועגן דער שאפונג פוןביידע שרייבער בלויז ווי וועגן איין רעאליסטישער שיטע. און אויב מע דערמאנט וועגן אונטערשיידן, האט מען אין זינען בלויז די צייט, וואס טיילט אפ מענדעלען פון שאלעם־אליכעמען, אבער ניט דעם טאך פון זייער שאפן.

דאס איז אבער א מיספארשטייעניש. די נייע צייט ברענגט מיט זיך נייע קוואליטאטיווע אייגנשאפטן. אין דער פעסטשטעלונג „זיידע" און „אייניקל" איז געווען אן אנדייט אף א נייער טראדיציע אין א נייער ליטעראטור. שאלעם־אליכעמס רעאליזם איז ניט קיין איבערכאזערונג פון מענדעלעס רעאליזם אין א שפעטערדיקן פעריאד, נאר א נייער רעאליזם.

שאלעם־אליכעמס רעאליזם האט געקאנט אופקומען בלויז אפן באדן פון מענדעלעס רעאליזם. דאס איז קלאר. אן מענדעלען איז אומעגלעך שאלעם־אליכעם. פונקט ווי אן פושקינען איז אומעגלעך טאלסטאי. ס'איז אבער אויך קלאר, אז שאלעם־אליכעם איז ניט מענדעלע, פונקט ווי טאלסטאי איז ניט פושקין. שאלעם־אליכעמס רעאליזם האט אין זיך נייע מאסן, נייע ברייטן און לענגען, נייע הייכן און טיפן, וועלכע מענדעלע האט ניט געהאט און ניט געקאנט האבן: שאלעם־אליכעם האט ניט בלויז פארגעזעצט מענדעלען, נאר אים אויך, ריידנדיק מיט העגעלס לאשן, „אראפגענומען", דאס הייסט דיאלעקטיש אראפגענומען. ניט אפווארפנדיק אים, נאר איינשליסנדיק אים אין זיין אייגענער שאפונג און גייענדיק ווייטער צו נייע צילן און אופגאבן. מענדעלעס רעאליזם האט נאך ניט געהאט אין זיך די מאסעוועקייט, די פלעביישע אמכאדיקייט פון ברייטע פאלקס־שיכטן, פון א גאנץ פאלק. זעלבסטפארשטענדלעך, מענדעלעס רעאליזם איז ווייט פון עטינגערס און אקסענפעלדס רעאליזם, ווי דער הימל פון דער ערד. דאס איז נייער מאסקיליזם, שוין בארייכערט מיט דעמאקראטישן פאלקיזם. אבער פארט איז נאך דער דאזיקער רעאליזם געבויט אף א ראציאנאליסטישן, „לאגיציסטישן" שמאלן באדן פון יעכידישער אינטעליגענץ. די מאסקילים זיינען דאך ביכלאל געווען איינזאם אין זייער קאמף. זיי האבן ניט געפירט נאך זיך קיין ברייטע מאסן. און האגאם מענדעלע האט מיט זיין שאפן מערער, ווי ווער עס איז אנדערש, אויסגעדריקט די סאציאלע נויטן פון די מאסן, איז ער אבער אלס דענקער און קינסטלער פארט געווען ווייט פונעם האמוין.

אלס קינסטלער געהערט מענדעלען דער היסטארישער פארדינסט פונעם ערשטן קלאסיקער פון דער יידישער ליטעראטור. מענדעלע איז ניט געווען דער אנהייבער פון דער נייער יידישער ליטעראטור. די נייע יידישע ליטעראטור הייבט זיך אן א סאך פריער ביז מענדעלען. ער איז געווען דער אנהייבער און דער גרונטלייגער פון דער קלאסישער ליטעראטור. און ער האט געטיילט דעם גוירל פון אן אנהייבער. ער האט אנגעהויבן שאפן די קלאסישע ליטעראטור אלס מיטל פון קאמף פאר די אינטערעסן פונעם פאלק דאן, ווען דאס פאלק איז נאך געווען ווייט פון קולטור. מענדעלעס קונסט איז געווען א געווער אין די הענט פון פארגעשריטענע אינטעליגענטן יעכידים, וועלכע זיינען נאך ניט געווען פארבונדן מיט ברייטע מאסן. דאס איז געווען דער צווייטער עטאפ פון דער באפרייונגס־באוועגונג אין רוסלאנד, ווען די דעמאקראטיש־פאלקיסטישע ליטעראטור האט ערשט אנגעזאגט דעם שטורעם, אבער דער שטורעם איז נאך ניט געקומען. מענדעלעס רעאליזם איז דעריבער טיפיש ווי דער קריטישער רעאליזם, וועלכער האט נאך ניט געהאט קיין ברייטע מאסן־באזע.

שאלעם־אליכעם און פערעץ בילדן א נייעם אנהייב אין דער געשיכטע פון דער נייער יידישער ליטעראטור. דער דאזיקער אנהייב איז פארבונדן מיטן דריטן עטאפ פון דער באפרייונגס־באוועגונג, ווען צום קאמף האבן דערוואכט די סאמע ברייטסטע פאלקסמאסן, ווען די

ליטעראַטור האָט שוין באַקומען אַ קאָנקרעטע לעבנס־פונקציע און איז געוואָרן אַ רעאַלע נויטבאַדערפעניש פונעם פאָלקס לעבן. שאָלעם־אַלייכעמס רעאַליזם שליסט זיך אָן, נאַטירלעך, צו דעם קריטישן רעאַליזם, אָבער אַף אַ ווײַטערדיקער, העכערער שטופע זײַנער. אויב מענדעלע האָט געשאַפן דעם אָנהייב פון דער קלאַסישער ליטעראַטור, האָט שאָלעם־אַלייכעם פאָרגעזעצט שאַפן אָט די ליטעראַטור און זי דערפירט צום לייענער, ווײַל שאָלעם־אַלייכעם איז ניט בלויז געווען אַ רעאַליסט אין זײַן שאַפונג, נאָר אַ באַוווּסטזיניקער קעמפער פאַר רעאַליזם. שאָלעם־אַלייכעם האָט צונויפגעפירט די קלאַסישע ייִדישע ליטעראַטור מיטן לייענער און אַזויאַרום געזיכערט די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

שאָלעם־אַלייכעמס קאַמף פאַר רעאַליזם איז געווען אַ פּרינציפּיעלער, אַן אַקשאָנעסדיקער, אַ טעאָרעטיש דורכגעטראַכטער אין פאַרלויף פון אַלע יאָרן פון זײַן שאַפונג. דעם קאַמף פאַר רעאַליזם האָט ער געפירט אין זײַן אָרגאַניזאַציאָנעלער און פאַרלעגערישער טעטיקייט, אין ליטעראַריש־קריטישע און ליטעראַריש־עסטעטישע אַרויסטרעטונגען, אין אַלע זײַנע קינסטלערישע ווערק, אין בריוו. יעדער ווערק פון שאָלעם־אַלייכעמען איז געווען אַ קינסטלערישער און עסטעטישער מאַניפעסט פונעם רעאַליזם. אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז ניטאָ נאָך אַזאַ שרײַבער, וואָס זאָל אַזוי סיסטעמאַטיש און אומדערמידלעך פירן דעם קאַמף פאַר אַ רעאַליסטישער פאָלקס־ליטעראַטור, ווי שאָלעם־אַלייכעם.

די גרויסקייט פון שאָלעם־אַלייכעמען אַלס רעאַליסט באַשטייט אַזויאַרום דערין, וואָס ער האָט נאָך מענדעלען קינסטלעריש אויפגעהויבן די ייִדישע ליטעראַטור אַף נאָך אַ העכערער שטופע; וואָס ער האָט געשאַפן די ברייטסטע לייענערישע מאַסן־אַודיטאָריע; וואָס ער האָט טעאָרעטיש און שפּעריש געפירט אַ באַוווּסטזיניקן קאַמף פאַר רעאַליזם.

אין אונדזער צײַט, ווען דער רעאַליזם ווערט אָפט אַן אָביעקט פון אָנפאַלן אויך אין געוויסע קרײַזן פון דער ייִדישער ליטעראַטור, איז שאָלעם־אַלייכעמס רעאַליזם און זײַן קאַמף פאַר אים ניט בלויז געשיכטע, נאָר ברענענדיק־אַקטועלע און פולשטענדיקע הײַנטצײַטיקייט.

# 3. דער גרויסער נאָוואַטאָר

שאָלעם־אַלייכעמס אײַגנאַרט ווײַזט זיך אַרויס פריִער פאַר אַלץ אינעם אויפן פון שאַפן טיפּן און געשטאַלטן. אייגנטלעך, איז דאָס די הויפּט־פּראָבלעם פון דער רעאַליסטישער קונסט. שאָלעם־אַלייכעם, ווי עס איז שוין געזאָגט געווען, האָט געשאַפן אַן אויסערגעוויינלעך רײַכע און פאַרשיידנאַרטיקע געשטאַלטן־גאַלעריי, אין וועלכער עס טיילן זיך אויס די צענטראַלע געשטאַלטן: דער האָרעפּאַשנער פאָלקסמענטש אין אַלע זײַנע אַנטפּלעקונגען (טעוויע, שימען־עליע, שימעלע סאָראָקער און אַנדערע); דער לופטמענטש (מענאַכעם־מענדל, דער ברודער עליע, דער כאַוועס פיניע, די קאָמיוואָיאַזשאָרן אאַוו.); דער טאַלענטירטער פאָלקסמענטש, דער באַגײַסטערטער פאָלקס־קינסטלער (סטעמפּעניו, יאָסעלע סאָלאָוויי, ראָזע ספּיוואַק, ראַפאַלעסקאָ, סטעלמאַך אאַ.); דאָס קינד אין די פאַרשיידנסטע וואַריִאַציעס; די פאָלקס־פרוי אין אַלע אירע אויסקומענישן.

דאָס זײַנען די הויפּט־געשטאַלטן, אין וועלכע דער שרײַבער פאַרקערפּערט קינסטלעריש דאָס לעבן, די פּסיכאָלאָגיע און דעם שטייגער פון די סאַמע ברייטע שיכטן, וואָס בילדן, אַזוי צו זאָגן, דעם נאַציאָנאַלן באָדן. באַגלײַך מיט זיי געפינען מיר אין שאָלעם־אַלייכעמס ווערק די סאָציִאַלע פּאָליוסן פונעם פאָלק, זײַנע אַנטאַגאָניסטיש־קעגנגעשטעלטע קויכעס — דעם גוויר און די אַרבעטער.

שאָלעם־אַלייכעמס נאָוואַטאָרישקייט אין פּראָצעס פון שאַפן אַ געשטאַלט פון גרויסער פאַראַלגעמיינערונג באַשטייט דערין, וואָס ער גיט אים ניט מיטאַמאָל, ניט ווי אַ מאָמענט, נאָר ווי אַ פּראָצעס, וואָס האַלט אין אַנטוויקלען זיך. שאָלעם־אַלייכעמס טיפּן ווערן געמאָלט ווי כאַראַקטערן, וועלכע אַנטפּלעקן זיך אין פאַרלויף פון זייער גאַנץ לעבן. מענאַכעם־מענדל איז געשאַפן געוואָרן אין מעשעך פון צוואַנציק יאָר; טעוויע — קימאַט אין די זעלבע יאָרן; די טרילאָגיע וועגן טאַלענטירטן פאָלקס־קינסטלער — אויך פאַר צוואַנציק יאָר; מאָטל — אין מעשעך פון נײַן יאָר.

אַזאַ אויפן פון שאַפן אַ געשטאַלט איז פאַרבונדן מיטן כאַראַקטער פון שאָלעם־אַלייכעמס רעאַליזם און איז דורכויס אָריגינעל אַלס מעטאָד פון טיפּיזאַציע. דאָס איז דער מעטאָד פון פאַרבינדן די אַנטוויקלונג פונעם געשטאַלט מיטן גאַנג פונעם לעבן.

שאָלעם־אַלייכעם נעמט פּאָשעטע מענטשן און פאַרוואַנדלט זיי אין העלדן, ער מאָלט וואָכעדיקע מענטשן און מאַכט פון זיי יאָמטעוודיקע טרוימערס. מענאַכעם־מענדל ווערט קימאַט פאַנטאַסטיש, ניט אָנווערנדיק די רעאַלע, נאַטירלעכע שטריכן זײַנע. טעוויע וואַקסט אויס ביז דראַ־

מאַטיזם, ניט אופהערנדיק צו זײַן דער געוויינלעכער פאָלקסמענטש. אין דעם באַשטייט אויך שאָלעם־אַלייכעמס נײַער אויפן אין דער שילדערונג פון געשטאַלטן.

אַזאַ רײַכקײַט פון זשאַנרען, ווי בײַ שאָלעם־אַלייכעמען, האָבן מיר ניט בײַ קיין איין יִדישן שרײַבער: לידער און פּאָעמעס, פאַרצייכענונגען און נאָוועלן, דערציילונגען און ראָמאַנען, פּיעסן, אַרטיקלען, פעליעטאָנען, פאַמפלעטן, מײַסעס און אַלעגאָריעס, עסטעטישע און ליטעראַריש־קריטישע עטיודן, ניט רעכענענדיק די טויזנטער בריוו, פאַרעפנטלעכטע און נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע. אָף וויפל שאָלעם־אַלייכעם איז הויפּטזאַכלעך אַ פּראָזאיִקער, קאָן מען די נאָוואַטאָריש־קײַט זײַנע מער פון אַלץ באַמערקן טאַקע אין דעם דערציילערישן זשאַנער. באַזונדערס אין דער נאָוועלע זעען מיר יענע הויכע מײַסטערשאַפט שאָלעם־אַלייכעמס, דעם קלאַסישן גאַנג, מיט וועלכן ער איז אַרײַן אין דער וועלט־ליטעראַטור.

אינעם דערציילערישן זשאַנער האָט שאָלעם־אַלייכעם אָפטמאָל גענומען אַלס סוזשעט קליינע, אומבאַדײַטנדיקע צומאָל פאַקטן און געשעענישן אינעם לעבן פון די יִדישע מאַסן, געשעענישן פון דער אַרומיקערווירקלעכקײַט, פונעם אַלטעגלעכן שטייגער. אָבער די דאָזיקע פאַקטן און געשעענישן האָט שאָלעם־אַלייכעם דערהויבן צו גרויסער פאַראַלגעמיינערונג און טיפּיזירונג, צו כאַראַקטעריסטישער שילדערונג. אין די צאַרישע באַדינגונגען ווערט דער פּריזיוו אין דער אַרמיי פאַרוואַנדלט אין אַ קייט פון פײַנלעכע איבערלעבונגען („פונעם פּריזיוו"); דער זעלבסטמאָרד פון דער טאָכטער ווערט געשילדערט ניט ווי קיין איינציקער טראַגישער צופאַל, ניט ווי קיין רעזולטאַט פון אַן אומגליקלעכער ליבע, נאָר ווי אַ טיפּישע דערשײַנונג אין פּעריאָד פון רעאַקציע נאָך דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע („קיוזער־אָוועס"); אַ געדאַכט געווינס אָף אַ לאָטעריי־בילעט צעטומלט דאָס גאַנצע שטעטל, אַנטפּלעקנדיק דערמיט די עקאָנאָמישע באָדנ־לאָזיקײַט פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז נויטע צו לאָזן זיך נאָך איליוזאָרישע גליקן („פינף און זיבעציק טויזנט"). דאָ זעען מיר די זעלבע באַצויבערנדיקע מײַסטערשאַפט פונעם גרויסן דיכטער, ווי אינעם שאַפן געשטאַלטן. פון דעם וואָכעדיקן און געוויינלעכן ווערן באַשאַפן קישעפ־דיקע קונסט־ווערק, אַזוי אַז דעם לייענער איז שווער צו אונטערשיידן, ווו איז וואָר און ווו איז קונסט. דערפון נעמט זיך ניט זעלטן, ווען מע לייענט שאָלעם־אַלייכעמס ווערק, די איליוזיע, אַז די געשילדערטע געשעעניש איז טאַקע פאָרגעקומען אין לעבן, אַז דו אַליין האָסט עס געזען מיט דײַנע אויגן אָדער אַפילע געווען אין דער געשעעניש אַן אָנטיילנעמער. און אין דער זעלבער צײַט איז שאָלעם־אַלייכעמס נאָוועלע איבעראַשנדיק־נײַ, ווי אַן עמעסע אַנטדעקונג. לײַכט און פרײַ מאַכט שאָלעם־אַלייכעם דעם אויסוואַל און די אויספאָרעמונג פון די סוזשעטן, מײַסטערהאַפט און זיכער צעבינדט ער די קנופּן פון די נאָוועלן — אַלץ אָטעמט מיט לעבן, מיט אָרגאַנישקײַט, מיט נאַטירלעכקײַט.

שאָלעם־אַלייכעם האָט אין טאָך גענומען געשאַפן אין דער יִדישער ליטעראַטור אַזאַ נײַע, עכט־נאָוואַטאָרישע פאָרם, ווי דער נאָוועליסטישער ראָמאַן. ווײַל וואָס איז דען אינדערעמעסן אַזאַ ווערק, ווי „טעוויע דער מילכיקער", אויב ניט קיין ראָמאַן אין קורצע דערציילונגען? און דאָס זעלבע איז דאָך אויך „מענאַכעם־מענדל". און „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס"? איז דאָס דען ניט קיין ראָמאַן־עפּאָפּיי, וואָס די קאַפּיטלען זײַנע שטעלן מיט זיך פאָר נאָוועלן? „פונעם יאַריד" האָט שאָלעם־אַלייכעם באַצייכנט אַלס אווטאָביִאָגראַפישן ראָמאַן, און טאַקע ער אַליין האָט אויך אָנגעוויזן, אַז דער דאָזיקער ראָמאַן איז געבויט נאָוועליסטיש.

אויב אין דער מײַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראַטור ווערט איצט גערעדט וועגן דעם נאָוועליסטישן ראָמאַן ווי וועגן אַ נאָוואַטאָרישער דערגרייכונג פון דער קינסטלערישער פּראָזע, איז שאָלעם־אַלייכעמס נאָוועליסטישער ראָמאַן מיט העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק אַוואַדע געווען אַ גרויסער נאָוואַטאָרישער אופטו.

שאָלעם־אַלייכעם איז באַנאַנד מיט פּערעצן דער באַדײַטנדיקסטער נאָוואַטאָר פון קינסט־לערישער יִדישער פּראָזע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

# 5. דער גרויסער שפּראַך־מײַסטער

שאָלעם־אַלייכעמס קונסט איז אויסגעדריקט בוילעטער פון אַלץ אין זײַן שפּראַך. ער איז אַ ווירטואָז פון איבערגעבן די סאַמע כאַראַקטעריסטישע, טיפּישע שטריכן פון די פאָלקסמאַסן און פון זייער פּסיכאָלאָגיע דורך רייד, און דאַפקע דורך רייד פון די פּערסאָנאַזשן. אַלע מיטלען פון שאָלעם־אַלייכעמס שאַפן קאָנצענטרירן זיך, ווי אין אַ פאָקוס, אין דער שפּראַך פון זײַנע פּערסאָ־נאַזשן. שאָלעם־אַלייכעמס שפּראַך רעפּראָדוצירט די רייד־מאַניר און דעם סטיל פונעם פאָלקס

לאָשן: פראַזעאָלאָגישע אויסדרוקן, פאָלקס־אינטאָנאַציעס, פאָלקלאָרישע און עטנאָגראַפישע אייגנ־
שאַפטן. דורך דער שפּראַך שאַפט שאָלעם־אַלייכעם די פילפאָנעמדיקייט און גיט איבער די פיל־
קוליעסדיקייט פונעם פאָלק. שאָלעם־אַלייכעמס קינסטלערישע שפּראַך איז דיִאַלאָגיש און נאָך
ריכטיקער — פּאָליפאָניש לויט איר אינערלעכן טעכנאָלאָגישן פרינציפּ.

שאָלעם־אַלייכעם גיט איבער די דינסטע ניואַנסן און אַקצענטן פון דער פאָלקס־שפּראַך, איר
עמאָציאָנעלע אָנגעזעטיקטקייט און פילפאַרביקייט. אַז מע לייענט שאָלעם־אַלייכעמס אַ מאָנאָלאָג
צי אַ דיִאַלאָג, קאָן זיך שאַפן אַן אילוזיע, אַז דער אווטאָר שטייט בא דער זייַט און לאָזט ריידן
דעם פערסאָנאַזש, ווי און וויפל ער וויל. אַמאָל קאָן זיך דאַכטן, אַז מיר האָבן צו טאָן ניט מיט
דער ליטעראַריש־קינסטלערישער שפּראַך פונעם שרייַבער, נאָר מיט אַן אומאָרגאַניזירטער,
פאַרפלייצנדיקער סטיכיי פון דער גערעדטער פאָלקס־שפּראַך. אָבער דאָס איז טאַקע בלויז אַן
אילוזיע. וואָס טיפער מע טראַכט זיך אַרייַן, אַלץ מער איבערצייַגט מען זיך אין דער פונקציאָ־
נעלער באַדייַטונג פון יעדער מאָנאָלאָג, פון יעדער דיִאַלאָג און פון די אָנצאָליקע פאָליליאָגן אינ־
גאַנצן גענומען, פון יעדן באַזונדערן טייל פון די מאָנאָלאָגן, אַלץ מער זעט מען, אַז די סטיכיייש־
קייַט פונעם שפּראַך־שטראָם איז אַ געדאַכטע. פאַרקערט, עס פילט זיך שטענדיק די זאָרגפולע,
אַקשאָנעסדיקע, טיף פאַרבאָרגענע אין אונטערטעקסט אַרבעט פונעם שרייַבער אַף
אָרגאַניזירן דעם רייד־מאַטעריאַל. און גראַד אָט די „אַפּוועזנהייַט“ פונעם אווטאָר, די אילוזיע,
אַז ער מישט זיך קלוימערשט ניט אַרייַן, שאַפט די לעבעדיקייַט, די וואָרהאַפטיקייַט, די נאַטיר־
לעכע אָרגאַנישקייַט פון שאָלעם־אַלייכעמס שפּראַך אַלס עכטע פולקומע וואָרט־קונסט.

אין דער שפּראַך פון שאָלעם־אַלייכעמס פערסאָנאַזשן איז אָפּגעשפּיגלט די אומזיכערע לאַגע
פון די יידישע פאָלקסמאַסן ביז דער רעוואָלוציע, זייער האָפענונגסלאָזיקייַט, זייערע אילוזיעס.
די אומזיכערקייַט פון דער לאַגע ברענגט צו פאַרשטעלטע, אומדירעקטע, צווייַדייַטיקע רייד. דער
פאַרשוין סטאַראַעט זיך ניט ענטפערן און אויסדרייען זיך פון ענטפערן אַף אַ געשטעלטער פראַגע,
אָפּקומען מיט אַ פראַגע אַף אַ פראַגע. שאָלעם־אַלייכעמס פערסאָנאַזשן זייַנען אַרויסגעריסן גע־
וואָרן פונעם שטעטל, זייַנען צעוואָרפן געוואָרן איבער דער וועלט, האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט
פאַרשיידענערליי אָפּשניצלעך פון אידייען, פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען; זיי זייַנען געשטעלט
געוואָרן אין גאָר נייַע באַדינגונגען פון זוכן אַ שטיקל ברויט, זיי האָבן געמוזט זייַן רירעוודיק,
באַוועגלעך און אומדערמידלעך, זיך וואַרפן פון איין געשעפט צום צווייטן, זיך באַגעגענען מיט
אַלערליי מענטשן, זייַן גרייט צו אַלערליי פּאַסירונגען און טרעפענישן, זיך קאָנען אויסדרייען פון
אַלערליי אומגליקן און אומדערוואַרטע צופעליקייַטן. דער פערסאָנאַזש מוז ווערן פלינק און אומ־
דערמידלעך אין זייַנע זוכענישן, און דאָס וואָרט זייַנס ווערט אויך אַזוי „פלינק“ און „בייגעוו־
דיק“. אָט דער שטריך פון אומזיכערקייַט, ניט־שטאַנדהאַפטיקייַט איז זייער כאַראַקטעריסטיש
פאַר דער מערהייַט שאָלעם־אַלייכעמס פערסאָנאַזשן:

„אוואַדע, וואָס זאָלט איר קלערן, ווען מייַן מאַן אַלעוו־האַשאָלעם זאָל מיר אַצינד לעבן —
טע־טע־טע... כאָטש אַז מע וויל שמועסן דאָס אייגענע צוריק, האָב איך קיין האָניק פאַר אים ניט
געלעקט“ („דאָס טעפל“); „אַליין בין איך, דאַרפט איר וויסן, אַ יונגערמאַן, ווי איר זעט מיך, פון
אַ קליין שטעטל, דאָס הייסט דאָס שטעטל איז גאָר ניט אַזאַ קליין שטעטל, און דאַפקע אַ היפּש
שטעטל, אַ שטאָט, קאָן מען זאָגן“ („אַן אייצע“); „און דערצו, דאַרפט איר וויסן, איז זי נאָך
נישט איבעריק קלוג אויך. דאָס הייסט, אַזוי אַפילע, אַז איר וועט מיט איר ריידן, איז זי, דאַכט
זיך, נישט קיין נאַר, מע קאָן זאָגן אַ קלוגע, אַ כרוצע, אַ מאַנצבלשער קאָפּ אַף איר“ („אַן אייצע“);
„איצט האָב איך פאַר אייַך נאָך אַ טיפּ. יויעל טאַשקער רופט מען אים. איר זאָלט אָנקוקן אַ יידל.
קיין דרייַ צעבראָכענע פירער וועט איר פאַר אים ניט געבן. אַ קליינס, אַ דאַרס, אַ טרוקנס, אַ
בערדל אַ שיטערס, און אַז סע גייט, לויפט עס, און אַ הוילעך — ווו איר האָט ערגעץ אַ סוינע,
כאָטש אַפילע אַ נאַגיד. וואָס זאָג איך אַ נאַגיד? אַ גוויר, אַן אַדיר, אַ מיליאָנטשיק. דאָס הייסט,
איך האָב זייַנע מיליאָנען, לאָז זיך אייַך דאַכטן, ניט געציילט; מעגלעך, אַז ער פאַרמאָגט טאַקע
מיליאָנען, און מעגלעך, אַז עס פעלט אַ סאַך צו אַ האַלבן מיליאָן“ („דער טאַלעסקאַטן“); „גע־
שטאָרבן איז זי, זאָגט מען, בא אים פון הונגער, נאָר מיסטאָמע איז דאָס אַ ליגן, און עפשער איז
דאָס אַן עמעס“ („דער טאַלעסקאַטן“); „איך האָב געשריִען, געטופּעט מיט די פיס, געריסן אַף זיך
די האָר פונעם קאָפּ — שיר ניט משוגע געוואָרן: און צוריק ווידער האָב איך מיך באַטראַכט,
וואָס, אַשטייגער, וועט מיר העלפן מייַן קאַס? וואָס וועל איך מאַכן מיט מייַן טופּען מיט די פיס“
(„מע טאָר ניט זייַן קיין גוטער“); „איך אַליין בין סאַכאַקל ניט קיין יוועלירער, דאָס הייסט אַ
יוועלירער בין איך, נאָר איך פאַרנעם מיך ניט מיט קיין יוועלירערייַ“ („ניטאָ קיין מאַזל“).

אָט די בייַשפּילן פון די מאָנאָלאָגן פון פאַרשיידענע פערסאָנאַזשן באַווייַזן דעם כאַראַקטע־
ריסטישן שטריך פון זייער רייד־מאַניר — די גרייטקייַט אין איינער און דער זעלבער צייַט צו
זאָגן און אָפּלייקענען דאָס געזאָגטע.

מ. גאָרקי ברענגט ל. נ. טאָלסטאָיס ווערטער וועגן דער רייד־מאַניר פון די פּויערים: „איך האָב אים געלייענט די נאָוועלע „דער אָקס“; ער האָט זייער געלאַכט און געלויבט פאַר דערפאַר, וואָס איך קאָן די „פאָקוסן פון דער שפּראַך“. — אָבער איר באַגייט זיך מיט ווערטער אומדער־פאַרן, — אַלע פּויערים ריידן בא אײַך זייער קלוג. אין לעבן ריידן זיי נאַריש, אומגעלומפּערט, — צום אָנהייב קאָן מען ניט פאַרשטיין, וואָס וויל ער זאָגן. דאָס ווערט געטאָן אומיסטן. אונטער דער נאַרישקייט פון די ווערטער איז בא זיי שטענדיק באַהאַלטן דער ווילן לאָזן זיך אויסריידן יענעם. א גוטער פּויער וועט קיינמאָל ניט אַרויסווײַזן גלײַך זײַן סייכל, דאָס לוינט אים ניט. ער ווייסט, אַז צו א נאַרישן מענטשן גייט מען צו פּראָסט, אָן כאָכמעס, און אָט דאָס דאַרף ער! ער גלייבט ניט, אַפילע דעם ווײַב האָט ער מוירע אַרויסצואָגן זײַן באַהאַלטענעם געדאַנק. און בא אײַך — זײַנען אַלע אָפּענע נעשאָמעס. און אין יעדער דערציילונג — עפּעס אַן אַסיפאַס־כאַכאָמים. און אַלע ריידן מיט אַפאָריזמען, דאָס איז אויך ניט ריכטיק — דער אַפאָריזם איז ניט אייגנטימלעך דער רוסישער שפּראַך“[1].

אַזאַ מין „שפּראַך־דיפּלאָמאַטיע“ איז כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר שאָלעם־אַלייכעמס פּער־סאָנאַזשן, אָבער אין א פאַרקערטן זין: אויב, ווי עס זאָגט טאָלסטאָי, באַם רוסישן פּויער איז אונ־טער דער „אומגעלומפּערטער שפּראַך“ פאַרבאַהאַלטן דער ווילן לאָזן ריידן יענעם, איז בא שאָ־לעם־אַלייכעמס פּערסאָנאַזשן אונטער דער אומגעלומפּערטער פילבאַריידעוודיקײַט פאַרבאַהאַלטן דער ווילן לאָזן זיך אַרויסריידן זיך אַליין. א מענטש וויל זיך אויסריידן דאָס האַרץ: „איך וויל אײַך בעטן, הער דאָקטער, איין זאַך: איר זאָלט מיך אויסהערן. דאָס הייסט, ניט דאָס שלאָפקײַט מײַנס זאָלט איר אויסהערן — פונעם שלאָפקײַט וועלן מיר שמועסן שפּעטער. איך וועל אײַך שוין אופקלערן, אין וואָס באַשטייט מײַן שלאָפקײַט. ווילן וויל איך, איר זאָלט אויסהערן מיך אַליין...“ („באַם דאָקטער“).

פונדאַנען איז צו זען, ווי ווייניק עס האָבן פאַרשטאַנען שאָלעם־אַלייכעמס שפּראַך און סטיל יענע, וואָס שרײַבן וועגן דער פילבאַריידעוודיקײַט פון שאָלעם־אַלייכעמס פּערסאָנאַזשן ווי וועגן זײַן קינסטלערישער שוואַכקײַט. טאָלסטאָיס געדאַנק וועגן דעם, אַז „דער אַפאָריזם איז דער רוסי־שער שפּראַך ניט אייגנטימלעך“, איז נאָך מער ריכטיק בענוגייע דער יידישער שפּראַך.

דער פּערסאָנאַזש פאַרעדט זיך, פאַרכאַפּט פון דעם סטיכייִשן שטראָם פון זײַן אייגענעם דערציילן, פאַרגעסט ער אַפילע אין דעם, וואָס ער האָט געוואָלט דערציילן, ער שלאָגט זיך אַראָפּ פונעם וועג, פאַרלירט דעם פאָדעם, און דאַן מוז ער אָנקומען צו אונטערהאַלטונגס־ווערטער, וועלכע דאַרפן אים אַרויסהעלפן אַרויסצורײַסן זיך פון דעם שטראָם רייד און אומקערן זיך צו דער דערציילונג: „יאָ, אַקעגן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד, אַקעגן דעם, וואָס איר זאָגט...“ („דאָס טעפּל“); „ווו זשע האַלטן מיר?“ („דרײַ אַלמאָנעס“).

די שפּראַך־באַריידעוודיקײַט און דער גאַנצער רייד־שטראָם פון שאָלעם־אַלייכעמס פּערסאָ־נאַזשן איז א וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון שאָלעם־אַלייכעמס רעאַליסטישן סטיל. די דאָזיקע שפּראַך־באַריידעוודיקײַט איז ניט קיין צופעליקע. זי קומט ווי א געזעצמעסיקע דערשײַנונג, ווי א מײַסטערישע, ביז הײַנטיקן טאָג ניט איבערגעשטײַגטע רעאַליסטישע אָפּשפּיגלונג פונעם לעבן און האָט אין אַלע אירע פאָרמעס און אַנטפלעקונגען א שטאַרקן און טיפן פונקציאָנעלן כאַראַקטער.

# 6. דער גרויסער הומאָריסט

שאָלעם־אַלייכעם האָט געשריבן: „פון כאַכמיי אומויס האָוילעם האָבן אָף מיר געווירקט מער פון אַלע גאָגאָל, סוויפט, טעקעריי, דיקענס, היינע און סערוואַנטעס מיט זײַן „דאָן־קיכאָט“.

דאָ זײַנען אויסגערעכנט די גרעסטע קינסטלער פון דעם קאָמישן. מיט זײַן שאַפן האָט שאָ־לעם־אַלייכעם דערוויזן, אַז ער איז ניט בלויז געווען אונטער דער ווירקונג פון אָט די שרײַבער, נאָר ער האָט זיך געשטעלט אין איין ריי מיט זיי און איז אַליין געוואָרן א געניאַלער הומאָריסט אין דער וועלט־ליטעראַטור.

דאָס קאָמישע אין שאָלעם־אַלייכעמס שאַפן איז פאַרבונדן מיט נײַע צוגאַנגען צו די אַלטע עסטעטישע קאַטעגאָריעס: צום דערהויבענעם, צום טראַגישן און צום קאָמישן. די אידעאַליסטישע עסטעטישע טעאָריעס האָבן באַטראַכט דאָס טראַגישע אַלס הויכע קונסט, וואָס דריקט אויס דאָס אידעאַלע און איז באַרופן צו אויסיידלען דעם מענטשלעכן כאַראַקטער. דאָס קאָמישע, פאַרקערט, איז באַטראַכט געוואָרן אַלס נידעריקע קונסט, וואָס דריקט אויס דאָס טריוויאַלע און איז ניט פײַיִק אויסצודריקן הויכע מאָראַליש־עטישע אידייען און איידעלע מענטשלעכע געפילן און איבער־

---

[1] מ. גאָרקי. געזאַמלטע ווערק אין דרײַסיק בענדער. גאָסליטיזדאַט, מאָסקווע, 1951, באַנד 14, ז. 260.

לעבונגען. בואלאָ, האַגאַם ער האָט געהאַלטן, אַז די קונסט דאַרף „נאָכמאַכן דער נאַטור", דאָס הייסט זי דאַרף זײַן רעאַליסטיש, האָט אָבער אין דער זעלבער צײַט אַנטשיידן אָפּגעלייקנט דאָס קאָמישע. ער האָט דערקלערט, אַז דאָס קאָמישע קאָן זײַן אַ פֿאַרווײַלונג בלויז פֿאַר לאַקייען.

די געשיכטע פֿון דער ליטעראַטור לייקנט אָפּ דעם שטאַנדפּונקט פֿון דער אידעאַליסטישער עסטעטיק סײַ אויפֿן קאָמישן, סײַ אויפֿן טראַגישן. דאָס קאָמישע און דאָס טראַגישע גייען באַנאַנד, גיסן זיך צונויף, גייען אַריבער איינס אין צווייטן און שטעלן מיט זיך פֿאָר אַן אויסדרוק און אָפּשפּיגלונג פֿון דער דיאַלעקטישער אייניקייט פֿונעם קאָמישן און טראַגישן אין לעבן.

שאָלעם-עליכעמס הומאָר איז אַ וויכטיקע דערשײַנונג אין דער אַלוועלטלעכער קונסט פֿונעם קאָמישן. זײַנע קאָמישע טיפּן און געשטאַלטן, די קאָמישע סיטואַציעס און דער וואָרט-הומאָר בילדן אַ נײַעם אַרט קאָמיזם.

שאָלעם-עליכעם אַליין האָט כאַראַקטעריזירט זײַן הומאָר אַלס „געלעכטער דורך טרערן". אָבער די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק, וועלכע גאָגאָל האָט אָנגעווענדט בנוגע זײַן געלעכטער, איז ניט קיין אויסשעפּנדיקע ניט פֿאַר גאָגאָלן, ניט פֿאַר שאָלעם-עליכעמען. גאָגאָלס און שאָלעם-עליכעמס קאָמיזם איז ניט בלויז געלעכטער דורך טרערן, נאָר אויך, און אַפֿילו דעריקער, געלעכטער פֿון געזונטער פֿאָלקס-פֿרייד, פֿון דערהויבענעם פֿאָלקס-אָפּטימיזם. באַזונדערס האָט דאָס אַ שײַכות טאָקע צו שאָלעם-עליכעמען. דער קאָמיזם בײַ גאָגאָלן האָט זיך אַנטוויקלט פֿון הומאָר צו סאַטירע. אין „די אָוונטן אויפֿן כוטאָר בײַ דיקאַנקע" און אַפֿילו אין „טאַראַס בולבאַ" איז נאָך גאָגאָל דורכויס אַ הומאָריסט. און דעריבער הערן זיך אין זײַן געלעכטער די הילכיקע שטימען פֿון די מאַסן, וועלכע פֿאַרברענגען זייער פֿרײַע צײַט, זייערע יאָמטויוויים אין קאַרנאַוואַלישע פֿאָלקס-פֿאַרווײַלונגען. אין „פּעטערבורגער דערציילונגען" גייט שוין גאָגאָל אַריבער פֿון הומאָר צו סאַטירע, וועלכע ווערט וואָס ווײַטער אַלץ מער פֿאַרשאַרפֿט און דערגרייכט איר העכסטע שטופֿע אין „רעוויזאָר" און אין „טויטע נעפֿאַשעס". אַנטשפּרעכנדיק צו דער דאָזיקער עוואָלוציע פֿונעם קאָמישן, ווערן אין גאָגאָלס שאַפֿן אַלץ מער אָפּגעשוואַכט די מאַסן-שטימען, זייער פֿאָליפֿאָנישער געקלאַנג, און עס הייבן אָן זיך אַרויסווײַזן אויפֿן ערשטן פּלאַן די מעגושעמדיקע צורעס פֿון די נאָזדריאָווס און סאָבאַקעוויטשעס, די פּליושקינס און טשיטשיקאָווס.

בײַ שאָלעם-עליכעמען איז די עוואָלוציע פֿונעם קאָמיזם געווען אַ פֿאַרקערטע. ער האָט אָנגעהויבן פֿון סאַטירע און איז געקומען צו הומאָר. דערמיט האָט ער זיך באַפֿרײַט פֿון מענדעלעס ווירקונג און האָט זיך געשטעלט אויף אייגענע פֿעסטע פּאָזיציעס. זײַן לעצט סאַטיריש ווערק „יאַקנעהאָז" איז געשאַפֿן געוואָרן אין 1894. אַלס קלאַל האָט שאָלעם-עליכעם זיך געווענדט צום סאַטירישן געלעכטער דעריקער אין די דראַמעס, ווו ער האָט געמאָלט געשטאַלטן פֿון גווירים. אין די נאָוועלן, ווו ער שילדערט די פֿאָלקסמאַסן, איז שאָלעם-עליכעם שטענדיק אַ הומאָריסט.

שאָלעם-עליכעמס אַריבערגאַנג פֿון סאַטירע צו הומאָר האָט באַטײַט, אַז ער איז געקומען צו זײַן אייגענעם קלאַסישן סטיל, צו דער העכסטער פֿאָלקסטימלעכקײַט. דורכן געלעכטער האָט שאָלעם-עליכעם באַוויזן די לעבנספֿייִקייט פֿונעם פֿאָלק, אויפֿגעדעקט אין אים זײַנע באַגאַבונגען און רײַכע פּאָטענצן, געהאָלפֿן אים פֿאַרגרינגערן די ליידן, אויסגעלאַכט זײַנע פֿאָרורטיילן און אונטערגעהאַלטן און געפֿעסטיקט בײַ אים די האָפֿענונג און די זיכערקײַט, אַז דאָס פֿאָלק וועט זיך דערשלאָגן אַ גערעכטיק לעבן. שאָלעם-עליכעמס הומאָר איז די הויכע קאָמעדיע, וואָס שליסט אײַן ניט נאָר דאָס קאָמישע, נאָר אויך דאָס דראַמאַטישע, דאָס טראַגישע און דערהויבענע.

פֿאַר שאָלעם-עליכעמס הומאָר איז כאַראַקטעריסטיש דאָס, וואָס דאָס פֿאָלק אַליין לאַכט, דאָס פֿאָלק אַליין איז דער הומאָריסט. בײַם פֿאָלק באַקומט דער הומאָר אַ נײַעם אינהאַלט. צו שאָלעם-עליכעמס הומאָר איז אָנגעמאָסטן דאָס, וואָס טשערנישעווסקי האָט געשריבן אין זײַן אַרבעט „דאָס דערהויבענע און דאָס קאָמישע": „צו הומאָר זײַנען גענייגט אַזעלכע מענטשן, וועלכע פֿאַרשטייען די גרויסקײַט און די פּרײַז פֿון אַלדאָס דערהויבענע, הערלעכע, מאָראַלישע, וועלכע זײַנען באַגײַסטערט מיט ליבע צו דעם. זיי פֿילן אין זיך פֿיל הערלעכקײַט, פֿיל כאָכמע, עכטע מענטשלעכע ווירדע"[1] (אונדזער אונטערשטרײַכונג. — רעד.).

דאָס, וואָס אין שאָלעם-עליכעמס ווערק איז דער הומאָריסט דאָס פֿאָלק גופֿע, איז פֿאַרבונדן דערמיט, וואָס אין זײַן שאַפֿונג האָט דאָס פֿאָלק דאָס וואָרט. דאָס פֿאָלק רעדט, און דאָס פֿאָלק לאַכט. דער קאָמיזם פֿון סיטואַציע ווערט בײַ שאָלעם-עליכעמען געשאַפֿן דורך די רייד פֿונעם פּערסאָנאַזש. אין דער האַרמאָנישער אייניקײַט פֿון דער פֿאָלקס-שפּראַך און פֿונעם פֿאָלקס-הומאָר, מיינען מיר, באַשטייט אויך די גרויסקײַט פֿון שאָלעם-עליכעמען.

---

[1] נ. ג. טשערנישעווסקי. געזאַמלטע ווערק אין 15 בענדער. באַנד 2, גיכל. מאָסקווע, 1949, ז. 188.

נאָכעם אויסלענדער

# דער יונגער שאָלעם-אַליכעם

## פּיעסע אין דרײַ אַקטן, אַכט בילדער

פּערזאָנען:

שאָלעם-אַליכעם — 34 יאָר אַלט.

אָלגע ראַבינאָוויטש — זײַן פֿרוי.

שאַליטאַ (רעב נאָכעמטשע מעאָרעכאַוו) — סטודענט, אַן איבערשרײַבער בײַ שאָלעם-אַליכעמען.

טעװיע דער מילכיקער — אין זײַנע יונגע יאָרן.

ד״ר. טשערני — אין איין עלטער מיט שאָלעם-אַליכעמען.

זאַלאָטושקין — אַן אײַנבינדער. שאָלעם-אַליכעמס אַ פֿרײַנט.

אַשערל — זײַן זון. זעכצן יאָר אַלט.

מאַרק וואַרשאַווסקי — אַדוואָקאַט. פֿאָלקס-זינגער. 46 יאָר אַלט. אַ גרײַז-גרויער קאָפּ ניט לויט די יאָרן.

ראַכיל — זײַן פֿרוי. מיט עטלעכע יאָר עלטער. אַ שטרענגע געשטאַלט.

בראָניע — זייער עלטערע טאָכטער. אַ מוזיק-לערערן. 22 יאָר אַלט.

עטעלע — זייער קלענערע טאָכטער. 12 יאָר אַלט.

סאָרע — אַ ייִדענע פֿון סלאָבאָדקע. וואַרשאַווסקיס קליענט.

באַסקע — איר טאָכטער. 18 יאָר אַלט.

פּינקוס — יעהופּעצער גוויר. האַלט אַ באַנק-קאָנטאָר. דאָרט דינט אַלס יוריסט וואַרשאַווסקי.

מאַדאַם פּינקוס — זײַן פֿרוי.

טויגלמאַן, פֿויגלמאַן, שלייפֿער — יעהופּעצער גווירים, בערזע-שפּילער.

מאַדאַם שאַץ — אַ וואָכערניצע.

אַזריעל — איר עקאָנאָם.

שעפּטעלמאַן — באַלעבאָס פֿון דער ייִדישער דרוקערײַ.

מוישע-עליע, זאַלמען — אַרבעטער פֿון דער דרוקערײַ.

מאָניש — אַן אַלטער זעצער.

מאַטיגין — הויכער באַאַמטער פֿון צענזור-קאָמיטעט.

סאַפּאָזשקאָוו — זײַן געהילף.

אַנטאָן — וועכטער אין דער דרוקערײַ.

לייביש, שאַכנע — בינדיוזשניקעס.

די האַנדלונג קומט פֿאָר אין די יאָרן 1893—1895 אין קיִעוו.

---

פֿון נ. אויסלענדערס ליטעראַרישער ירושה.

# ערשטער אקט

## דאָס ערשטע בילד

(פראָלאָג)

שאָלעם־אלייכעמס ארבעטס־צימער — אייגנטלעך ניט מער ווי א שטוב־ווינקל, אָפּגעצאַמט פון דער איבעריקער שטוב מיט א פאָרהאנג. אף דער וואנט — צוויי פּאָרטרעטן: מענדעלע און שטשעדרין. **שאָלעם־אלייכעם** זיצט באַם שרײַבטיש, נעמט פון אָלגעס הענט דעם קליי, קלעפּט, שרײַבט ווײַטער. לעבן אים שטייט **שאליטא.**

די האנדלונג קומט פאָר שפּעט אין אָוונט.

**שאָלעם־אלייכעם** (טוט פלוצעס א קוק אף שאליטאן). איר זײַט נאָך דאָ?

**שאליטא.** איך האָב אײַך געזאָגט: מיט ליידיקע הענט וועל איך פונדאנען ניט אוועקגיין.

**שאָלעם־אלייכעם** (שרײַבט ווײַטער, טוט ווידער א קוק פון דער זײַט אף שאליטאן, ווענדט זיך צו אָלגען). דו קאָנסט מיר זאָגן: ווער איז אָט דער מענטש?

**אָלגע.** דו ווייסט גאנץ גוט: ס'איז דײַנער אן איבערגעגעבענער פרײַנט.

**שאָלעם־אלייכעם.** א פרײַנט איז עס? א פרײַנט וועט זיך פארגינען שטיין אָט אַ־דאָ און רײַסן בא מיר דאָס בוך פון די הענט?

**שאליטא.** איר האָט אליין הײַנט געזאָגט מיר: נעמט צו דאָס בוך פון מײַנע הענט. דאָס שרײַבן איז פארענדיקט. איצט קומט די צײַט פון איבערשרײַבן.

**אָלגע** (צו שאָלעם־אלייכעמען). נו, דארף מען דאָך אים עס אָפּגעבן.

**שאָלעם־אלייכעם** (הייבט אוף דעם מאנוסקריפּט). אָפּגעבן עס פון די הענט? זאָגן זיך איינמאָל פאר אלעמאָל: אד קאָן, מער האָב איך דערמיט ניט צו טאָן, דאָס בוך איז פארטיק?..

**אָלגע.** און וואָס זאָגט דיר דאָס הארץ דײַנס?

**שאָלעם־אלייכעם.** מאלע וואָס אן אייגן הארץ זאָגט! א הארץ איז א גענארניק!

**אָלגע.** גלייבסט ניט דײַן אייגן הארץ — לייען איבער דײַן בוך פאר מענטשן.

**שאָלעם־אלייכעם.** שוין ארויס צו מענטשן? און טאָמער דארף מען עס נאָך א ביסל צופרעסן, אויסשלייפן פּעטליעס, ארויסשלעפּן די סטריגאָוואניע, דורכפּוצן, דורכלופטערן... עפּעס האָט דאָך אונדז דער זיידע רעב מענדעלע אָנגעזאָגט: שלײַפן, שלײַפן, שלײַפן...

**שאליטא.** איר האָט שוין גענוג געשליפן, איבערגענוג. (נעמט דעם מאנוסקריפּט). אָט זעט אליין: געמעקט און איבערגעמעקט, א לאטע אף א לאטע.

**שאָלעם־אלייכעם.** סע געפעלט אײַך ניט — גיט מיר עס אָפּ צוריק. (נעמט אָפּ דעם מאנוסקריפּט.)

**שאליטא.** ווידער? ווען זשע וועט איר עס ארויסלאָזן פון אײַערע הענט? זאָל עס גיין אין דער גרויסער וועלט ארײַן. זאָלן אלע וויסן, זאָלן אלע הערן.

אָלגע גייט צום פענצטער, קוקט ארויס אין גאס.

**שאָלעם־אלייכעם.** וואָס הייסט בא אײַך: אלע? נעמען א פויק אין די הענט, אומגיין אין די גאסן און פויקן: „ייִדן! אהער! שאָלעם־אלייכעם האָט אָנגעשריבן א נײַ בוך „יאקנעהאָז"? זאָלט איר וויסן: שאָלעם־אלייכעם האָט עס פײַנט. אָן טארעראם! אָן פויקערײַ! קלינגען דארף איך ניט.

**שאליטא.** איר דארפט עס מיר נאָך אָנזאָגן?

**שאָלעם־אלייכעם** (גיט אים איבער דעם מאנוסקריפּט). נו, נו. אָן פאריבל. דאָ אין שטוב ווייסט מען ווי צו שעצן אונדזער רעב נאָכעמטשע שאליטאן. (באגלייט אים צו דער טיר.) לייענט מיט קאָפּ. און האָט אף מיר קיין ראכמאָנעס ניט. די הויט מעגט איר שינדן פון מיר. עפּעס האָב איך דאָך גענומען אף זיך! איך האָב געזאָגט: סע וועט זײַן по-щедрински. (בלײַבט שטיין לעם שטשעדרינס פּאָרטרעט.) גרויסער שטשעדרין! איך וועל ניט פארשעמט ווערן?

**אָלגע.** איר גייט שוין אוועק? אײן רעגעלע, נאָר איין רעגעלע. (טײַט אפן פענצטער.)

**שאָלעם־אלייכעם.** ניט אנדערש, דו ווילסט, ער זאָל ארויס דורכן פענצטער. (גייט מיט שאליטאן צו איר.)

**אָלגע** (צו שאליטאן). איך וויל, איר זאָלט א קוק טאָן אהין, אף רעכטס, אָט אין יענער זײַט. עפּעס א מענטשעלע זעט איר דאָרטן הינטערן טויער? (צו שאָלעם־אלייכעמען.) דו זעסט?

**שאָלעם־אלייכעם.** אוואדע זע איך.

**אָלגע.** איך זע אים שוין דאָס אנדערע מאָל. נעכטן איז ער אויך דאָ געשטאנען.

**שאָלעם־אלייכעם.** וואָס זשע האָסטו געשוויגן?

**אָלגע.** איך האָב זיך געקלערט: עפּשער דאַכט זיך מיר אויס?

**שאַליטאַ.** ניין, עס דאַכט זיך אײַך ניט אויס. נעכטן, זאָגט איר, איז ער אויך דאָ געשטאַנען? נעכטן בין איך אויך געווען בא אײַך. (שווײַגט א רעגע. דערלאַנגט שאָלעם־אלייכעמען דעם מאַנוסקריפּט.)

**שאָלעם־אלייכעם.** וואָס זאָל דאָס הייסן? (וויל ניט נעמען.)

**שאַליטאַ.** דאָס הייסט, אַז איך דאַרף מער ניט גיין צו אײַך. ווײַזט אויס, אַז אַף מיר גיט מען אכטונג.

**שאָלעם־אלייכעם.** וואָס זשע נעמט איר זיך איבער, וואָס? איר זײַט באַם רוסישן קייסער ניט איינער. ער האָט אונדז אַלעמען ליב — גיט ער אַף אונדז אַלעמען אכטונג.

**שאַליטאַ.** ניין, דאָס גיט מען אכטונג אַף מיר. איך דערמאָן זיך, אַז איך בין געגאַנגען אַהער, איז מיר עמעצער נאָכגעגאַנגען, עמעצער האָט געשטאַטעוועט. (דערלאַנגט ווידער דעם מאַנוסקריפּט.) איר מוזט עס נעמען בא מיר צוריק.

**שאָלעם־אלייכעם** (צו אָלגען). אַן אַקציע, זאָג איך דיר, מיט אָט דעם מענטשן! אָט ערשט האָט ער זיך געשלאָגן מיט מיר, געריסן עס בא מיר פון די הענט, און איצט הייסט ער מיר עס נעמען צוריק. (צו שאַליטאַן.) וואָס מיינט איר: נאָר אַן איבערשרײַבער זײַט איר בא מיר? אײַער אייצע דאַרף איך האָבן, אײַער מיינונג, אײַער גלײַך וואָרט. עפּעס זײַט איר דאָך בא דער וועלט פאַררעכנט פון די ווילע יִנגלעך. איך נעם ניט, איך נעם עס ניט צוריק. (גייט אָפּ ווידער צום פענצטער, קוקט אַרויס.)

**שאַליטאַ** (צו אָלגען). איך האָב מוירע, עס קאָן אַמאָל ברענגען אײַך שאָדן. איר קאָנט אַמאָל לײַדן דערפון.

**אָלגע.** ווייסט איר וואָס — לאָמיר וועגן דעם ניט טראַכטן. איר הערט דאָך: ער דאַרף האָבן אײַער וואָרט, אײַער מיינונג. זאָגט זיך ניט אָפּ, טוט עס ניט, איך בעט אײַך. (לייגט אים אַרײַן דעם מאַנוסקריפּט אין די הענט. באַגלייט אים צו דער טיר.)

**שאָלעם־אלייכעם** (גייט האַסטיק פון פענצטער, פאַרהאַלט שאַליטאַן, ווענדט זיך צו אָלגען). וואָס האָסטו עס צוגעטראַכט? אָט אַזוי — מיר ניט, דיר ניט, — ווילן מיר אים אַפּלאָזן? אָבער גאָר לוי. דאָס מענטשעלע שטייט דאָרטן (טײַט אַף דער גאַס), וועט עס ווײַטער שטיין. ביז טאָג וועט עס בא מיר שטיין. אופלויפן וועט עס בא מיר שטייענדיק... (פירט שאַליטאַן צוריק צום טיש.) איר בלײַבט דאָ מיט אונדז. אָט דאָ מיט אונדז וועט איר הײַנט זיצן. די קינדער שלאָפן. אין שטוב איז שטיל. און מיר — ווייסט איר, וואָס מיר טוען באַלד? מיר לייענען „יאַקנעהאָז“... (ווענדט זיך צום פענצטער־צו.) מענטשעלע, דו הערסט: מיר לייענען „יאַקנעהאָז“.

(פאָרהאַנג)

## דאָס צווייטע בילד

בא מאַרק וואַרשאַווסקין אין שטוב. ענגלעך, אָרעמלעך. א נידעריקע סטעליע. אין איינעם א ווינקל — א שטײַגל מיט א פויגל. א קלאַוויר.

דרײַ טירן: איינע פירט אין דרויסן אַרויס. די צווייטע — אין דעם צימער, וווּ וואַרשאַווסקי נעמט אוף די קליִענטן. א דריטע — אין דעם צימער, וווּ עס געפינען זיך וואַרשאַווסקיס טעכטער. בײַם דער פאָרהאַנג הייבט זיך אוף, איז אין צימער פאַראַן בלויז איין **עטעלע.** זי זיצט באַם קלאַוויר, שפּילט. ס׳קומט אַרײַן **סאָרע,** מיט איר טאָכטער **באַסקע.**

**עטעלע** (הערט אוף שפּילן). איר דאַרפט האָבן מײַן טאַטן? מײַן טאַטע איז ניטאָ אין דער היים.

**באַסקע** (צו דער מוטער). קום. דו הערסט דאָך: ניטאָ אין דער היים. (זעט, אַז די מוטער בלײַבט זיך ניט אַוועקגיין.) קום. וואָס ווילסטו, מע זאָל אונדז אַרויסטרײַבן?

**עטעלע.** איך טרײַב אײַך דען? דער טאַטע האָט אָנגעזאָגט קיינעם ניט טרײַבן.

**סאָרע.** לאַנג לעבן זאָל דער טאַטע דײַנער. עפּשער איז טאַקע באַשערט, אַז דורך אים זאָלן מיר געהאָלפן ווערן. (באַטראַכט די שטוב.) א טאַטן, זאָגט מען, האָסטו זייער א פײַנעם, א לײַטישן טאַטן, און אַן ערלעכן — פּס־ס־ס... מע זאָגט, דער אַדוואָקאַט וואַרשאַווסקי איז איין ערלעכער מאַן אין דער וועלט, נאָר קיין גוויר איז ער בא דיר ניט, ניין, ניט קיין גוויר... ווּ זשע איז ער, דער טאַטע דײַנער?

ע ט ע ל ע. ער דאַרף באַלד קומען. זיצט. (צו באַסקען.) און איר וואָס שטייט? פֿאַרוואָס ווילט איר ניט זיצן?

ס אָ ר ע (צו באַסקען). זיץ. אַז מע בעט זיצן — טאָ זיץ. (רעדט קלוימערשט צו עטעלען, נאָר מער צו זיך אַליין.) ניט געוווינט געוואָרן נעבעך. אַז אונדזערע נעגידים האָבן זיך געמאַכט אַזאַ מאָדע: זיי לאָזן אַרויס זייערע לאַקייעס און טרײַבן. קומסט צו זיי אין קאָנטור — טרײַבט מען! פּרוּווט זיך גיין צו זיי אַהיים — טרײַבט מען ווידער! אַז פֿאַרטרײַבן זאָלן זיי נאָר ווערן פֿון דער וועלט, ריבוינע־שעל־אוילעם! „וואָס טרײַבט איר מיך? — פֿרעג איך באַ זיי. — איך בין ניט געקומען בעטן קיינעמס לאַסקע. מײַנע קאָן קערבלעך, מײַן טאָכטערס נאַדן, וואָס איך האָב אײַנ־געלייגט באַ אײַך אין דער באַנק, גיט מיר אָפּ. איר האָט געקוילעט, זאָג איך, מײַן קינד — זאָל איך שווײַגן? עק וועלט, זאָג איך, וועל איך גיין, נאָר איך וועל געפֿינען, ווער עס זאָל זיך אָנעמען מײַן קריוודע..."

אין דער טיר שטעלט זיך אַרײַן א ז ר י ע ל. גייט צום קלאַוויר, טוט אַ הייב די דעק, בייגט זיך אָן, טאַפּט די פּיסלעך פֿונעם קלאַוויר.

ס אָ ר ע (רוקט זיך צו צו עטעלען, פֿרעגט מיט אַ שעפּטשענדיק קאָל). דער טאַטע?

ע ט ע ל ע. אוי, ניין, ניין, ס'איז ניט דער טאַטע. ס'איז אַזריעל...

א ז ר י ע ל. איר האָט אַ טאָעס, מומע. איר טאַטע בין איך ניט, נאָר אַ שטיקל באַלעבאָס דאָ אין שטוב בין איך. מיר האָבן אַ היפּשן כיילעק אין אָט דער שטוב. גייט אײַך, גייט. איר וועט קומען אַן אַנדערשמאָל...

ע ט ע ל ע (פּרוּווט זיי פֿאַרהאַלטן). פֿאָלגט אים ניט, גייט ניט. (צו אַזריעלן.) וואָס טרײַבט איר מענטשן פֿון אונדזער שטוב? (לאָזט זיך נאָכגיין נאָך דער ייִדענע.)

אַזריעל בלײַבט אַליין, נעמט פֿון בוזעם אַ לאַנגן, שמאָלן רייסטער־בוך, קוקט אַרײַן, מעסט מיט אַ סאַנטימעטער די לענג פֿונעם קלאַוויר, פֿאַרצייכנט עפּעס אין בוך, גייט אַרויס. אַ ווײַלע די בינע ליידיק. ס'קומען אַרײַן ש א ל י ט א און ב ר אָ נ י ע. זי טראָגט אַ בינטל טײַך־ליליען.

ב ר אָ נ י ע. אָט דאָ וווינען מיר. (געפֿינט אַ גלעזערנעם בלומענטאָפּ, שנײַדט אַרום די בלומען, שטעלט זיי אַרײַן.) אָט דאָ פֿאַרברענג איך מײַנע טעג. ניין, די טעג זײַנען ניט מײַנע. ווען דער טאָג הייבט זיך אָן, הייב איך אָן שפּאַנען איבער די רײַכע הײַזער: איך לערן קינדער מוזיק — און אַזוי יעדן טאָג, יעדן טאָג. אָבער הײַנטיקן טאָג וועל איך קיינעם ניט אָפּגעבן. הײַנט איז מײַן געבורטסטאָג, און הײַנטיקער טאָג איז מײַנער. (טײַט אויף די בלומען.) איר ווייסט: זיי לעבן נאָך!

ש א ל י ט א (גייט צו, בייגט זיך אָן צו די בלומען). זיי עטעמען נאָך, פּונקט ווי דאָרטן אויפֿן טײַך.

ב ר אָ נ י ע. הײַנט איז דאָרט געווען אַזוי גוט. דאָס וואַסער איז געלאָפֿן אַזוי גיך, און איר האָט געפֿירט דאָס שיפֿל אַזוי זיכער. איך האָב געקוקט און האָב געטראַכט: אָט איר ווייסט, וווּהין דאָס וואַסער טראָגט אײַך, און איך — ניט.

ש א ל י ט א. איר טראַכט אויס אויף זיך שלעכטס, בראָניע.

ב ר אָ נ י ע. און איר טראַכט אויס אויף מיר גוטס. אויסגעטראַכט אַ בראָניע — אַ ווײַלע, אַ גוטע. און בראָניע איז ניט אַזאַ, גאָר ניט אַזאַ. (באַמערקט שאַליטאַס האַסטיקע באַוועגונג.) איר ווילט זיך שפּאַרן מיט מיר? ניט איצט, ניט איצט. דאָרטן וואָרט אויף מיר מײַן מאַמע. איך גיי איבערגעבן פֿון אײַך אַ גרוס מײַן מאַמען. (גייט אַרײַן אין קלײנטען־צימער. שאַליטאַ בלײַבט אַליין, דערזעט די אַרײַנגעקומענע עטעלע.)

ש א ל י ט א. וואָס איז מיט דיר? האָסט געוויינט?

ע ט ע ל ע. איך האָב מוירע.

ש א ל י ט א. ביסט דאָך שוין אַ גרויסע — פֿאַר וועמען האָסטו מוירע?

ע ט ע ל ע. דאָ איז ערשט געווען אַזריעל.

ש א ל י ט א. מיסטאַמע איז ער דאָך אַ מענטש, אַז מע רופֿט אים אַזריעל. וואָס זשע האָסטו מוירע פֿאַר אים?

ע ט ע ל ע. די גאַנצע גאַס האָט מוירע פֿאַר אים. ער זאָגט, ער האָט אַזאַ באַלעבאָסטע, וואָס אַלע זײַנען איר שולדיק געלט. (ס'קומט אַרײַן בראָניע, שטייט אין אַ זײַט, הערט זיך אײַן.) ער גייט צו אַלעמען אין שטוב, און אַז ער קומט אַרײַן, זאָגט ער, אַז ס'איז זײַנס. נעכטן קומט ער צו גיין און זאָגט, אַז דאָס איז אויך זײַנס. (טײַט אויפֿן קלאַוויר.) ס'איז ניט אונדזערס, — זאָגט ער. „ס'איז מײַנס, — זאָג איך אים, — דער טאַטע זאָגט, אַז ס'איז מײַנס!" האָט ער גענומען און האָט געזאָגט אויפֿן טאַטן אַזאַ וואָרט... (מיט טרערן אין קאָל.) איך וויל ניט, איך וויל ניט, ער זאָל זאָגן אויף מײַן טאַטן אַזאַ וואָרט... (אַנטלויפֿט אין צווייטן צימער.)

ב ר אַ נ י ע. וואָס האָט מען געמאַכט פֿון אַט דעם קינד!

ש אַ ל י ט אַ. מע דאַרף זי איצט ניט איבערלאָזן אַליין. רופֿט זי אַהער.

ב ר אַ נ י ע. מיך וועט זי ניט פֿאָלגן.

ש אַ ל י ט אַ. און מיך, קאָן זײַן, יאָ? איך וועל אַ פּרווו טאָן. (גייט אַרויס אין צווייטן צימער.)

בראַניע שפּאַנט אומרויִק הין און צוריק. ס׳קומט אַרײַן וואַרשאַווסקי. לייגט אַוועק דעם שוואַרץ-געלאַקירטן פּאַרטפֿעל אויפֿן טיש. גייט צום שטײַגל. שיט אָן קערנער. נעמט אַרויס דעם פֿויגל.

וואַרשאַווסקי. זע נאַר, זע, ווי עס קוקט אויף מיר! אַט־אַט וועט עס אַ רעד טאָן. ווי רעכנסטו, בראַניע, וואָס וואָלט געווען, ווען אַט די באַשעפֿעניש עפֿענען די מײַלער? אוי, וואָלטן זיי אַ רעד געטאָן אויף אונדזער וועלטל, אוי, וואָלט אַזוינס אַ רעד געטאָן! (לייגט אַרײַן דעם פֿויגל צוריק אין שטײַגל.) נו, גיי שוין, גיי צוריק אויף דײַן אָרט. באַלד וועט געזונט ווערן די באַלע־באָסטע דײַנע, זי וועט אַרויסגיין צו דיר, פֿאַר איר וועסטו אויסריידן דאָס האַרץ... (צו בראַניען, טײַטנדיק אויפֿן קלײנטן־צימער.) וואָס מאַכט זי הײַנט? ווי איז דורך דער טאָג?

ב ר אַ נ י ע. הײַנט איז דער מאַמען בעסער. אַ סך בעסער. הײַנט האָט זי צוגעזאָגט אַראָפּ־גיין אַהער, פֿאַרברענגען מיט אונדז.

וואַרשאַווסקי. אַט דאָס פֿאַרשטיי איך. דאָס הייסט אַ גרוס. (טאָן־ענדערונג.) איך האָב אויך פֿאַר דיר אַ גרוס.

ב ר אַ נ י ע. פֿון וועמען?

וואַרשאַווסקי. פֿון אונדזער ליבהאַרציקן פּרינציפּאַל. פֿון פּינקוסן.

ב ר אַ נ י ע. מיסטאָמע געפֿרעגט, ווו איך בין? פֿאַרוואָס בין איך הײַנט ניט געקומען לערנען מיט זײַנע קינדער?

וואַרשאַווסקי. נאַר געפֿרעגט? מיט די פֿיס געטופּעט. איך בין געקומען אין קאָנטאָר אויף דער אַרבעט, איז ער אַרויס מיר אַנטקעגן. „איך בין פּינקוס!.. איר זײַט מײַנער אַ מענטש!.. איר אַטוועטשאַיעט מיר פֿאַר אײַער טאָכטער!..“ זאָג: וואָס האָט זיך עס געטראָפֿן הײַנט מיט דיר?

ב ר אַ נ י ע. גאָרניט האָט זיך ניט געטראָפֿן. מײַן געבורטסטאָג איז הײַנט, טאַטע.

וואַרשאַווסקי. דו לאַכסט פֿון מיר!

ב ר אַ נ י ע. פֿאַרוואָס זאָל איך לאַכן פֿון דיר?

וואַרשאַווסקי. דײַן געבורטסטאָג איז הײַנט, און מיר איז עס אַרויס פֿון זינען? וואָס איז עס געוואָרן? אויס מענטש בין איך געוואָרן, צי וואָס? (קלאַפּט מיטן פֿויסט איבערן פּאַרטפֿעל.) אַט דאָ, אַט דאָ איז אַלעס באַגראָבן געוואָרן: אי דער קויעך, אי דער מויעך. טאָג נאָך טאָג: קאָ־סאַציעס, אַפּעליאַציעס. אַ לאַדעניש הײַנט, אַ לאַדעניש מאָרגן. מיט וועמען לאַד איך זיך? פֿאַר וועמען לאַד איך זיך? פֿאַר פּינקוסן, פֿאַר דעם גרויסן פּינקוסן... זייער גלײַך האָסטו געטאָן, וואָס דו ביסט הײַנט ניט געגאַנגען צו אים אין שטוב אַרײַן. ניט געטאָרט, ניט געטאָרט פֿאַרמיִעסן אַזאַ שיינעם טאָג. לאָמיך, טאָכטער, דיר שענקען אַ קוש אין אַט דעם שיינעם טאָג. (קושט זי.)

ב ר אַ נ י ע. עפּעס קומט מיר נאָך. דו געדענקסט: אין אַזאַ טאָג פֿלעגסטו מיר אַמאָל שענקען דײַנע אַ ליד.

וואַרשאַווסקי (כמורנע). לאָמיר, טאָכטער, הײַנט וועגן דעם ניט ריידן. אויס לידער. ניטאָ מער קיין לידער. (גייט צום קלײנטן־צימער, פֿאַרהאַלט זיך באַם שוועל.) אַ שיינע טאָכטער באַ מיר. מיט גליק זאָלסטו מיר נאָר זײַן, טאָכטער מײַנע. (גייט אַוועק.)

בראַניע בלײַבט אַליין, שטעלט איבער די בלומען פֿונעם טיש אויפֿן קלאַוויר. באַטראַכט זיי פֿונדער־ווײַטנס. ס׳קומט אַרײַן שאַליטאַ.

שאַליטאַ (אויפֿגערודערט). וואָס קומט דאָ פֿאָר באַ אײַך אין שטוב? דאָס קינד האָט מיר דערציילט אַזעלכע זאַכן! אײַער פֿאָטער איז אַ פּאָעט? פֿאַרוואָס באַהאַלט איר עס? פֿאַרוואָס שווײַגט איר, בראַניע?

ב ר אַ נ י ע. ער שווײַגט — שווײַג איך אויך.

ש אַ ל י ט אַ. ער שווײַגט דען? אײַער שוועסטערל זאָגט: ער זינגט לידער.

ב ר אַ נ י ע. ער האָט אַמאָל געזונגען. איצט זינגט ער ניט מער.

ש אַ ל י ט אַ. אַנשוויגן געוואָרן? ווי זשע האָט מען עס דערלאָזט?

ב ר אַ נ י ע. אַט זעט איר. איך האָב געזאָגט אײַך: בראַניע איז אַ שלעכטע, אַ שלעכטע. בראַניע האָט געדאַרפֿט ראַטעווען איר טאַטן. בראַניע האָט געדאַרפֿט עפּעס טאָן. און זי טוט ניט. גאָרניט טוט זי ניט.

ס׳לויפֿט אַרײַן עטעלע, האַלט אַ באַשריבן בלעטל אין די הענט.

ע ט ע ל ע (צו בראַניען). געפונען! געפונען! דײַנע א ליד געפונען!
ב ר אַ נ י ע. מײַנע?
ע ט ע ל ע. האָסט פארגעסן? דער טאטע האָט דיר געשענקט א ליד, און דו האָסט פארגעסן. און איך געדענק, די גאנצע ליד געדענק איך. ווי אַן אָדלער שטארבט — זינגט זיך דאָרטן. סע זינגט זיך אזוי שיין.
ש א ל י ט א. טאָ זינג זשע אונדז, זינג.
ע ט ע ל ע (סוידעסדיק). מע טאָר ניט. מע זאָל עס ניט זינגען, האָט דער טאטע געהייסן. (לויפט צו דער טיר פון קלײַנטן־צימער, טאַפּט דעם שלאָס.) איך וועל אײַך זינגען, נאָר שטיל־שטיל וועל איך זינגען. (זינגט.)

איך האָב אויך אמאָל גרויסע פליגל געהאַט,
כ'פלעג פליִען אהער און אהין,
הײַנט ליג איך און בין פון דעם טויט שוין ניט ווײַט,
איך קען מיך ניט רירן, ניט פליִ'ן.
ארויסגעצאַפּט האָט מען פון מיר שוין דאָס בלוט,
קיין פליגל ניטאָ... קוקט אהער!
וואָס טויג אזא לעבן, איך וויל עס שוין ניט,
אז כ'האָב מײַנע פליגל ניט מער...
כ'פלעג פליִען, מיך הייבן ביזן הימל ארויף,
דורך וואלד, איבער בערג, איבער טאָל,
כ'פלעג אראָפּלאָזן מיך צו דער ערד נאָר דערויף,
כ'זאָל צום הימל צוריק — נאָכאמאָל!..
הײַנט ליג איך געקאָוועט, געפּענטעט גאנץ גוט,
א זיפץ טאָן — אי דאָס איז מיר שווער.
וואָס טויג אזא לעבן — איך וויל עס שוין ניט,
אז כ'האָב מײַנע פליגל ניט מער...

ש א ל י ט א. אָט אזעלכע לידער זינגט מען בא אײַך אין שטוב...
ב ר אַ נ י ע. איך געדענק יענעם טאָג, ווען דער טאטע האָט מיר געשענקט אָט די ליד. דער טאטע איז דעמאלט געווען גאָר אַן אנדערער, ער פלעגט זיך אוועקשטעלן אָט אָ־דאָ און זינגען, זינגען... און נאָכדעם פלעגט ער א וואָרף טאָן מיטן קאָפּ, א קוק טאָן אָף אונדז...
ע ט ע ל ע. איך געדענק אויך.
ב ר אַ נ י ע. אלע געדענקען עס. ער האָט אלץ געוואַרט: מע וועט קומען, מע וועט זיך ארומקוקן אף אים, מע וועט אים העלפן.
ש א ל י ט א. און קיין מענטש איז ניט געקומען און האָט ניט געהאָלפן...
ב ר אַ נ י ע. פאַראַן דען אזעלכע מענטשן?
ש א ל י ט א. איך קען איינעם א מענטשן אזא, טאקע דאָ אין שטאָט וווינט ער. ווען ער זאָל וויסן!
ב ר אַ נ י ע. דארף מען עפּשער אים געבן צו וויסן?
ש א ל י ט א. אָט אזוי טאקע וועל איך טאָן. נאָך הײַנט, נאָך הײַנט וועט ער עס וויסן. (קלײַבט זיך אוועקגיין.)
ע ט ע ל ע. ווי זשע גייט איר אוועק? איר האָט דאָך געוואָלט, איך זאָל אײַך באַווײַזן מײַן טאטן?
ש א ל י ט א. מיר האָסטו אים שוין באַוויזן. א דאנק, עטעלע. און אײַך אויך א דאנק. (צו בראַניען.) ס'איז דאָך אײַער ליד, זאָגט מען. איר, בראַניע, זאָרגט זיך ניט. פליגל וועלן נאָך אויסוואקסן, פליגל וועלן נאָך זײַן, זיי וועלן זײַן... (גייט ארויס.)

בראַניע באַגלייט אים. עטעלע אליין, באַטראַכט די בלומען. עס קומט ארײַן פון קלײַנטן־צימער וו א ר ש א ו ו ס ק י.

וו א ר ש א וו ס ק י (נעמט פונעם טיש דאָס בלעטל מיט דער ליד). דאָס האָסטו געזונגען?
ע ט ע ל ע (דערשראָקן). איך.
וו א ר ש א וו ס ק י. און ווער האָט מיר צוגעזאָגט ניט זינגען עס? אויך דו?
ע ט ע ל ע. אז מע האָט מיך געבעטן...
וו א ר ש א וו ס ק י. מער וועט מען ניט בעטן. (לייגט צונויף דאָס בלעטל, צערײַסט עס.)
ב ר אַ נ י ע (קומט ארײַן). וואָס האָסטו געטאָן?

ווארשאווסקי. איך האָב עס שוין לאַנג געדאַרפט טאָן.

בראָניע. ס׳איז דאָך מיר געשענקט. מײַן ליד.

ווארשאווסקי. מײַן ליד, דײַן ליד — איך בעט דיך, טאָכטער, זאָל עס פאַרגעסן ווערן. עס דאַרף פאַרגעסן ווערן.

בראָניע. און איך זאָג: עס דאַרף ניט פאַרגעסן ווערן. (גייט צום קלאַוויר, נעמט שטאַרקע אַקאָרדן, זינגט).

כ׳פֿלעג פֿליִען, מיך הייבן ביזן הימל אַרויף,
דורך וואַלד, איבער בערג, איבער טאָל...

(ביזן סאָף פון דער סטראָפע)

ביים זי זינגט, קומט אַרײַן פון קליִענטן־צימער ראַכיל. זי גייט, אָנשפּאַרנדיק זיך אָף א שטעקן, שטעלט זיך לעם קלאַוויר, הערט זיך אײַן. פון הינטער דער דרויסן־טיר דערהערט זיך פּלוצעם דער מאַדאַם שאַצס שטים: „אזריִעל!..״ אַלע קוקן זיך אום און דערזעען אזריִעלן, וואָס שטייט שוין פון דער זײַט שוועל. ער טוט ברייט אָן עפן די טיר. עס קומט אַרײַן מאַדאַם שאַץ.

מאַדאַם שאַץ. ווו ביסטו עס פאַרפאַלן געוואָרן, אזריִעל? אַלעמאָל ווערסטו פאַרפאַלן, אזריִעל! דאָס זײַט איר ווארשאווסקי? דאָס איז מײַן אופּראַוולִיאַיושטשע. אזריִעל — רעד! (זעצט זיך אַוועק, פאַלט זייער גיך אַרײַן אין א שלעפעריקן צושטאַנד.)

ווארשאווסקי. מיט מײַנע קליִענטן רעד איך דאָרטן. (ווײַזט אָפן צווייטן צימער.)

אזריִעל. די מאַדאַם זײַנען ניט קיין קליִענט. די מאַדאַם זײַנען געקומען מאָנען געלט. עס קומט זיי פון אײַך געלט. (נעמט אַרויס א וועקסל.) דאָס איז אײַער האַנט?

די טעכטער גייען אַרויס. ראַכיל בלײַבט.

ווארשאווסקי (קוקט זיך אײַן). מײַנע. (אָן איבעראַשטער.) דאָס איז געווען שוין זייער לאַנג. ווי קומט עס צו אײַך? ווער זײַט איר?

אזריִעל (שטעלט פאָר). מאַדאַם שאַץ.

מאַדאַם שאַץ (כאַפּט זיך אויף). מאַדאַם שאַץ.

אזריִעל. זייער פאָטער האָט מען גערופן רעב כאַיִם־כאָנע.

ווארשאווסקי. כאַיִם־כאָנען געדענק איך. אוודאי געדענק איך אים. איך בין נאָך דעמאָלט געווען א סטודענט, און אָרעמע סטודענטן האָבן געהאַלטן פון כאַיִם־כאָנען: ער פלעגט זיי לײַען געלט און ניט נעמען קיין מאַשקן.

אזריִעל. דער מאַדאַמס פאָטער האָט געהאַט זייער א גוט האַרץ.

ווארשאווסקי. דאָס גוטע האַרץ פלעגט זיך הייסן גוט באַצאָלן. (טײַט אָפן וועקסל.) ווי קומט עס צו אײַך?

מאַדאַם שאַץ. אזריִעל! זאָג: ס׳איז יערושע.

אזריִעל. זייער פאָטער, אָלעוו־האַשאָלעם, האָט איבערגעלאָזט זייער א גרויסע יערושע.

ווארשאווסקי. דאָס פּאַפּירל האָט ער ניט געטאָרט איבערלאָזן. איך האָב אים אַלץ אויסגעצאָלט.

אזריִעל. מיסטאַמע האָט איר פאַרגעסן. איר זײַט דאָך אַן אַדוואָקאַט — פאַרשטייט איר אַליין. (שפּילט מיטן וועקסל אין די הענט.) אַזוי לאַנג ווי מע לאָזט עס ליגן און שווײַגן — שווײַגט עס; ווי נאָר מע נעמט עס אין די הענט — קאָן עס אָנהייבן ריידן.

ווארשאווסקי. זאָגט, וואָס ווילט איר?

אזריִעל. שײַעך צו זאָגן: מיר ווילן. ווי רעב כאַיִם־כאָנע האָבן אָנגעזאָגט, אַזוי ווילן מיר. א קלוגער ייִד געווען רעב כאַיִם־כאָנע. אָף אַלץ האָבן זיי געהאַט א ווערטל: „ווער סע צאָלט ניט מיטן קאַרב — וועט צאָלן מיטן סקאַרב״. (לאַכט.) רעב כאַיִם־כאָנעס א ווערטל.

ווארשאווסקי. אָן ווערטלעך. זאָגט, וואָס ווילט איר פון מיר?

אזריִעל. ניט איך וויל, די מאַדאַם ווילן. זיי פּראַוועען מאָרגן זייער טעכטערלס געבורטס־טאָג, ווילן זיי איר שענקען א פּרעזענט. (טײַט אָפן קלאַוויר.) וואָס זײַט איר צעטראָגן, הער וואַר־שאַווסקי? איר ווילט, אַז דאָס פּאַפּירל זאָל ניט סטײַען — וועט עס ניט סטײַען. איר ווילט, אַז קיינער זאָל ניט וויסן — וועט מען ניט וויסן. ווער דאַרף עס וויסן? כאַטאַס נעורים... כע־כע־כע...

ראַכיל (טרעט אַרויס אין דער מיט צימער). פאַרוואָס זאָל מען עס ניט טאָרן וויסן? (צו ווארשאַווסקין, רעדט שטיל.) איך בין געשטאַנען און געהערט, האָבן זיך מיר דערמאָנט אונדזערע יונגע יאָרן. דו ביסט דעמאָלט געווען א סטודענט. מיר האָבן זיך נאָרוואָס באַפרײַנדעט. אונדזערע ערשטע פריידן. אונדזער ערשט קינד. דאָס זײַנען אונדזערע שענסטע יאָרן. פאַר זיי בין איך גרייט אַוועקצוגעבן אַלץ אין דער וועלט. און דיר טוט עפּעס באַנק?

מאדאם שאך. אזריִעל! עפּעס הער איך ניט דײַנע רייד, אזריִעל. (ער גייט צו און רוימט איר עפּעס אפּן אויער.)

ראכיל (פּירט וואַרשאַווסקין צו דער טיר). דו דאַרפסט דאָ ניט זײַן. גיי.

וואַרשאַווסקי. ווילסט שטענדיק, סע זאָל פאַלן אָף דיר.

ראכיל. זאָל עס פאַלן אָף מיר, נאָר ניט אָף אונדזערע שיינע יונגע יאָרן. וואָס ס'איז געווען אונדזערס — וועט בלײַבן אונדזערס. גיי. שיק מיר די קינדער. (וואַרשאַווסקי גייט אַרויס. זי הייבט אָן אַראָפּנעמען די זאַכן, וואָס שטייען אפּן קלאַוויר. אזריִעל הייבט אָן צוגיין נעענטער.) ס'איז אײַערס, זאָגט איר? אײַערס דאַרפן מיר דאָ ניט האָבן. נעמט עס צו, אויב ס'איז אײַערס. די מינוט נעמט עס צו.

אזריִעל. אַוודע — די מינוט. קיין מינוט אויך ניט. (פאַרשווינדט.)

ס'קומען אַרײַן וואַרשאַווסקי און בראָניע.

ראכיל (צו בראָניען). העלף מיר, טאָכטער. (טײַט אָף די בלומען.) ס'איז דײַנס — נעם עס צו זיך.

בראָניע טראָגט אַרויס די בלומען, קערט זיך באַלד אום צוריק.

מאדאם שאך (געוואָרן אופגעלעבט, קוקט זיך אײַן אין בראָניען). וואַרשאַווסקי, איר האָט א שיינע טאָכטער, וואַרשאַווסקי. זאָל זי אמאָל אַרײַנקומען צו מיר. זי וועט בא מיר פאַרברענגען מיט מײַן קלאַראָטשקען. (זוכט אין לעדערנעם טאַש.) מיר האָבן זיך נאָך מיט אײַך ניט צערעכנט, וואַרשאַווסקי. אײַך קומט נאָך עפּעס אַרויס פון מיר, וואַרשאַווסקי.

ראכיל (האַרט). גאָרניט קומט אונדז פון אײַך ניט. נעמט אײַער זאַך און גייט געזונטערהייט.

מאדאם שאך. וואַרשאַווסקי, אײַער פרוי רעדט זייער ניט שיין, וואַרשאַווסקי. איך בין אָן איידעלער מענטש. איך נעם בא אײַך נאָר דעם קערן, דעם רייניקעם קערן. און ווו איז פּרע־צענט? איך פרעג אײַך: ווו איז מײַן פּרע־צענט?

הינטער דער טיר הערט זיך א הילכיקער געלעכטער. ס'קומען אַרײַן שאָלעם־אַלייכעם און עטעלע. דערהערט דער מאדאם שאַכס לעצטע ווערטער, שיסט אויס עטעלע נאָך א שטאַרקערן געלעכטער.

בראָניע (צו עטעלען, רעדט מיט פאַרוואָרף). דו וועסט אמאָל אופהערן לאַכן?

עטעלע (פּרוּווט זיך פאַרשטעלן דאָס מויל). אוי, איך קען ניט... „און ווו איז מײַן פּרע־צענט?“ (צו שאָלעם־אַלייכעמען.) אָבער פונקט... (שיסט ווידער אויס א געלעכטער.)

בראָניע (נאָך מער אקצענטירט). דו וועסט אמאָל אופהערן?

שאָלעם־אַלייכעם. וואָס האָט איר צו איר? לאַכן איז געזונט. דאָקטוירים הייסן לאַכן.

וואַרשאַווסקי. בא זיך אין שטוב באגייען מיר זיך אָן פרעמדע אייצעס.

שאָלעם־אַלייכעם. דאָס זײַט איר גערעכט: איך בין דאָ א פרעמדער. איך דאַרף זען דעם אדוואָקאַט וואַרשאַווסקי.

וואַרשאַווסקי. דאָס בין איך. קומט אַרײַן. (פּירט אַוועק שאָלעם־אַלייכעמען אין קלײַענטן־צימער.)

עטעלע (סוידעסדיק). מאַמע! איך שטיי מיר אזוי אפּן גאַנעק, גייט ער (טײַט אָף שאָלעם־אַלייכעמען) צו און וויל אַרײַן. זאָג איך: גייט ניט. זאָגט ער: פאַרוואָס? זאָג איך: גייט ניט — און שוין. זאָגט ער: ער דאַרף יאָ גיין. זאָג איך: מע דאַרף ניט גיין — די מאדאם שאך איז דאָרטן. אוי, מאַמע, האָט ער מיר באַוויזן, ווי די מאדאם שאך שרײַט: „און ווו איז מײַן פּרע־צענט?!“ (שיסט ווידער אויס א געלעכטער.)

ראכיל פּירט זי אַרויס פון צימער. ס'קומט אַרײַן אזריִעל, מיט אים צוויי מענטשן, וואָס הייבן אָן אַרויסטראָגן דעם קלאַוויר.

מאדאם שאך. וואָס האָסטו מיך איבערגעלאָזט, אזריִעל? צווישן וועלכע מענטשן האָסטו מיך איבערגעלאָזט, אזריִעל? (הייבט זיך אוף, בלאָזט זיך, גייט אַרויס.)

אזריִעל (העלפט אַרויסטראָגן דעם קלאַוויר). פּאַוואָלינקע. פּאַוואָלינקע. אָט זײַנען מיר, מיט גאָטס הילף, שוין בא דער שוועל. אָט זײַנען מיר, גאָט צו דאַנקען, איבערגעקומען. (פאַרשווינדט.)

בראָניע (אוטאָמאַטיש). איבערגעקומען... (באַטראַכט דאָס ליידיק געוואָרענע אָרט.)

ס'עפנט זיך די טיר פון קלײַענטן־צימער. וואַרשאַווסקי ציט נאָך זיך שאָלעם־אַלייכעמען.

װאַרשאַװסקי. דאָס װעט איר באַ מיר ניט פּויעלן. איר זײַט באַ מיר ניט קיין קליִענט, און מיר האָבן ניט װאָס צו זיצן פאַרשפּאַרט. ראַכיל, װוּ ביסטו עס דאָרטן? דאָס ביסטו, בראָניע? גיי צו נעענטער, דערלאַנג די האַנט און פאַרגעדענק אַף אַלע דײַנע יאָרן: אַזאַ גאַסט האָט אונדזער שטוב נאָך ניט געהאַט. מיט דעם גאַסט, װיל איך, זאָל זיך פרייען אונדזער גאַנצע שטוב. (דער־זען די אַרײַנגעקומענע ראַכיל און טעטלע.) אַהער, אַלע אַהער! װייסט, ראַכיל, װער דאָס איז? ס׳איז אַ מענטש, װאָס איז שולדיק אין דײַנע טרערן. געדענקסט, װי דו האָסט געװיינט, אַז איך האָב דיר געלייענט װעגן ראַכעלען און סטעמפּעניו...

ראַכיל. דאָס זײַט איר?

טעטלע. דאָס איז סטעמפּעניו!..

שאָלעם־אַליכעם. ניין, מיידעלע, סטעמפּעניו איז געװען אַ שיינער, סטעמפּעניו איז געװען אַ העלד, אים פלעגט מען באַלד דערקענען... (מיט אַ בליק אַף װאַרשאַװסקין.)

װאַרשאַװסקי. אָט אַזוי, אַזוי קומט מיר... (צו ראַכילן.) װאָס פלעג איך דיר אַלעמאָל זאָגן, האַ? אָט דער שאָלעם־אַליכעם, פלעג איך טײַנען, ער שטייט מיר פאַר די אויגן. און אַז שאָלעם־אַליכעם איז געקומען צו מיר אין שטוב אַרײַן, האָב איך אים ניט דערקענט. װוּ איז געװען דער קאָפּ מײַנער? װוּ זײַנען געװען מײַנע אויגן?..

ראַכיל. ס׳איז באַ אונדז הײַנט אַזאַ טאָג. דער קאָפּ איז קיין קאָפּ ניט. די אויגן — קיין אויגן ניט.

װאַרשאַװסקי. אָט דאָס האָסטו שוין דאַפּקע אַ טאָעס. הײַנטיקער טאָג איז באַ מיר פאַרעכנט פאַר דעם שענסטן טאָג. מיר װעלן ערשט באַװײַזן, װאָס פאַר אַ טאָג מיר האָבן הײַנט! (גייט אין אַ זײַטיקן צימער, מאַכט צו די טיר נאָך זיך.)

טעטלע. װוּהין איז דער טאַטע אַװעק? לאָזט איבער אַ גאַסט און אַנטלויפט!..

ראַכיל (צו שאָלעם־אַליכעמען). און איך קוק אַף אײַך, און ס׳עפּנט זיך באַ מיר ניט דאָס מויל צו ריידן מיט אײַך װי מיט אַ גאַסט. עפּעס דאַכט זיך מיר, אַז מיר קענען זיך שוין לאַנג און מיר װאַרטן אַף אײַך שוין לאַנג. און דער איקער — ער... (אין דער זײַט פון דעם אַװעקגע־גאַנגענעם.)

שאָלעם־אַליכעם. איז ער דאָך אַליין שולדיק. װוינען אין איין שטאָט און האַלטן זיך אין דער פאַרבאָרגעניש!.. דער נאָמען װאַרשאַװסקי איז מיר שוין לאַנג געװען באַקאַנט. געװוּסט, אַז באַ אונדז אין יעהופּעץ איז דאָ אַן אַדװאָקאַט װאַרשאַװסקי. הײַנט װער איך פלוצעם געװויר, אַז אָט דער װאַרשאַװסקי איז גאָר אַן אונדזעריקער פאַרשוין, אַן אָרעמס און אַ פריילעכס, ער זינגט, זאָגט מען מיר, לידער, זײַן אייגענע אַרבעט. ער אַליין מאַכט די לידער, ער אַליין באַשאַפט די מוזיק צו זיי, און ער אַליין זינגט זיי — אַלצדינג אַליין. סטײַטש, זאָג איך, װאָס זשע שװײַגט איר? גיט אים אַהערצוצו, אָט דעם פויגל!..

ראַכיל. דאָס איז געװען אַמאָל. און איצט זאָגט איר: סומנע באַ אונדז אין שטוב. אונדזער פויגל איז אונדז אַנשװיגן געװאָרן. פון זינט איך בין קראַנק געװאָרן, קוקט ער ניט אָן די ליכ־טיקע װעלט. און אָט דער פּינקוס — ער האָט אים גאָר דעם קאָפּ אַראָפּגענומען.

בראָניע. װידער פּינקוס... מאַמע!..

ראַכיל. ביסט גערעכט, טאָכטער, איידער רעדן װעגן פּינקוסן, איז שוין גלײַכער שװײַגן. (עס דערהערט זיך אַ סאַליוט־שיסערײַ פון האַרמאַטן. אַלע הערן זיך אײַן אין דער שיסערײַ. אין דעם אָפענעם פענצטער באַװײַזט זיך דער אָקאָלאָדאָטשנע.)

אָקאָלאָדאָטשנע. Встать! Встать!

אַלע שטעלן זיך אויף. דער אָקאָלאָדאָטשנע פאַרשװינדט.

שאָלעם־אַליכעם (נעמט אין האַנט דאָס בלעטל מיטן קייסערס פּאָרטרעט). אַ ליכטיקע צורע!.. (צו בראָניען.) איר גיט נאָר אַ טראַכט: אָט אָ־דאָס טוט הײַנט אָן אַ קרוין אַפן קאָפּ, און די װעלט שװײַגט, די גאַנצע װעלט שװײַגט.

בראָניע. ניט אַלע שװײַגן.

שאָלעם־אַליכעם. דאַכט זיך, אַרום־און־אַרום שאַ־שטיל. מע זאָל עס הײַנט הערן כאָטש עפּעס אַ קאָל.

בראָניע. אַ קאָל האָט מען הײַנט שוין געהערט, און ניט איינס.

שאָלעם־אַליכעם. איך פאַרשטיי: צוליב אַ גאַסט איז אַ מיצװע אויסטראַכטן אויך. אַבי ס׳זאָל זײַן פריילעך.

בראָניע. איך טראַכט ניט אויס.

שאָלעם־אַליכעם. איז װי זשע האָט מען עס אַזאַ האַרץ און מע זאָגט ניט, װען, װוּ איז עס פאָרגעקומען?

בראַניע. אויפֿן טײַך. הײַנט. נאָך פֿון סאַמע אינדערפֿרי זײַנען געקומען אַהין סטודענטן, אַרבעטער, זיי זײַנען געזעסן אין די שיפֿלעך און געוואַרט. און אַז מע האָט נאָר געגעבן אַ סיגנאַל, זײַנען זיי אַלע אַרויס אויפֿן מיטן טײַך. דער גאַנצער טײַך איז געוואָרן זײַערער.

שאָלעם־אַליכעם (באַגײַסטערט). זײַערער!

בראַניע. אָבער ניט גוט האָט זיך עס געענדיקט, ניט גוט. מע איז נאָר אַרויס אויפֿן טײַך, מע האָט נאָר אָנגעהויבן זינגען, איז אָנגעפֿאַלן פּאָליציי און האָט אַלעמען צעטריבן.

שאָלעם־אַליכעם. הייסט עס בײַ אײַך שוין: ניט גוט? מענטשנסקינד, וואָס האָט איר אַזוי קיין צײַט ניט מיט אײַער „ניט גוט“. זאָגט אַנדערש, זאָגט, אַז ס'איז גוט. אַ קאָל האָט זיך הײַנט געלאָזט הערן? וועט מען עס איצט שוין הערן און הערן. ניט אויפֿן וואַסער — איז אויף דער ערד. ניט אויף דער ערד — איז פֿון אונטער דער ערד. ווער האָט עס געזאָגט, אַז די וועלט שווײַגט? די וועלט שווײַגט ניט! די וועלט וויל ניט שווײַגן! (גייט צו צום פֿענצטער.) נו, פֿרעג איך אײַך: קאָן מען פֿײַנט האָבן אַזאַ וועלט?

אויף דער שוועל באַווײַזט זיך וואַרשאַווסקי מיט אַ פֿידל אין האַנט.

וואַרשאַווסקי. ניטאָ קיין קלאַוויר, וועלן מיר שפּילן אויף אַ פֿידל, אויף אַ ייִדישן פֿידל. מיר וועלן זינגען און פּראַוועון דעם געבורטסטאָג פֿון מײַן טאַטע!..

(פֿאָרהאַנג)

## דאָס דריטע בילד

אין באָיאַרקע. בײַ שאָלעם־אַליכעמען אין דער זומער־וווינונג. אַ קליין סעדל, אַרומגעצאַמט מיט שטאַכעטן. רעכטס — אַ גרויסער גאַנעק, וואָס פֿירט אין שטוב אַרײַן. אויפֿן גאַנעק — שאָלעם־אַליי־כעמס שרײַבטיש.

לינקס — אַ פֿירטקע, וואָס פֿירט אין וואַלד, צו דער באַן־סטאַנציע. בײַ דער זײַט פֿון דער פֿירטקע — אַ טויער. בײַס דער פֿאָרהאַנג הייבט זיך אויף, איז די בינע ליידיק. שאָלעם־אַלייכעם און טשערני קומען אַרויס פֿון שטוב אויפֿן גאַנעק.

שאָלעם־אַלייכעם. דאָ מעגט איר מיר זאָגן דעם גאַנצן עמעס.

טשערני (טײַט אויף דער שטוב). דאָרט האָב איך אויך קיין ליגן ניט געזאָגט.

שאָלעם־אַלייכעם. דאָרט האָט איר גערעדט פֿאַר דער מוטער. דאָ מעגט איר רעדן אָפֿן: וואָס וועט זײַן מיט די קינדער?

טשערני. אין איין וואָך אַרום וועלן אײַערע קינדער אומלויפֿן דאָ אויפֿן זאַמד.

שאָלעם־אַלייכעם (ניט גלייבנדיק). דאָקטוירים האָבן ליב צוזאָגן.

טשערני. יונגע טאַטעס האָבן ליב שרעקן זיך.

שאָלעם־אַלייכעם. די טאַטעס בין איך אײַך מוחל. וועגן די קינדער זאָגט מיר: זיי וועלן ווידער זײַן מײַנע ווי פֿריִער?

טשערני. זיכער.

שאָלעם־אַלייכעם. דאָס רעדט איר מײַסע דאָקטער. רעדט מײַסע פֿרײַנט!

טשערני. אַנדערש האָב איך מיט אײַך קיינמאָל ניט גערעדט.

שאָלעם־אַלייכעם. דאָס ווייס איך. (דריקט אים די האַנט.) טאָמער האָב איך די טעג אײַך זאַטשעפּעט מיט אַ וואָרט, מיט עפּעס כאָלילע אָנגערירט — זאָלט איר מיר מוחל זײַן. איר באַרעכנט נאָר: אין איין טאָג ווערן פֿאַרשלאָפֿט ביידע קינדער. צוויי פֿיצלעך, און ביידע ליגן אין היץ, און ביידע קוקן מיר גלײַך אין די אויגן. זיי קוקן אויף מיר, און איך אויף זיי. און אַזוי אַכט טעג און אַכט נעכט — דאָס איז עפּעס אַ קאַטאָוועס?

טשערני. אָבער דער הײַנטיקער טאָג איז דאָך שוין אַן אַנדערער, מע מעג דאָך שוין קומען צו־זיך. אָפּרוען.

שאָלעם־אַלייכעם. אָפּרוען, זאָגט איר? אָט אַזוי טאַקע אויף ציקאַוועס נעמען און אָפּ־רוען... (קוקט זיך אַרום.) דער זומער איז גרויס, דער וואַלד איז גרין. די זון גלעט און וואַרעמט ווי אַ מאַמע, אַ לופֿט, וואָס בלאָזט גלײַך פֿון גאַניידן אַרויס, און אָט אַ־דאָ אין דעם וואַלד, מיט דעם לופֿטעלע, הייסט עס, שפּאַצירט זיך אַרום שאָלעם־אַלייכעם און האָט האַנאָע פֿון דער וועלט... (צעלאַכט זיך מיט אַ הילכיקן געלעכטער.) ניין, דאָקטער, הימל און ערד האָבן געשוואָרן, אַז שאָלעם־אַלייכעם זאָל ניט רוען. מאָרגן, די זון וועט נאָר אויפֿשטיין, וועט שאָלעם־אַלייכעם שוין זײַן צוריק אין יעהופּעץ, ווידער יאָגן זיך נאָכן שטיקל ברויט, ווידער לויפֿן זוכן אַ קערבל. (נעמט טשערנין אונטערן אָרעם, פֿירט אים אַראָפּ פֿונעם גאַנעק, גייט מיט אים לענגויס די

שטאכעטן.) אָט אַזוי שרײַב איך, גייענדיק, לויפנדיק, און פּונקט דעמלט וואַקסן אויס די שענסטע בילדער, און עס לייגט זיך צונויף די בעסטע מאַכשאָווּעס, און מע קאָן זיך ניט אָפּרײַסן אַף קיין מינוט, אַף קיין רעגע דאָס אַלצדינג אַרופצונעמען אַפן פּאַפּיר — ברענען זאָל דאָס קערבל! ברענען זאָל די וועלט!

עס באַווײַזט זיך דער סטודענט שאַליטאַ, גייט פון יענער זײַט שטאַכעטן, הערט זיך אײַן.

שאַליטאַ. זי וועט ברענען, איר וועט אַליין זען, ווי זי וועט ברענען!

שאָלעם־אַליײכעם (קוקט זיך אום, דערזעט שאַליטאַן, ווענדט זיך צו טשערנין). איר הערט ווערטער? אָט דער מענטש איז בא מיר באַגלייבט! (גייט אַנטקעגן שאַליטאַן, דריקט אים די האַנט.) זאָגט איר, רעב נאָכעמטשע, אַז זי וועט ברענען, אָט די מײַסע וועלט, האַ? זי וועט ברענען, און איך וועל נאָך זויכע זײַן דאָס אָנצוקוקן מיט מײַנע אייגענע אויגן? און טאָמער איז מיר ניט באַשערט עס צו זען? טאָמער וועט מיר ניט קלעקן קיין יאָרן? (נעמט פאַר די הענט שאַליטאַן און טשערנין.) זאָגט מיר צו, שווערט מיר: ווהין דער ווינט זאָל מיך ניט פאַרטראָגן, ווו מײַן געביין זאָל ניט אַהינקומען, וועט איר מיך געפינען, איר וועט קומען צו מײַן קייווער און מיר שטיל־שטיל אַרײַנזאָגן: „שאָלעם־אַליײכעם, מיר האָבן דערלעבט בעסערע צײַטן!“ (זעצט זיך אַוועק אַן אויסגעשעפּטער אַף דער סאָד־באַנק.)

טשערני. זעט איר: געוווען מיך פאַלגן, געוווען אָפּרוען — וואָלט אײַך ניט אײַנגעפאַלן איצט טראַכטן וועגן טויט.

שאָלעם־אַליײכעם. פון טראַכטן וועגן טויט ביז גרייטן זיך צום טויט איז נאָך גענוג ווײַט. איך וועל אײַך אײַנרוימען א סאָד, דאָקטער. ניט איין יעהופּעצער גוויר וועט נאָך זײַן די קאַפּאָרע פריִער, איידער שאָלעם־אַליײכעם וועט אָנהייבן זיך געזעגענען מיט דער וועלט. און איצט (לייגט אַרוף די האַנט אַף שאַליטאַס אַקסל) צום טיש, צו דער אַרבעט.

טשערני (נעמט אַראָפּ שאָלעם־אַליײכעמס האַנט פון שאַליטאַס אַקסל). קיין שום טיש און קיין שום אַרבעט! רוען דאַרפט איר, רוען!

שאָלעם־אַליײכעם. דאָקטער, איר האָט א טאָעס געהאַט, אײַערע פּאַציִענטן זײַנען דאָרט (טײַט אַף דער שטוב.)

טשערני. מײַנע פּאַציִענטן זײַנען אי דאָרטן, אי דאָ (טײַט אַף שאָלעם־אַליײכעמען.)

שאָלעם־אַליײכעם. איך זאָג אײַך: דאָרטן!

אַרום די שטאַכעטן באַווײַזט זיך זאַלאָטושקין.

טשערני. און איך זאָג: דאָ.

שאַליטאַ (קוקט אַפן וועג אַרויס). וואָס לויפט עס אַהער דער ייִד פון פּאָדאָל, זאַלאָטושקין?

שאָלעם־אַליײכעם (לאָזט זיך גיין אַנטקעגן). וואָס איז מיט אײַך, זאַלאָטושקין?

זאַלאָטושקין (לויפט אַרײַן אין סעדל, דריקט שאָלעם־אַליײכעמען די האַנט). אײַ, גוט! אײַ, גוט! וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, ווי גוט דאָס איז!

שאָלעם־אַליײכעם. וואָס איז אײַך פּלוצעם באַפאַלן אַזאַ גוטסקייַט! (צו טשערנין.) דאָס ערשטע מאָל הער איך, אַז א ייִד אַן אײַנבינדער זאָל זאָגן: ס'איז אים גוט! (פירט אַלעמען צום גאַנעק, צום שרײַבטיש.)

זאַלאָטושקין. דערלעבט זיך א שטיקל נאַכעס אַף דער וועלט. אוי, נאַכעס! אוי, נאַכעס!

שאָלעם־אַליײכעם. רעדט ווערטער. פונוואַנען קומט איר?

זאַלאָטושקין. וואָס הייסט פונוואַנען? פון שטאָט לויף איך. א האַלבע שטאָט קלײַבט זיך הײַנט לויפן צו אײַך. די שטאָט גייט כאָדאָראָם, די שטאָט וויגט זיך.

שאָלעם־אַליײכעם (צו טשערנין). הערט א מײַסע.

זאַלאָטושקין. די מײַסע איז א שיינע מײַסע. איר זיצט דאָ, און דאָרט קלינגט מיט אײַך די וועלט.

שאָלעם־אַליײכעם. וואָס זשע איז דאָרט פאַר אַזאַ קלינגערײַ?

זאַלאָטושקין. זיי ווייסן שוין, וואָס זיי האָבן צו קלינגען. ס'איז אַרויס א קלאַנג, אַז שאָלעם־אַליײכעם האָט געמאַכט א נײַ ביכל „יאַקנעהאָז“.

שאָלעם־אַליײכעם. איז דאָך נאָך דאָס ביכל ניט אַרויס.

זאַלאָטושקין. נו, איז וואָס? מיינט איר, מע ווייסט ניט, וואָס אין ביכל שטייט. מע ווייסט שוין: שאָלעם־אַליײכעם האָט זיך גענומען צו די יעהופּעצער נעגידים און האָט געמאַכט פון זיי אַשפּע... וואָס ווייסט איר, וואָס בא די בערזע־שפּילער טוט זיך! די גאַס לאָזן זיי ניט דורכגיין! אַף דער בערזע איז אַן ערדטרעטעניש. אוי, בענטשן זיי אײַך! סע זאָל נאָר פאַלן אַף זיי, וואָס זיי ווינטשן אײַך! און אַלע אין איין קאָל: „ווו נעמט מען אָט דאָס ביכל? ווו נעמט מען

אַט דאָס „יאַקנעהאָז״?״ וויבאַלד אַזוי, טראַכט איך מיר, בין איך דאָך בילכער. עפּעס איז עס דאָך מיין שאָלעם־אַלייכעם, וועט ער באַהאַלטן פון מיר זיין „יאַקנעהאָז״? ווייזט עס מיר, לאָמיר כאָטש זען, וואָס פאַר אַ פּאָנעם דאָס האָט!

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. מענטשנסקינד! וואָס רעדט איר צום שרייבער, רעדט צום איבער־שרייבער — ער איז באַלעבאָס!

ש אַ ל י ט אַ (נעמט אַרויס אַ מאַנוסקריפּט). אַט האָט איר עס פאַר אייערע אויגן.

ז אַ ל אָ ט ו ש ק י ן (באַטראַכט דעם מאַנוסקריפּט). אַט דאָס איז עס? וואָס זשע גייט עס באַ אייך אום נאַקעט? לאָזט מיך, לאָמיר אָף דעם כאָטש אַ העמדעלע אָנטאָן, כאָטש אַ טאָוועלע אַרופּ־טאָן אָף דעם! באַלד טאַקע נעם איך זיך צו דער אַרבעט, באַלד!.. (נעמט אַרויס דאָס געצייג, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך.)

ש אַ ל י ט אַ (קוקט אָף שאָלעם־אַלייכעמען). באַלד?

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. אים וועט איר ניט איבעררײדן, ס'איז אַ הייסער ייִד. פירט אים שוין אין שטוב אַריין, פירט אים...

ש אַ ל י ט אַ און ז אַ ל אָ ט ו ש ק י ן גייען אַריין אין שטוב. ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם און ט ש ע ר נ י שפּאַנען איבערן סעדל.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. געפעלט אייך דער גרוס? די יעהופּעצער נעגידים האָבן זיך דאָך צעפּאַלאַכעט גאָר אָף אָן עמעס. זיי בילן ווי די קלויסטער־הינט אין אַ פינצטערער נאַכט... (לאַכט מיט אַ הילכיקן געלעכטער.)

ט ש ע ר נ י. אַז זיי בילן, איז אַ סימען, אַז זיי קענען אַמאָל באַפאַלן אויך.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. וואָס זשע איז די אייצע, דאָקטער? (אונטערגעשטראָכן־איראָניש.) עפּעס זייט איר דאָך אַ מענטש, וואָס דאַרף געבן דער וועלט אייצעס...

אין סעדל קומט אַריין ב ר אָ נ י ע.

ב ר אָ נ י ע. קוים געפונען אייך. איר האָט זיך פאַרוקט אַזוי טיף אין וואַלד אַריין. איך גיי און גיי. פּלוצעם הער איך: מע לאַכט. „אָט אָ־דאָ מוז עס זיין״, — טראַכט איך מיר. איך גיי צו — יאָ. דאָס זייט איר.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם (מיט פאַרביטערונג). ס'איז באַ אונדז פריילעך — לאַכט זיך. (קוקט מיט אַנציקונג אָף בראָניען.) איך זאָג מיר מיינס: שיינע טאַטעס האָבן שיינע טעכטער. (צו טשער־ניין.) און הענט האָט עס! און שפּילן שפּילט עס!

ב ר אָ נ י ע. ווען איר זאָלט וויסן, מיט וואָס איך בין געקומען צו אייך, וואָלט איר מיך ווייניקער געלויבט.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. סטראַשעט ניט, מיר קאָנען זיך נאָך כאָלילע איבערשרעקן.

ב ר אָ נ י ע. איך שרעק זיך טאַקע פאַר זיי, יעדן טאָג זע איך זיי, און יעדן טאָג שרעק איך זיך פאַר זיי.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. פאַר וועמען איז עס די שרעק, לאָמיך וויסן?

ב ר אָ נ י ע. איר ווייסט דאָך: אַ לערערן בין איך, איך קום אַריין אין די רייכע הייזער און לערן קינדער מוזיק. היינט איז געווען פינקוסעס טאָג. דער ערגסטער טאָג איז באַ מיר שטענדיק פינקוסעס טאָג.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. איך פאַרשטיי: ניט אַזוי דעם פינקוס, ווי די פינקוסיכע.

ב ר אָ נ י ע. יאָ, יאָ. איך קום צו זיי אין שטוב, וואַרפט זיך אָף מיר אַרויף די פינקוסיכע, זי האַלדזט מיך, זי קושט מיך, זי באַזעצט מיך באַם טיש, נאָר וואָס זיי טראַכטן אָף אָן עמעס — ווייס איך קיינמאָל ניט. היינט האָב איך זיך פּלוצעם דערוווסט.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. אַזוי ווייל איז אייך.

ב ר אָ נ י ע. וואָס רעדט איר! ס'איז שרעקלעך, שרעקלעך, וואָס זיי טראָגן אין האַרצן. זיי האָבן דערהערט, איר האָט אָנגעשריבן אַ נייַעם בוך „יאַקנעהאָז״.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. ווייסן זיי שוין אויך, אַז ס'איז דאָ אַ „יאַקנעהאָז״ אָף דער וועלט?

ב ר אָ נ י ע. זיי זאָגן, עס וועט ניט זיין קיין „יאַקנעהאָז״ אָף דער וועלט.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. סיידן א י ך וועל ניט זיין אָף דער וועלט.

ב ר אָ נ י ע. זאָגן זיי טאַקע... (האַקט אָפּ.)

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. וואָס זאָגן זיי?

ב ר אָ נ י ע. ניין, ניין, דאָס איז שרעקלעך. איך קאָן עס ניט זאָגן.

אָפן גאַנעק באַווייזט זיך ש אַ ל י ט אַ, בלייבט שטיין, הערט זיך איין.

ש אָ ל ע ם־אַ ל ײ כ ע ם. אַז איר קאָנט עס ניט זאָגן — וועלן זיי עס קאָנען טאָן.

בראַניע. איך וועל זאָגן. איך וועל אַלצדינג אײַך זאָגן. (כאַפּט איבער דעם אָטעם.) זיי האָבן הײַנט אופגענומען געסט, די פּינקוסעס. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט באַם טיש מיט זייערע געסט, און די גאַנצע צײַט האָבן זיי דערמאָנט אײַער נאָמען. איך האָב ניט געקאָנט אײַנזיצן, האָב איך זיך אופגעהויבן פון טיש און געגנומען אוועקגיין. הער איך: זיי טרינקען לעכאַים און ווינטשן צו איינער דעם אַנדערן: מע זאָל דערלעבן הערן, ווי שאָלעם־אַלייכעמס קינדער זאָגן קאַדעש נאָך זייער טאַטן...

טשערני. אַ, ניט דערלעבן וועלן זיי!..

שאָלעם־אַלייכעם. שטילער, דאָקטער, שטילער. (צו בראַניען.) וואָס איז געווען ווײַטער?

בראַניע. ווײַטער?.. איך האָב ניט אויסגעהאַלטן. איך בין אַנטלאָפן. אָט אַהער, גלײַך אַהער בין איך געלאָפן...

שאָלעם־אַלייכעם. ריינע נעשאָמע, ווי קומט איר אַהין, אין יענעם געמויזעכץ אַרײַן!

בראַניע. איר טראַכט וועגן מיר — וועגן זיך דאַרפט איר איצט טראַכטן.

טשערני. איך מיין אויך אַזוי. צײַט, איר זאָלט אַ טראַכט טאָן וועגן זיך.

שאָלעם־אַלייכעם. וואָס האָט זיך געטראָפן? באַשער די יעהופּעצער נעגידים קוקן אויף מיר מיט געלע אויגן פון סינע, זיי ברענען פון קאַס. פאַרגין איך זיי עס פון גאַנצן האַרצן. זיי וועלן אַזוי לאַנג ברענען, ביז זיי וועלן אימירצעשעם אינגאַנצן פאַרברענט ווערן. (לאַכט.)

טשערני. אַבי איר לאַכט — איז שוין גוט.

שאָלעם־אַלייכעם. טאַקע?

טשערני. איך וועל אײַך דערמאָנען אײַערס אַ ווערטל: אַז מע לאַכט מער — האָט מען ווייניקער מוירע...

שאָלעם־אַלייכעם (צעלאַכט זיך נאָך מער). און איר, הייסט עס, האָט מוירע, אַז שאָלעם־אַלייכעם זאָל כאַלילע ניט אַרײַנפאַלן אין דער מוירע? (דערזעט, ווי פון שטוב גייט אַרויס אָלגע. לייגט צו אַ פינגער צום מויל.) קיין וואָרט ניט! (גייט איר אַנטקעגן.) וואָס איז, אָלגע? עפּעס ניט גוט מיט די קינדער? מע דאַרף ווידער דעם דאָקטער?

אָלגע (צו טשערנין). עפּעס געפעלן זיי מיר ווידער ניט.

טשערני. איך גיי שוין, איך גיי. (גייט אוועק מיט אָלגען.)

שאָלעם־אַלייכעם (צו בראַניען). האָט מיר קיין פאַריבל ניט, וואָס איך וועל אויך אוועק אַהין. מײַנע קינדער זײַנען קראַנק. אָבער איך קום טייקעף צוריק. (גייט אַרײַן אין שטוב.)

בראַניע בלײַבט אַליין, מאַכט עטלעכע טריט אין סעדל, שטויסט זיך אָן אָף שאַליטאַן, וואָס גייט איר אַנטקעגן.

בראַניע (איבעראַשט). איר זײַט דאָ? איך האָב ניט געוווּסט, אַז איך וועל אײַך דאָ טרעפן.

שאַליטאַ. איך בין אַרויס פון שטוב, זע איך, ווי איר שטייט און רעדט. איר האָט אַזוי געפלאַטערט! איר פלאַטערט נאָך איצט. נו, בראַניע, מע דאַרף דאָך נעמען זיך אין די הענט! (דריקט איר די האַנט.) איך ווייס: ניט קיין פריילעכע יעדיִע האָט איר געבראַכט. אָבער איר האָט זי געבראַכט פונקט צו דער צײַט. גוט האָט איר געטאָן, בראַניע, זייער גוט.

בראַניע. און איך ווייס, אַז ניט גוט, זייער ניט גוט.

שאַליטאַ. פאַרוואָס האָט איר ליב אויסטראַכטן אָף זיך שלעכטס, בראַניע?

בראַניע. איך טראַכט דען אויס? אַזוי איז עס געווען: איך בין געזעסן באַ די פּינקוסעס אין שטוב, איך האָב אַלעס געהערט און האָב געשוויגן. וואָס זיי האָבן גערעדט, וואָס זיי האָבן גערעדט! ווען זיי וואָלטן קאָנען — וואָלטן זיי אָפּגעמעקט שאָלעם־אַלייכעמען פון דער וועלט.

שאַליטאַ. ווען זיי וואָלטן נאָר קאָנען...

בראַניע. פאַרוואָס זאָלן זיי ניט קאָנען? עמעצער וועט זיי דען זאָגן אַ וואָרט? אָט בין איך דאָך געזעסן און האָב געשוויגן. איך פרעג באַ זיך: פאַרוואָס האָב איך געשוויגן? מאָרגן וועלן זיי וועלן אומברענגען אײַך!

שאַליטאַ (שמייכלט). פאַרוואָס זאָלן זיי וועלן אומברענגען מיך? איך טו דען עפּעס?

בראַניע. רעדט מיט מיר ניט אַזוי! איך ווייס: איר טוט, אַ סאַך טוט איר, נאָר איר באַהאַלט עס פון מיר. פאַרוואָס לאָזט איר מיך איבער דאָרטן אַליין? איך וויל זײַן צווישן אַנדערע. איך וויל זײַן אַן אַנדערע. זאָגט מיר, זאָגט איר מיר, אַז איך קאָן זײַן אַן אַנדערע!

שאַליטאַ. און אַז איך וועל אײַך זאָגן — וועט איר גלייבן?

בראַניע. אײַך וועל איך גלייבן. מיר דאַכט, אַז איך הייב שוין אָן גלייבן. אָט דאָ, אָט איצט.

שאַליטאַ. און איך האָב שוין לאַנג געגלייבט.

בראַניע. און מיר האָט איר גאָרנישט ניט געזאָגט.

שאַליטאַ. זאָג איך איצט.

פון שטוב גייט ארויס טשערני, נאָך אים שאָלעם־אַלייכעם.

טשערני. אומזיסטע שרעק, מער ניט ווי אומזיסטע שרעק. אוי, אַט די יונגע מאַמעס!

שאָלעם־אַלייכעם. שוין, ס'געפֿעלן אים שוין ניט די יונגע מאַמעס. (צו בראָניען.) אונדזער יונגע מאַמע האָט דערהערט, אַז איר זײַט דאָ, בעט זי, איר זאָלט באַלד אַרײַנקומען. (נעמט זי אונטער דער האַנט, פֿירט זי צו דער שטוב.) כאַטש אויף איין רעגעלע.

אין סעדל באַווײַזט זיך פֿויגלמאַן.

פֿויגלמאַן. שאָלעם־אַלייכעם, מאַסיע שאָלעם־אַלייכעם!

שאָלעם־אַלייכעם (לאָזט איבער בראָניען, וואָס גייט אַליין אַרײַן אין שטוב). אַלייכעם־שאָלעם, מאַסיע פֿויגלמאַן!

פֿויגלמאַן (ברויגעזלעך). ס'אַ גליק, וואָס איר האָט מיך כאַטש דערקענט.

שאָלעם־אַלייכעם. פֿאַרוואָס זאָל איך אײַך ניט דערקענען?

פֿויגלמאַן. מאַלע וואָס סע טרעפֿט זיך.

שאָלעם־אַלייכעם. לעמאַשל, וואָס האָט זיך געטראָפֿן?

פֿויגלמאַן (קוקט מיט אַ לאַנגן, דורכדרינגלעכן בליק). פֿע, מאַסיע שאָלעם־אַלייכעם, פֿע! כ'לעבן, פֿע! טאַקע וואָס פֿע הייסט!

שאָלעם־אַלייכעם. וואָס זשע הייסט „וואָס פֿע הייסט"?

פֿויגלמאַן. דאָס הייסט, ס'איז הײַנט געוואָרן אַ וועלט מיט שקאָצים און עס קריכט זיי אין קאָפּ אַרײַן — דער שוואַרצער יאָר ווייסט וואָס: מישן זיך אין יענעמס געשעפֿטן און באַשרײַבן דעם גוויר.

שאָלעם־אַלייכעם. אַז איר זײַט אַ גוויר און גאָט האָט אײַך געשטראָפֿט מיט גראָבע טויזנטער, — דאָס ווייס איך, נאָר אַז עמעצער האָט אײַך באַשריבן — דאָס הער איך ערשט.

פֿויגלמאַן. און אַז איך מאַך כאַסענע אַ טאָכטער — ווערט איר זאָגן — האָט איר אויך ניט געהערט? הײַנט וואָס האָט איר געדאַרפֿט אַרײַנקריכן אינמיטן און מאַכן אויס שידעך? פֿע, מאַסיע שאָלעם־אַלייכעם, פֿע!

שאָלעם־אַלייכעם (גייט צו, טוט אַ טאַפּ באַ פֿויגלמאַנען דעם שטערן). דאָקטער!

פֿויגלמאַן. וואָס דאַרפֿט איר דאָקטוירים? איך בין מיר אַליין אַ דאָקטער. איך ווייס, וואָס מיר טוט וויי!

שאָלעם־אַלייכעם. טאָ לאָמיר אויך וויסן.

פֿויגלמאַן. אַז איר וועט האָרכן — וועט איר וויסן. דעם מעכוטן מײַנעם — מאַסיע טויגלמאַן — קענט איר? הײַנט אינדערפֿרי — איך עפֿן נאָר די אויגן — ער איז דאָ. „אַ גוט־מאָרגן!" — „אַ גוט־יאָר!" — „נו?" — פֿרעגט ער מיך. „וואָס נו?" — פֿרעג איך אים. „גאָרניט, זאָגט ער, איך מיין עס גלאַט אַזוי". — „איך ווייס ניט, זאָג איך, וואָס מיינט איר אַזוי פֿרי מיטן גלאַט אַזוי". — „איך מיין, זאָגט ער, מיקויעך יענער מײַסע". — „וואָסער יענע מײַסע?" — פֿרעג איך. „מיקויעכן ביכל", — זאָגט ער. „וואָס פֿאַר אַ ביכל?" — פֿרעג איך. „קוק אים נאָר אָן אַ ביסל, זאָגט ער, ער ווייסט נעבעך ניט, וואָס איך מיין". — „זאָגט מיר מיט אַ מויל, זאָג איך, וועל איך וויסן". — „איך מיין, זאָגט ער, שאָלעם־אַלייכעמס ביכל". — „אָ!", — זאָג איך. — „וואָס אָ?" — פֿרעגט ער. „איר מיינט, זאָג איך, דאָס ביכל, ווו מע האָט אײַך באַשריבן?" — „מיך? — זאָגט ער, — אײַך האָט מען באַשריבן". — „איר האָט אַ טאָעס, מעכוטן", — זאָג איך. „דאָס האָט איר אַ טאָעס, מעכוטן", — זאָגט ער. ווער איך שוין אין קאַס און שרײַ: „דאָס מיינט מען אײַך, מאַסיע טויגלמאַן!" ווערט ער אין קאַס און שרײַט: „דאָס מיינט מען אײַך, מאַסיע פֿויגלמאַן!" שרײַ איך: „דאָס זײַט איר אומגעגאַנגען אין באַרדיטשעוו בײַגל צו פֿאַרקויפֿן!" שרײַט ער: „דאָס האָט איר פֿאַרקויפֿט אין באַרדיטשעוו אָפּן מאַרק קישקעלעך אָפּן אַרשין!" שרײַ איך: „דער שידעך וועט ווערן אויס שידעך, מאַסיע טויגלמאַן". שרײַט ער: „דער שידעך איז שוין אויס שידעך, מאַסיע פֿויגלמאַן!"

שאָלעם־אַלייכעם (כאַפּט אים אונטער, פֿירט אים צו דער פֿירטקע). די מינוט זאָלט איר מיר גיין איבערבעטן אײַער מעכוטן! אָבער די מינוט, איר הערט! לויפֿט צו אים און זאָגט אים: כאַטאָסי! איך גיי ערשט פֿון שאָלעם־אַלייכעמען, זע איך ארויס, אַז איך האָב אַ טאָעס געהאַט: ניט אײַך מיינט ער און ניט מיך מיינט ער — די וואַנט מיינט ער. (שטופּט פֿויגלמאַנען צו דער טיר.) און מיקויעכן שידעך זאָלט איר אים אויך זאָגן אין מײַן נאָמען: דער שידעך בלײַבט אַ שידעך!

פֿויגלמאַן (שוין באַם סאַמע אַרויסגאַנג). און דאָס ביכל?

שאָלעם־אַלייכעם (שטופּט אים אַרויס). דאָס ביכל בלײַבט אַ ביכל!

פויגלמאַן פאַרשווינדט. טשערני, שאַליטאַ און זאַלאַטושקין קײַכן פאַר געלעכטער. פון וואַלד הערט זיך אַ שטים, וואָס רופט אויס: „מילכיקס... מילכיקס... מילכיקס...״ ס׳באַווײַזט זיך אַ פערד־און־וועגעלע, פאַרויס גייט טעוויע, פירט דאָס פערד פאַר דער צוים. שאָלעם־אַליכעם שפּירט נאָך מיט פאַרגאַפּטע אויגן נאָך טעוויעס טריט.

טעוויע דער מילכיקער. אַך, טי, ריבוינע־שעל־אוילעם, גאַטעניו נאַש! וואָס האָסטו זיך עפּעס צוגעטשעפּעט צו טעוויען גראַד? פאַרוואָס זאָלסטו ניט אַ שפּיל טאָן זיך מיט די יעהופּעצער נעגידים?

שאָלעם־אַליכעם (עפנט דעם טויער). מע וועט מיט זיי נאָך אַ שפּיל טאָן. מע וועט אַזוי אַ שפּיל טאָן, אַז זיי וועלן שפּילן מיט דער נעשאָמע! פאָרט אַרײַן, רעב טעוויע!

(פאָרהאַנג)

## צווייטער אַקט

### דאָס פאַרטע בילד

באַ וואַרשאַווסקין אין שטוב. דער זעלבער צימער, וואָס אין ערשטן אַקט. אָוונט־צײַט. טעלע שטייט אינמיטן צימער, לערנט זיך שפּילן אַפן פידל. שפּילט זייער האַסטיק. ס׳קומט אַרײַן ראַכיל.

ראַכיל. ניט געקאַכט זיך, ניט געקאַכט זיך. וואַרף ניט מיט דער האַנט. (דער פידל גיט פּלוצעם אַ גרילץ, טעטעלע טוט אים אַ שמיץ אַפּן בעט.) וואָס איז דאָס? דו ביסט אַראָפּ פונעם טאָן — און דער פידל איז שולדיק? מער וועט דער פידל אין דײַנע הענט ניט קומען. אויס! (באַטראַכט דעם פידל.) ס׳אַ כידעש, וואָס ער איז גאַנץ געבליבן. (הייבט אים אָן וויקלען אין דעם לײַוונטענעם העמדל.) געגעבעט זיך באַ דיר: וואַרט צו, אָט באַלד וועט דער טאַטע קומען פון פּאַדאָל, וועט ער דיר אָנשטעלן דעם פידל. מעג מען, דאַכט זיך, צוּוואַרטן אַ ביסל...

טעלע. אַ ביסל האָב איך שוין געוואַרט. (ס׳הערט זיך, ווי דער זייגער שלאָגט. טעטעלע ציילט פריִער פאַר זיך, דערנאָך אַף אַ קאָל.) זיבן, אַכט, נײַן. דער טאַטע איז שוין אַף פּאַדאָל. דער טאַטע זינגט שוין. אַלע זיצן און הערן, און דער טאַטע שטייט און זינגט. מאַמע, דו הערסט, ווי דער טאַטע זינגט? און איך הער.

ראַכיל. וואָס נאָך ווּעסטו זאָגן?

טעלע. אַז איך זאָג דיר, איך הער. די ליד פונעם טרובאַטש זינגט ער. (הייבט אָן שטילערהייט זינגען.)

איך וועל אײַך דערציילן אַקוראַט
און מיט גרויס אַכאַטע,
ווי איך בין געווען אַ סאָלדאַט
אין דער ערשטער ראָטע.
טראַם־טראַם — אַ סאָלדאַט
בין איך געווען מיט ביינער,
מע האָט מיך געמאַכט פאַר אַ טרובאַטש,
האָב איך געטרובעט ווי קיינער.
טראַ־טאַ־ראַ־ראַ! טראַ־טאַ־ראַ־ראַ!
האָב איך געטרובעט ווי קיינער!

בייס טעטעלע זינגט, עפנט זיך די דרויסן־טיר און ס׳קומען אַרײַן פּינקוס מיט זײַן ווײַב. זיי הערן זיך אַ ווײַלע צו, ביז טעטעלע באַמערקט זיי און הערט אויף זינגען.

מאַדאַם פּינקוס. זינג, זינג, נעשאָמעלע מײַנס, זינג! וואָס האָסטו זיך איבערגעשראָקן? די פּינקוסעס זײַנען דאָ ניט קיין פרעמדע. די פּינקוסעס זײַנען דאָ אייגענע, מער ווי אייגענע. (צו ראַכילן.) געגאַנגען פאַרבײַ, זאָג איך צו אים: „מאָסיי, לאָמיר אַרײַנגייך צו די וואַרשאַווסקיס?״ זאָגט ער: „וואָס עפּעס פּלוצעם מיטנדרינען?״ זאָג איך: „אַ שיינער מיטנדרינען — האָסט עפּעס אַ סאַך אַזעלכע וואַרשאַווסקיס אַף דער וועלט?..״

ראַכיל. אַ דאַנק אײַך פאַר אײַערע גוטע רייד. אַ גוט וואָרט איז שטענדיק אָנגעלייגט.

מאַדאַם פּינקוס. וואָס רעדט איר, ראַכילעטשקע, וואָס רעדט איר? נאָר אַ גוט וואָרט זײַט איר באַ מיר ווערט? און די נעשאָמע אָוועקגעבן פאַר אײַך בין איך ניט גרייט! איך האָב שוין אַזאַ נאַטור — איך, אַז איך ווער צוגעבונדן צו אַ מענטשן — פרעגט שוין גאָרניט. איך האָב

נאָר דערזען אײַער בראָניע, די לערערן מײַנע, בין איך צוגעזאָטן געוואָרן. איר ווייסט דען, וואָס פאַר א טאָכטער איר האָט! אירע קענטעניש, איר איידלקייַט, איר הארץ!

ראכיל. איר פאַרלויבט מיר גאָר מײַן טאָכטער.

מאדאם פינקוס. וואָס רעדט איר, ראכילעטשקע, וואָס רעדט איר! נאָר לויבן זי — אָף די הענט טראָגן זי דאַרף מען. איך פרעג זיך אַלץ נאָך בא אים: „מאָסיי, זאָג איך, גיב מיר צו פאַרשטיין, פונוואַנען נעמט זיך, וואָס אונדזער לערערן איז אזא איידל קינד?" — „וואָס הייסט, זאָגט ער, דו ווייסט ניט: אַן איידל קינד נעמט זיך פון אַן איידעלער שטוב". — „זאָג זשע מיר, בעט איך זיך בא אים, וואָס איז דאָס פאַר א שטוב?" — „וואָס הייסט, זאָגט ער, ס'איז שוין איינמאָל א שטוב. דער טאַטע שרײַבט אין די ביכלעך, אַלע מענטשן, וואָס גייען אַרײַן אין דער שטוב, שרײַבן אין די ביכלעך. פאַראַן, זאָגט ער, איינער א שאָלעם־אַלייכעם, טאָגט ער און נעכטיקט בא וואַרשאַווסקין אין שטוב".

ראכיל. ווער האָט עס אויסגעטראַכט? (לאַכט.)

מאדאם פינקוס. וואָס זשע, איר זעט אים גאָר קיינמאָל ניט, אָט דעם שאָלעם־אַלייכעמען?

ראכיל. זען זע איך אים אַמאָל. ער איז מײַן מאַנס א פרײַנט.

מאדאם פינקוס. דו הערסט, מאָסיי?

פינקוס. איך הער.

מאדאם פינקוס. ווו זשע זײַנען זיי, די פרײַנט? עפּעס זעט מען זיי דאָ ניט.

ראכיל. הײַנט ווערט איר זיי דאָ ניט זען. הײַנט זײַנען זיי אָף פּאָדאָל.

מאדאם פינקוס. דו הערסט, מאָסיי?

פינקוס. איך הער.

מאדאם פינקוס. וואָס זשע טוען זיי דאָרטן אָף פּאָדאָל?

ראכיל. זיי קומען זיך דאָרט צונויף מיטן אָרעמען אוילעם. מײַן מאַן זינגט, שאָלעם־אַלייכעם לייענט א נײַע זאַך.

מאדאם פינקוס. מאָסיי, דו הערסט: ער לייענט די נײַע זאַך!

פינקוס. איך הער. פאַרוואָס זאָל איך ניט הערן.

מאדאם פינקוס. אבי דו הערסט. און ווען וועסטו ריידן?

פינקוס. סע וועט קומען די צײַט — וועט מען ריידן. (הוסט זיך אָפּ, ווענדט זיך צו ראַכילן.) די מײַסע דערפון איז אזא מײַסע. איר קענט מיך ניט. איך בין פינקוס. איך פאַל בא זיך ניט אראָפּ, אז מע רעדט אָף מיר לאָשנהאָרע, איך האָב ניט מוירע פאַר קיין יִדישע מײַלער, איך שרעק זיך ניט איבער פאַר קיין באריידעכץ, איך ציטער ניט פאַר קיין באשרײַבעכץ אויך. בלאָטע, פינקוסן נעמט מען ניט מיט אזעלכע זאַכן!

ראכיל. אקעגן וואָס זאָגט איר מיר אזעלכעס?

מאדאם פינקוס. וואָס רעדט איר, ראכילעטשקע, וואָס רעדט איר! איר ווייסט דען, וואָס אָט דער שאָלעם־אַלייכעם האָט געטאָן? האָט גענומען און האָט באשריבן מײַן מאַן. נו, איך פרעג אײַך, ראכילעטשקע, קאָן מען לעבן אָף דער וועלט? מע נעמט מײַן מאָסייען און מע באשרײַבט אים! הא?

ראכיל. עפּשער האָט זיך עס נאָר עמעצן אויסגעוויזן?

מאדאם פינקוס. עמעצן — זאָגט איר? אז א גאַנצע שטאָט רעדט — הייסט בא אײַך „עמעצער". און איר, ראכילעטשקע, שווײַגט, הא? מע זאַטשעפּעט די פינקוסעס, אײַערע פינקוסעס, און איר שווײַגט?..

פינקוס. מײַנע ווערטער. קיין זאַך, זאָג איך, אַרט מיך ניט. די שטאָט טומלט — בלאָטע! בייזע ציינגער פּלעשטשען — בלאָטע! נאָר דאָס, זאָג איך, וויל איך וויסן: ווו זײַנען געווען דערבײַ די וואַרשאַווסקיס? מײַנע וואַרשאַווסקיס, פרעג איך, ווו זײַנען געווען דערבײַ?

ראכיל. וואָס האָבן דאָ געקאָנט טאָן די וואַרשאַווסקיס?

פינקוס. איר ווייסט ניט — פרעגט מען בא אנדערע.

ראכיל. וואָס זשע פּאַרט? איך הייב ניט אָן צו וויסן.

פינקוס. דאָס ווייסט איר ניט. אָבער איך ווייס. (נעמט ארויס פון בוזעם־טאַש א פּאַרמאַכטן קאָנווערט.) איר האָט זיך א גוטנפרײַנט, וואָס שרײַבט אין די ביכלעך — מעכעטייסע, פאַרוואָס ניט? אײַער גוטנפרײַנט גייט עס ניט אמבעסטן, ער איז נעבעך זייער געענגט — פּאַרוואָס זאָל מען אים ניט העלפן — מעכעטייסע, פאַרוואָס ניט?

ראכיל. ווילט איר העלפן שאָלעם־אַלייכעמען?

פינקוס. און אז איך, איז וואָס? וואָס מיינט איר טאַקע: געהאַנדלט־געוואַנדלט — אָט דאָס איז דער גאַנצער פינקוס? איר קענט מיך ניט. און ער, אײַער גוטערפרײַנט, קען מיך אויך ניט.

זאָגט אים, אַז ער האָט א טאָעס געהאַט אין פּינקוסן. אָבער א גרויסן טאָעס. א טאָעס אָרום און אָרום. און נאָך זאָלט איר אים זאָגן: א טאָעס דארף מען פארריכטן. אַט אַזוי טאַקע זאָלט איר אים זאָגן: א טאָעס, פּאַני שאָלעם־אַליכעם, דארף מען פאַריכטן.

ר א כ י ל (רײַסט זיך אויף פון איר אָרט). וואָס הייסט בא אײַך: פאַריכטן?

פ י נ ק ו ס. דאָס פרעגט איר — ער וועט ניט פרעגן. ער וועט פארשטיין אַפן ווונק. איר זײַט זיך נאָר מאַטריען און גיט עס אים איבער... (לייגט אַוועק דעם קאָנווערט אַפן טיש.)

ר א כ י ל. שאָלעם־אַליכעם, מיינט איר, וועט בא אײַך נעמען געלט? און איך זאָל עס אים איבערגעבן? איך? נייִן, נייִן, נעמט עס צו פון מײַנע אויגן. נעמט עס צו... (גיט אים א וואָרף דעם קאָנווערט.)

פ י נ ק ו ס. געזונט זאָלט איר מיר זײַן... איר קענט דאָך גאָרניט פינקוסן, הייסט עס. פינקוסן וואַרפט מען געלט צוריק? פינקוס, אַז ער גיט — נעמט מען. שאָלעם־אַליכעם, זאָגט איר, וועט ניט נעמען — טאָ נעמט איר...

ר א כ י ל. איר זײַט געקומען אהער מוטשען מיך?!..

מ א ד א ם  פ י נ ק ו ס. וואָס רעדט איר, ראַכילעטשקע, וואָס רעדט איר? מוטשען? כאַלילע. ווען קומט עס אַפן זינען? אַדרעבע, מיט גוטן, נאָר מיט גוטן, ווי א מוטער צו א מוטער וויל איך מיט אײַך ריידן.

ר א כ י ל (אויסער זיך). קיין איין מינוט וויל איך מיט אײַך ניט ריידן. אונטער איין דאַך וויל איך מיט אײַך ניט שטיין!

מ א ד א ם  פ י נ ק ו ס. וואָסי, וואָס רעד איך דען אַזוינס? איר האָט א טאָכטער, ראַכילעטשקע, איר דאַרפט כאַסענע מאַכן א טאָכטער. (שטופּט איר דאָס געלט אין האַנט.) נאָר איין וואָרט דאַרפט איר דאָך אים זאָגן... נאָר איין וואָרט...

ע ט ע ל ע (באַמערקט, ווי בא דער מוטער בייגן זיך אונטער די קני). וואָס איז דיר, מאַמע?

ר א כ י ל (שפּאַרט זיך אָן אַף עטעלעס אַקסל, גייט מיט געבראָכענע טריט צו דער דרויסן־טיר, טוט זי ברייט אָן עפן. וויל עפּעס זאָגן, נאָר די פאַרכאַלעשטע ליפּן באַוועגן זיך קוים). גייט!..

מ א ד א ם  פ י נ ק ו ס (שרײַט אויס). מאַסיי!!..

ע ט ע ל ע. וואָס שרײַט איר אַזוי? די מאַמע שרײַט דאָך אַף אײַך ניט. די מאַמע זאָגט אײַך נאָר: גייט! (כאַזערט איבער דער מוטערס זשעסט.)

פ י נ ק ו ס. קוק נאָר אָן, ווי סע האָט געעפנט א מויל! האָט צײַט, מע וועט אײַך פאַרמאַכן דאָס מויל! מע וועט עס פאַרמאַכן! (פּינקוס און זײַן ווײַב גייען אַוועק.)

ר א כ י ל (פאַלט צו צו עטעלעס אַקסל). קינד, מײַן קינד!.. (ביידע גייען אַרויס אין צווייטן צימער).

א ווײַלע די בינע ליידיק. עס קומען אַרײַן פון דרויסן שאָלעם־אַליכעם, וואַרשאַווסקי, טשערני, זאַלאַטושקין. שאָלעם־אַליכעם גיט דעם נייטיקן צייכן, מײַסע דיריזשאָר. אַלע הייבן אָן זינגען.

מאָטל!.. שימען!
די אָרעמע לײַט זײַנען געקימען!
שטעלט זיי דעם שענסטן טיש,
טײַערע ווײַנען, טײַערע פיש,
אוי, ווײ, טאָכטער, גיב מיך א קיש!
די מעזינקע אויסגעגעבן!
די מעזינקע אויסגעגעבן!

ע ט ע ל ע (לויפט אַרײַן, שרײַט אַף צוריק אין דער אָפן געבליבענער טיר). מאַמע! געקומען פון פּאַדאָל!

ס'באַווײַזט זיך ר א כ י ל. ס'זעט זיך, אַז זי האָט אָקאָרשט געוויינט, נאָר זי שטאַרקט זיך און שמייכלט צו די געקומענע, וואָס זינגען ווײַטער.

איציק!.. שפּיציק!..
וואָס שווײַגסטו מיט דעם שמיציק?
אַף די קלעזמער טו א געשריי:
צי שפּילן זיי, צי שלאָפן זיי?
רײַסט די סטרונעס, רײַסט אַף צוויי!..
די מעזינקע אויסגעגעבן!
די מעזינקע אויסגעגעבן!..

(פ אָ ר ה א נ ג)

# דריטער אקט

## דאָס פינפטע בילד

א שטאָטישער הויף, רעכטס — אן איינגאָרנדיקע געביידע מיט א גרויסן שילד: Типография. אנטקעגן — אין א צווייגאָרנדיק הויז ווינט דער באַלעבאָס פון דער דרוקעריי, שעפּטעלמאַן. דער הויף איז ארומגעצאַמט, האָט א ברייטן טויער. בייס דער פאַרהאַנג הייבט זיך אוף, הערט זיך פון דער דרוקעריי א געזאַנג פון די ארבעטער.

אף דער בינע — מ אַ נ י ש און ז אַ ל אַ ט ו ש ק י ן.

ז אַ ל אַ ט ו ש ק י ן (ווייזט א מאָדעל פון אן איינבונד). איך האָב אייך געבראַכט א פּראָבע פאַרן „יאַקנעהאָז“. כאַפּט נאָר א קוק אף דעם! עפּעס זייט איר דאָך א זעצער בען זעצער, דאַרפט איר זיין א מייוון דערויף. (דרייט די מאָדעל פון אלע זייטן.) טוט א טאַפּ דאָס פעלעכל — סע בעט זיך אין די הענט אריין! און דער קאַליר — א הימל־קאַליר! און דער ראַנד — א גאָלדענער! און דאָס שנירעלע — א זיידנס!

מ אַ נ י ש. שאָלעם־אַלייכעם האָט עס פאַרדינט. ער האָט בא אונדז אַלץ פאַרדינט.

ז אַ ל אַ ט ו ש ק י ן. אָט דאָס האָט ער פאַרדינט — מע זאָל אים מוטשען? א יאָר צייט, ווי ער בעט זיך בא אייך: לאָזט ארויס מיין ביכל...

פון דעם צווייגאָרנדיקן הויז גייט ארויס ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן.

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן. מאַניש! מאַניש! אהער גיי, מאַניש! (טייַט אף דער דרוקעריי.) מע זינגט שוין בא דיר ווידער, האַ? מע טרינקט מיין בלוט, און אים זאָל עס אָנהייבן ארן...

ז אַ ל אַ ט ו ש ק י ן (צו שעפּטעלמאַנען). רעב הענעך!

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן (הערט ניט אַיין). האַ? וואָס?

ז אַ ל אַ ט ו ש ק י ן (שרייַט אים אפן אויער). איך בין געקומען פרעגן: ווען וועל איך דערלעבן זיך בא אייך א פאַרטיקן „יאַקנעהאָז“?

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן. הייַנט. הייַנט.

ז אַ ל אַ ט ו ש ק י ן. א שיינער הייַנט. ער איז שוין אַלט מער ווי א יאָר, אָט דער הייַנט אייַ־רער. ווען איך קום ניט, הער איך נאָר „הייַנט, הייַנט“.

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן. נו, נו, מע קאַנטשעט שוין, מע קאַנטשעט.

עס קומען ארויס די נ ע ג י ד י ם.

פ ו י ג ל מ אַ ן (גייט פאָרויס, לייענט דעם שילד, שרייַט אף צוריק). ייִדן, מיר האָבן זיך ניט גענאַרט: אָט דאָ מוז עס זיין. (צו שעפּטעלמאַנען.) דאָ מאַכט מען זשאַרגאָנישע ביכלעך?

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן. האַ? וואָס? זשאַרגאָנישע ביכלעך? בא מיר קאָנט איר האָבן זשאַרגאָנישע ביכלעך.

פ ו י ג ל מ אַ ן. זייַט איר, הייסט עס, טאַקע אַליין דער מאַכער? נאַט זשע אייַך אָפּ שאָלעם. (וואַרפט בליקן אף מאַנישן און זאַלאַטושקינען, וויל, זיי זאָלן ניט הערן.) האָט איר בא זיך עפּעס רעכטע סכוירע?

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן. פאַראַן סכוירע, פאַראַן.

פ ו י ג ל מ אַ ן (הייבט אָן רעדן שטילער). און אזא סכוירע, ווי, לאָמיר זאָגן, „יאַקנעהאָז“, איז בא אייַך פאַראַן?

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן (הערט ניט, כאַזערט ווי פריִער). פאַראַן סכוירע, פאַראַן.

פ ו י ג ל מ אַ ן. איך דאַרף ניט אייַער סכוירע. איך דאַרף „יאַקנעהאָז“. אזא ביכעלע. „יאַקנע־האָז“ הייסט עס. (ווינקט, מאַכט מיט די הענט.)

פ י נ ק ו ס (שטופּט אים אָפּ). וואָס ווינקט ער צו אים? יענער איז טויב ווי די וואַנט, און ער ווינקט. לאָזט מיך. (שרייַט אריין שעפּטעלמאַנען אין אויער.) פעטער, איר ווילט זיך זען מיט א קערבל?

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן. אדעראַבע, גיט עפּעס צו פאַרדינען, גיט.

פ י נ ק ו ס. איר קאָנט בא מיר שיין פאַרדינען. אָבער וואָס שיין הייסט. איר קאָנט בא מיר אריינכאַפּן א גראָבס!

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן (אופגעלעבט). אדעראַבע, לאָמיר האָרכן, לאָמיר. (פירט זיי אריין אין זיין ווינונג.)

ז אַ ל אַ ט ו ש ק י ן. וואָס זיינען דאָס פאַר כייַעס? (קוקט זיי נאָך.) אייַער הענעכקע פאַדקעוועט שוין ארום זיי. ער האָט שוין עפּעס דערשמעקט.

מאַניש. ער איז די גוטע שקורע.

פון דרוקערײַ דערהערט זיך דער רויש פון א דרוק־מאַשין, וואָס האָט אָנגעהויבן ארבעטן. מאַניש און זאַלאַטושקין הערן זיך אײַן.

זאַלאַטושקין. אין א גוטער שאָ! אין א מאַזלדיקער שאָ!

פון דרוקערײַ לויפט ארויס אַשערל.

אַשערל (פאָכעט מיט אן ערשט־אָפּגעדרוקטן בויגן). דער לעצטער בויגן! דער לעצטער בויגן! (צו זאַלאַטושקינען.) טאַטע! דאָס איז שוין דער לעצטער בויגן! איצט קאָנסטו שוין האָבן א גאַנצן „יאַקנעהאָז"!

זאַלאַטושקין. אַנו ווײַז אַהער, ווײַז...

אַשערל. כ'האָב קיין צײַט ניט. מ'האָט געהייסן ווײַזן דעם באַלעבאָס. (פארשווינדט אין שעפּטעלמאַנס וווינונג.)

פון דרוקערײַ לויפן ארויס מוישע־עליע און זאַלמען.

מוישע־עליע. „יאַקנעהאָז" איז אַוועק א גאַנג.

זאַלמען. נאָך א מין גאַנג!

איינעם מיט מאַנישן שטעלן זיי אַוועק אינמיטן הויף א הויכן קאַסטן. פון דרוקערײַ דערלאַנגט מען די פּאַרטיקע עקזעמפּליאַרן, זיי גייען פון האַנט צו האַנט און ווערן פאַרפּאַקעוועט אינעם קאַסטן. די ארבעט טוען אַלע און מיט גרויס באַגײַסטערונג. ס'הערן זיך אויסרופן: „יאַקנעהאָז" גייט א גאַנג! „יאַקנעהאָז" גייט א גאַנג!"... מאַניש נעמט אן עקזעמפּליאַר, גייט מיט אים אין שעפּטעלמאַנס וווינונג. פון גאַס קומען אָן אָלגע ראַבינאָוויטש און טשערני.

טשערני (צו אָלגען). איר הערט: „יאַקנעהאָז" גייט א גאַנג!

זאַלאַטושקין (טראָגט זיי צו אן עקזעמפּליאַר). נאַרוואָס האָט עס די מאַמע געהאַט. ווינטשעוועט צו: זאָל עס האָבן לאַנגע יאָר!

טשערני. סע וועט האָבן, סע וועט האָבן לאַנגע יאָר. (צו אָלגען.) איצט זעט איר: ס'איז געווען אומזיסטע שרעק. ניט מער ווי אומזיסטע שרעק. (גיט איר דעם עקזעמפּליאַר.) נעמט עס מיט און פאָרט גלײַך אַהיים. זאָגט אים דאָרטן, דעם פּאַציִענט מײַנעם, זאָל ער זײַן רויִק: זײַן „יאַקנעהאָז" איז שוין ארום און ארום פאַרטיק.

אָלגע. בא אים הייסט עס נאָך ניט פאַרטיק.

טשערני. וואָס זשע פעלט אים נאָך?

אָלגע. איך קען אים: ער וועט ניט ווערן רויִק, ביז ער וועט ניט זען מיט זײַנע אויגן אַלע צוויי טויזנט ביכלעך.

טשערני. נו איז דאָס א פּאַציִענט! נו איז דאָס א שאָלעם־אַלייכעם. (אַנטשלאָסן.) גוט, פאָרט צו אים און זאָגט אים: זאָל ער זיצן אין שטוב. איך בלײַב דאָ. איך אַליין וועל אכטונג געבן, ביז עס וועלן ניט זײַן פאַרטיק אַלע צוויי טויזנט שטיק „יאַקנעהאָז".

זאַלאַטושקין. וואָס עפּעס איר אַליין, דאָקטער? און ווו בין איך?

אָלגע. א דאַנק אײַך, א דאַנק. איך וועל עס אים איבערגעבן. איך וועל אים זאָגן: דו ווייסט גאָרניט, וואָס פאַר א געטרײַע פרײַנט דו האָסט. (לאָזט זיך אַוועקגיין.)

טשערני און זאַלאַטושקין באַגלייטן זי. ס'לויפט אָן אַשערל.

אַשערל (שטאַרק צעפּלאָמט). טאַטע! איך דאַרף דיך האָבן!

זאַלאַטושקין. וועסט צוואַרטן.

אַשערל. וואַרטן טאָר מען ניט. איך זאָג דיר: אז מ'עט וואַרטן, וועלן זיי אויסכאַפּן דעם „יאַקנעהאָז". (רוימט אים עפּעס אָפּן אויער.)

אָלגע (צו טשערנין). עפּעס האָט זיך שוין געטראָפן מיטן „יאַקנעהאָז". (צו זאַלאַטושקינען.) וואָס האָט ער אײַך געזאָגט?

זאַלאַטושקין (אין פאַרלעגנהײַט). ווייס איך וואָס... א ייִנגל בלײַבט א ייִנגל.

אַשערל. איך בין ניט קיין ייִנגל. איך וועל זיי זאָגן. (צו אָלגען.) איר קערט זיך עפּעס אָן מיט שאָלעם־אַלייכעמען? לויפט גיכער, זאָגט אים, ער זאָל די מינוט זײַן דאָ.

טשערני. הײַנט קאָן ער ניט. ער איז ניט געזונט.

אָלגע. עפּשער וועט אים מאָרגן ווערן בעסער?

אַשערל. מאָרגן? איר ווייסט, וואָס זיי (טײַט אף שעפּטעלמאַנס וווינונג) זאָגן אף מאָרגן? מאָרגן, זאָגן זיי, וועלן די פיש אין דניעפּער האָבן וואָס צו עסן. זיי וועלן עסן „יאַקנעהאָז".

אַ ל ג ע (דערשראָקן). גאָט מײַנער! וואָס הייסט עס?

זאַ לאַ ט ו ש ק י ן. יונגאַטש! רעד ניט מיט א האַלבן מויל! האָסט אָנגעהויבן רעדן, טאָ רעד!

אַ ש ע ר ל. און טאָמער האָבן זיי גערעדט מיט א האַלבן מויל — איך בין שולדיק? זיי האָבן פריִער געוואָלט, מע זאָל עס היינטיקע נאַכט פאַרברענען (טײַט אויפן קאַסטן, ווו מע פּאַקעוועט די ביכער), האָט אונדזער באַלעבאָס געזאָגט, ער וויל ניט, פאַר פײַער האָט ער מוירע. האָט איינער דאָרטן געזאָגט: אז ניט מיט פײַער, וועט מען עס נעמען מיט וואַסער!

אַ ל ג ע. וואָס הייסט עס?

זאַ לאַ ט ו ש ק י ן. א יונגאַטש זאָל דיר רעדן נאָר האַלבע ווערטער!

אַ ש ע ר ל. און טאָמער האָבן זיי גערעדט האַלבע ווערטער — איך בין שולדיק? (דערזעט מאַנישן, וואָס גייט פון שעפּטעלמאַנס וווינונג.) אָט גייט דער פעטער מאַניש, פרעגט אים — וועט ער אײַך זאָגן.

מ אַ נ י ש. גאָרניט זאָג איך ניט. (צו אַשערלען.) דײַן אָרט איז דאָרטן, בא דער אַרבעט. (אַשערל גייט צום קאַסטן, העלפט פּאַקעווען.) איר, זאַלאַטושקין, וועט זיך מאַטריִען זײַן אַכטונג געבן דאָ. און מיר וועלן זיך אָפּרוקן ווײַטער פונדאַנען. בא מיר אין שטוב וועלן מיר ריידן. (פירט אַרויס אַלגען און טשערנין דורכן טויער אין גאַס.)

זאַ לאַ ט ו ש ק י ן (צו זיך אליין). אײַ, ביטער!.. אײַ, ביטער!..

פון שעפּטעלמאַנס וווינונג באַווײַזט זיך פּ י נ ק ו ס, שפּאַנט ברייטלעך, מײַסע באַלעבאָס. אַרום אים — ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן.

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן. איר מעגט שוין זײַן ספּאָקוינע מעגט איר זײַן. ביז נאַכט וועט מען פאַר־טיק ווערן ביז נאַכט.

פּ י נ ק ו ס. סטאַרע זיך, שעפּטעלמאַן, סטאַרע זיך. (טײַט אויף זאַלאַטושקינען.) וואָס דרייט זיך דאָ אַרום דער?

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן. זאַלאַטושקין, קאָנסט גיין אהיים קאָנסטו.

מ ו י ש ע־ע ל י ע. וואָס אַרט אײַך, אז ער שטייט דאָ?

זאַ ל מ ע ן. ס'איז זיי ענג געוואָרן. זיי קאָנען ניט לײַדן, אז נאָך א מענטש שטייט אונטער גאָטס הימל.

פּ י נ ק ו ס (אויף שעפּטעלמאַנען). ער איז גערעכט. א באַלעבאָס האָט פײַנט, אז בא אים אין שטוב דרייען זיך איבעריקע מענטשן.

אַ ש ע ר ל (אויף זאַלאַטושקינען). ער איז דאָ ניט קיין איבעריקער. ער איז מײַן טאַטע. ווער זײַט איר?

ש ע פּ ט ע ל מ אַ ן. נאַרעלע. זיי זײַנען אונדזער אַלעמענס טאַטע. זיי זײַנען פּינקוס זײַנען זיי. גיי, זאַלאַטושקין, גיי אהיים.

זאַ לאַ ט ו ש ק י ן. און וואָס וועט זײַן מיטן אײַנבונד? איר האָט דאָך געזאָגט: ווי נאָר דער „יאַקנעהאָז" דרוקט זיך אָפּ, איז ער מײַנער!

פּ י נ ק ו ס. „יאַקנעהאָז" איז מײַנער! איך האָב אים אָפּגעקויפט, און ער איז מײַנער!

זאַ לאַ ט ו ש ק י ן. געקויפט איז געקויפט. וואָס זשע דאַרף מען שרײַען? אונדז האָט איר דאָך ניט אָפּגעקויפט.

פּ י נ ק ו ס. איך דאַרף אײַך ניט. און אײַער זון דאַרף איך אויך ניט. איר מעגט אים מיט־נעמען. מע וועט זיך ספּראַווען אָן אים. (באַמערקט, אז זאַלאַטושקין האַלט אין די הענט אן עקזעמ־פּליאַר „יאַקנעהאָז".) דאָס לייג אוועק! דאָס איז ניט דײַנס!

זאַ לאַ ט ו ש ק י ן. מע האָט מיר געגעבן.

פּ י נ ק ו ס (צו שעפּטעלמאַנען). ווער האָט געגעבן? קיינער זאָל ניט סמייען אָן מיר געבן. „יאַקנעהאָז" איז מײַנער!

זאַ לאַ ט ו ש ק י ן (דערלאַנגט דאָס בוך). איר מיינט, די וועלט וועט גלייבן, אז ס'איז אײַערס? די וועלט ווייסט: שאָלעם־אַליינעם האָט עס געשריבן. דעם מאַרך און די נעשאָמע האָט ער אין דעם אַרײַנגעלייגט.

פּ י נ ק ו ס. איך האָב אין דעם אַרײַנגעלייגט געלט.

זאַ לאַ ט ו ש ק י ן. שאָלעם־אַליינעם האָט בא אײַך גענומען געלט?

פּ י נ ק ו ס. האָט ד ע ר (טײַט אויף שעפּטעלמאַנען) גענומען — וואָס איז די נאַפקעמינע. מײַן געלט — איז עס מײַן „יאַקנעהאָז". (לאָזט זיך גיין צוריק אין שעפּטעלמאַנס וווינונג. דערזעט מאַנישן, וואָס גייט אַרײַן אין הויף.) ווידער מענטשן? וואָס טויטשען זיך דאָ מענטשן? איך וויל דאָ ניט לײַדן קיין מענטשן.

שעפּטעלמאַן. ווו זעט איר דאָ מענטשן ווו? ניטאָ דאָ קיין מענטשן ניטאָ, ס'איז מאַניש, ס'איז מײַן מאַניש איז עס... (פֿאַרשווינדט מיט פּינקוסן.)

זאַלאַטושקין (צו מוישע־עליען). געהערט, האַ? און די וועלט שווײַגט. מוישע־עליע, די וועלט שווײַגט?

מוישע־עליע. פֿונוואַנען זאָל זי וויסן, די וועלט?

זאַלמען. נו, און אַז זי וועט שוין וויסן? אַט באַלד לויפֿט זי, אַט באַלד נעמט זי זיך אָן פֿאַר שאָלעם־אַלייכעמען...

מאַניש. און אַז דו אַליין זאָלסט זיך אָננעמען פֿאַר שאָלעם־אַלייכעמען, — דאָס טראָגט דיר דער סייכל ניט. (גיט אים לײַכט אַ פּאַטש איבערן שטערן.) אַ גראָשן צו אַ גראָשן — און מע קויפֿט אויס צוריק דעם „יאַקנעהאָז".

מוישע־עליע. איר זאָגט דאָס אָף אָן עמעס?

זאַלאַטושקין. אײַ גוט, אײַ גוט, איר ווייסט גאָר ניט, וואָס פֿאַר אַ געדאַנק דאָס איז!

מאַניש. ערשט צעקײַט. מע טוט שוין. עפּעס טוט מען שוין דערינען.

זאַלאַטושקין. זאָגט, וואָס טוט מען? מוטשעט ניט, זאָגט.

מאַניש. מע וועט זאָגן. גייט אַהין, באַ מיר אין שטוב וועט מען זאָגן. (צו מוישע־עליען און זאַלמענען.) איר גייט אויך אַהין.

אָשערל (דראַענדיק, צו שעפּטעלמאַנס ווינונג). וואַרט, הענעכקע, וואַרט!..

זאַלאַטושקין. יונגאַטשו!.. (ווײַזט אָן אָף די נעגידים, וואָס גייען אַרויס פֿון שעפּטעלמאַנס ווינונג. די אַרבעטער גייען האַסטיק אַרויס פֿון הויף. מאַניש גייט אַרײַן אין דרוקערײַ.)

טויגלמאַן. נו, מעכוטן, איצט האָט איר שוין געלייזנט דעם שיינעם „יאַקנעהאָז" — וואָס וועט איר זאָגן איצט?

פֿויגלמאַן. טפֿו זאָל ער ווערן! נאַ דיר אַ שאָלעם־אַלייכעם מיט אַ „יאַקנעהאָז".

שלייפֿער. אַזאַ קאַפּצן, אַזאַ גאַרניט, אַזאַ ניקס־שעבעניקס — און זאָל מאַכן כויזעק פֿון דער גאַנצער וועלט!

פֿויגלמאַן. איך זאָג אײַך, ייִדן: מיר דאַרפֿן בענטשן גוימל, וואָס מיר ווערן פּאַטער פֿון אַזאַ פּעקל. (טײַט אָפּן קאַסטן מיט ביכער.)

טויגלמאַן. דער מעכוטן זײַנען גערעכט: מיר דאַרפֿן דאַנקען דעם מאַסיע פּינקוס, וואָס ער האָט זיך געלאָזט קאַסטן געלט.

שלייפֿער. לאַנג לעבן זאָל טאַקע אונדזער מאַסיע פּינקוס, וואָס ער האָט עס גענומען אין זײַנע הענט...

שעפּטעלמאַן. זיי, אַז זיי נעמען אין די הענט, זיי... כע־כע־כע...

פּינקוס. ווי דען האָט איר געוואָלט? מיט גוטן? ברעכן דאָס היטל פֿאַר אַזאַ שאָלעם־אַלייכעמען? בוקן זיך ביזן גאַרטל פֿאַר אַזאַ הולטײַ, אַ מעשומעד?

שעפּטעלמאַן. אַ מעשומעד, אײַ, אײַ, אײַ...

פּינקוס. געדענק זשע, שעפּטעלמאַן. מיר האָבן מיט דיר אַ קאָנטראַקט. צעשרײַבן זיך — איז פֿאַרפֿאַלן. (דערלאַנגט אים דעם קאָנטראַקט.) קוק אַרײַן אַהער און וויס, וואָס דו האָסט צו טאָן.

שעפּטעלמאַן. מע ווייסט, פֿאַרוואָס זאָל מען ניט וויסן פֿאַרוואָס?

פּינקוס. קיין ציִעניש האָב איך ניט ליב. די נאַכט איז דײַן נאַכט — און צום טאָג זאָל מיר ניט בלײַבן קיין זוואַניע פֿון קיין „יאַקנעהאָז" אָף דער וועלט.

שעפּטעלמאַן. קיין זוואַניע, אַוודע קיין זוואַניע...

פּינקוס. און מאָרגן באַטאָג זאָלסטו קומען אין מײַן קאָנטאָר — וועט מען זיך צערעכענען. פּינקוס האָט פֿײַנט, מע זאָל אים גלייבן אָפּן וואָרט. פּינקוס צאָלט מעזומענס... (גייט אַוועק.)

די נעגידים נאָך אים. שעפּטעלמאַן בלײַבט אַליין אָף דער בינע.

שעפּטעלמאַן (קוקט אין דעם קאָנטראַקט, האָט שטאַרק האַנאָע). פּינקוס צאָלט מעזומענס... פּינקוס צאָלט מעזומענס...

## דאָס זעקסטע בילד

דאָס זעלבע אָרט. דעם זעלבן אָוונט. אין דער דרוקערײַ איז פֿינצטער. אינמיטן הויף צייכנט זיך דער גרויסער קאַסטן, ווו מע האָט פֿאַרפּאַקעוועט דעם „יאַקנעהאָז". דער קאַסטן איז שוין פֿאַרוויקלט אין אַ ברעזענט, פֿאַרבונדן מיט שטריק. אָף דער באַנק, ניט ווײַט פֿון טויער, זיצט דער אַלטער הויף־וועכטער אַנטאָן. אַרום אים — אָשערל.

אַנטאָן. נו, און וואָס איז געוועזן ווײַטער?

אָשערל. ווייַטער — אויך אזוי: מע מוטשעט אים — און ער לאַכט. מע מוטשעט אים — און ער לאַכט.

אנטאָן. אזוינס האָב איך ניט געזען אף מייַן לעבן. Ось тобі хрест святий. ניט געזען אזא מענטשן. אזא לאַכנדיקער?

אָשערל. נו יאָ — א לאַכנדיקער.

אנטאָן. און דו האָסט אים אליין געזען?

אָשערל. מייַן טאַטע האָט אים געזען.

אנטאָן. נו?

אָשערל. דער טאַטע דערציילט. קומסט אריַין צו אים אין שטוב, צו אָט דעם שאָלעם־אליכעמען, הייסט ער לאַכן, אלעמען הייסט ער לאַכן. לאַכן איז געזונט, זאָגט ער.

אנטאָן. דאָס האָב איך אויך געהערט. אלטע לייַט זאָגן, זיי האָבן אליין געזען: פון לאַכן ווערט מען געזונט. (שטייט אוף פון דער באַנק.) נו א מייַסעלע האָסטו מיר דערציילט! (נעמט דעם קלאַפּער אין די הענט.) און ווען ווערסטו גיין אהיים? די נאַכט שטייט ניט. דער באַלעבאָס וועט קומען, וועט ער שרייַען אף דיר.

אָשערל. כיי וואָלט ער שוין געקומען. דאָרטן (טייַט אף יענער זייַט טויער) זיצן מענטשן און וואַרטן אף אים...

אנטאָן גייט אום איבערן הויף, קלאַפּט מיטן קלאַפּער. פון דער גאַס קומט אָן מוישע־עליע.

מוישע־עליע. געקומען! געקומען!

אָשערל. ווער געקומען? וואָס געקומען? זעסט דאָך! איך זיץ דאָ און קוק ארויס אף אים.

מוישע־עליע. ניט אים מיין איך. שאָלעם־אליכעם איז געקומען.

אָשערל. ווּעמען ווילסטו נאַרן? שאָלעם־אליכעם, ווייס איך, ליגט אפן קראַנקן בעט.

מוישע־עליע. נו, ווייסטו, נו, איז וואָס? אראָפּ פונעם קראַנקן בעט און געקומען ראַטעווען דעם „יאַקנעהאָז"... קום, וועסטו זען: בא מאַנישן אין שטוב זיצט ער.

אָשערל. קום!..

ביידע גייען ארויס. אף דער בינע נאָר איין אנטאָן. גייט אום, קלאַפּט. ס'באַווייַזט זיך שעפּטעלמאַן. מיט אים — די צוויי בינדיוזשניקעס: לייביש און שאַכנע.

שעפּטעלמאַן (פירט זיי צום קאַסטן). אָט דאָ האָט איר עס, אָט דאָ. נעמט עס און פירט עס אוועק פונדאַנען פירט עס.

לייביש (באַטראַכט דעם קאַסטן, טאַפּט אים). אייַ, זייַט איר, קיין אייַנהאָרע, א גיכער, רעב הענעך! אָט אזוי נעמט מען און מע פירט. נאָש בראַט מוז פריִער א טאַפּ טאָן אינווייניק. וואָס האָט עס אין די געדערים — מוז מען וויסן.

אנטאָן הייבט אָן צוגיין אלץ נעענטער, הערט זיך אייַן.

שעפּטעלמאַן. גאָרניט דאַרף מען ניט וויסן גאָרניט. פאַרבראַקעוועט א ביסל סכוירע פאַרבראַקעוועט. וואַרפט עס ארויס אין דניעפּער וואַרפט עס ארויס.

לייביש. וויבאַלד סכוירע — פאַרוואָס זשע דאַרף מען עס וואַרפן אין דניעפּער? וואָס איז דער סייכל? הא, ווי זאָגסטו, שאַכנע?

שאַכנע. איך פרעג אויך: וואָס איז דער סייכל?

שעפּטעלמאַן. באַלעגאָלישער סייכל... כע־כע־כע... איר ווילט מיסטאָמע א נאָבאָווקעלע ווילט איר. מיילע, איך וועל זיך מיט אייַך ניט שפּאַרן הייַנט וועל איך ניט. איך האָב הייַנט קיין צייַט ניט האָב איך ניט.

שאַכנע. דו הערסט, לייביש. מע האָט דאָ שטאַרק קיין צייַט ניט. ווייַזט אויס, א טרייף שטיקל סכוירע. מע האָט מוירע פאַר א גוט־אויג.

שעפּטעלמאַן. ווער האָט עס מוירע ווער? סע איז מייַן סכוירע איז עס. סע ליגט בא מיר אין געשעפט ליגט עס. ניט מער סע מוליעט מיר דאָס אויג מוליעט עס.

לייביש. און אונדז מוליעט עס אין דער קעשענע, רעב הענעך, מיר ווילן פאַרדינען.

שעפּטעלמאַן. נו, נו, איר וועט אימירצעשעם פאַרדינען וועט איר. גייט גיכער, שפּאַנט די פערד, גייט... און צום טאָג זאָל עס דאָ שוין ניט זייַן צום טאָג...

באַגלייט זיי צום טויער, פונוואַנען עס טוט פלוצעם א פאָל א שטאַרקע שייַן, וואָס מע טראָגט אנטקעגן. אין טויער קומט אריַין א היפש בינטל מענטשן. מוישע־עליע און אָשערל טראָגן צוויי ברענענדיקע העלצער. אין דער שפּיץ פון דער מאַכנע גייט שאָלעם־אליכעם.

שפּעטעלמאַן (שרײַט). ווער גייט עס דאָרטן מיט פּײַער ווער? איר ווילט מיך קוילען ווילט איר? איר ווילט מיר פאַרברענען מײַן שטוב ווילט איר? הולטײַעס, יִמאַכשמויניקעס, גע־הארגעט זאָלט איר ווערן!

שאָלעם־אַלייכעם (זעט אויס קראַנק, דער האלדז ארומגעבונדן, שפּאַרט זיך אָן אַף טשערנין און וואַרשאַווסקין, וואָס גייען פון ביידע זײַטן). וועמען בענטשט איר עס אזוי, רעב הענעך? (שפּעטעלמאַן קוקט אים אָן א געפּלעפּטער.) וואָס קוקט איר מיך אָן? מע האָט אײַך עפּשער געזאָגט, אז שאָלעם־אַלייכעם איז שוין געשטאָרבן? זאָלט איר ניט גלייבן. שאָלעם־אַלייכעם איז מער אף דער־וועלט ווי אף יענער־וועלט.

שפּעטעלמאַן (קאָן נאָך אלץ ניט קומען צו־זיך). איר?.. דאָ?.. צווישן יִדישע קינדער?..

שאָלעם־אַלייכעם. וואָס איך הער: איך טאָר שוין ניט קומען צווישן יִדישע קינדער? מיט וואָס זשע האָב איך זיך אזוי פאַרזינדיקט?

שפּעטעלמאַן. מיט וואָס? איך וועל אײַך זאָגן מיט וואָס. מע זאָגט בא אונדז... מע זאָגט אף אײַך... מע האָט אף אײַך אויסגעטראַכט...

שאָלעם־אַלייכעם. לאָמיר שוין הערן: וואָס האָט מען אויסגעטראַכט?

שפּעטעלמאַן. אז איר... אז איר זײַט... אז איר האָט... אז איר האָט זיך איבערגעקערט.

שאָלעם־אַלייכעם. איבערגעקערט? איך? וויאזוי? וואָס הייסט: איבערגעקערט?

שפּעטעלמאַן. איבערגעקערט הייסט: איר זײַט שוין ניט קיין אונדזעריקער... איר זײַט א מעשומעד זײַט איר...

וואַרשאַווסקי. ס'איז פּינקוסעס אַרבעט! איך דערקען דאָ פּינקוסעס א שטיקל אַרבעט!

זאָלאָטושקין. וואָס זיי טראַכטן אויס! וואָס די נעגידים טראַכטן דיר אויס!

שאָלעם־אַלייכעם. ווער זאָגט עס, אז זיי טראַכטן אויס? גאָרניט האָבן זיי ניט אויסגע־טראַכט. עמעס, ריינער עמעס. איך האָב טאָמיד געוווּסט, אז פאַר די יעהופּעצער נעגידים דאַרף שאָלעם־אַלייכעם זײַן א מעשומעד אין דער מישפּאָכע. זיי פאַרשטייען אַן אייסעק, זיי ווייסן: אָט איז מײַן מישפּאָכע, אָט, אָט... (טײַט אף די מענטשן, וואָס שטייען אַרום אים. זעצט זיך אוועק אַן אויסגעשעפּטער אף דער באַנק. דאָקטער טשערני האלט אים אָפּ, לאָזט אים ווײַטער ניט ריידן.)

שפּעטעלמאַן (מיט א שולדיקער מינע). גיי ווייס, אז פּינקוס וועט טאָן אזא זאַך פּינקוס.

וואַרשאַווסקי. און איר וואָס האָט געטאָן? הינטער די אויגן פאַרקויפט שאָלעם־אַלייכע־מען, פאַרקויפט זײַן בוך.

שפּעטעלמאַן. פאַרוואָס עפּעס הינטער די אויגן פאַרוואָס? ס'איז אַן אָפענע זאַך איז עס. איך האָב א קאָנטראַקט האָב איך. (פּאַכט מיטן קאָנטראַקט.)

וואַרשאַווסקי. איר האָט א קאָנטראַקט, זאָגט איר? (נעמט דעם קאָנטראַקט, לויפט אפּגיך דורך מיט די אויגן איבערן פּאַפּיר, צערײַסט עס.)

שפּעטעלמאַן. ס'איז א קאַזיאָנע פּאַפּיר איז עס. וואָס רײַסט איר וואָס? איר קאָנט מיר אומקערן מײַן געלט קאָנט איר מיר?

וואַרשאַווסקי. איך איינער — ניט. אָבער איך בין ניט איינער — שאָלעם־אַלייכעם האָט א סאַך פרײַנט.

מאָניש (דערלאַנגט דאָס געלט). נאט אײַך, א גראָשן צו א גראָשן און צונויפגעשלאָגן אײַך אײַער געלט.

שפּעטעלמאַן האָט מוירע נעמען דאָס געלט.

זאָלאָטושקין. נעמט, אבי לאָזט אונדז אַרויס אונדזער „יאַקנעהאָז“ א לעבעדיקן.

שפּעטעלמאַן. א לעבעדיקן... כע־כע־כע... עמעצער האָט אים געוואָלט טאָן שלעכטס עמעצער...

לייביש (שטופּט זיך דורך צווישן אוילעם). האָט אים אין דר'ערד! גלייבט אים ניט.

שאכנע (שטופּט זיך אויך דורך). לאָזט אונדז, וועלן מיר אײַך זאָגן...

לייביש. אין טײַך, האָט ער געהייסן, זאָלן מיר עס דערטרינקען!

שאכנע. אין דניעפּער האָט ער געזאָגט זאָל עס פוילן!

שפּעטעלמאַן. נו, נו, ווער וועט אײַך גלייבן ווער? בינדיוזשניקעס, פּיאַניצעס...

אנטאָן (טרעט אַרויס אף דער מיט. שטעלט זיך קעגן שפּעטעלמאַנען). איך בין בא דיר אויך א פּיאַניצע, האָ? מיר דאַרף מען אויך ניט גלייבן, האָ? מענטשן טײַערע, איך אַליין האָב געהערט, ווי ער האָט עס געזאָגט. אין דניעפּער זאָל מען עס וואַרפן, — האָט ער געזאָגט. Ось тобі хрест святий, אז דו האָסט עס געזאָגט.

שטימען. גנאַטעווען דאַרף מען פאַר אזא זאַך!

— אין קייטן אים נעמען!

— אין איַיזערנע קייטן.

**טשערני** (זעט, ווי שאָלעם־אַלייכעם רײַסט זיך עפּעס זאָגן). רעדן טאָרט איר ניט. רעדן וועל איך אײַך ניט לאָזן.

**שאָלעם־אַלייכעם**. נאָר צוויי ווערטער...

**זאַלאַטושקין**. שאַט, אוילעם, שאַט... מע וויל אונדז עפּעס זאָגן.

**שאָלעם־אַלייכעם** (שטעלט זיך אויף, שמייכלט). ברידערלעך, איר האָט זיך פאַרנומען מיט רעב הענעכן און האָט דערווײַל פאַרגעסן, אַז ס'איז דאָ אַף דער וועלט אַ רעב יאַקנעהאָז. קוקט אָן: ער שטייט נאָך אַלץ אַ פאַרקאָוועטער... ווי האָט מען עס אַ האַרץ דאָס צו זען? נעמט אַראָפּ די קייטן פון מײַן „יאַקנעהאָז"...

**זאַלאַטושקין**. אָט באַלד טאַקע לויף איך, אָט באַלד. (לויפט צום קאַסטן, אַנדערע העלפן אים, מע וואַרפט אַראָפּ דעם ברעזענט, מע רײַסט אַראָפּ די שטריק.)

**שאָלעם־אַלייכעם**. און איר, ברידער (צו דעם איבעריקן אוילעם), גייט ניט אַוועק פון־דאַנען. איך וויל, איר זאָלט מיר אָנטאָן דעם גרויסן קאָוועד, זאָל יעדער פון אײַך נעמען בײַ מיר פון די הענט אַ ביכל „יאַקנעהאָז".

**שטימען**. דאָס איז פאַר אונדז אַ גרויסער קאָוועד!

— פאַר אונדז!

— פאַר אונדז!..

זאַלאַטושקין הייבט אָן דערלאַנגען פונעם קאַסטן עקזעמפּליאַרן. שאָלעם־אַלייכעם טיילט זיי צווישן אוילעם.

**זאַלאַטושקין** (שרײַט פונעם קאַסטן אַראָפּ). „יאַקנעהאָז" גייט אַ גאַנג!

**שטימען**. „יאַקנעהאָז" גייט אַ גאַנג!

— „יאַקנעהאָז" גייט אַ גאַנג!..

(פאָרהאַנג)

## דאָס זיבעטע בילד

באַ שאָלעם־אַלייכעמען אין דער שטאָטישער וווינונג. דער צימער איז צעטיילט מיט אַ פאָרהאַנג. פון איין זײַט פאָרהאַנג — שאָלעם־אַלייכעמס אַרבעט־צימער. פון דער צווייטער זײַט — אַ גע־ווײנלעכער פאַמיליען־צימער.

שאָלעם־אַלייכעמס אַרבעט־צימער איז פאַרטונקלט. ער ווערט באַלויכטן ערשט דעמלט, ווען שאָ־לעם אַלייכעם קומט צו גיין. אין צימער — צוויי פּאָרטרעטן: מענדעלע און שטשעדרין. אַף דער וואַנט — אַ פּאָר בלומען־קרענץ. אין אַ ווינקל, הינטערן פאָרהאַנג — אַ גרויסער שראַנק, געפּאַקט מיט ביכער.

אין דער צווייטער האַלב צימער גרייט מען זיך צום באַנקעט. אינמיטן צימער — אַ לאַנגער טיש. אַרום אים — **זאַלאַטושקין** און **אַשערל**. זיי רוקן דעם טיש, זוכן פאַר אים אַ פּאַסיק אָרט. לעם דער דרויסן־טיר שטייט **מאַניש** אָנגעטאָן יאָמטעוודיק, האַלט אַ ווײַסן טיש־סערוועט; לעבן אים — **סאָרע** מיט דער טאָכטער **באַסקען**. מאַניש רײַסט זיך אַוועקצוגיין, די ייִדענע לאָזט ניט.

**זאַלאַטושקין** (צו אַשערלען). יונגאַטש, דו זעסט ניט, אַז דער טיש דאַרף שטיין דאָ?

**אַשערל**. און דו זעסט ניט, אַז דער טיש דאַרף שטיין דאָ? אָט פרעג באַם פעטער מאַנישן — וועסטו הערן.

**זאַלאַטושקין** (רופט). מאַניש!

**מאַניש** (צו דער ייִדענע). מע רופט מיך. איך האָב קיין צײַט ניט. (גייט אַוועק צום טיש, שפּרייט דאָרט דעם סערוועט, שטעלט אַוועק דעם ווײַן.)

**סאָרע** (הייבט אָן צוגיין נעענטער צום טיש). בראַש האָבן זיי דאָ אַלע קיין צײַט ניט! דער דניעפּער ברענט! (קוקט זיך אַרום.) קיין איַינהאָרע אַ שטוב... מיט מעשאָרסים, מיט ליאַקייעס...

**באַסקע** (טײַט אַף זאַלאַטושקינען, וואָס גייט פונעם טיש צו דער קיך־טיר). מאַמע, אָט דער וועט אונדז עפּשער זאָגן.

**סאָרע** (צו זאַלאַטושקינען). פּאַני ליאַקיי!

**זאַלאַטושקין** (איבעראַשט). וואַ־אַ־ס?! (גייט האַסטיק אַוועק.)

**סאָרע**. קוק נאָר אָן, ווי מע איז גרויס באַ זיך! אַז מע איז אַ ליאַקיי באַ יענעם, דאַרף מען זײַן אַזוי גרויס באַ זיך... (דערזעט טשערנין. ער גייט דעם פּידזשאַק אויסגעטאָן, די אַרבל פאַר־קאַשערט, טראָגט אַ טאַץ מיט געבעקס.) פעטער, איר האָט אויך קיין צײַט ניט?

**טשערני**. וואָס האָט איר באַדאַרפט?

סאָרע. וואָס איך דאַרף — וועט מיר קיין מענטש ניט געבן, אַפילו אײַער באַלעבאָס אויך ניט.

טשערני (פאַרציקאַוועט). און ווער איז מײַן באַלעבאָס?

סאָרע. איר מיינט טאַקע, אַז אין אונדזער גראַד ווייסט מען שוין גאָרניט ניט? מע ווייסט, מע ווייסט, אַז ס׳איז דאָ אַ שאָלעם־אַליכעם אויף דער וועלט. איך טײַנע צו דער טאָכטער, שוין וויפֿל צײַט טײַנע איך: קום, זאָג איך, לאָמיר גיין צו שאָלעם־אַלייכעמען. די גאַנצע וועלט, זאָג איך, טראָגט אָפּ דאָס ביסל צאָרעס צו שאָלעם־אַלייכעמען. הײַנט וואָס בין איך, זאָג איך, ערגער פֿון דער גאַנצער וועלט? (עס קומען אַרײַן בראָניע און אָלגע, טראָגן אַ גרויסן קרוג מיט בלומען, שטעלן אַוועק אויפֿן טיש. אָלגע הייבט אָן זיך צוהערן צו דער ייִדענעס רייד.) גיי ריכט זיך, אַז בײַ שאָלעם־אַלייכעמען איין שטוב וועט זײַן אַ סטרי, אַז ווו מע גיט זיך ניט אַ ריר, שפּרינגט דיר אַרויס אַקעגן אַ לײַאָקיי און לאָזט ניט אַרײַן!

אָלגע. אונדזער שטוב איז אַן אָפֿענע שטוב. קומט אַרײַן.

סאָרע. דאָס זײַט איר טאַקע די שאָלעם־אַלייכעמקע אַליין? וואָס זשע שווײַגט איר זיי, אָט די דאַרמאָיעדניקעס, די לײַאָקייעס אײַערע? (טײַט אויף טשערנין.)

אָלגע. וואָס רעדט איר אַזוינס? דאָקטער טשערני איז אונדזער בעסטער פֿרײַנט. (טײַט אויף די איבעריקע.) דאָס זײַנען אַלץ אונדזערע בעסטע פֿרײַנט.

באַסקע. מאַמע, ס׳איז אַ דאָקטער!

עס קומט אַרײַן וואַרשאַווסקי, טראָגט אין יעדער האַנט צו אַ גראַפֿין ווײַן.

סאָרע. און ווו ביסטו געווען פֿריִער? זינט איך לעב, זינט איך שטיי אויף מײַנע פֿיס! אַ דאָקטער — און לויפֿט אַרום מיט אַ טאַץ? ווּהין זײַנען מיר עס פֿאַרגאַנגען, טאָכטער? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאַרשטעלעניש אַזאַ מין?

וואַרשאַווסקי. קיין שום פֿאַרשטעלעניש, מײַן ליבע ייִדענע. מיך קענט איר דאָך, מעגט איר מיר גלייבן: קיין שום פֿאַרשטעלעניש, קיין שום נאַרערײַ. אַ סימכע איז בײַ אונדז הײַנט, אַ גרויסע סימכע, און וועדליק איך ווייס, זײַט איר אויך אַ מעכוטענעסטע אויף דער סימכע. ווי זאָגט איר: די ייִדענע פֿון סלאָבאָדקע איז בײַ אונדז אַ מעכוטענעסטע, האַ?

שטימען. אַ מעכוטענעסטע! אַ מעכוטענעסטע!

סאָרע. איר האָט געפֿונען פֿון וועמען כויזעק צו מאַכן! גאָט וועט אײַך באַצאָלן דערפֿאַר.

שטימען. אַ מעכוטענעסטע! אַ מעכוטענעסטע!..

מע טוט אַ כאַפּ אונטער די הענט די שטוינענדיקע ייִדענע מיט איר טאָכטער און מע פֿירט זיי אַוועק אין זײַטיקן צימער. ס׳בלײַבט בלויז בראָניע. זי נעמט פֿונעם גרויסן קרוג בלומען, שטעלט זיי אויס איבערן גאַנצן טיש, מאַכט העלער די שײַן, דער צימער הייבט אָן אויסזען יאָמטעוודיק. עס קומט אַרײַן ראַכיל. טראָגט אַ גירלאַנדע גרינס, איבערגעפֿלאָכטן מיט לעבעדיקע בלומען.

ראַכיל. דו ביסט גאָר דאָ? און איך זוך דיך. העלף מיר, טאָכטער.

ביידע פֿעסטיקן זיי צו אויף דער וואַנט איבער דעם פּאָטערשטול, וואָס שטייט אויבנאָן, די גירלאַנדע גרינס. עס קומט אַרײַן עטעלע, טראָגט אַ טאַץ מיט קלינגענדיקע בעכערלעך.

עטעלע (קוקט מיט פֿאַרגאַפֿטע בליקן אויף דער באַצירטער וואַנט). אוי, וועט דאָס זײַן אַ שיינס! דאָ וועט זיצן שאָלעם־אַלייכעם! אָט דאָס הייסט אַ יובילײ. אַלע וועלן ריידן, און שאָלעם־אַלייכעם וועט זיצן און הערן.

ס׳קומט אַרײַן טשערני, טראָגט אַ פּאַק מיט ביכער.

טשערני. אַנו, עטעלע, אַהין (טײַט אויף דער קיך־טיר) צו דער אַרבעט! (צו בראָניען.) און פֿאַר אײַך איז אויך דאָ אַן אַרבעט. אַ האַנט, זאָגט מען, האָט איר אַ גרינגע, אַ קסאַוו האָט איר אַ שיינעם. זעצט זיך אַוועק און שרײַבט אַרויף אויף יעדן בוך (דערלאַנגט איר אַן עקזעמפּליאַר) אָט ווי דאָ שטייט — וואָרט בײַ וואָרט.

עטעלע (נעמט אַן עקזעמפּליאַר, לייענט). צום אָנדערהאַלבניאָריקן יובילײ פֿון שאָלעם־אַלייכעמס „יאַקנעהאָז" — אַ מאַטאָנע. (צו טשערנין.) אָנדערהאַלבן יאָר איז דען אַ יובילײ?

טשערני (צו ראַכילן). גיי דערצייל איר! אָנדערהאַלבן יאָר האָט דאָ אין שטוב געקאָכט און געזאָטן: „יאַקנעהאָז" דרוקט זיך! „יאַקנעהאָז" דרוקט זיך ניט! „יאַקנעהאָז" וויל מען דערטרינקען! „יאַקנעהאָז" וויל מען פֿאַרברענען! און אָט איז ער דאָ! (טײַט אויף דעם שראַנק.) געראַטעוועט...

ראַכיל. אַוודע אַ סימכע! אַ גרויסע סימכע!

טשערני. ווו נעמט מען נאָר דעם באַלסימכע אַליין? דער אוילעם שרײַט: ווו איז שאָלעם־אַלייכעם? און ער איז ניטאָ. (צו ראַכילן.) קומט, לאָמיר זיי כאָטש אײַנשטילן אַ ביסל.

טשערני, ראַכיל און עטעלע גייען אוועק. בראָניע בלײַבט אַליין, זעצט זיך אוועק און שרײַבט. עס באַווײַזט זיך שאָלעם־אַלייכעם. ער גייט אַרײַן דורך אַ באַזונדערן אַרײַנגאַנג אין זײַן אַרבעט־צימער. מיט אים קומט שאַליטאַ. ער זעט אויס שטאַרק אָפּגעצערט. טראָגט אַ טשעמאָדאַן.

שאָלעם־אַלייכעם (צינדט אָן די שײַן, קערעוועט זיך אויס צו שאַליטאַן, וואָס איז געבליבן בא דער שוועל). נו? וויאַזוי וועט איר באַפוילן: איך זאָל אײַך שטאַרק בעטן, צי אַזוי בעטן? (נעמט יענעם פאַר דער האַנט, פירט אים אַרײַן אין צימער.)

שאַליטאַ. איך ווייס דאָך: איר וווינט אַליין אין גרויס ענגשאַפט.

שאָלעם־אַלייכעם. אַן אַקציע, זאָג איך אײַך, מיט אָט דעם מענטשן. ערשט פון קאַזעמאַט אַרויס און טײַנעט — ס'איז אים דאָ ענג. ווײַבאַלד איך האָב דער ערשטער הײַנט באַגעגנט אײַך — זײַט איר מײַנער! איר מוזט אײַנשטיין בא מיר. (דערזעט, אַז שאַליטאַ וואַקלט זיך נאָך אַלץ.) איך זאָג אײַך מיט גוטן: וואַרפט אַוועק די שמעגניש! אַניט רוף איך באַלד אַרײַן מײַנע קינדער — זיי וועלן זיך אַ נעם טאָן צו אײַך. (נעמט פון זײַנע הענט דאָס רענצעלע.)

שאַליטאַ. איר רעכנט, אַז זיי האָבן מיך נאָך ניט פאַרגעסן?

שאָלעם־אַלייכעם. אָט אַזוי נעמט מען און מע פאַרגעסט אונדזער רעב נאַכעמטשען? באַשער מע האָט אים אויסגעכאַפּט בא אונדז און אָפּגעהאַלטן אונטער די גראַטעס אַ קײַלעכיק יאָר?

שאַליטאַ. אַ קײַלעכיק יאָר.

בראָניע הייבט אָן זיך אײַנהערן, הייבט זיך אויף, גייט אַלץ נעענטער צום פּאַרהאַנג.

שאָלעם־אַלייכעם. איר מעגט אונדז גלייבן: אונדז איז דאָ גענוג אַרויסגעפאַלן די נעשאָמע. אַ קאַשע אַף אַ מײַסע: מענטשן זאָגן, אַז פון אָט די קאַזעמאַטן גייט מען אַמאָל אַרויס מיט איין קאָפּ נידעריקער!

שאַליטאַ. עס טרעפט אַזוי אויך.

שאָלעם־אַלייכעם. איז דאָך הײַנטיקער טאָג בא אונדז טאַקע אַ געשענקטער. מעג מען דאָך הוליען. (ענדערט דעם טאָן.) און מאָרגן? טאָמער קומען מאָרגן דעם קייסערס לײַט, מע קלאַפּט אָן אין טיר און מע בעט בימכילע ווידער אַהין?

שאַליטאַ (שמייכלט). געווענדט, ווי מע וועט בעטן.

שאָלעם־אַלייכעם. און אַז דעם קייסערס לײַט וועלן שטאַרק בעטן, אַז זיי וועלן אפילע שלעפּן מיט גוואַלד, איז אויך ניט קיין גוואַלד — מע וועט זיך ניט איבערשרעקן, האַ? כעוורע האָט זיך אײַנגעשפּאַרט! כעוורע האַלט זיך שטאָל און אײַזן! היציקע מויכעס! וואָרעם בלוט! קומט זשע, קומט, לאָמיך אײַך כאָטש באַווײַזן פאַר מײַנע געסט!.. (טוט אָן עפּן דעם פּאָרהאַנג, שטויסט זיך אָן אַף בראָניען.) טײַערינקע מײַנע! וואָס זשע גייט איר ניט אַרײַן! ער איז דאָך אײַערער! אײַערער! (גייט האַסטיק פון צימער.)

שאַליטאַ. בראָניע! (לויפט צו, נעמט זי אַרום.) נו, וואָס? געשראָקן זיך? געמיינט, איך וועל פאַרפאַלן ווערן?

בראָניע. אַזעלכע ווערן דען פאַרפאַלן?

שאַליטאַ. און אַזעלכע? (טײַט אַף בראָניען.)

בראָניע (לייגט צו די דלאָניע צו זײַן מויל). וועגן אַזעלכע רעדט מען הײַנט ניט. הײַנט איז בא אונדז אַ יאָמטעוו, אַ גרויסער יאָמטעוו. (עס קומען אַרײַן אַלע געסט.) זע: אַלע גייען דיר אַנטקעגן, אַלע!..

(פּאָרהאַנג)

## דאָס אַכטע בילד

דער זעלבער צימער. עס גייט דער באַנקעט. באַם טיש זיצט אַ גרויסער אוילעם. טשערני האַלט באַם פאַרענדיקן זײַן רעדע.

טשערני. ...וועט איר דאָך פרעגן: ווי קומט אַ דאָקטער זײַן אַ מיוון אַף „יאַקנעהאָז“? וועל איך אײַך ענטפערן: דאָס איז אַזאַ טײַער שטיקל אַרבעט, אַז יעדער איינער איז אַ מיוון דערויף, דאָס גאַנצע פאָלק וועט זײַן אַ מיוון דערויף. קיין נאָווי בין איך ניט; וואָס מאָרגן וועט זײַן,

ווייס איך ניט. נאָר דאָס נעם איך זיך אונטער צו זאָגן: סע וועט גאָרניט לאַנג דויערן, און שאָ־לעם־אַליכעמס ביכער וועט מען לייענען אומעטום, אין יעדער שטוב, ווו מע שעמט זיך ניט מיט אונדזער אָרעמער פאָלקס־מוזע. לאָמיר נאָר ניט שלאָפן דערינען, לאָמיר אַרבעטן אף אַלע דראָ־כים, און זאָל דאָס פאָלק זיך דערוויסן, אַז סע האָט אַ שאָלעם־אַליכעמען. זאָל ער אונדז לעבן און געזונט זיַין, אונדזער שאָלעם־אַליכעם! (דער עולעם באַס טיש אַפּלאָדירט.)

שאָלעם־אַליכעם. נו, קינדער, איצט, אַז מע האָט שוין געמאַכט אַ קויסע און מע האָט געהויבן אַ טאָסט, און מע האָט גערעדט אַ רעדעניש, קומט אויס, אַז איך מוז דאָך אויך זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

זאַלאַטושקין. שאַט, עולעם. מע וויל אונדז עפּעס זאָגן.

שאָלעם־אַליכעם. אַ דאַנק אַז איך וועל אַיַיך זאָגן, וועט איר געוויס ניט וועלן ליַידן. אָבער דאָס מעג איך דאָך זאָגן: איך האָב זיך ניט גערעכט, אָבער טאַקע ניט גערעכט. איך האָב מיר געטראַכט: מע פּראַוועט שאָלעם־אַליכעמען אַ יובילייִ, וועט מען אים נעמען מעכילע אָפּן צימבל, מע וועט אים אַ טאַפּ טאָן די בייַנדעלעך, מע וועט אים זאָגן מיטן האַרבן וואָרט, אָט ווי אַ טאַטע זאָגט צו זיַין אייגן קינד: וואָס גייסטו אַרום אַ פאַרשלאָפענער, שאָלעם־אַליכעם, זיַי ניט קיין פּוילּיאַק, שאָלעם־אַליכעם, שטיי ניט אף איין אָרט, ריר זיך, שאָלעם־אַליכעם, ריר זיך, נו!..

זאַלאַטושקין (אַנציקט). אַיַי, אַ מאַמזער!

דער עולעם הייבט אָן שטאַרק אַפּלאָדירן, סע הערט זיך אַ הילכיקער געלעכטער.

שאָלעם־אַליכעם. אָט אַזוי האָב איך אַיַיך ליב. לאַכט, קינדער, לאַכט, און לאָמיר היַינט פריילעך זיַין, וויַיל ס'איז באַ אונדז היַינט אַ גרויסע סימכע. אַ יאָמטעוו פאַר אַ שריַיבער איז שטענדיק אַ יאָמטעוו פאַרן גאַנצן פאָלק. אַיַי, וואָס אָפּן טיש איז ניט אַזוי סימכע־ווּעסאָסנדיק און אָפּן האַרצן איז אויך געגנוג אָנגעזאַליעט, איז ווער זשע הייסט אונדז קוקן דערויף? לאָמיר, קינ־דער, זיך אופהייבן אַלע ווי איינער און לאָמיר זיך צוווינטשעווען, מיר זאָלן דערהאַרן אַנדערע צייַטן. זאָגט זשע, קינדער: בעסערע, שענערע, ליכטיקערע צייַטן!

שטימען. בעסערע, שענערע, ליכטיקערע צייַטן!

אַלגעמיינער גערודער, מע הייבט זיך אוף פון די ערטער, מע טרינקט לעכאַים מיט שאָלעם־אַליכעמען.

זאַלאַטושקין. שאַ! שאַ! עולעם! מע וויל אונדז נאָך עפּעס זאָגן!

באַסקע. און ווען וועט מען זינגען? מע האָט דאָך צוגעזאָגט זינגען?

שאָלעם־אַליכעם (צו באַסקען). דאָס האָט איר ערשט געזאָגט אַזאַ קלוג וואָרט? איר? קומט נאָר צו אַהער, זיַיט מויכל! אָט אַהער! (באַסקע גייט צו. ער שטעלט זי אַוועק מיטן פּאַנעם צו וואַרשאַווסקין.) זאָגט עס אים אין די אויגן: זינגען! (צום איבעריקן עולעם.) און איר, קינדער, העלפט אונטער. זאָגט אים: זינגען זאָל ער!

שטימען. זינגען! זינגען!

וואַרשאַווסקי אין אַ פאַרלעגנהיַיט, שוויַיגט.

שאָלעם־אַליכעם. איר זיַיט אַ שלעכטער מענטש. אַ ראָשע! איר הערט דען ניט: די וועלט הייסט זינגען!

ראָכל (צו וואַרשאַווסקין). זינג! אַז די וועלט הייסט — דאַרפסטו זינגען. ער וועט זינגען. איך זע אין אים — ער וועט זינגען.

וואַרשאַווסקי הייבט זיך אוף פון אָרט, טרעט אָפּ פון טיש. אַלע קוקן אף אים מיט פאַרגאַפטע בליקן.

עטעלע. איך ווייס, וואָס דער טאַטע זוכט... (לויפט אַרויס אין צווייטן צימער, ברענגט אַ פידל, טראָגט צו וואַרשאַווסקין.) נאַ, טאַטע, נאַ...

וואַרשאַווסקי (נעמט דעם פידל, שפּילט און זינגט).

קוקט אַיַיך צו צו דער וועלט צו דער שיינער:
זי איז יונג, און זי שיַינט, און זי בליט.
שוין באַזונגען די וועלט האָט ניט איינער
אין זיַין פריילעכן, רוישיקן ליד.

אין איר טיף ליגן אויצרעס פאַרבאָרגן:
דיִאַמאַנטן און פּערל — אַ שרעק.

נאָר איר הארץ איז פארומערט פון זאָרגן,
שטענדיק וויינט זי און קלאָגט אָן אן עק...

פון די אויצרעס — וואָס קאָן פון זיי ווערן,
אז דאָס לעבן איז ביטער און שווער,
יעדער דימענט צעגייט זיך אין טרערן,
יעדער פערל צעגייט אין א טרער!..

בייס ווארשאווסקי זינגט, הייבט זיך אָן פילן אין צימער, אז עפעס האָט זיך געטראָפן. אָלגע גייט האסטיק ארויס אין פירהויז, קערט זיך אום צוריק, רוימט עפעס איין שאָלעם־אַלייכעמען, ער גיט עס איבער אנדערע. מע הייבט אָן שטילערהייט ארויסגיין פון צימער. מע פארציט דעם פאָרהאנג. דער שראנק ווערט פארשטעלט. פון פירהויז דערהערן זיך שטימען. עס קומען אריין צוויי גאָראָדאָוואָיעס, שטעלן זיך בא ביידע זייטן טיר. ווארשאווסקי שפילט נאָך, בייס אפּן שוועל באווייזט זיך מאטיגין. צוזאמען מיט אים קומט אויך אָלגע און סאפּאָזשקאָוו.

מאטיגין (צו אָלגען). זאָגט איר, אז בא אייך קומט היינט פאָר א קאָנצערט?

אָלגע. יאָ. פאר היימישע מענטשן — א קאָנצערט. מיין מאן לייענט זיינע ווערק, אונדזערע פריינט — שפּילן, זינגען.

מאטיגין (טוט אויס די הענטשקעס, דאָס היטל, דעם שינעל, טוט עס גראציעז א וואָרף אף די הענט פון איין גאָראָדאָוואָי, נעמט באם צווייטן גאָראָדאָוואָי א פּאַפּקע מיט פּאַפּירן). אייער קאָנצערט וועט איר מוזן אָפּלייגן, מאדאם. מיר זיינען געקומען דורכפירן דאָ א קליינינקע אָפּעראַציע. דאָס איז אייער מאן? (שטעלט זיך פאָר.) מאטיגין. פון צענזור־קאָמיטעט. אייער מוזיקער מעג בלייבן דאָ. מיר וועלן אים דארפן פאר אן איידעס. (באזעצט זיך, בלעטערט די פּאַפּירן אין דער פּאַפּקע.) סאפּאָזשקאָוו, איך זע דאָ ניט דאָס, וואָס אונדז אינטערעסירט.

סאפּאָזשקאָוו (נישטערט איבערן צימער, טוט האסטיק א ריס דעם פאָרהאנג, וואָס צעטיילט דעם צימער. דער פאָרהאנג פאלט אראָפּ. מע דערזעט דעם שראנק.) אָט דאָ איז עס, אייער עקסעלענץ.

מאטיגין. טו, ווי מע האָט דיר געהייסן, סאפּאָזשקאָוו (סאפּאָזשקאָוו הייבט אָן זיך פאָרען ארום שראנק: הענגט אוף פּלאָמבעס, פארגיסט זיי מיט טריוואקס, טוט אָן אפּן שראנק א שלאָס. מאטיגין פירט דערווייל דעם געשפרעך מיט שאָלעם־אַלייכעמען.) הער ראבינאָוויטש! צוריק מיט א וואָך צייט האָבן מיר ארויסגעלאָזט פון דרוק אייערס א בוך מיטן נאָמען... (זוכט אין די פּאַפּירן.)

שאָלעם־אַלייכעם (זאָגט אונטער). „יאקנעהאָז".

מאטיגין. א דאנק. יאָ. אזוי הייסט דאָס בוך. א שלעכט בוך. א געפערלעך בוך.

שאָלעם־אַלייכעם. אייער צענזאָר האָט דאָס בוך געלייענט.

מאטיגין. אונדזער צענזאָר וועט דערפאר באקומען א שטראָף. ער האָט עס ניט געטאָרט דערלאָזן.

שאָלעם־אַלייכעם. וואָס האָט ער אזוינס דערלאָזט?

מאטיגין. איר ווייסט גאנץ גוט. אייערע פריינט (טייט אף ווארשאווסקין) ווייסן אויך עס גאנץ גוט. נאָר אונדז וועט איר ניט אָפּנארן, הער ראבינאָוויטש. מיר האָבן אויך פריינט, און זיי האָבן אונדז אַלץ געגעבן צו פארשטיין.

שאָלעם־אַלייכעם. איך וואָלט אויך וועלן עס פארשטיין. עפּשער קאָן מען נאָך העלפן.

מאטיגין. קיינער וועט אייך ניט קאָנען העלפן. מיר האָבן אן אינסטרוקציע, א גענויע אינסטרוקציע: א ווערק, וואָס לעסטערט אין גאָט, דארפן מיר פארניכטן.

אָלגע. אוי!

שאָלעם־אַלייכעם נעמט זי פאר ביידע הענט, זיי שטייען פארגליווערט.

מאטיגין. וואָס זאָל מען טאָן, מאדאם. אזא איז אונדזער פליכט: פאר דער געטלעכקייט נעמען מיר זיך אָן.

שאָלעם־אַלייכעם. וועלכע געטלעכקייט? ווער רירט דאָרט אָן וועמענס געטלעכקייט?

ווארשאווסקי. דאָס איז פינקוסעס ארבעט! איך דערקען דאָ פינקוסעס א שטיקל ארבעט!

מאטיגין. איידעס! איר דארפט שטיין אָן א זייט! (ווארשאווסקי גייט אָפּ צום פענצטער.) סאפּאָזשקאָוו, דו ביסט פארטיק?

סאפּאָזשקאָוו (ראפּאָרטירט). די ביכער — גאנץ! די פּלאָמבעס — אף אָן אָרט. דער שלאָס — אין אָרדענונג.

מאטיגין. די צאָל ביכער?

ס אַ פּ אָ ז ש ק אָ וו. צווײ טויזנט.

מ אַ ט י ג י ן. און דער נאָמען? איך האָב ווידער פאַרגעסן דעם נאָמען.

ס אַ פּ אָ ז ש ק אָ וו. «Якнегоз», אײַער עקסעלענץ. א שווערער נאָמען.

מ אַ ט י ג י ן. אזא נאַציע. בא זײ זײַנען אַלע נעמען שווערע. איידעס! קומט צו נעענטער. סאַפּאָזשקאָוו, לייען!

ס אַ פּ אָ ז ש ק אָ וו (לייענט). „ראַבינאָוויטש, שולעם נוכימאָוויטש, אָן זשע שאָלעם־אַלײכעם, פּערעיאַסלאַוווער מעשטשאַנין פון ייִדישן גלויבן, 35 יאָר אַלט, קיין געריכטלעכע פאַרפאָלגונגען ניט געהאַט...

מ אַ ט י ג י ן. נו, נו, גיכער א ביסל, גיכער!

ס אַ פּ אָ ז ש ק אָ וו (הייבט אָן היפּערן). אפן גרונט פון די באַווײַזן, וואָס עס האָבן געגעבן מענטשן פון ייִדישן גלויבן, און אפן גרונט פון דער עקספּערטיזע, וואָס האָט געפּאָרשט דאָס בוך פון דעם אויבנדערמאָנטן ראַבינאָוויטש, אָן זשע שאָלעם־אַלײכעם...

מ אַ ט י ג י ן (אומגעדולדיק). נו...

ס אַ פּ אָ ז ש ק אָ וו. באַשלאָסן: דער שרײַבער ראַבינאָוויטש, אָן זשע שאָלעם־אַלײכעם, האָט אָנגעשריבן א גאָטלעסטעריש ווערק מיטן נאָמען „יאַקנעהאָז“, ווו עס ווערט אויסגעלאַכט די הייליקע שריפט און אויסגעשפּעט די געטלעכע טעקסטן — а посему דאָס אויבנדערמאָנטע ווערק ארויסנעמען פון דעם אוועטאָרס הענט, קאָנפיסקירן און פאַרניכטן...“

מ אַ ט י ג י ן (צו וואַרשאַווסקין). איר האָט אויסגעהערט — שרײַבט אונטער!

וו אַ ר ש אַ וו ס ק י. איך וועל ניט אונטערשרײַבן. לויטן געזעץ האָט דער אוועטאָר רעכט אָנ־צוגעבן א קאַסאַציע.

מ אַ ט י ג י ן (מיט כויזעק). אַרטיסט, איר פאַרשטייט אין געזעצן אויך?

ש אָ ל ע ם ־ אַ ל ײ כ ע ם. אין מײַן הויז זאָלט איר מײַנע בעסטע פרײַנט ניט באַליידיקן!

מ אַ ט י ג י ן. בעסטע פרײַנט... דער און דער... קאָנצערט!..

ש אָ ל ע ם ־ אַ ל ײ כ ע ם. ניט באַליידיקן! פאַרשטייער פון דער מאַכט דאַרפן אויך האָבן איבער זיך געזעצן.

מ אַ ט י ג י ן. געזעצן שרײַבן מיר, איר שרײַבט ביכלעך.

אָ ל גַ ע. און איר פאַרברענט ביכלעך.

מ אַ ט י ג י ן. איר דאַרפט שווײַגן, מאַדאַם. סאַפּאָזשקאָוו, פאַרטיק! (גייט אַרײַן אין צווייטן האַלב צימער, ווו די גאַראַדאָוואָיעס מיט סאַפּאָזשקאָוון שלעפּן שוין דעם שראַנק. מאַטיגין באַ־טראַכט דעם אַרבעט־צימער. דערזעט שטשעדרינס פּאָרטרעט אף דער וואַנט.) א באַקאַנטע פּער־זאָן. אויך אַמאָל דורכגעגאַנגען דורך מײַנע הענט.

ש אָ ל ע ם ־ אַ ל ײ כ ע ם. דער גרויסער שטשעדרין!

מ אַ ט י ג י ן. און ווער איז דער אַלטער? (טײַט אף מענדעלעס פּאָרטרעט.)

ס אַ פּ אָ ז ש ק אָ וו. דער איז פון די זייעריקע. נאָר מיר קענען די זייעריקע אויך. אַבראַמאָ־וויטש הייסט ער.

מ אַ ט י ג י ן (כויזעקט). אַבראַמאָוויטש — ראַבינאָוויטש... קאָנצערט... (גייט אַרויס, נאָך אים טראָגט מען דעם שראַנק.)

שאָלעם־אַלײכעם, אָלגע און וואַרשאַווסקי גייען נאָך ביז דער טיר. וו אַ ר ש אַ וו ס ק י גייט אַרויס.

אָ ל גַ ע. ניט א בוך, נאָר א לעבעדיקע נעשאָמע צוגענומען. פאַר מײַנע אויגן איז עס גע־באָרן געוואָרן, געוואַקסן, גענומען ריידן. אָט ווי א קינד וואָלט מען פון שטוב אַרויסגעטראָגן.

ש אָ ל ע ם ־ אַ ל ײ כ ע ם. דאָס מאָל שפּילט זיך מיט מיר. סע וויל מיר פאַרפינצטערן די נעשאָמע, אַרײַנוואַרפן מיך אין כוישעך און מאָרעשכוירע... (צו אָלגען.) די גרעסטע מאָטאָנע פון דיר וועט בא מיר זײַן, אַז דו וועסט עס ניט צולאָזן צום האַרצן. איך וויל בא דיר נעמען דאָס הייליקע וואָרט, אַז דו וועסט ניט וויינען.

עס קומט אַרײַן וו אַ ר ש אַ וו ס ק י.

וו אַ ר ש אַ וו ס ק י. אוועקגעפירט! אַרופגעשלעפּט אפן וואָגן, געבונדן, צוגעבונדן...

ש אָ ל ע ם ־ אַ ל ײ כ ע ם. און אוועקגעפירט צו דער אַקיידע! (וואַרשאַווסקי דריקט אים די האַנט.) איר פאַרשטייט מיך, ברודער, איר מוזט מיך פאַרשטיין. סטײַטש, איך, שאָלעם־אַלײכעם, פרײַ פייגעלע, האָב פליגל, קאָן פליִען און וויל פליִען, קאָן זינגען און וויל זינגען, און דער גאַנצער אוילעם וויל הערן — מוז איך זיצן פונדערווײַטנס אף א בוים און שווײַגן, וויגן זיך שטילערהייט אף אָן עלנט צווײַגעלע און שווײַגן, שווײַגן, שווײַגן.

וו אַ ר ש אַ וו ס ק י. אזא מײַסע איז ניט געהערט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט!

שאָלעם־אַלייכעם (טײַט אַף שטשעדרינס פּאָרטרעט). און ער? וואָס איז ער אויסגע־שטאַנען? בא זיי — שוואַרצע, בא אונדז — שוואַרצע, בא זיי טוט מען אין טויט אַרײַן די, וואָס גייען אין דער ליכטיק, בא אונדז לאָזט מען ניט לעבן די, וואָס ווילן אַרויספירן פון דער פינצטער־ניש. וואָס זשע, זאָל שאָלעם־אַלייכעם אַוועקלייגן, הייסט עס, שער־און־אײַזן, און אַן עק, א סאָף? נייִן, דאָס וועט מען בא שאָלעם־אַלייכעמען ניט פּויעלן, אַנדערש שרײַבן קאָן איך ניט און וויל ניט און וועל ניט. איך האָב געזאָגט по-щедрински וועט עס אַזוי זײַן. איך קען זיי, די יעהו־פּעצער נעגידים. זיי וואָלטן וועלן, אַז מיט שאָלעם־אַלייכעמען זאָל שוין אופהערן אַמאָל צו שאָלעם־אַלייכעמען. שויטים, נאַראָנים! זיי ווייסן ניט, אַז שאָלעם־אַלייכעם האָט פּאַרקאַטשעט די אַרבל און וויל ערשט אָנהייבן צו שאָלעם־אַלייכעמען. איך בין ניט פון יענע, וואָס ווערן אַזוי גיך צע־יאַכמערט. איך האָב עס פײַנט. (צו וואַרשאַווסקין.) מאָרעשכוירע וואַרפט אַוועק! אַצוועס אַף א זײַט! די געסט, די געסט לאָמיר רופן אַהער!

שאָלעם־אַלייכעם און אַלגע גייען אַרויס. וואַרשאַווסקי בלײַבט. אין צימער איז אַן אומ־אָרדענונג. דער פּאָרהאַנג — אַראָפּגעריסן, די בלומען־קרענצלעך — אַפן דיל, סע וואַלגערן זיך אַלבאָם־קאַרטלעך. ס׳קומט אַרײַן סאָרע, מיט איר — באַסקע.

סאָרע. א וויסטער, א פינצטערער, א שוואַרצער כאָלעם אַף זייערע קעפּ! וואָס האָבן זיי דאָ אָפּגעטאָן? געריסן, געביסן, צעשאָטן, צעטראָטן! סדוים, ערגער פון סדוים! (הייבט אָן אופראַמען.)

ס׳קומען אַרײַן ראַכיל, מאָניש, זאַלאַטושקין, אַשערל, טשערני, מוישע־עליע. זיי גייען איינציקווײַז און ווי אַף די שפּיץ פינגער. העלפן אופראַמען דעם צימער.

ראַכיל. אָט דאָס האָט שאָלעם־אַלייכעם פאַרדינט בא דער וועלט!

זאַלאַטושקין. א וועלט איז עס? שיינע צוויי פּעטש אין בײדע באַקן וואָלט איך איר געגעבן, דער וועלט אײַערער.

מוישע־עליע. נו, ווו זשע זײַנען זיי, די פּעטש?

מאָניש. עך, ווען עס זאָל שוין האַלטן דערבײַ!

מע הענגט אוף דעם פּאָרהאַנג. אַלע זײַנען פאַרנומען דערבײַ.

זאַלאַטושקין. מיך אַרט איינס — סע ברענט, סע בראָט מיך: פאַרוואָס קומט עס די יעהופּעצער נעגידים אַזויפיל נאַכעס? זיי האָבן עס הײַנט א שטיק נאַכעס! זיי לעבן עס א טאָג!

סאָרע. גאָטעניו געטרײַער! זאָלן זיי לעבן א טאָג — נאָר ניט מער!

ס׳קומט אַרײַן שאָלעם־אַלייכעם, פון איין זײַט באַגלייט אים שאַליטאַ, פון דער צווייטער — בראָניע.

שאָלעם־אַלייכעם. וואָס איז דאָ פאַר א שטילשווײַגעניש? וואָס שלאָפט מען דאָ, וואָס? צי מ׳האָט דאָ אָן מיר געגעבן א לעק פונעם ביטערן טראָפּן? צי איר זײַט גלאַט אַף א פּאָר שאָ אַראָפּ פונעם זינען? עפּעס איז דאָך בא אונדז הײַנט א סימכע.

סאָרע (טײַט אַפן צימער). א סימכע איז דאָ ערשט געווען. שוין איינמאָל א סימכע!

שאָלעם־אַלייכעם. ווער זאָגט עס: געווען? אונדזער סימכע וועט ערשט זײַן! אָט הערט אויס, וואָס דער מענטש (טײַט אַף שאַליטאַן) זאָגט אונדז. דער מענטש איז בא מיר באַגלייבט. פאַראַן, זאָגט ער, גוטע סימאָנים פאַר אונדז אָט דאָ אין אונדזער לאַנד. פאַראַן, זאָגט ער, צייכנס אַזעלכע, אַז מיר וועלן זײַן די באַלעבאַטים פון אונדזער וועלט, און יענע, די פלעדערמײַז, וועלן גיין צו אַלדי רוכעס! לאָמיר זשע לעבן מיט דער האָפענונג, וואָס מע האָט אונדז געגעבן. לאָמיר, קינדער, זיך אָנטאָן א קויעך און זאָל בא אונדז פריילעך ווערן.

וואַרשאַווסקי (גיט א שפּאַן אַף דער מיט צימער, הייבט אָן זינגען).

וואָס זשע דאַרף מען, ברידער, אומעטיק זײַן?
ס׳איז אַן אַווירע, כ׳לעבן, א גרויסע —
אַמער טראָגט אַרײַן אַן עמער ווײַן,
לאָמיר בעסער מאַכן א קויסע,
זיך מוטשען און זינגען לידער,
פליעסקעט, פליעסקעט, ברידער!..

(פּאָרהאַנג)

סאָף



אף דער פאָטאָ: שאָלעם־אַלייכעם און זײַן טאָכ־טער ליאַלי (מאָנטרע, סאָף זומער 1911).

# וועגן די זיכרוינעס פון ל. ראַבינאָוויטש

## (ליאַלי קויפמאַן)

ליאַלי קויפמאַן (1887—1965), שאָלעם־אַליי־כעמס צווייטע טאָכטער, האָט אין 1964 אין אירן א בריוו געשריבן: „איך בין אויך א שרײַבערן, איך שרײַב קורצע דערציילונגען, איך האָב אן ארטיקל, וואָס הייסט „מײַן פאָטער — שאָלעם־אלייכעם". איך האָב עס אָנגעשריבן מיט 20 יאָר צוריק אף יִדיש און ענגליש" („סאָוועטיש היימ־לאַנד", 1964, נומ. 3, ז. 157).

עס איז צו זען, אז ליאַלי קויפמאַן האָט פאר־געסן, אז וועגן איר פאָטער האָט זי געשריבן אויך אין רוסיש און ניט מיט צוואנציק, נאָר מיט דרײַ־סיק יאָר צוריק. דאָס ארטיקל, וואָס איז פובלי־קירט געווען אינעם זשורנאל „קראסנאיא נאָווי" (1936, נומ. 11, זז. 90—97), האָט, ווײַזט אויס, געבראכט צו אונדז איר מוטער אָלגא ראבינאָ־וויטש, וועלכע האָט אין 1936 באזוכט דעם סאָ־וועטנפארבאנד.

פון ליאַלי קויפמאנס זיכרוינעס דערוויסן מיר זיך א סאך אינטערעסאנטע פראָטים וועגן שאָלעם־אלייכעמען, וועגן זײַן שרײַבערישער לאבאָראַ־טאָריע, וועגן זײַנע מײַסטערהאפטע פאָרלעזונגען, וועגן זײַן ליבע צו דער אוקראַיִנישער ערד און צום אוקראַיִנישן פאָלקלאָר און נאָך און נאָך. אויב אייניקע פראָטים אין די זיכרוינעס זײַנען אונדז באקאנט, גייט עס אָבער פון טרוקענע דאָקו־מענטן. ליאַלי קויפמאנס זיכרוינעס זײַנען אָנ־געשריבן לעבעדיק, לאקאָניש, מיט שאָלעם־אליי־כעמדיקן הומאָר. אוואדע איז אונדז אָנגענעם און באגלייבט ליאַלי קויפמאנס גווִיעס־איידעס, אז „מיר לויפן אף מיטינגען. מיר הערן לונא־טשארסקין און פלעכאנאָוון. ווערא פיגנער שענקט אונדז אירע פאָטאָגראפיעס מיט אן אופשריפט. מיר לייגן אײַן די וועלט און באקומען אן אָרט אף וו. אי. לענינס לעקציעס. דער טאטע איז אויך מיט אונדז"...

צום באדויערן, זײַנען אָט די ביז גאָר וויכטיקע פאקטן אין שאָלעם־אלייכעמס ביִאָגראפיע געבליבן ניט אויסגענוצט.

דערציילט דאָך ליאַלי קויפמאַן, אז נאָך די לעקציעס פון לענינען, פלעכאנאָוון, לונאטשאר־סקין פלעגט שאָלעם־אלייכעם זאָגן: „אָט וועט איר זען, — אין רוסלאנד וועט נאָך זײַן א גרויסע רעוואָליוציע. נאָר ווי דערלעבט מען שוין דערצו־ווי?"

כ א צ ק ל נ א ד ע ל

ל. ר א ב י נ אָ ו י ט ש (ליאַלי קויפמאַן)

# מײַן פאָטער

אַלץ איז אין קיִעוו-גוט, איינס איז שלעכט — דער ברוק!
גריבער אַף גריבער. אַז מע פאָרט אַף א דראָזשקע, טרייסלט די נעשאָמע אַרויס.
אָט פאָרן מיר — איך און דער פאָטער. איך בין אַלט אַכט יאָר. מיר פאָרן אַף א סימכע צו אונדזערן א קאָרעוו, דעם אַדוואָקאַט מאַזאָר. זיצנדיק אַף דער דראָזשקע, זינגט דער פאָטער אַן אוקראַיִניש לידל:

У сусіда хата біла,
У сусіда жінка мила...[1]

— הער אוף זינגען! — זאָג איך צו אים: ס'איז מיר א כאַרפּע, וואָס ער זינגט.
וואָס טיפער די גריבער, וואָס העכער מיר שפּרינגען אונטער, אַלץ הילכיקער זינגט ער:

А у ме-е-е-не... ні хатинки...[1]

— הער אוף צו זינגען! — זאָג איך צו אים שטרענג און איך ציִ אים פאַרן אַרבל. — דו הערסט?
ער קאָטשעט זיך פאַר געלעכטער.
און מיר איז א כאַרפּע. ס'איז מיר א כאַרפּע, וואָס בא מיר איז אַזא טאַטע: זינגט אַף א דראָזשקע!
בא די מאַזאָרס איז שוין א פולע שטוב מיט געסט. מע שטייט, מע זיצט גרופּעסווײַז. ווי נאָר דער פאָטער קומט אַרײַן, קוקן שוין אַלע נאָר אַף אים. זײַן ניט גרויסע, באַוועגלעכע שטשופּלע פיגור, דער קאָפּ לאַנגע ווייכע בלאָנדע געקרײַזלטע האָר באַווײַזט זיך אָט דאָ, אָט דאָרט. אָט דאָ, אָט דאָרט — א געלעכטער...
און א פאָר קינדערשע אויגן קוקן אים נאָך, שפּירן נאָך נאָך אים: א מאָדנע טאַטע! ניט אַזאַ, ווי בא אַלעמען! וואָס שטעקט אין אים?..

מיר זײַנען צעלאָזן. קיינער שטראָפט אונדז פאַר קיין זאַך ניט. נו, אַז מיר הייבן אָן זיך שוין צופיל צו פעסטען, „באַשטראָפט" אונדז דער פאָטער יאָ. ער נעמט א צײַטונג, מאַכט פון איר א מין פעכער און פאַטשט אונדז דערמיט. דאָס האָט געהייסן „אָנפּיטשקען".
ליידן לײַדט פון דעם, קאָנטיק, מער פון אַלעמען טאַקע ער אַליין, ער ווערט בלייך און צע־טראָגן. די הענט ציטערן בא אים.

אין זאַל שטייט א גרויסער ראָיאַל. אָפט זעצט זיך דער פאָטער צו צו אים און שפּילט לויטן געהער. די ניגונים (שטענדיק טרויעריקע) זײַנען קעסיידער אַלציינע, יידישע, מיר ווייסן זיי. ער נעמט אַקאָרדן. ער האָט ליב צו זיצן לעבן ראָיאַל. „איך וואָלט עפּשער גאָר געוועזן א מוזי־קאַנט, ווען איך וואָלט ניט געוועזן קיין שרײַבער"...

מיר טומלען, און ער שרײַבט. מיר שלאָגן זיך, און ער שרײַבט. מיר טאַראַבענטשען איבערן ראָיאַל — ער שרײַבט. מיר שטערן אים קיינמאָל ניט. ער קומט אַרײַן צו אונדז אין קינדער־צימער מיט דער פּען אין האַנט.

---

[1] בא דעם שאָכן א שטוב א ווײַסע,
בא דעם שאָכן א ווײַב א פײַנע,
און איך האָב ניט קיין שטיבל...

ווי פרי מע זאָל ניט אופֿשטיין, שטייט דער פאָטער אוף נאָך פריִער — און גלײַך צום טיש — שרײַבן. געשריבן האָט ער שטייענדיק בא א הויכן טישל. ער האָט געשריבן און אליין געלאַכט. אין א ווייכן כאַלאַט, אין שטעקשיך אף די באָרוועסע פיס, שטייט ער פון גאנצפרי אָן און שרײַבט און בײַסט די נעגל, שרײַבט און בײַסט די נעגל...

פארן אוועקגיין אין גימנאזיע גיי איך ארײַן צו אים, איך דארף אים א קוש טאָן. אז איך וועל זיך אומקערן, וועל איך אָפּטאָקן א ליגן, אז איך האָב באקומען א „פינף”, ער זאָל האנאָע האָבן.

ער האָט פײַנט שלעכטע בסורעס. דער גרעסטער אָפּטימיסט בא אונדז אין שטוב איז ער.

מיר, קינדער, פארשטייען, אז לעבן לעבט זיך שווער, אז קיין געלט איז ניטאָ, אָבער מיט געלעכטער, פרייד און טומל איז פול די שטוב. פארשטייט זיך, אַלץ אדאנק אים. און עפשער... עפשער איז דאָס גאָר דער מוטערס אופטו...

א פארומערטער טאָג. פון אינדערפרי אָן גיסט א רעגן. דער טאַטע האָט פארשפּעטיקט צו מיטיק. איצט עסט ער אליין. די מוטער זיצט לעבן אים. ער דערציילט איר, אז ער האָט א גאנצן טאָג אומזיסט און אומנישט געשמײַעט אף דער בירזשע. גאָרנישט מיט ניט...

— טאקע גאָרנישט?

— גאָרנישט...

בא אים אפן טעלער — דער פארקלַיאַקנעטער מיטיק: א שטיק איבערגעשטאנען געבראָטנס, א האַלבע זויערע אוגערקע. ער זיפצט שווער, מעסוקן שווער.



שאָלעם־אַליכעם בא דער ארבעט (פעטערבורג, 1904)



„פיר זײַנען מיר געזעסן”:
כ.־נ. ביאַליק, מ. בען־אַמי, שאָלעם־אַליכעם און מענדעלע מויכער־ספאָרים
(זשענעווע, שווייץ, סענטיאַבער 1907)



שלום־עליכם

פאקסימילע פון שאָלעם־אַלייכעמס עפיטאפיע

א פריילעכער, א פריידיקער טאָג! א יאָמטעוו אין שטוב. איי, קינדער! דער טאַטע וועט היינט לייענען א נייַע דערציילונג זייַנע.

— דער פאפא וועט לייענען! דער פאפא וועט לייענען! — טאנצן מיר פאר סימכע.

און ער נעמט צונויף ארום זיך זייַן „רעפובליק" (אזוי האָבן מיר בא אים געהייסן) אָדער די „קאַליאַסטרע" און לייענט אונדז, קינדער, זייַנע ערשטע צוהערער און ערשטע קריטיקער.

און מיר לאַכן, קייַכן פאר געלעכטער, הערן די דערציילונג. מיר זייַנען צופרידן, מיר פרייען זיך, פונקט ווי מיר וואָלטן געשריבן מיט אים אינינעם, און דערציילונגען איז פאראן אזויפיל, און זיי שרייַבן זיך אזוי לייַכט... א טאָג, צוויי — און פארטיק די פיש. איי, קינדער!

ניט ווייניקער האנאָע האָבן אונדז פארשאפט אויך די מוזיק־אָוונטן. מ. ווארשאַווסקי (דער אווטאָר פון פאָפולערע יידישע לידער) פלעגט קומען צו גיין צו אונדז טייקעף, ווי נאָר ער פלעגט פארפאסן א נייַע ליד.

דאָ, בא אונדזער גרויסן ראָיאַל, זינגט ער זי אויס מיט זייַן באריטאָן און אקאָמפאנירט זיך אליין.

„און דער רעבע לערנט קליינע קינדערלעך דעם אלעפבייס..." — קלינגט זייַן קאָל אין אונדזער גרויסן נידעריקן זאַל. מיר, קינדער, שטייען באם ראָיאַל און קוקן ווארשאַווסקין אין מויל אריַין.

מיר זייַנען מיט אים די בעסטע גוטפרייַנט. ער, ווארשאַווסקי, קען דאָך כוץ אלע זיבן זאכן קרייען ווי א האָן, מעקען ווי א ציג און מיאוטשען ווי א קאץ. וויפל מאָל, אז ער פלעגט קומען צו אונדז, פלעגן מיר זוכן די קאץ אונטערן דיוואַן. ער איז געווען א קלייניקער, א גראָבטשינקער, א פריילעכער, א מענטש אָן א גאַל. געשטאָרבן איז ער אין א מעשוגאָים־הויז.

דאכט זיך, דער פאָטער האָט קאָרעגירט זייַנע לידער.

באם פאָטער אין קאבינעט, אפן שרייבטיש, איז פול מיט אויסטערלישע זאכענישן. א ציגארן־פושקע, ווי א קעסטל, מיט א געהיימען שלאָס. בלויז דער פאָטער קען אים עפענען. און אָט איז דער בארימטער קלייניקער וועלאָסיפעד. באַרימט איז ער דערמיט, וואָס ווער עס זאָל ניט קומען צום פאָטער, נעמט ער אומבאדינגט אין די הענט דעם דאָזיקן וועלאָסיפעד. דער פאָטער נעמט אים שווייַגנדיק צו, נאָר די אויגן לאכן בא אים דערבייַ...

מענטשן קומען. פארשיידענע מענטשן. דער פאָטער רעדט מיט זיי ערנסט, אָבער זייַנע אויגן!.. מיר ווייסן שוין: ער „שפּילט טעאַטער". אָך, ווי גוט ער קען „שפּילן טעאַטער"! ער איז א וווּנדערבארער אקטיאָר. ווען ער וואָלט ניט געווען קיין שרייַבער, וואָלט ער געוויס געווען אַן אקטיאָר. שפעטער, ווען דער „גאַסט" וועט אוועקגיין, וועט דער פאָטער אים נאָכמאכן און מיר וועלן זיך קייַקלען פון געלעכטער...

יאָ, לאַכן, אויסלאַכן האָבן מיר ליב. ער האָט אונדז אויסגעלערנט.

בא אָט דעם צויבער־קעסטעלע מיט ציגארן, דרייענדיק דעם געהיימען שלאָס, האָט דער פאָטער, ניט באמערקנדיק, אז איך בין דאָ אין קאבינעט, איינמאָל געזאָגט צום גאַסט:

— און ווי זואָלט זייַן, אשטייגער, ווען איך זאָל בעטן אנטלייַען א פינף־און־צוואנציקער?

אין די קעסטלעך בא דעם פאָטער אין שרייַבטיש איז א כאַאָס, דאָרט איז פאראן פון וואָס נאָר איר ווילט הערן און גערענקען. פלעשעלעך מיט קליי, טשוועקעלעך, צווענגלעך, נאָטיץ־ביכעלעך — אלץ, וואָס מע דארף באם שרייַבן. א גומען שטעמפל — צוויי געשלאָסענע הענט: „שאָלעם־אליכעם", ער שטעלט עס, דאָס שטעמפל, פון אויבן אף יעדן בריוו.

עס טרעפט, ער מאכט „אָרדענונג" אפן טיש. און ווען אלץ איז שוין טאקע אין בעסטער אָרדענונג, זעצט ער זיך און... און דעם טאָג שרייַבט ער שוין ניט. זיצט און קוקט אף דער אָרדענונג, און שרייַבן שרייַבט זיך גראָד ניט...

ווען מיר דארפן געלט, גייען מיר צום פאָטער. דעמלט, נאָך גאָר קינדער, האָבן מיר ניט פארשטאנען, וואָס פאר א גרויסע קונסט דאָס איז ג ע ב ן און ווי ווייַט ער באהערשט די דאָזיקע קונסט. אזא איז ער פארבליבן אפן גאנצן לעבן: דער גרעסטער דזשענטלמען אין געלט־זאכן. אמאָל, גאָר אמאָל, אזוי האָבן מיר אָפט געהערט אין דער קינדהייַט, איז דער פאָטער געווען רייַך, האָט געטרענצלט געלט, האָט מיט דער פולער האנט געגעבן אף רעכטס און אף לינקס, זייַן שטוב איז געווען אָפן פאר יעדן איינעם...

יענע צייַטן געדענקען מיר שוין ניט. פאר אונדז איז עס א לעגענדע, איינע פון יענע מייַסעס, וועלכע ער האָט אונדז דערציילט אין דער קינדהייַט.

דער פּאָטער איז שטענדיק אָנגעטאָן זאָרגפעליק, שיין און אָריגינעל. שענער, ווי אַלע אַנדערע, אָריגינעלער. עפּעס אַזעלכע מינע זאַפּאַנקעס. דער שניפּס פאַרבונדן ניט אַזוי, ווי בא אַלעמען. אַ סאַמעטענער זשילעט מיט גרויסע קנעפּ. ער איז אַן עסטעט. ער דערלויבט אונדז ניט אָנטאָן אַזוינס, וואָס ווײַזט אים אויס צו זײַן ניט שיין. אַנומלטן איז אים שטאַרק ניט געפעלן דער מאַמעס אַ הוט; זי האָט זיך אַזוי לאַנג געקליבן קויפן אַן אַנדערן, ביז ער האָט יענעם הוט צעשניטן אויף האַלב און אופגעהאַנגען אויף דער וואַנט. אַן אַנדערשמאָל האָט ער זיך בעקיוון אוועקגעזעצט אויף דער מאַמעס אַ הוט, האָט זי שוין ווילנדיק ניט ווילנדיק געמוזט קויפן זיך אַ צווייטן.

ווען ער טוט אָן אַ נײַעם אָנצוג, באַקומט זײַן פּאָנעם אַ נײַעם אויסדרוק, אַ יאָמטעוודיקן, עפּעס גאָר אַ באַזונדערן אויסדרוק.

— אַך, דער פּעטער איז שוין פאַרפּוצט אין אַ נײַעם אָנצוג! איך האָב עס דערקענט אין זײַן פּאָנעם! — לאַכט די פּלעמעניצע, נאַטאַשע מאַזאָר.

דער פּאָטער האָט אַ „ווײַגרישנע” בילעט, און יעדעס יאָר וואַרט ער אויף אַ געווינס, און יעדעס יאָר נאַרט ער זיך אָפּ.

די באָבע זאָגט צו דער מוטער:

— שאָלעם האָט שוין ווידעראַמאָל געשיקט געלט מײַן ברודער. נאַכוואָס טוט ער עס? ער האָט דאָך אַליין ניט!

איך פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס זי איז אומצופרידן.

דער פּאָטער דערציילט עפּעס דער מוטער מיט גרויס היספּײַלעס.

— ווידער פּליסטו אין די הימלען! — לאַכט די מוטער. — מענאַכעם־מענדל!

דער פּאָטער ווערט גיך צוגעזאָגטן צו מענטשן און פונקט אַזוי גיך ווערט ער אָפּגעקילט.

— קינדער! טאָמער קומט אַרײַן דער־און־דער, זאָלט איר אים זאָגן — איך בין ניטאָ אין דער היים!

באַם פּאָטער איז אַ קאַטער. ער גייט אַרום איבערן צימער מיט אַ גרויסן האַנטעך אויף די אַקסלען.

דער „אַפּטשכי! אַפּטשכי! אוי־אוי־אוי!..” לאָזט זיך הערן אַפילע אין דרויסן.

ער האָט גאָר קיין געדולד ניט און קאָן ניט איבערטראָגן דעם קלענסטן ווייטעק.

יעדן זומער פאָרן מיר אַרויס אויף דאַטשע אין אַ סאָסנאָוון וואַלד, אין באָיאַרקע („בויבעריק”). דאָרט וויגן מיר זיך אין הענגבעטלעך, טרינקען קעפיר און גייען מיטן פּאָטער אין „נאַדסאָנס טאָל” (אַ לאָנקע אין סאָסנאָוון וואַלד, וווּ עס פלעגט זײַנערצײַט ליב האָבן צו זיצן דער שווינדזיכטיקער נאַדסאָן).

דער פּאָטער האָט לײַדנשאַפטלעך ליב די נאַטור. יעדן זומער פונדאַסנײַ רופט בא אים אַרויס אַ צאַפּלדיקע פרייד דער וואַלד, דאָס געזאַנג פון די פייגל, די שישקעס, וואָס פאַלן פון דיביימער...

יעדן זומער רופט בא אים אַרויס אַ צאַפּלדיקע פרייד דער הימל, דער זון־אופגאַנג, די שקיע־שײַן, דאָס גרעזל, וואָס שמעקט אַזוי, ווען מע צערײַבט עס אין די הענט...

ער האָט זייער ליב פייגל.

קאַיאָר אין באָיאַרקע. די לופט איז ריין און דורכזיכטיק. שאַ־שטיל. נאָר פייגל צוויטשערן און שישקעס פאַלן...

דער פּאָטער שטייט אין סאָד. דאָס לײַכטע ווינטל שויבערט די לאַנגע האָר. די אויגן זײַנען פאַרטראַכט און קוקן ערגעץ אין דער ווײַט. ער האַלט אַ שטיקל ברויט אין האַנט און וואַרפט ברעקלעך די פייגל.

מיר וואַקסן...

ווי טעוויעס טעכטער, וואַקסן מיר אין שלאָף.

מע פיטשקעט אונדז שוין לאַנג ניט מיט קיין צײַטונג, צונויפגעלייגט ווי אַ פעכער.

לעבן לעבט זיך, ווײַזט אויס, אַלץ שווערער און שווערער. אונדזער גרויסן זאַל האָט מען צעטיילט אויף צוויי טיילן. אין איינעם וועט זײַן אַן „אופנאַם־צימער”, אין דעם צווייטן עפּנט די מוטער אַ צײַנדאָקטער־קאַבינעט, און אויף דער טיר פון דעם פאַראַד־אַרײַנגאַנג באַווײַזט זיך אַ נײַ שילדל, וווּ עס שטייט געשריבן מיט גאָלדענע אויסיעס אויף אַ שוואַרצן פאָן:

ציינדאָקטער־קאַבינעט
א. מ. ראַבינאָוויטש

עפּשער וועט דאָס שילדל העלפֿן.

— ווי האָט איר עס, אָלגאַ מיכײַלאָוונאַ, באַוויזן? פֿינף קינדער, קיין אײַנהאָרעו, אַזאַ שטוב, אַזאַ ווירטשאַפֿט און נאָך באַזוכן ציינדאָקטער־קורסן! מאַמעש צו באַוווּנדערן!..

אַזוי טײַנען צו דער מוטער אירע באַקאַנטע „דיקע דאַמען". זיי, אָט די דיקע דאַמען, פּוסטע־פּאַסעווען גאַנצע טעג. ווינטער אָרדנט מען אײַן אָוונטן מיט קאָרטן־שפּיל, זומער לאָזט מען זיך וווילגיין אַף די דאַטשעס אין לײַכטע פּעניוואַרן...

דער פֿאָטער קאָפּירט זיי. ער האָט ניט ליב ניט די דאָזיקע דיקע דאַמען, ניט זייערע אָוונטן, ניט דעם גאַנצן רײַכן, בורזשואַזן קיעוו.

טרויעריקע, פֿאַרומערטע טעג איז איצט מער, ווי פֿריילעכע. דער פֿאָטער האָט אָנגעהויבן אַרומפֿאָרן איבער פּאַרשיידענע שטעט אַף אָוונטן, וווּ ער לייענט פֿאָר זײַנע ווערק.

— איר ווייסט, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט? — האָט ער אונדז איינמאָל געזאָגט מאָלע־סימכע. — לאָזט זיך אויס, דיקענס איז אויך אַרומגעפֿאָרן און פֿאָרגעלייענט זײַנע ווערק...

מע טראָגט אַרויס דעם ראָיאַל.

דער פֿאָטער שרײַבט אַ סאַך. אָן אַנדערשמאָל גאַנצע טעג נאָכאַנאַנד.

ער ענטפֿערט אַף יעדן באַקומענעם בריוו. דער קסאַוו איז בײַ אים אַ פּערלדיקער. אַ וווּנ־דערבאַרער קסאַוו!

— פּאַפּוליע! — בעט איך בײַ אים. — שרײַב מיר איבער די פּראָגראַם פֿאַר די עקזאַמענס מיט דײַן קסאַוו...

ער שרײַבט איבער.

ווען דער פֿאָטער האָט זיך אומגעקערט פֿון פּעטערבורג, האָט ער אונדז דערציילט, וואָס פֿאַר אַן אײַנדרוק עס האָבן געמאַכט אַף אים די רוסישע שרײַבער, מיט וועלכע ער האָט זיך דאָרט באַקענט.

— לעאָניד אַנדרייעוו איז מיר ניט געפֿעלן. אַ קאַלט פּאָנעם. מאַקסים גאָרקי — אַ מעגוּשעמ־דיקער, מיט מעגוּשעמדיקע הענט און פֿיס. אַ ווילדער „גוי"! אַן אויסגעצייכנטער!.. אַ טײַע־רער „גוי"!

עס איז געבוירן געוואָרן נאָך איינער — נומע, נוטשיק. איצט זײַנען מיר זאַלבעזעקס.

1905. אַף די קיעווער גאַסן — פֿול מיט מענטשן. דער קייסער האָט געשאָנקען אַ קאָנסטיטוציע! דער פֿאָטער איז שטאַרק אופֿגערודערט, אופֿגערודערט מער ווי אַלע איבעריקע.

און אין אָוונט — אַ ייִדישער פּאָגראָם. דער באַוווּסטער האָטעל „אימפּעריאַל", וווּ עס האָבן זיך געראַטעוועט ייִדן פֿון אַלע עקן שטאָט. דעם שווייצאַר האָט מען אונטערגעקויפֿט. איצט שטייט ער בײַ דער טיר מיט אַן איקאָנע. מיר זײַנען אויך דאָ, אין האָטעל...

דער קייסער האָט אָפּגענאַרט.

דער פֿאָטער, בלייך ווי דער טויט, גייט ניט אַוועק פֿון פֿענצטער. ער שטייט און קוקט, וואָס עס קומט פֿאָר אַף דער גאַס...

דער דאָזיקער אָוונט האָט געלייזט אונדזער גורל. מיר פֿאַרלאָזן אי קיעוו, אי רוסלאַנד — מיר עמיגרירן.

אָן געלט, אָן פּלענער, מיט אַזאַ מישפּאָכע, מיט די פּערענעס — מיר פֿאָרן, און פֿאָרן. וווּהין?

ערגעץ־וווּ! ערגעץ־וווּ, וואָס ווײַטער פֿון דעם לאַנד, וווּ דער פֿאָטער האָט, שטייענדיק באַם פֿענצטער, געזען דאָס, וואָס ער האָט געזען...

דער טאָג פֿון אונדזער אָפּפֿאָר איז געווען דער טאָג, ווען מע האָט געשטעלט די כופּע בײַ מײַן עלטערער שוועסטער, טיסי. בײַ אונדז אין דער מישפּאָכע האָט זיך באַוויזן אַ נײַער מענטש — בערקאָוויטש.

ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט אים צום ערשטן מאָל, האָבן מיר זיך אַפילו ניט פאַרגע־שטעלט, וואָס פאַר אַ ראָל אָט דער מענטש וועט שפּילן שפּעטער בא אונדז אין דער מישפּאָכע, ווי נאָענט ער וועט ווערן דעם פאָטער, ווי טיף ער וועט זיך צונויפלעכטן מיט אים. און מיר, קינ־דער, וועלן דאַרפן אָפּטרעטן אים דעם אויבנאָן לעבן דעם פאָטער און וועלן עס טאָן אָן איבעריקע רייד און טײַנעס, ווײַל מיר וועלן דערפילן, אַז דאָס דאַזיקע רעכט האָט אים געגעבן זײַן גרויסע ליבע צום פאָטער.

דער ערשטער עטאַפּ פון עמיגראַציע — די עסטרײַכישע גרענעץ, בראָד.

— דאַנקען גאָט! איבערגעקומען די גרענעץ! — זאָגט נערוועז דער פאָטער.

מיר זײַנען צעטומלט. אַרום אַ ראַש, אַ האַרמידער, באַלעגאָלעס שלעפּן אונדז בא די פּאָלעס. אין דעם הו־האַ האָבן מיר פאַרלאָרן די זאַכן, און וואָס זאָלן מיר טאָן מיט די פּערענעס?

מיר ראַטעווען זיך קיין לעמבערג. דאָרט איז דער ערשטער גרויסער אָוונט, און מיר זעען דעם פאָטער צום ערשטן מאָל פאַר אַ גרויסן עולם. מיר הערן אַפּלאָדיסמענטן. מע כאַפּט אים אונטער, מע טראָגט אים אויף די הענט. און דער קלײנער נומע דערשרעקט זיך. ער וויינט: וווהין טראָגט מען עס אַוועק זײַן פּאַפּע?

צו אונדז קיין לעמבערג קומט צו פאָרן מיכאַעל קויפמאַן, מײַן צוקינפטיקער מאַן.

דער טאַטע, בערקאָוויטש, טיסי און איך — אַלע צוזאַמען פאָרן מיר אַרום איבער די גאַלי־ציאַנער שטעטלעך, וווהין דעם פאָטער לאַדט מען אײַן לייענען זײַנע ווערק. נאָך יעדן אָוונט — אַ פּראָווינציעלער באַנקעט: אַן אײבעריקער קוואַל פון כאָכמעס און געלעכטער פאַר אונדז אַלעמען.

דער פאָטער איז אַן אויסגעצייכנטער פאָרלייענער! ער לייענט זײַנע ווערק פּרעכטיק.

עס זיצט זיך אונדז ניט אויף אַן אָרט. מיר פאָרן ווײַטער. אָט זײַנען מיר שוין אין דער שווייץ, אין זשענעווע.

מיר זײַנען פאַרפאָרן קיין רויט־קאַראָלין, ווו עס איז זײַנערצײַט געווען יעדער רוסישער רעוואָליוציאָנער. מיר לויפן אויף מיטינגען. מיר הערן לונאַטשאַרסקין און פּלעכאַנאָוון. ווערא פיגנער שענקט אונדז אירע פאָטאָגראַפיעס מיט אַן אויפשריפט. מיר לייגן אײַן די וועלט צו קריגן אַן אָרט אויף וו. אי. לענינס לעקציעס... דער טאַטע איז אויך מיט אונדז.

— אָט וועט איר זען, — זאָגט ער, — אין רוסלאַנד וועט נאָך זײַן אַ גרויסע רעוואָליוציע. נאָר ווי דערלעבט מען שוין דערצו? ווי?

אָבער ניט דער פאָטער, ניט די מוטער קאָנען ניט בלײַבן אין זשענעווע. ניין, דער פאָטער קאָן זיך ניט פאַרגינען אַרומשפּאַצירן איבערן ברעג פון דער שיינער זשענעווער אָזערע. מע דאַרף געלט. מע דאַרף פאָרן קיין אַמעריקע... דער מאַמען ווילט זיך זייער ניט. מיר זעען, ווי זי וויינט שטילערהייט... זיי פאָרן אַוועק אינדרײַען: דער פאָטער, די מוטער און דער קלײנער נומע.

דער פאָטער שרײַבט אונדז פון ניו־יאָרק — אַלעמען אינײנעם און יעדן באַזונדער. ער שרײַבט אַ סאַך, מיט הומאָר, אינטערעסאַנט און מונטער. און, ווי שטענדיק טרויעריק, שרײַבט צו אַ פּאָר ווערטער די מוטער.

נאָר אָט קערן זיי זיך אום, אָט שפּאַצירט שוין דער פאָטער איבער פלען־פּאַלע מיט מענדע־לען, — אי דער „זיידע“ אי דאָס „אייניקל“ זײַנען פאַרטיפט אין אַ שמועס. נאָר, מיר דוכט, ניטאָ באַם פאָטער דאָ, אין זשענעווע, יענע האַפּערדיקײַט, וואָס פריִער. עפּשער האָט ער כאַראָטע, וואָס ער איז אַוועק פון רוסלאַנד?

צו אונדז צוגאַסט איז געקומען צו פאָרן דער פּאָעט כאַיִם־נאַכמען ביאַליק. ביידע, סײַ דער פאָטער, סײַ ביאַליק, פירן זיך אויף ווי כיידער־ייִנגלעך. די שטוב איז פול מיט געלעכטער, און דאָ מאַכט זיך נאָך אַ מײַסע מיט אַ פּאָר שטעקשיך, וועלכע ביאַליק האָט פאַרגעסן, אַוועקפאָרנדיק. דער טאַטע האָט זיי פאָטאָגראַפירט און אַוועקגעשיקט צוזאַמען מיט אַ בריוו (אויף ייִדיש):

אײַ, ביאַליק, ביאַליק!

איר זײַט אַוועקגעפאָרן און — ווי אין וואַסער אַרײַן. וויאַזוי שרײַבט דאָס ניט אַ מענטש אַ בריוול? איך האָב צו אײַך, זאָלט איר וויסן, אַ גרוס, טרעפט פון וועמען? פון אײַערע שיך, פון אײַערע שטעקשיך. אויף מאָרגן נאָך אײַער אָפּרײַזע פון דער שווייץ בין איך אויפגעשטאַנען, ווי אַלעמאָל, גאַנצפרי און, ווי אַלעמאָל, אָנגעבויגן זיך אונטערן בעט נאָך מײַנע שיך. איך טו אַ קוק — אַ פּאָר שיך, גאַנץ אומבאַקאַנטע שיך, קעסטלדיקע שטעקשיך מיט לעדערנע נעזלעך. איך באַטראַכט די שיך — נאָך גאַנץ גוטע שיך, נײַע שיך!

ווּעמעס איז דאָס שיף? ערשט עס לאָזט זיך אויס א מײַסע: ס׳איז ביאַליקס שיף! ווי קומט אהער ביאַליקס שיף? מיסטאמע האָט ער פארגעסן די שיף? און עפשער האָט ער דאָס מיר געלאָזן א מאטאָנע זײַנע שיף? בעקיצער, ס׳איז געוואָרן א טאראראם אין שטוב: שיף־שיף, שיף־שיף!..

קוידעם האָט זיך באוויזן טיסי און איז ארויס מיט א טײַנע, אז די שיף דארפן זײַן אירע שיף. איר בערקאָוויטש איז מיט ביאַליקן גאָר איינס, קומט איר די שיף. איז ארויס די צווייטע מײַנע, ליאַלי, די, וואָס שטודירט אף דאָקטער מעדיצין:

די שיף דארפן זײַן, אלפי־יוישער, זאָגט זי, אירע שיף. וואָס איז די מײַסע? אזוי, זי האָט ניט קיין שטעקשיף. זי האָט שוין, זאָגט זי, לאנג כיישעק קויפן שיף. זאָגט עמא, די דריטע הייסט עס, אז די שיף מעגן זײַן אירע שיף, וואָרעם זי האָט אוואדע ניט קיין שיף! טײַנעט די קלענערע, מארוסי, אז איר נעשאָמע איז אויך ניט פון קלאָטשע, די שיף זײַנען גוט אף איר אויך.

דערהערט נומטשיק, אז מע רעדט פון שיף, וויל ער גאָר ניט וויסן, וואָס פאר שיף, און צעשרײַט זיך: מאמע, איך וויל שיף! פונעם געפילדער כאפּט זיך אוף מישא און מאכט א פּאָגראָם!

די שיף, זאָגט ער, זײַנען זײַנע שיף, וואָרעם ביאַליק איז ניט געשלאָפן מיט קיינעם, נאָר מיט אים, געהערן אים די שיף „אלפי־סאָוועסט“.

דער פּאָטער האָט באקומען א מאטאָנע א טאשן־זייגער, א זייגער אזוינס ווי אזעלכעס: יעדע פערטל שאָ שפּילט ער א זיסן ניגן. יעדע רעגע נעמט דער טאטע אים ארויס פון קעשענע, לייגט צו צום אויער און הערט זיך צו...

דאָ, אין זשענעווע, ווערט אָרגאניזירט לעקאָוועד דעם פּאָטער א גרויסער אָוונט. נאָכן אָוונט האָט די רעוואָליוציאָנער געשטימטע סטודענטישע יוגנט געמאכט אים אן אָוואציע.

דער פּאָטער האָט זייער ליב די קלייניקע טאמארע, טיסיס טעכטערל. יעדן אינדערפרי גייט ער אוועק שרײַבן אפן „רוסאָ־אינדזל“, און זי — מיט אים. דאָרט שרײַבט ער, און זי זיצט און קוקט אף אים.

דאָ, אין דער שווייץ, הייבט ער אָן צו שרײַבן זײַן אווטאָביאָגראפיע — „פונעם יאריד“, וועלכע עס איז אים ניט באשערט געווען צו ענדיקן... און דערפירן זי ביזן סאָף האָט ער אזוי געוואָלט!

איך פארלאָז די שווייץ די ערשטע, און דער טאטע זאָגט, אז מיר וועלן זיך טרעפן אין רוסלאנד. געטראָפן האָבן מיר זיך... אין באראנאָוויטש! איך האָב אים קוים דערקענט — אן אויסגעדארט פארוואקסן פּאָנעם... אויסגעלאָשענע אויגן...

זײַן טריומפאלע יאזדע איבער די רוסישע שטעט, ווו ער האָט געלייענט זײַנע ווערק און ווו דאָס פאָלק האָט אים באגעגנט מיט ענטוזיאזם, מיט אויסערגעוויינלעכער ליבע, ווי א פאָלקסשרײַבער, האָט זיך געענדיקט טראגיש.

לייענענדיק אף אן אָוונט אין דעם שטעטל באראנאָוויטש, האָט ער צום ערשטן מאָל זיך באגעגנט אויג־אף־אויג מיט זײַן מאיעסטעט, דעם מאלעך־האמאָוועס. טובערקוליאָז. די גאנצע באראנאָוויטשער יוגנט האָט פון פרי ביז נאכט, לויט דער ריי, געוואכט בא זײַן געלעגער. דאָס מאָל האָט מען אים געראטעוועט.

מיט א שוואכער שטים פרעגט ער בא מיר, וואָס שרײַבט מען אין די צײַטונגען וועגן זײַן קרענק.

— נומטשיק! (מיט אים זײַנען די מוטער און נומטשיק) — ווענדט ער זיך צו דעם קליינעם, צו נומען, — אנו, זינג איר אויס «Смейся, паяц»[1]. אָט ווּעסטו באלד עפּעס הערן...

נומע שטעלט זיך אוועק אין א פּאָזע און שרײַט מיט באנומענע קוילעס, דאָס זינגט ער אזוי:

Смейся, паяц,
Над раз-би-той лю-бо-вью...

זייער קאָמיש!..

— אוי! כ׳וועל ניט אויסהאלטן! — לאכט דער פּאָטער מיט א שוואך געלעכטערל און האלט זיך באם בויך. — נו, לאָמיר ריידן וועגן פרייילעכערע זאכן... ניט וועגן דער קרענק...

מיר פראווען זײַן פינף־און־צוואנציק־יאָריקן יובילעי — טעלעגראמעס פון אלע עקן וועלט, און ער, דער יובילאר, ליגט אין בעט, א קראנקער, און שפּײַט אין א פלעשעלע... א קאטאסטראָפע,

---

[1] שורעס פון דער באוווסטער אריע פון קאָניאָ אין לעאָנקאוואלאָס אָפּערע „פּאיאצן“.

וואָס האָט אופגערודערט די גאַנצע מישפּאָכע, איבערגעקערט אַלע פּלענער, אינגאַנצן געענדערט דעם גאַנג פון אונדזער לעבן.

איך געזעגן זיך מיט אים, ער פאָרט אוועק מיט דער מוטער קיין איטאַליע (קיין ריוויערע), צו דער זון. ער קושט מיך און מײַדט דערבײַ אויס מײַנע ליפּן. עס פאַרקוועטשט דאָס האַרץ...

אָבער איטאַליע! דאָרט מוז דאָך געשען א נעס! און דער נעס איז געשען...

וואַרשע. די מוטער איז געקומען אהער „אויסקויפן" צו דעם פאָטערס פינף־און־צוואַנציק־יאָריקן יובילײַ זײַנע ווערק, וועלכע ער האָט אַמאָל פאַרקויפט בעזיל־האַזאָל. אַצינד דאַרף זי זיי אויסקויפן בא די פאַרלעגער — די עקספּלואַטאַטאָרס. זיי האָבן אים שטענדיק אָן ראַכמאָנעס עקספּלואַטירט. ס'איז ניט קיין לײַכטע שליכעס. גאַנצע טעג לויפט זי אַרום, זעט זיך מיט פאַרשיידענע מענטשן, איז פאַרטאָן ביז איבערן קאָפּ, נערוווירט זיך... מאַטריצעס, מאַטריצעס, מאַטריצעס... אָט־אָט און זי איז שוין באַם ציל... דעמאָלט באַקומט זי אַ בריוו פון דעם טאַטן (אף רוסיש, ווי שטענדיק):

„מײַן טײַערע! איך וואָלט זייער וועלן האָבן אַזאַ כאַלאַט, ווי א. פּ־קי. אַ בלויען, אף רויטן אונטערשלאַק, מיט רויטע פּרענדזלעך..."

אונטערגעשריבן: „דײַן קונדעס".

די מאַמע לייגט ארײַן דעם בריוו אין איר גרויסן רידיקיול, ווו זי האַלט פאַרשיידענע פּאַפּירן, בריוו, רעצעפּטן... פאַרפאַלן דער כאַלאַט! אַך! איך פיל (איך בין אויך דאָ), ווי עס גלוסט זיך אים האָבן אַזאַ כאַלאַט! פּונקט ווי מיר גלוסט זיך האָבן די אַלע קליידער, וואָס איך זע אין די שויפענצטער. צוויי טעג פלי איך אַרום איבער וואַרשע — געפונען! א בלויער, אף רויטן אונטערשלאַק, נאָר א שאָד, וואָס אָן פּרענדזעלעך. ניטאָ קיין רויטע פּרענדז אין גאַנץ וואַרשע!

ווען איך האָב זיך ווידעראַמאָל געטראָפן מיט אים אין נערווי, איטאַליע (געקומען בין איך אהין שוין נאָך מײַן כאַסענע), איז ער געווען ווידער דער זעלבער טאַטע, א פּריילעכער, א מונטערער, א לעבנסלוסטיקער, מיט א פריילעכן געלעכטער. ער איז פאַרברוינט געוואָרן אף דער זון, האָט אינגאַנצן אופגעהערט הוסטן, איז געווען פול מיט האָפענונגען...

— די זון! אַלץ די ליכטיקע זון! — זאָגט ער מיר און קוקט פאַרליבט אף דער זון.

ער פירט מיך אָנקוקן די פּראַכט פון איטאַליע. א בלויער יאַם, א בלויער הימל.

— דו זעסט די בערג? דעם יאַם? דאָס איז אַלץ מײַנס! און איך האָב עס אַלץ אוועקגעשענקט טאַמאַרען!..

ער שטעלט מיר פאָר מײַנע שוועסטער:

— דאָס איז עמאָטשקע. מײַן סעקרעטאַרשע. איך ווייס גאָר ניט, וואָס איך וואָלט געטאָן אָן איר. זי נעמט צונויף מײַנע מאַנוסקריפּטן, בריוו, נאָטיצן, זי מאַכט בא מיר אָרדענונג.

— און דאָס איז מאַרוסקע. זי גיט אכטונג אף מײַן געזונט. זי זאָגט מיר, וואָס איך דאַרף עסן, וויפל און ווען שפּאַצירן... איך פאָלג זי אין אַלץ...

אָנגעטאָן אינגאַנצן אין ווײַסן, שפּאַצירט ער איבערן ברעג יאַם, איבער דער „מאַרינע". נאָך אים — טאַמאַרע. בא אים אין די הענט — דאָס באַוווּסטע קליינינקע נאָטיץ־ביכעלע, ווו ער שרײַבט עפּעס גיך־גיך, גייענדיק.

— א שרײַבער פון רוסלאַנד! — שעפּטשען פאַרבײַגייער. דאָ, אין נערווי, ווייסן אים אַלע טאַקע אונטער דעם נאָמען: „דער שרײַבער פון רוסלאַנד".

דאָ זײַנען דאָ א סאַך רוסן, א סאַך עמיגראַנטן, א סאַך קראַנקע.

איינמאָל קערט ער זיך אום פון דער „מאַרינע", און די מוטער פרעגט בא אים:

— און ווו איז דײַן מאַנטל?

— וואָסער מאַנטל? — פרעגט דער פאָטער.

— דײַן מאַנטל... דו ביסט אין אים אַרויסגעגאַנגען...

— אַך, דער מאַנטל... איך האָב אים אָפּגעגעבן א קראַנקן. ער האָט ניט קיין מאַנטל.

דאָ, אין איטאַליע, ווערט נאָך שטאַרקער די פרײַנטשאַפט מיט מ. גאָרקין, וועלכער באַקאַנט זיך מיט דעם פאָטערס ווערק, וואָס זײַנען צום ערשטן מאָל איבערזעצט געוואָרן אף רוסיש.

דער טאַטע שרײַבט ווונדערלעך לײַכט. ער קאָן שרײַבן אומעטום און אין די פאַרשיידנסטע באַדינגונגען. און גלײַכצײַטיק באַציט ער זיך גוואַלדיק שטרענג צו זײַנע ווערק: ער שרײַבט, מעקט, קלעפּט אַרײַן, שרײַבט ווידער, מעקט ווידער... און אַפילע דעמאָלט, ווען ער האָט שוין דעם

קסאוויאד אוועקגעשיקט, האָט ניט איין מאָל געטראָפֿן, אַז ער האָט געשיקט א טעלעגראַם אין רעדאַקציע: מע דאַרף ענדערן עפּעס א וואָרט.

אַזוי האָט ער איינמאָל אָנגעשריבן צו מ. קויפֿמאַנען (אין בעסאַראַביע), אַז יענער זאָל אים טעלעגראַפֿיש מיטיילן א נאָמען פֿון א הונט אַף מאָלדאַוויש. ער האָט דעמאָלט געשריבן אין אי־טאַליע זײַן ראָמאַן „בלאָנדזשנדע שטערן״. קויפֿמאַן האָט טעלעגראַפֿירט:

— טערקוש.

אַזוי שטרענג איז ער געווען צו זיך. טערקוש! טערקוש!

דאָ, אין איטאַליע, איז פֿול מיט וועטעראַנען פֿון דער רעוואָלוציע. אַלטע, באַוווּסטע רעוואָ־ליוציאָנערן. אָט „שפּאַצירט״ הערמאַן לאָפּאַטין; ער איז דער מאַמעס א „פּאַרערער״. ער היילט בײַ איר די ציין (זי האָט אויך אין נערוויי געעפּנט א קאַבינעט). און אַזוויי זי זאָגט זיך אָפּ נעמען בײַ אים געלט, קושט ער איר די האַנט...

אָט ווײַלט דער טאַטע בײַ אונדז, אין בערלין.

איך שפּאַציר מיט אים איבער פֿרידריכשטראַסע, און ער שטעלט זיך אָפּ לעבן יעדער קראָם, ווו אין פֿענצטער זײַנען אויסגעשטעלט פֿאַרשיידענע שרײַב־מאַכשירים. ווי ער האָט עס ליב צו קוקן אַף זיי! אויב ניט קויפֿן, איז כאָטש קוקן, זיך שפּיגלען אין אָט די אַלע פֿעדערס, בלײַפֿעדערס, טינטערס, נאָטיץ־ביכלעך...

מיר שפּאַצירן מיט אים איבערן רײַכן קורפֿורסטענדאַם. פֿאַר אונדז גייט עפּעס א גראָבע דאַמע אין א פּרעכטיקן מאַנטאָ.

ער כאַפּט מיך אָן בײַ דער האַנט און שלעפּט מיך, מיר זאָלן זי איבעריאָגן, אָט די גראָבע דאַמע, און טאַקע וואָס גיכער, אַבי וואָס ווײַטער זײַן פֿון איר...

באַדענווײַלער. א קוראָרט אין שוואַרצוואַלד (דײַטשלאַנד). זומער. מיר אַלע פֿאָרן זיך צו־נויף צום פֿאָטער.

טיסי איז שוין פֿון לאַנג דאָרט. און, ווי שטענדיק, איז לעבן אים בערקאָוויטש.

איצט לעבט זיך דעם פֿאָטער לײַכטער. אין רוסלאַנד ווערן אין טויזנטער עקזעמפּליאַרן אַרויסגעגעבן זײַנע ווערק אַף רוסיש (איבערזעצונגען); מע איבערזעצט אים אַף אַלע אויסלענ־דישע שפּראַכן. עס באַזוכן אים פֿאַרשיידענע באַוווּסטע פּערזענלעכקײַטן. מענטשן! וואָס מער מענטשן! יִדן! וואָס מער יִדן! ער בענקט נאָך יִדן...

אַזוי איז זיך בײַ אונדז קוינע־שעם געווען „דער ייִד פֿון סאַרני״ — א ייִד, וואָס האָט געקענט גוט דערציילן פֿאַרשיידענע געשיכטעס. דער טאַטע האָט אים ניט געלאָזט אוועקפֿאָרן. אָפֿן רוישיקן דײַטשישן קוראָרט האָט ער געבענקט נאָך א ייִדישער סוויווע.

ער האָט ליב מער אויספֿרעגן, ווי אַליין ריידן.

— אַזוי! נו, נו, און וואָס ווײַטער?

מיר גייען שפּאַצירן אונטער א שירעם (עס גייט א רעגן). דער טאַטע, ווי שטענדיק, — גע־אָרעמט מיט טיסין.

— סאַראַ לופֿט!

— יאָ... נאָר צו באַיאַרקע קומט עס ניט...

מיר גייען א קוק טאָן אַף טשעכאָווס דענקמאָל, וואָס די רוסן האָבן אוועקגעשטעלט אין באַ־דענווײַלער (ער איז דאָ געשטאָרבן).

ווי קומט ער צו זײַן א זיידע? ער וויל ניט, די אייניקלעך זאָלן אים רופֿן זיידע. נאָר טאַטע. און טאַקע — ווי קומט ער צו זײַן א זיידע? ער איז דען ענלעך אַף א זיידע? קיין איין גראָווע האָר אין קאָפּ.

ער גייט אַרײַן אין אונדזערע צימערן און פֿרעגט:

— איר דאַרפֿט עפּעס?

אין איין האַנט איז בײַ אים א העמערל, אין דער צווייטער — טשוועקעס. ער האָט ליב אַרײַנ־האַקן טשוועקעס און מאַכן האַטשיקעס צו די טירן.

— איר דאַרפֿט ניט אַרײַנהאַקן ערגעץ קיין טשוועקל?

און נאָך איין זומער — דער לעצטער זומער — אַלבעק, א דײַטשישער קוראָרט באַם ברעג פֿון באַלטישן ים. אָפֿן ברעג — ווײַסער זאַמד. מיר זײַנען אַלע אינײנעם, ווי דער טאַטע האָט

ליב. מיר גייען זיך פאָטאָגראַפירן, ווײַל, זאָגט ער, ווער ווייסט, ווען מיר וועלן ווידער זײַן אַלע צוזאַמען און צי וועלן מיר ביכלאַל נאָך אַמאָל זײַן אַלע צוזאַמען. צי וועלן מיר?

ניין! מער וועלן מיר שוין ניט זײַן אַלע אינאיינעם, נאָר דערווײַל ווייסן מיר עס ניט. מיר וואַלגערן זיך אויפן ווײַסן זאַמד באַם גרויזאַלצענעם יאַם, מיר דינגען אַ גאַנץ שטיבל בײַ אַ דײַטשן. דער טאַטע איז אין אַ גוטער שטימונג. ביידע אייניקלעך — פון ביידע זײַטן. זיי האָבן אים שטאַרק ליב.

די דײַטשישע ווירטן קאָכט גרויסאַרטיקע מיטיקן. אַלץ איז אַזוי גוט. אַלע זײַנען אַזוי פריילעך. אַלע זײַנען צוזאַמען. דער וועטער איז פּרעכטיק. דער יאַם — מעכטיקדיק.

איינמאָל זײַנען מיר געזעסן באַם מיטיק:

— מילכאָמע!

און אַלע זײַנען אויפגעשפּרונגען. מילכאָמע! עס איז דערקלערט געוואָרן מילכאָמע צווישן רוסלאַנד און דײַטשלאַנד!

מיר מיטן טאַטן לויפן צום ברעג... מיר לויפן און ווייסן אַליין ניט וווהין.

דער ערשטער, וואָס האָט באַשטעטיקט, אַז די קאַטאַסטראָפע איז טאַקע געשען, איז דער פּאָעט שנייער. ער שטייט אויפן ווײַסן זאַמד פונעם יאַם־ברעג, אין אַ ווײַסן אַנצוג, די שוואַרצע באָרד איז צעשויבערט פונעם ווינט. נאָך פונדערווײַטן שרײַט ער:

— מילכאָמע! די רוסן האָבן פאַרנומען קעניגסבערג... עס זײַנען אָנגעקומען טעלעגראַמעס...

דער פּאָטער האָט זיך צעבייזערט:

— עס קאָן ניט זײַן! עס קאָן ניט זײַן!..

אַלזאָ, אין מעשעך פון פינף מינוט איז אַלץ געוואָרן טיל־טעל. אַלע אונדזערע פּלענער האָבן געפּלאַצט. קיין רוסיש געלט נעמט קיינער ניט. די דײַטשישע ווירטן, וואָס האָט אונדז נאַרוואָס דערלאַנגט אַזאַ גרויסאַרטיקן מיטיק, ווילן אונדז מער ניט לאָזן בײַ זיך אַפילע אויף קיין מינוט ניט... זי פאָדערט, מע זאָל איר איבערלאָזן אַלס מאַשקן דעם טאַטנס ווונדערלעכן זייגער: יענעם, וואָס שפּילט יעדע פערטל שאָ אַ זיסן ניגן...

אויפן וואָקזאַל — אַן איבערקערעניש! בערג באַגאַזש, וועלכן מיר וועלן שוין קיינמאָל מער ניט זען...

מיר לויפן קיין בערלין. דער אַלבעקער ווײַסער זאַמד ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ בלוטיקן קאָשמאַר.

פון בערלין — קיין קאָפּענהאַגען. אויפן בערלינער וואָקזאַל זעען מיר די ערשטע סאָלדאַטן, וואָס ווערן געשיקט אויפן פראָנט. הויכע, יונגע, געזונטע גרענאַדיאָרן — איינס־אין־איינס. אין העל־בלויע שינעלן, מיט רוקזעקלעך אויף די פּלייצעס, אין מעשענע קאַסקעס, גייען זיי פאַרבײַ אונדז, ווי אַ לאַנגע בלויע סטענגע. זיי זינגען עפּעס זייער אַ פריילעכע מעלאָדיע — ווי פריילעך ס'איז זיי גיין דעם טויט אַנטקעגן.

מיר שטייען און קוקן אויף זיי. דער טאַטע איז בלייך, דער אויסדרוק פון די אויגן — אומבאַשרײַבלעך. ער זאָגט:

— מילכאָמע...

איצט גלייבט ער.

קאָפּענהאַגען. צופעליק פאַרטראָגענע אהער, פאַרלוירענע מענטשן. דער פּאָטער איז דערדריקט. ווידער — אָן געלט, מיט אַ גרויסער מישפּאָכע, און ווידער גייט אין פאָדערגרונט אַרויס אַמעריקע.

קיין אַמעריקע!

אונדזער מישפּאָכע צעטיילט זיך. איך פאָר קיין רוסלאַנד, און, שיידנדיק זיך מיטן פּאָטער, טראַכט איך אַפילע ניט, אַז איך שייד זיך מיט אים אויף אייביק, אַז איך זע אים איצט צום לעצטן מאָל. אָט שטייט ער אַ טרויעריקער, די וועג־„קעפּקע" אַראָפּגערוקט נידעריק איבער די אויגן...

ער זעט שלעכט אויס. עס פּײַניקט אים אַ דאָרשט. ער טרינקט אָן אויפהער וואַסער. ער טרינקט און טרינקט — און קאָן ניט שטילן דעם דאָרשט. ווו נאָר ער דערזעט אַ קראַן, דרייט ער אים אויף, מאַכט פון אַ שטיקל פּאַפּיר אַ טעפּעלע און טרינקט.

13 מײַ 1916.

אָדעס. פּריילינג. עס בלײַען אַקאַציעס. די לופט איז פול מיט זיסע רייכעס. איך שטיי בײַ אונדז אויפן באַלקאָן. אַקאַציע־צווײַט הענגט אַזוי נידעריק, אַז מע קאָן אים אָנרירן מיט דער האַנט.

פּלוצעם אַ טעלעגראַם פון ניו־יאָרק! געוויס, אַ באַגריסונג צו מײַן געבורטסטאָג. מאָרגן איז מײַן געבורטסטאָג...

דרײַ ווערטער, אַף אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך:
"Papa very sick„. ("דער טאַטע איז זייער קראַנק")
און גלײַכצײַטיק — אַ טעלעגראַם צו ראַווניצקין און ביאַליקן:
"געשטאָרבן שאָלעם־אַלייכעם".
דעם דרײַצעטן מײַ טויזנט נײַן הונדערט זעכצעטן יאָר.

פאַראַן אַ ווײַטע דאַטשע אַפן באָלשאָי פאָנטאַן אין אָדעס: די דאַטשע פונעם קינסטלער באָדאַרעווסקי.

קליינע שטיבלעך, געדעקטע מיט שטרוי.

אין איין שטיבל וווינט ביאַליק מיט דער מישפּאָכע. אין דעם צווייטן אַנטקעגן — מיר.

איך בין אַליין, דער מאַן האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט פון שפּיטאָל. בעלאַטשקע שפּילט זיך בא מײַנע פיס. איך זיץ אַף דער וועראַנדע און טראַכט וועגן אים, איך טראַכט, וואָס טוט זיך איצט אין דער היים, אין ניו־יאָרק, ווי האָט דאָס איבערגעטראָגן די מוטער, די שוועסטער...

פונדערווײַטן באַווײַזט זיך ביאַליק. ער האָט זיך אומגעקערט פון שטאָט. ער האַלט אין האַנט אַ צײַטונג און פאָכעט מיט איר:

— ליאַלי! די צוואָע! שאָלעם־אַלייכעמס צוואָע!..

און טאַקע דאָ, אין גאָרטן, אַף דער וועראַנדע לייענען מיר, איבערגעבויגענע איבער דער צײַטונג, צום ערשטן מאָל די צוואָע.

איך בין אַליין. אין האַנט בא מיר איז די צײַטונג, וווּ ס'איז צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט די צוואָע. איך זיץ, קוק אַף איר און וויין. איינע אַליין...

ייִדיש — ב. קאַטיק



דאָס הויז אין קיִעוו, באָלשאַיאַ וואַסילקאָווסקאַיאַ, 5, ווו שאָלעם־אַליי־
כעם האָט געוווינט פון 1897 ביז 1904

מ ו י ש ע  א ל ט מ א ן

# שאָלעם-אַלייכעם — דער מיטל-זײַל פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור

1 ———

גאַנץ מעגלעך, אַז עמעצער וועט האָבן צו דערווידערן קעגן דעם טיטל פֿון דעם אַרטיקל: „וואָס הייסט „דער מיטל־זײַל"? פֿאַרענטפֿער איך מיך: דער אויסדרוק איז גענומען פֿון העברעיִש. אָף העברעיִש זאָגט מען עמוד התוך (אַמוד האַטאָוועך), און דאָס באַטײַט — דער צענטראַלער, שטאַרקסטער זײַל, אָף וועלכן עס שפּאַרט זיך אָן דאָס געבײַ. אָבער דער זײַל אַליין און דאָס געבײַ שפּאַרן זיך אָן אָף עפּעס, אָן וועלכן קיין שום געבײַ האָט ניט קיין האַפֿט, — אָף דעם פֿונדאַמענט. און שאָלעם־אַלייכעם איז, צוזאַמען מיט מענדעלען און פּערעצן, דער פֿונדאַמענט. אין דער זעלבער צײַט — דער מיטלסטער זײַל.

דער פֿונדאַמענט... מענדעלע, שאָלעם־אַלייכעם, פּערעץ. ווען ניט זיי, ווען ניט זייער שאַפֿונג, וואָלטן מיר קיין ייִדישע פֿאָלקס־ליטעראַטור ניט געהאַט.

ליטעראַטור, קעדיי זי זאָל זײַן דויערהאַפֿטיק, מוז האָבן אַ באָדן. און דער באָדן איז דאָס פֿאָלק. פֿון דעם באָדן מוז זי אַרויסוואַקסן און צו דעם באָדן גיין. פֿאָלק איז ווירקלעכקײַט, און ווירקלעכקײַט פֿאַרמאָגט אין זיך ווידערשפּרוכן: סאָציִאַלע, אינדיווידועלע, מאַטעריעלע און גײַסטיקע. באַם קינסטלער ווערט די ווירקלעכקײַט קונסט. ער שפּיגלט אָפּ די ווירקלעכקײַט אין אַלע אירע ווידערשפּרוכן. און עס אַנטפּלעקט זיך דעם קינסטלערס אינדיווידואַליטעט, זײַן אייגענע פּערזענלעכקײַט, זײַן אויפֿן פֿון זען און הערן, אויך זײַן וועלט־אָנשויונג.

2 ———

ווען איך טראַכט וועגן וועלכן־ניט־איז פֿון אונדזערע דרײַ גרויסע קלאַסיקער, די פֿונדאַמענטלייגער פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, איז אומפֿאַרמײַדלעך, אַז דער געדאַנק זאָל פֿאַרקערעווען אויך צו די אַנדערע צוויי. וואָס איז פֿאַראַן באַ זיי שוטפֿעסדיקס? וואָס אונטערשיידט זיי?

דאָס שוטפֿעסדיקע, לויט מײַן קוק, איז זייער אָריִענטאַציע: די אָריִענטאַציע סײַ באַ מענדעלען, סײַ באַ שאָלעם־אַלייכעמען און פּערעצן איז — פֿאָלק. דערפֿון דער כאַראַקטער פֿון זייער שאַפֿן. זייער קינסטלעריש שאַפֿן איז ניט געווען קיין קונסט לעשעם קונסט, נאָר אַ פֿאָרם פֿון דינען דעם פֿאָלק. און פֿונדאַנען זייער ר ע אַ ל י ז ם. און זאָל דאָ געזאָגט ווערן איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל: פּערעץ איז אַ רעאַליסט, אַן אַבסאָליוטער רעאַליסט, און נאָר קליינקעפּלדיקע כקירעניקעס קאָנען אַרײַנטײַטשן מיסטיק אוקעדוימע. פּערעצעס ראָמאַנטיק איז אויך רעאַליסטיש...

וואָס אונטערשיידט די דרײַ פֿונדאַמענטלייגער? די שטעלונג צו דער סוויווע, צו דער געגעבענער ווירקלעכקײַט. מע קאָן אַלע דרײַ פֿאַרעכענען ווי קריטישע רעאַליסטן (דאָס שליסט ניט אויס דעם עלעמענט ראָמאַנטיק). אָבער באַ יעדן איינעם פֿון זיי דריקט זיך אויס די קריטישע באַציִונג אָף אַן אַנדער אויפֿן. געפֿינען מיר באַ יעדן פֿון זיי אַן אייגנאַרטיקן נוסעך.

3 ———

נוסעך... דער באַגריף האָט זיך שוין פֿון לאַנג אײַנגעבירגערט אין אונדזער ליטעראַרישער פּובליציסטיק. באַזונדערס אָפֿט ווערט ער באַנוצט בענעגייע מענדעלען. דער ערשטער האָט עס באַנוצט י.־כ. ראַווניצקי. און אַזוי, דאַכט מיר, אין העברעיִש, פֿונוואַנען דאָס וואָרט קומט, און וואָס

צוריק מיט א פופציק—זעכציק יאָר איז דאָס געווען אין מויל פון פאָלק. וואָס הייסט דאָס נוסעך? אייניקע האָבן עס פארטײַטשט: שאבלאָן. קלינגט עס אָבער ניט אָנגענעם און טאקע אויך ניט ריכטיק. אינעמעסן, ווי קאָן מען זאָגן „מענדעלעס שאבלאָן“? עס איז אומזיניק. אונטער נוסעך האָט דאָס פאָלק פארשטאנען דעם קאנאָניזירטן, געוווינטן מוזיקאלישן פאָרטראָג פון די טפילעס. עס איז אָבער אויך געניצט געוואָרן אין זין פון וואריִאנט. באזונדערס אין מערצאָל: נוסכאָעס. אנדערע האָבן געטײַטשט (און אבסאָליוט פאלש): סטיל. סטיל איז אין שײַכעס צו ליטעראטור גאָר עפּעס אנדערש.

ווען מיר זאָגן, צב., מענדעלעס נוסעך, דארף מען, לויט מײַן קוק, אויסברייטערן דעם זין פון דעם באגריף. עס איז סײַ ליטעראַרישע מאניר, סײַ די שטעלונג פונעם קינסטלער לעגאבע זײַן שטאָף, די באציִונג צום שטאָף.

און דאָ קומען מיר צום אונטערשייד צווישן זיידן און זײַן גרעאָטן אייניקל שאָלעם-אלייכעם.

מענדעלעס נוסעך איז מער-ווייניק באוווסט. די מיינסטע פון זײַנע ווערק קריגן אויסדרוק דורך דעם פון אים באשאפענעם וויכטיקסטן פערסאָנאזש, זײַן שטעלפארטרעטער, דעם מויכער-ספאָרימניק מענדעלע. איך וועל מיר דערלויבן צו באצייכענען מענדעלעס נוסעך אלס „געשריבענעם“. זײַן בכאָר אף יִדיש, „דאָס קליינע מענטשעלע“, איז א געשריבענע צאוואָע פון יִצכאָק-אווראָם טאקיף. עס באגייט זיך ניט דאָ אָן דעם „צווייטן איך“ דעם זיידנס, דעם קלוגן מויכער-ספאָרימניק מענדעלע, דורך ועמען די געשריבענע צאוואָע דארף קומען צו דער וועלט.

און אז איך האַלט דערבײַ, וועט איר מיר דערלויבן א ביסעלע אָפּווײַכן טאקע אין שײַכעס מיט דעם ווערק.

אָט דאָס ווערק, דעם זיידנס בכאָר, האַלט איך פאר גאָר וויכטיק אין זײַן גאנצן שאפן. די אידיי מאכט עס אקטועל נאָך איצט, נאָך א פארלויף פון מער ווי הונדערט יאָר. אידיי: דער הויכשטאפלער, וואָס שטרעבט צו טאקיפעס. ער טרעט איבערן אייגענעם געוויסן, איבער קערפערס און נעשאָמעס פון מענטשן, וואָס האָבן אים מענטשלעך צוגעטוליעט, איבער קערפערס און נעשאָמעס פון מענטשן, וואָס ער האָט ליב. ער שטרעבט צו טאקיפעס. און מיטן קויעך פון וואָס? מיט וואָס פאר א „שעם-האמפוירעש“? מיטן קויעך פונעם קליינעם מענטשעלע.

אדאנק דער גליקלעך אויסגענוצטער פאָרם איז אונדזער ערשטער גרויסער קלאסיקער פרײַ פון אָפּווײַכונגען, פון מישפעטן קאפּצאָנים פון גלופסק, אויך פרײַ פון נאטור-באשרײַבונגען, וואָס ער האָט גוט גענוצט אין די אנדערע ווערק, באזונדערס אין „פישקע“. דאָס ווערק פארמאָגט א צילגעווענדטע גאנצקײַט. די הויפּט-אידיי בלײַבט אקטועל. דאָס ניט דערזען מיצאד ליטעראַרישע מעווינים האָט געשטערט, דאָס ווערק זאָל ארײַנקומען אין דער וועלט-קלאסיק.

מענדעלעס נוסעך, האָב איך העכער באצייכנט, איז א געשריבענער. אָן עכטער קינסטלער, האָט ער א סאך געזען און דאָס געזעענע באשריבן. ניט וויכטיק, וואָס זײַן „אַלטער עגאָ“ (צווייטער איך), זײַן מעדיִום, דער מויכער-ספאָרימניק רעדט. זײַן ריידן איז „ביקסאוו-נוסעך“. מענדעלע זעט, און דאָס געזעענע מישפעט ער. ער פירט א שווערן פראָצעס מיט דער קנעסעס-יִסראָעל, מיט קאפּצאנסק און גלופסק. ער זעט אויך די איינצלנע פאָזיטיווע פונקען. בא אים זײַנען שוין אָנגעדײַטעט: סטעמפעניו, הערשעלע אין „ווינטשפינגערל“. ער זעט א סאך, דער גרויסער קינסטלער, אָבער ער הערט פיל ווייניקער אין פארגלײַך מיטן זען. עפשער ווען ער וואָלט דערהערט אזוי גוט, ווי ער האָט געזען, וואָלט ער ניט געווען אזוי הארב אין מישפעטן...
און אויך מעגלעך, אז דאָס איז אין דער נאטור פון די זאכן: דער סאטיריקער זעט מער, ווי ער הערט. עפשער איז די אייגנשאפט פון הערן, געפּאָרט מיט זען, אייגנטימלעך דעם הומאָר. שאָלעם-אלייכעם האָט געזען און געהערט... איז ער געקומען מיט זײַן נוסעך.

## 4

שאָלעם-אליכעמס נוסעך...

אפן פריִען עטאפּ פון זײַן שאפן גייט נאָך שאָלעם-אליכעם אין די וועגן פון נוסעך-מענדעלע. די „יוגנט-ראָמאנען“, „טײַבעלע“... מע קאָן אויך „יאָסעלע סאָלאָוויי“ און „סטעמפעניו“ טיילווײַז פארעכענען אפן כעזשבן נוסעך-מענדעלע. אָבער אינגיכן באפרײַט ער זיך און קומט מיט זײַן אייגענעם — דעם רייד-נוסעך (וואָס שטאמט פון זײַן נאטור, פון זײַן הערן...), פון זײַן פענאָמענאלן הומאָר, וועלכער אנטפּלעקט זיך אדאנק דעם רייד-נוסעך.

מע מוז, נאטירלעך, נעמען אין אכט, אז צווישן דער מענדעלע-דערפארונג און שאָלעם-אליכעמס דערפארונג ליגט א מעהאַלעך פון א פערטל יאָרהונדערט. דאָס לעבן שטייט ניט אף

אין אָרט. די סאָציִאַלע באַדינגונגען עוואָליוציאָנירן, און די מענטשן מיט זיי. פונעם מויכער־ספאָרימניקס פערד־און־ביַידל, מיט וועלכן ער פאָרט ארום „אויסזען די וועלט", ביזן וואַגאָן דריטן קלאַס — מעג זיַין דער „ליידיקגייער" — איז א היפשער פאָלג מיך א גאַנג; צווישן קאַפּצאַנסק און קאַסרילעווקע, צווישן גלופסק און יעהופעץ שטייט א פערטל יאָרהונדערט רוסלאַנד. און דערצו — שאָלעם־אַלייכעמס דערהערן און זיַין ליכטיקער הומאָר! אָנשטאָט דעם פאַסיוון פערסאָנאַזש און דער פאַסיווער קנעסעס־יִיסראָעל בא מענדעלען, וואָס ווערן דורך דעם סאַטירי־קער האַרב געמישפעט, האָבן זיך אנטפלעקט בא שאָלעם־אַלייכעמען מענטשן, וואָס זיַינען אַקטיוו און מישפעטן אַליין.

פאַרגליַיכט מען דעם אָרעמען לאַטוטניק בא מענדעלען מיט שימען־עליע דעם פאַרקישעפטן שניַידער, פאַרגליַיכט מען הערשעלען מיט מאָטל פייסיס, וואָס פאַר א ליכטיקיַיט עס גייט אוף! שוין ניט מער קיין קנעסעס־יִיסראָעל, נאָר א פאָלק מיט פאָלקסמענטשן. אָנשטאָט א הערמעטיש־אָפּגעשלאָסענער, פאַרגליווערטער מאַסע — אַן אָפענע וועלט אין באַוועגונג. אָנשטאָט אָפּגע־צייכנטע סילועטן אף מענדעלעס פאַנאָראַמע — געשטאַלטן, וואָס שטייען לעבעדיק פאַר אונדז, רעגן די פאַנטאַזיע, באַזעצן זיך אין אונדזער זיקאָרן און ווערן שוטפים צו אונדזער דענקען.

און דאָס ווערט דערגרייכט דורך שאָלעם־אַלייכעמס רייד־נוסעך און זיַין הומאָר.

און דער רעזולטאַט דערפון: אָנשטאָט דעם איינציקן לעבעדיקן געשטאַלט, דעם קלוגן מויכער־ספאָרימניק מענדעלע — א שעפעדיקע גאַלעריי געשטאַלטן, וועלכע פאַרבליַיבן אף דוירעס און מיט וועלכע מע קומט צו דער וועלט.

5 ——————

שאָלעם־אַלייכעמס געשטאַלטן... מע דאַרף זיך אַריַינטראַכטן אין דעם אָפט באַנוצטן באַגריף געשטאַלט. און ניט אויסמישן מיט טיפ. מיר זאָגן: טיפאַזש, טיפיזאַציע. דאָס איז פאַראַלגעמיי־נערונג. געשטאַלט, לויט מיַין פאַרשטאַנד, טיילט זיך אויס באַזונדער, פאַרמאָגט מער דימענסיעס. דער טיפ איז כאַראַקטעריסטיש פאַר א באַשטימטער ציַיט אין א באַשטימטער סוויווע. דאָס גע־שטאַלט הייבט זיך אוף און טיילט זיך אויס פון דער סוויווע. עס כאַראַקטעריזירט מער ווי דער טיפ. דאָס געשטאַלט, קינסטלעריש געפורעמט, איז דויערהאַפטער, ווי דער טיפ. געשטאַלט גייט אין דער טיף, צום קלאַל־מענטשלעכן, צום פאָלק.

עס איז קעדיַי צו פאַרגליַיכן די שילדערונג פון געשטאַלטן טאַקע בא מענדעלען און שאָלעם־אַלייכעמען. מע דאַרף אפילע ניט אָנקומען צו די גרעסערע געשטאַלטן שאָלעם־אַלייכעמס, ווי טעוויע, שימען־עליע, שימעלע סאָראָקער, מענאַכעם־מענדל אאַוו. נעמען מיר, דאַכט זיך, א קלייני־קיַיט, וואָס בליַיבט ס׳ראָוו ניט באַמערקט. דער זיידע שפעט אָפּ פון קאַפּצאַנסקער טוישווים מיט זייערע ווינטשעוואַניעס. נאָר מע האַלט אין איין ווינטשעווען זיך. און דערביַי בליַיבט מען. פאַר־גליַיכט עס מיט אַן ענלעכן מאָמענט בא שאָלעם־אַלייכעמען („א וויגרישנע בילעט"). דער אָרעמער מעלאַמעד ראַכמיִעל גייט „גוט־יאָמטעוו ביטן" צו נאָך אַזא אָרעמאַן יִיסראָעל דעם שאַמעס. גענו־מען א גלעזל מאַשקע, מיסטאַם וויפל א פינגערהוט. עס איז גענוג, אַז ראַכמיִעל מעלאַמעד זאָל אַריַין אין העכערע אוילעמעס. ער געזעגנט זיך און, ווי דער שטייגער, הייבט אָן ווינטשעווען. ער שיט אויס אַלע געוווינטע ווינטשעוואַניעס, אָבער עס איז אים ווינציק. ערגעץ ליגט אים אף דער צונג א גרויסע בראָכע. ער פלאָנטעט: „און ס׳זאָל זיַין"... און נאָכאַמאָל דאָס אייגענע. און אָט, זי איז דאָ:

— און מאָשיִעך זאָל קומען!..

מיר לייענען און לאַכן. (לאַכן איז געזונט!) אָבער נאָר א שמאָלקעפלדיקער כאָכמאַטש וועט אָפּלאַכן אָדער אויסלאַכן. ווער עס קאָן טיפער טאָן א טראַכט, וועט דערזען און דערהערן די קאַוואָנע שאָלעם־אַלייכעמס. דער אָרעמער קאַסרילעווקער מעלאַמעד — און א גרויסער טרוים, וואָס קער זיך אָן מיט דער וועלט, מיט דער גאַנצער ערלעכער מענטשהיַיט: מאָשיִעך... דער „טרוים פון אויסלייזונג" ניט נאָר פון יִידן, נאָר פון דער גאַנצער מענטשהיַיט. אויס קינע־סינע, אויס מילכאָמעס, אויס בלוט־פאַרגיסונג. „און מאָשיִעך זאָל קומען"... ווי דערהויבן עס ווערט דער בידנער מעלאַמעד!

געוויס דער האַסקאָלע־עפיגאָן וועט פרעגן: און וואָס טוט ער, דער מעלאַמעד, אַז „מאָשיִעך" זאָל קומען?

עס איז פאַראַן א סאַך וואָס צו ענטפערן דעם כאָכעם פון דער מאַנישטאַנע. איך וואָלט מיך באַנוגנט מיט איין ענטפער: און וואָס ווילט איר, ער זאָל טאָן, ראַכמיִעל דער מעלאַמעד?.. און טאַקע, וואָס אַזוינס טוט איר, פאַניע כעלעמער? עס בליַיבט א געשטאַלט. ניט פון קיין העלד פון

טאַט. נאָר אַ טיף־מענטשלעך געשטאַלט, און מיט נאַציאָנאַלן קאָלאָריט. און דאָס איז אַדאַנק עטלעכע געציילטע ווערטער.

וואָס זשע האָט זיך דאָ געענדערט? עס האָט זיך געענדערט די שטעלונג צום שטאָף. מענדעלע האָט געזען, שאָלעם־אַליינכעם האָט געזען און דערהערט. און דאָס האָט אים געמאַכט צום גאָניאַלן פֿאָלקס־שרײַבער. צו דעם איז שוין זוכע ניט יעדער קינסטלער און אַפֿילו ניט יעדע גרויסע ליטעראַטור. ער האָט אַנטדעקט דעם לעבנס־אַפּעטיט פֿונעם פֿאָלק און דורך דעם פֿאָלקסמענטשן עס אַרויסגעבראַכט קינסטלעריש צו דער שײַן. די פֿאָלקס־ענערגיע האָט געפֿונען אויסדרוק (לעבעדיקן אויסדרוק!) דורך דעם פֿאָלקס־מויל, דורך זײַן שפּראַך. דאָס פֿאָלק — אַליין דער קינסטלער. עס האָט זיך באַשאַפֿן דורך שאָלעם־אַליינכעמען אַ נײַער עפּאָס מיט אַ ברייטן פֿאַרנעם. דער עפּאָס פֿון אַ ייִדיש פֿאָלק מיטן קוק צו דער וועלט.

דורך זײַן, דעם פֿאָלקס, אינסטרומענט — דורך דער שפּראַך.

## 6 ————

די באַזונדערקייט פֿון שאָלעם־אַליינכעמס לשון... לשון, וואָס איז לעבן.

איך מוז דאָ אָנקומען צו אַ באַוואָרעניש. און דעהײַנע: מע דאַרף זײַן פֿאָרזיכטיק מיט פֿאָרמולירונגען. יעדע פֿאָרמולע, וואָס פּרעטענדירט אויסשעפּנדיק צו כאַראַקטעריזירן אַ גרויסן שעפֿערס לעבנס־ווערק, ווי שיין זי זאָל ניט קלינגען, טראָגט אין זיך אַ געפֿאַר. די געפֿאַר? עס כאַפּט זיך אָן אין איר דער אַמאַטאָר און דער סנאָב. פֿאַרטיק, ער האָט שוין די פֿאָרמולע...

אָף איינער וועל איך דאָ אָנווײַזן. אַזאַ פֿײַנער פּאָעט און קולטור־מענטש, ווי יעהויאָש, האָט אַ שפּיל געטאָן מיט אַזאַ פֿאָרמולירונג: „פּערעץ איז געקומען צו פֿרי, שאָלעם־אַליינכעם צו שפּעט. ווען שאָלעם־אַליינכעם קומט אין פֿריערדיקע צײַטן, וואָלט ער געווען געוואָרן אַ באַרד און פֿאַרבליבן אַנאָנים". עס קלינגט שיין און לאָקט. און עס איז פֿאַלש. סײַ פּערעץ, סײַ שאָלעם־אַליינכעם זײַנען געקומען צו דער צײַט, און ביכלאַל קומט ניט קיין שום עכטער שעפֿער צו פֿרי אָדער צו שפּעט.

איך וואָלט ניט געוואָלט, אַז דאָס געזאָגטע אין מײַנע לויפֿיקע באַמערקונגען זאָל אָנגענומען ווערן ווי אַ פֿאָרמולע, נייערט ווי איינע פֿון די מעגלעכע אַספּעקטן, ווי איינע פֿון די מעגלעכע פּריזמעס, דורך וועלכע מע קאָן שאַצן די שאַפֿונג פֿון שאָלעם־אַליינכעמען און זײַן אונטערשייד פֿון מענדעלען.

העכער איז געזאָגט געוואָרן וועגן אונטערשייד, צווישן אַנדערן אויך (איך האַלט עס, לויט מײַן קוק, פֿאַר גאָר וויכטיק!) אָט דאָס: מענדעלעס נוסעך איז אַ געשריבענער, אַ שרײַב־נוסעך, שאָלעם־אַליינכעמס — אַ רייד־נוסעך.

שאָלעם־אַליינכעמס פּאַרשוינען — פֿאָלקסמענטשן — כאַראַקטעריזירן זיך דורך זייער אייגענער שפּראַך. מע דאַרף נאָר דערהערן. און שאָלעם־אַליינכעם האָט דערהערט און אויך געמאַכט הערן און דורכן הערן — דערזען. דערזען לעבעדיקע מענטשן מיט אַ לעבנס־אַפּעטיט. געשטאַלטן. און דערמיט איז אויפֿגעלייזט געוואָרן די „קנעסעס־ייִסראָעל". אָנשטאָט אַ באַשריבענער קנעסעס־ייִסראָעל — אַ לעבעדיק, ריידנדיק, דערציילנדיק פֿאָלק.

אַ פֿאָלק האָט זיך צערעדט. מענער און ווײַבער. זיידע־באָבעס און קינדער. מע רעדט וועגן זיך און וועגן אַנדערע. מע האָט צו דערציילן און צו דערציילן. און — מע האָט האַנאָע פֿונעם דערציילן און פֿונעם הערן.

ייִדן פֿאָרן מיט „פּעקלעך". פּעקלעך צאָרעס און יעסורים. אַפֿילו אַזאַ וואָכעדיקער אוילעם, ווי וואָיאַזשאָרן. און אַז מע לייענט, קאָן מען האָבן דאָס געפֿיל, אַז דער איקער טאַקע פֿון פֿאָרן — איז דערציילן אַ געשיכטע און הערן אַ געשיכטע.

דאָס פֿאָלק איז געוואָרן קינסטלער־דערציילער. אַ נײַער עפּאָס איז געשאַפֿן, אַ שאָלעם־אַליינכעמדיקער. און ווי די שפּראַך אינדיווידואַליזירט און כאַראַקטעריזירט דאָס געשטאַלט!

מירן אָנכאַפּן אַ קלייניקײַט (ברייט דערמיט זיך פֿאַרנעמען וואָלט פֿאַרלאַנגט אַ גרויסע אַרבעט). מענאַכעם־מענדלס אַ בריוו צו שאָלעם־אַליינכעמען (זע „בעכיפֿאָזן"). פֿאַראַן דאָרט אָן אָרט, וויִאַזוי די שוויגער באַגעגנט איר גאַסט, ווען ער פֿאַלט פּלוצעם אַראָפּ פֿון זײַנע וואַזשנע קאָמבינאַציעס אין יעהופּעץ צי אין אָדעס אַהיים ערעוו פּייסעך:

„סקאָצל קומט, מע האָט דערמאָנט מאָשיִעכן... אָט איז ער דאָ, דער גענײדעם... אַז עס גייט ניט אין העזעק, זוכט זיך עס אָפּ... אַ ציג אַנטלויפֿט, אַ הון ווערט פֿאַרפֿאַלן, און אַ מאַן קומט צו פֿאָרן... צוריק קומט מען ניט נאָר פֿון יענער־וועלט... סע זאָל ניט זײַן ערעוו פּייסעך, וואָלט איך צעוואָרפֿן דעם אויוון... ניט אומזיסט האָט זיך נעכטן די קאַץ געוואַשן און דער הונט האָט אויפֿגע־

געסן די קישקעלעך... שיינע־שיינדל, טאַכטער, אנו, קום אהער, אָט איז ער, דער טאַכשיט דיַינער, די גילדענע קרוין פונעם קאָפּ, דאָס אָרנקוידעשל אונדזערס, נעם גיס אויס די פּאָמעניצע!..״

א קליינִיקייַט, אָבער מיט דעם באָרוך־האבאָ, וואָס די שוויגער באַגעגנט איר גאַסט, איז זי — איך וואָלט געזאָגט: קלאַסיש כאַראַקטעריזירט, סיַי זי, סיַי איר קוק אָף איר שלימאַזל מעַנאַכעם־מענדלען. עס שטייט לעבעדיק א געשטאַלט. און א געשטאַלט איז נאָר דאָס, וואָס שטייט פאַרן גייַסטיקן אויג לעבעדיק.

שאָלעם־אַלייכעמס פּאַרשוינען זיַינען ניט סטאַם ייִדן, וואָס קאָנען אָפּלעבן מיט „עט״ און „בע״ (לויטן קוק פונעם קלוגן מויכער־ספאָרימניק). שאָלעם־אַלייכעם האָט ארויסגעלאָזט גאַנצע באַן־באַשטאַנדן מיט ריידנדיקע, דערציילנדיקע ייִדן, וואָס קערן זיך אָן מיטן ארום. איר טרעפּט דאָרטן — ווּעמען ניט? א גאַלעך מיט א לאָטעריי־בילעט („פינף און זיבעציק טויזנט״), דעם פּריסטאַוו פּליסעצקי, אָכרים דעם אָגאָראָדניק און ייִדן מיקאָל האמינים. ער האָט אין קיינעם ניט פאַרגעסן. און עס האָט זיך אַנטפּלעקט א פאָלק. זיך אַנטפּלעקט צו זיך און צו דער וועלט, מיט אַן אייגענער שפּראַך, א ניואַנסן־רייַכע, וואָס מאַכט טרויערן און לאַכן, מיט ליכט און רוימלעכקיַיט געראַמער. עס האָט אָפּגערעדט פאַר דוירעס שווייַגן, פאַר אַלע באַנצי שווייַגס. און דאָס ריידן איז ניט סטאַם רייד, עס איז — טאַט.

דאָס איז שאָלעם־אַלייכעמס באַזונדערקייַט. איז זיַין ווערק אייביק, ווי דאָס פאָלק. און אַז עס באַפאַלן אַמאָל צווייפלען: דאָס ייִדישע פאָלק איז אויסגעהאַרגעט, גרויסע כאַכאָמים זאָגן אונדז אָפּ דאָס לעבן און נאָך און נאָך, וואָס ניט דאָ איז דאָס אָרט אויסצורעכענען, איז גענוג זיך אומצו־קערן צו שאָלעם־אַלייכעמען, אַז אַלע צווייפלען זאָלן פאַרשווינדן.

מיר האָבן שאָלעם־אַלייכעמען. דאָס פאָלק, שאָלעם־אַלייכעמס פאָלק, מיט זיַין אָפענעם קוק צו דער וועלט, מיט זיַין שוטפעס צו דער וועלט, לעבט און וועט לעבן.

---

אויזער האָלדעס

# ראַיוינעס וועגן אונדזער פאָלקס־שרייבער

שרײַבן וועגן שאָלעם־אליכעמען איז גרינג און עס איז שווער. גרינג, ווײַל ער איז א גאָטס־
געבענטשטער הומאָריסט, אן אָרגאנישער רעאליסט, א צוגעגנגלעכער, דורכזיכטיק־קלאָרער
שרײַבער. אָט די „גרינגקײַט" פארבלענדט ניט נאָר דעם לייענער, נאָר צומאָל אויך דעם קריטי־
קער, דעם פּראָפעסיאָנעלן מיוון. ווער זעט דען די ריזיקע מי פונעם דימענט־שלײַפער, ווען דער
פּארטיקער בריליאנט שעמערירט פאר אײַך און שפּילט מיט אלע קאָלירן פון רעגנבויגן? אינדער־
עמעסן, וואָס מער מע פארטראכט זיך איבער שאָלעם־אליכעמס שאפונגען, אלץ טיפערע טיפן
אנטשטייען פאר אונדז. אָט וועגן זיי ווילן מיר טאקע טיילן זיך איצט מיטן לייענער.

שאָלעם־אליכעם איז געוויס דער מײַסטער פון וואָרט־הומאָר. צוליב זײַנע אידיייִש־קינסט־
לערישע מײַסים האָט ער ארויסגעבראכט פונעם וואָרט אזא הומאָריסטישן צוגאָב־אינהאלט, וואָס
האָט זיך ניט געכאָלעמט די געניטסטע שפּראכקענער. ער איז איינציײַטיק — און ניט אין קיין
קלענערער, מעגלעך, אין א גרעסערער מאָס — דער גלענצנדער מײַסטער פון סוזשעט־בויונג אין
א הומאָריסטישער ריכטונג. זײַנע פלעפנדיקע סיטואציעס זײַנען וואָרהאפטיק, ארויסגעכאפּט פון
לעבן, זיי זײַנען ווי קריסטאלן פון לעבן. ניט אומזיסט האָט מען אין א ייִדישער סוויווע, בא אן
אויסטערלישער געשעעניש, געהאט א טעווע צו זאָגן: „ס'א שיינע מײַסע, ס'איז נאָר פאר שאָלעם־
אליכעמען". מע האָט געגלייבט און מע גלייבט אדהײַעם (איצט שוין ניט בלויז אין א ייִדישער,
נאָר אין א פילנאציאָנאלער סוויווע), אז שאָלעם־אליכעם וואָלט „אזא סאָרט געשעעניש ניט
דורכגעלאָזט".

א שלאל מיט פארביקע אָריגינעלע סוזשעטן, א מאבל מיט סיטואציעס פארפלייצן שאָלעם־
אליכעמס ביכער. ווען איך וויל ברענגען מוסטערן, בין איך אין פארלעגנהײַט, — אזא אויסוואל
עפנט זיך פאר מײַנע אויגן. איז לאָמיר זיך פארגינען כאָטש א קורצן שפּאציר טאָן איבער זײַנע
סוזשעטן.

דאָס איידעמל אף קעסט, וועלכער פאָרט קיין ראדאָמישל נאָך פּאפּירן וועגן פריזיוו־אָנגע־
לעגנהײַטן און אפּן וועג, אין דער קרעטשמע, פארכאפּט ער מיט זיך א בארמינען, דעם קרעטש־
מערס ווײַב. ער וויל העלפן דעם אָרעמען קרעטשמער, וואָס איז געבליבן מיט פיצלעך קינדער
אף די הענט, זי ברענגען צו קוורע. יענער איז אים מאפּטיִעך, אז ער וועט האָבן אוילעם־האבע
פאר דער מיצווע... מיסטאמע געדענקט איר, וואָס פאר א הארב שטיקל אוילעם־האזע ער האָט
געקראָגן — זײַנע מאטערנישן מיטן מעס, די כשאָדים, וואָס פאלן אף אים, דאָס געלט, וואָס מע
מאָנטעט בא אים אויס. עס איז צום לאכן און צום וויינען. און עס איז באלערעוודיק. דערמאָנט
זיך אין דעם „רירנדיקן אליאנס" פון די פײַנע ייִדן, די „טובי העיר" מיטן זשאנדארם און פּריי־
סטאוו. דער סוזשעט, די סיטואציעס אין „אוילעם־האבע" זײַנען סענסאציאָנעל, אָבער דאָס
סענסאציאָנעלע דינט ניט גלאט צום שאפן א ציקאווע געשיכטע, עס ברענגט ארויס די גרונט־
שטריכן פון צײַט און סוויווע אין זייער טאָגטעגלעכקײַט.

אין „פינף און זיבעציק טויזנט" קייטלט זיך דער סוזשעט ביז צום קולמינאציע־פּונקט, ווען
סע פּלאצט דער לופטבאלאָן און פון אלע גליקן לאָזט זיך אויס א בוידעם, נאָך מיט ביזיוינעס. עס
איז א מײַסע אָן אן עק, וואָס וואָלט זיך געקאָנט ווײַטער ציִען (שאָלעם־אליכעם האָט ביכלאל
ליב געהאט די „מײַסעס אָן אן עק", ווײַל אין לעבן האָט געשווירבלט און געגריבלט מיט זיי!).
דער רײַכער סוזשעט פילט אויס אן אידייִשע פונקציע: אף א סאטירישן אויפן באווײַזן די גרונט־
לאָזיקײַט פון די אלע האָפענונגען מיטאמאָל באגליקט צו ווערן; אויסלאכן די גײַציקײַט נאָך

געלט, וואָס נעמט אָן אַ כאַראַקטער פֿון אַ מין מאַסן־מעשוגאַס. די דינאַמישקייט אין אַט דעם ווערק איז אַף אַזויפֿיל גרויס, אַז עס וואָלט געקאָנט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קינאָ־קאָמעדיע... בכלל איז גוזעצמעסיק־נאַטירלעך דער פֿאַקט, וואָס שאָלעם־אַלייכעם ווערט אַזוי אָפֿט אינסצע־נירט. זײַנע ווערק זײַנען אַן אומויסשעפּלעכער קוואַל פֿאַר דער בינע, ווײַל זיי זײַנען פֿול מיט האַנדלונג.

„דער דײַטש" איז אַ טיפּישע „מײַסע אָן אַן עק". דעם דײַטשס קאָלט־אויסגערעכנטע סאַ־דיסטישע נעקאָמע אין דעם קליינשטעטלדיקן ייִדן, וועלכער האָט „אָפּגעלעקט אַ ביינדל" באַם רײַכן אוירעך אַף גאָר ניט קיין אָנשטענדיקן אופֿן, ווערט באַוויזן דורך אַ ריי ענלעכע, אָלץ אָנוואַקסנדיקע סיטואַציעס, וואָס זײַנען פֿאַרקניפּט אין אַ שטרענג געצילטן סוזשעט. דעם אויספֿיר קאָן מען אויסלייענען צווישן די שורעס: אַזוינע „ביינדלעך" בלײַבן שטעקן אין האַלדז...

אין „קאָנקורענטן" דערוויסט איר זיך צום סאָף, אַז ע ר א ו ן ז י ז ײַ נ ע ן מ א ן א ו ן ו ו ײַ ב. עס איז אַן איבעראַשנדיקער סוזשעטישער קער, וואָס טוט אָן עפּן אויף פֿאַר אונדז מיטאַ־מאָל אַ ט ר אַ ג ע ד י ע פֿון דעם אָרעמען מענטשן. אַשטייגער, אַזאַ דערציילונג, ווי „אַ זעקס־און־זעכציק". דוכט זיך, גישט מער, ווי עפּיזאָדן, וועלכע אײן פּאַסאַזשיר דערציילט דעם צווייטן וועגן דעם, ווי גוט עס איז אין וועג, ווען די צײַט ציט זיך לאַנגזאַם, ווי גוט איז אין אַ היימישער קאָמפּאַניע צו כאַפּן אַ קערטל. אַ שלאַל וואָרט־הומאָר, ווערטלעך, כאָכמעס, האַלבע אַנעקדאָטן — אָן אַ סוזשעטישער פֿאַרגאַנצטקייט. צום שלוס אָבער טוט שאָלעם־אַלייכעם אַ בליץ־קלאַפּ. דער דערציילער, וואָס רעדט אײַן דעם שאָכן אין וואַגאָן שפּילן אַ זעקס־און־זעכציק, איז אַליין אַ שולער. פֿון עטלעכע פֿראַזעס ווערט דאָס אַבסאָליוט קלאָר. ווי נאָר ער פֿאַרשטייט, אַז זײַן מי איז אַרויסגעוואָרפֿן, דער שאָכן האָט זיך אָנגעשטויסן, ווער ער איז, סטײַעט ער ניט אַף דער ערשטער סטאַנציע. אַלע עפּיזאָדן ווערן פֿאַרקניפּט אין איין פֿעסטן סוזשעט. דער פֿאַרדעכטיקער פֿאַרשוין ווערט דעמאַסקירט.

דאָס זײַנען אַלץ בײַשפּילן פֿון ניט קיין גרויסע דערציילונגען. וואָס זשע קאָן מען זאָגן וועגן די גרעסערע ווערק שאָלעם־אַלייכעמס? „טעוויע" איז אַ ציקל נאָוועלן, וואָס שאַפֿט אַ צײַט־עפּאָפּיי. יעדער נאָוועלע האָט אַ פֿעסטן סוזשעט. די לעבנס־געשיכטעס פֿון טעוויעס טעכטער זײַנען קאַ־פּיטלען פֿון דער עפּאָפּיי. די שטורעמדיקע כוואַליעס פֿון דער רעוואָליוציע־עפּאָכע שלאָגן האַסטיק אין די נאָוועלעס. און אויך דער צוריקגאַנג, די רעאַקציע, די פּאָגראָמען זײַנען געוויזן אין סיטואַ־ציע, אין געשעעניש. „טעוויע" איז אַ שעדעווער פֿון וואָרט־הומאָר, גלײַכצײַטיק פֿון סוזשעט — ביידע זײַנען אין איין געשמעלץ. אַגעוו, אינעם וואָרט־הומאָר פֿון „טעוויען" איז פֿאַרבאָרגן סיטואַ־ציע. טעוויעס טײַטשן די פּסוקים שפּיגלט אָפּ די צײַט אין איר דינאַמישקײַט.

אין זײַנע ווערק פֿאַרגינט זיך שאָלעם־אַלייכעם אַרײַנפֿלעכטן איין סוזשעט אין אַ צווייטן, כאָטש דער אַרײַנגעפֿלאָכטענער סוזשעט גיט שטאָף פֿאַר אַ זעלבשטענדיקער דערציילונג. „פֿונעם פּריזיוו" פֿאַרמאָגט אַ בײַסוזשעט. ווען מע האָט אין „גובערנסקי פּריסוטסטוויִע" פֿאַרבראַקירט דעם בעניאָכיד, האָט דער פֿאָטער אוועקגעקלאַפּט דעם ווײַב אַ פֿאַרשטעלטע דעפּעשע: „מאַזל־טאָוו! טאָוואַר אָקאָנטשאַטעלנאָ זאַבראַקאָוואַן". די דעפּעשע איז אַלפּי־טאָעס אַרײַנגעפֿאַלן צו אַ שוועסטערקינד, אַן אָקסן־הענדלער, וועלכער האָט גראָד אין דער זעלבער גובערניע אַרויסגעטריבן אַ גרויסע פּאַרטיע אָקסן. מע קאָן זיך פֿאָרשטעלן, וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעשפּילט. „איך האָב גע־מיינט, ער וועט מיך אופֿעסן אַ לעבעדיקן", — דערציילט דער פֿאָטער פֿונעם פּריזיוונִיק. אָט האָט איר אַן אויסגעצייכנטן סוזשעט מיט אַ פּלאָנטער און מיט אַלע פּאַלגן, וואָס קאָנען אַרויס־קומען דערפֿון. פֿרעגט זיך, צוליב וואָס האָט דאָס שאָלעם־אַלייכעם באַדאַרפֿט? „פֿונעם פּריזיוו" איז אָן און פֿאַר זיך גענוג סוזשעטיש אָנגעצויגן. אָבער אַ טיפֿער און טרויעריק־הומאָריסטישער געדאַנק איז פֿאַראַן אין דעם „טאָוואַר זאַבראַקאָוואַן". דער פֿאָטער האָט געמיינט דעם זון. דאָס שוועסטערקינד האָט אין זינען די אָקסן. די אָקסן און דער בעניאָכיד — זיי זײַנען... סכוירע. און בעעמעס, איז דען דער פּריזיוונִיק אין דער צאַרישער „פּריסוטסטוויִע" ניט קיין סכוירע? קעדיי אַרויסצוברענגען אָט דעם געדאַנק, האָט שאָלעם־אַלייכעם פֿאַרווענדט נאָך אַ סוזשעט פֿון זײַנע אָנצאָליקע אויצרעס.

מיר האָבן זיך אַ סאַך וואָס צו לערנען באַ שאָלעם־אַלייכעמען אין פֿיל הינזיכטן און אויך אין דער קונסט פֿון סוזשעטישקײַט. דער שרײַבער האָט געזען די האַנדלונג אַ פּ י ל ע דאָרט, וווּ פֿאַר אַ ניט געניט אויג איז זי געווען פֿאַרצויגן מיט אַ נעפּל.

■

צי איז שאָלעם־אַלייכעם באַריידעוודיק? ער האַלט דאָך טאַקע אָפֿט אין איין איבערכאַזערן, אײַנכאַזערן איינס און דאָס זעלבע ווערטל, איינע און די זעלבע פֿראַזע. מע טאָר דערבײַ ניט פֿאַרגעסן, אַז דאָס איז, אייגנטלעך, די שפּראַך פֿון די העלדן־דערציילערס, אַז אָט די איבערכאַ־

זערונגען שפּילן ביז גאָר א וויכטיקע ראָל. דער „דזשענטלמען“ פון דער דערציילונג „יוסעף“ כאַראַקטעריזירט זיך אַליין אַלעמאָל: „איך בין דאָך א יונגערמאַן א סויכער מיט א שטיקל נאָמען, און א שיינער פּאַרדינער, און א קערבל איז בלאָטע, אי טאָמו פּאָדאָבנע...“ מע קאָן זיך שווין אָנשטויסן, אַז דאָס איז א פּאַרשוין, וועלכער איז קאַפּאַבל אויף אַלץ, ניט אויסגעשלאָסן קיין נידערטרעכטיקייט; לויט אייניקע פּעדעמער אינעם סוזשעט פאַרשטייט מען, אַז ניט אומזיסט פאַרטרויט אים ניט יוסעפּס קאָמפּאַניע. מעגלעך, אַז דאָס האָט *ער* געלאָזט אים אַרײַנפאַלן אין טורמע. ער האַלט פון זיך א וועלט. וואָס ער זאָל ניט דערציילן, ווערט דאָס באַגלייט מיטן רעפרען: „א סויכער, א פּאַרדינער, א קערבל איז בלאָטע, אי טאָמו פּאָדאָבנע“... *דאָס איז א מאַסקע, וואָס דעמאַסקירט*. שאָלעם־עליכעמס ביטל־באַציִונג צו אָט דעם „דזשענטלמען“ טאַפּט איר אָן אין דעם ווילליונגערישן: „אי טאָמו פּאָדאָבנע“ — האַנט־באַ־האַנט מיט „א קערבל איז בלאָטע“... ס'א ווונק, אַז ער איז פּייִק אויף דער רועך ווייסט וואָס! די ייִדענע פון די „געַנדז“ רעדט זיך אויס איר ביטער האַרץ. אין אירע ניַין מאָס רייד איז א היפּש ביסל לאָשנהאָרע. זי פילט דאָס און פאַרענטפערט זיך: „איך רעד גישט אויף איר כאָלילע קיין שלעכטס און פון לאָשנהאָרע בין איך ווײַט... האָט קיין פּאַריבל ניט...“ אונטער דער מאַסקע פון די ניַין מאָס רייד זעט מען די פאַרהאָרעוועטע, אויף טויט פאַרפּײַניקטע פרוי. אומבאַהאָלפן־ריירנדיק זײַנען די ווערטער „האָט קיין פּאַריבל ניט“. און עס הערט זיך אין זיי שאָלעם־עליכעמס שטילער זיפץ איבערן גורל פון דער ייִדענע, און דער אופמערקזאַמער לייענער שפּירט, אַז דאָס איז ניט גלאַט קיין קאָמיש־שטייגעריש בילדל... אויך אינעם רעפרען פון גיטל פורישקעוויטש וועגן וויסאָצקיס טיי, דעם, מישטיינסגעזאָגט, מאַקער פון איר פּאַרנאָסע, איז פאַרבאָרגן שאָלעם־עליכעמס מיטגעפיל צו איר, דער מוטער, וואָס שלאָגט זיך, ווי א לייביכע, פאַר איר זון, אין דער צײַט, ווען די אויסגעפּאַשעטע זונדלעך פון די גרעסערע און קלענערע וויסאָצקיס טוען זיך אָן ווויליטיק, פראַנק־און־פרײַ פון דער צאַרישער סאָלדאַטן־לאַסט. שאָלעם־עליכעם האָט פּײַנט געהאַט די בראָדסקיס און וויסאָצקיס. גיטל פורישקעוויטש דערמאָנט אונדז, ווי עס האָבן געלעבט די טויזנטער פאַרשפּרייטערס פון וויסאָצקיס טיי, די, וועלכע האָבן געהאָלפן צו שאַפן זײַנע פאַרמעגנס.

וואָס איז שײַעך געצוימטקײַט ביכלאַל, איז ווייניק פאַראַן אין דער וועלט־ליטעראַטור שרײַבער, וועלכע האָבן אַזוי *שפּאָרעוודיק* געשריבן, ווי שאָלעם־אַליכעם, — אויף דעם קליינעם שעטעך פון נאָוועלן אַרויסגעפירט מענטשן מיט פּערסאָנאַזשן, פאַרקניפּט און אופגעקניפּט פאַרכאַפנדיקע סוזשעטן. ניט טאָגמעסיק איז געווען שאָלעם־אַליכעם, ווי עס פלעגן אים אויסוואַרפן די שעצער, וועלכע זײַנען געווענדט ראַק צו דער אייביקייַט, נאָר *אַקטועל*, *דאָס הייסט אין לעבעדיקן באַריר מיט די ברענענדיקסטע עפּאָכע־פּראָבלעמען*. וואָלט ער ניט דאַטירט דאָס אָדער יענץ ווערק, וואָלטן מיר אַלציינס געוווּסט סײַ ווען עס איז אָנגעשריבן, סײַ ווען עס קומען פאָר די געשעענישן.

וויִאַזוי שאָלעם־אַליכעם לאָדט אָן מיטן טיפסטן אינהאַלט זײַנע קורצע נאָוועלן, איז בוילעט צו זען פון אַזא „אומשולדיקער“ זאַך, ווי „דער נעס פון הוישאַנעראַבע“ (איינייגעם מיטן „לײדיקגייער“, וואָס דינט ווי אַן אַרײַנפיר צום „נעס“). דערווײַזן די אָנוועזנהײַט פון האַנדלונג אין דעם פאַל איז איבעריק. דאָס איז א הומאָריסטישער סוזשעט, וואָס דעטעקטיוו־מײַסטערס וואָלטן זיך פון אים ניט אָפּגעזאָגט. דער „אַנטלאָפענער לאָקאָמאָטיוו“ און די פּאַניק, וואָס האָט זיך געשאַפן אויף דער ליניע, רופט אויך הײַנט אַרויס א הילכיקן געלעכטער. אין וואָס זשע באַשטייט די שפּאַנונג פון דער זאַך? נאָר אין דעם קאָמישן עפעקט? איז דאָס א פאַרווײַלונג־שטיק, ניט מער? עס הייבט זיך ניט אָן!

„דער נעס“ איז *פּילפּלאַניק*, ער איז פול מיט *אינווייניקסטן* אינהאַלט. דער אויסערלעכער עפעקט דינט דעם דאָזיקן אינהאַלט. שאָלעם־אַליכעם לאַכט אויס די נעבעכדיקײַט פון דער אינדוסטריִאַליזאַציע אין דער געגנט. טוט א לייען, ווי ער שילדערט די „מאַנעוורעס“ פונעם לײדיקגייער: „און וואָס בא אונדזער „לײדיקגייער“ ווערט אָנגערופן „מאַנעוורעס“, דאַרף איך דאָך אײַך נישט דערציילן. מע שפּאַנט אויס דעם לאָקאָמאָטיוו, און די „בריגאַדע“, דער קאָנדוקטאָר מיטן מאַשיניסט, מיטן קאָטשעגאַר, זעצן זיך אַוועק אינייינעם מיטן נאַטשאַלניק סטאַנציע, מיטן זשאַנדאַרם און מיטן טעלעגראַפיסט טרינקען ביר א פלעשל נאָך א פלעשל“. אייגנטלעך, איז מען גאָר ניט ווײַט אַוועק פון דעם באַלעגאָלע, וועלכער *שפּאַנט אויס די פערד* און גייט דורכשוועַנקען דעם האַלדז אין קרעטשמע. דער וואָקזאַל איז דאָ אויך א מין קרעטשמע.

■

שאָלעם־אַליכעם מאַכט צו אַש די מענאַכעם־מענדלשע טרוימען צו באַגליקט ווערן באַם בויען א באַן. פּאָליאַקאָוו ווערט רײַך, נאָר די טעפּליקער, בערשאַדער, הײַסינער, באָהאָפּאָליער באַלעבאַטים, „אונדזערע פּאָליאַקאָווס“, ווי מע האָט זיי אָנגערופן, בלײַבן באַם נאַר: „מע האָט

געפּאַטערט, ווו ווער מע האָט געהאַט אַ גראָשן, און מע האָט פאַרזאָגט קינדס־קינדער, אַז צו אַ באַן טאָר מען זיך ניט צורירן". וואָס בלײַבט זיי טאָן? — דערציילן „וווּנדערלעכע" מײַסעס וועגן זייער „לײַדיקגייער"...

אַ ציקאַווער ייִד — אַזוי ווערט כאַראַקטעריזירט בערל דער עסיקמאַכער, וואָס האָט געלאָזט גיין דעם אויסגעשפּאַנטן לאָקאָמאָטיוו. דאָס איז איינער פון שאָלעם־עליכעמס „טשודאַקעס", ער איז אַ טרוימער, נאָר ניט פונעם גרויסן געווינס טרוימט ער. אין מאַשינעריע איז ער פאַרקאַכט. ווי קאָמיש ער זעט ניט אויס בעשאַסן דערקלערן זײַן פּאַרטניאָר, דעם גאַלעך, אין וואָס עס באַשטייט דער סייכל פון אַ לאָקאָמאָטיוו, איז ער בעפּיירעש אַן אייגנאַרטיקער קליינשטעטלדיקער ריטער פון דער מאַשין, וועלכע האָט זיך פּאַרט אַרײַנגעריסן אין די פאַרוואָרפענע העקן.

הײַנט וואָס האָט די ווערט די באַשרײַבונג פון די צווישנבאַציונגען באַ אָט דער פּאָר אָפן „אַנטלאָפענעם" לאָקאָמאָטיוו — בערל און דער גאַלעך? דער גאַלעך איז, דוכט זיך, אופגעבראַכט, וואָס בערל האָט אים אַרײַנגעשלעפּט אין אַזאַ אַוואַנטיורע, און פונדעסטוועגן שאַפט זיך צווישן זיי אָט דאָ, אין דער קימאַט פאַנטאַסטיש־לעכערלעכער סיטואַציע, אַ גוטפרײַנטשאַפט. „הערסטו... איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אַז דו ביסט אַזאַ"... — ווענדט זיך צו בערלען באַם געזעגענען זיך דער גאַלעך... און ציט אויס אַ האַנט און מאַכט צו אים „פּראַשטשײַ"... ער האָט גאָר ניט געוווּסט, אַ מין ציקאַווער, ווײַלער מענטש עס איז בערל עסיקמאַכער.

אָט וויפל פלאַכן עס זײַנען פאַראַן אין אַ קליינינקער דערציילונג „דער נעס פון הוישאַנע־ראַבע". און וויפל צענדליקער ניסים אַזוינע האָט צום לעבן געבראַכט שאָלעם־עליכעם! אַזוי, אַז עס קאָן אפילע קיין רייד ניט זײַן וועגן מאַנגל אין האַנדלונג, וועגן ניט־געצווימטקײַט, וועגן באַריידעוודיקײַט.



ש. ניגער האָט אַמאָל אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק, אַז שאָלעם־עליכעם וויל, אייגנטלעך, ניט איבערמאַכן די וועלט, דאָס הייסט, אַז ער איז ניט קיין קעמפערישע נאַטור. ניגער איז עפּשער ניט דער איינציקער, וואָס האָט אַזוי באַנומען שאָלעם־עליכעמען. דאָס אַנטשפּרעכט אָבער אַבסאָליוט ניט דערווירקלעכקײַט.

מיר ווייסן: שוין אין אָנהייב פון זײַן שעפערישן וועג טרעט שאָלעם־עליכעם אַרײַן אין העפטיקע, פאַרביסענע ליטעראַרישע, פּינקטלעכער — ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע שלאַכטן. „שאָמערס מישפּעט", ווי אויך אַנדערע זײַנע אַרטיקלען פון די 80־ער און 90־ער יאָרן, — דאָס זײַנען פאַמפלעטן, געווענדטע קעגן דער פאַרפלייצונג פון „העכסט־אינטערעסאַנטע" ראָמאַנען, קעגן ווילדער כאַלטורע, וואָס האָט פאַרגרעבט די געשמאַקן און אָפּגעסאַמט די מויכעס; דאָס זײַנען פּובליציסטישע ווערק, וואָס באַשטעטיקן געזונטן רעאַליזם לויט די בעסטע מוסטערן פון קריטישן רעאַליזם. אַזוי האָט שאָלעם־עליכעם אָנגעהויבן, אַזוי האָט ער פאַרגעזעצט דעם קאַמף דאָס גאַנצע לעבן זײַנס.

שאָלעם־עליכעם פירט אומופהערלעכע ליטעראַרישע שלאַכטן ניט נאָר אין זײַנע אַרטיקלען, אַרויסזאָגונגען, בריוו. אין די קינסטלערישע ווערק גופע גייען אָן די שטרײַטן, צומאָל אָפן, צומאָל אין אונטערטעקסט.

„אַ מענטש פון בוענאָס־אײַרעס" איז אַ מײַסע מיט אַ געהיימעניש, וואָס דער לייענער טאַפּט זי אָן, פאַרשטייט זי. דאָס אַליין, וואָס זי ווערט ניט אָנגערופן, טראָגט שוין די כאַראַקטעריסטיק אירע. עס זײַנען פאַראַנען מיִעסע זאַכן, וואָס ס'איז גאָר ניט נייטיק צו פּויקן וועגן זיי, אַז מע זאָל די מיִעסקײַט דערזען. שאָלעם־עליכעם גיט דאָס וואָרט דעם פרויען־הענדלער, וועלכער שטאַמט פון רוסלאַנד און וווינט אין בוענאָס־אײַרעס. און דער „מענטש" דעמאַסקירט זיך אין זײַן פולער „פּראַכט", מיט זײַן גאַנצן מאָראַלישן קאָדעקס, מיט זײַן קוק אָפן לעבן, מיט זײַן „וווילטעטיקײַט". אפילע מיט זײַנע „גײַסטיקע סענטימענטן" (אַשטייגער, דאָס בענקען נאָכן שטעטלע סאַשמאַקען, נאָך דער אַלטער היים אין רוסלאַנד). שאָלעם־עליכעם בויט אַזוי די דערציילונג, אַז דער לייענער זאָל אָף קיין איין וויילע ניט פאַרגעסן וועמענס ווערטער ער הערט פון דעם „הייליקן צילי"... „כאַסענע... טרײַבט דעם העלד צו זיך אין שטעטל. ער וויל כאַסענע האָבן אָף אַ לײַטישן אופן: ...„כאַסענע האָבן פאָר איך קיין סאַשמאַקען. איך וויל אַן אָנשטענדיק קינד. אַ ייִדישע טאָכטער... גליקלעך וועט זי אָפּלעבן באַ מיר — איר וועט מיר גלייבן, צי ניט? — ווי קיין פרוי אין דער גאַנצער וועלט!.. די קינדער וועל איך לאָזן שטודירן, דעם אָף דאָקטער, דעם אָף אינזשעניער, דעם אָף יוריסט. די טעכטער וועל איך אָפּשיקן אין אַ ייִדישן געשלאָסענעם פּאַנסיאָן..."

ניט נאָר אין אַ ייִדישן, — אין אַ געשלאָסענעם פּאַנסיאָן. אפּאָנעם, קיין גוט־אויג זאָל זיי ניט שאַטן...

וויפל פאַראַכטונג איז פאַראַן אין אָט די ווערטער צום פּרויען־הענדלער און צו דער „אָנ־שטענדיקער" סאָציאַלער סיסטעם, וואָס האָט אים געשאַפן!

ביכלאַל גענומען האָט זיך שלום־עליכעם ניט געווענדט צו אָט דער טעמע אַפילו אין די יאָרן פון רעאַקציע, ווען אַפן ביכער־מאַרק זײַנען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַן אַ שיר האַרצרײַסנ־דיקע ראָמאַנען וועגן געפאַלענע פרויען, וועגן האַנדל מיט פרויען, וועגן פאַרקויפטער ליבע. אָבער אין די דערציילונגען, ווו ער באַרירט די פּראָבלעם, ווערט זי גענומען אין אַ סאָציאַלן אַספּעקט. שלום־עליכעמס דערציילונג ווערט ווי קעגנגעשטעלט די „מאָדנע", אָנצינדיקע ווערק אויף אָט דער טעמע.

„דער מענטש פון בוענאָס־אײַרעס" איז אַ שאַרף־סאַטירישע דערציילונג. און עס איז אַ מוסטער פון שלום־עליכעמס קינסטלעריש־געזעלשאַפטלעכע שלאַכטן.

און אָט איז נאָך אַ קאַפּיטל פון שלום־עליכעמס אייגנאַרטיקע ליטעראַרישע שלאַכטן, גראָד נאָענט צו דעם פריערדיקן פּראָבלעמען־קרײַז. „קייוער־אָוועס" איז אָנגעשריבן אין דעם זעלבן 1909־טן יאָר. דעמלט האָט געראַשט מיט אַרציבאַשעווס ראָמאַן „סאַנין". דער העלד פונעם ראָמאַן איז אַ פאַרקערפערונג פון דעם אופגעשוווּמענעם אין די צײַטן פון רעאַקציע „אויבערמענטשן", בא וועמען דאָס גראָב־פיזישע, פּאַשעטער גערעדט — דאָס כײַיִשע, שטויסט אַרויס דאָס מענטש־לעכע, אַלע מאָראַלישע ווערטן. אין דעם רעאַקציע־פּעריאָד איז אַ טייל אַנטוישטע און פאַרפירטע יוגנט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אָט דעם ווערק. געווען אַ צײַט, ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן דער גײַסטיק־געבראָכענער יוגנט די מאַגייפע פון זעלבסטמאָרדן. אין „קייווער־אָוועס" טרעט שלום־עליכעם אָפן אַרויס קעגן אָט דער דערשײַנונג.

אין מויל פון דעם געליטענעם, דעם אומגליקלעכן פאָטער, וועמעס טאָכטער האָט זיך גע־נומען דאָס לעבן, געפאַלן אַ קאָרבן פון דער „אַרציבאַשעוושטשינע", — לייגט שלום־עליכעם אַרײַן אַ הומאָריסטיש־סאַטירישע אָפּשאַצונג פון דעם מין ליטעראַטור. עס רעדט דער דערציי־לער, נאָר ס'איז קלאָר, אַז דאָס איז שלום־עליכעמס מיינונג. עס רעדט דער געזונטער, רעאַלער כוש פון דעם פּאַשעטן ייִדן. דער ייִד האָט געפּאַקט אַרציבאַשעווס ווערק, וואָס איז אַזוי געשעצט און געהויבן בא זײַן טאָכטער און אירע כאַווערים. אַליין קאָן ער זיך ניט פאַרנעמען דערמיט, — גיט ער דאָס איבערלייענען דעם פּריקאַזשטשיק און פאָדערט בא אים אַ דין־וועכעזשבן, ער זאָל אים דערקלערן, וואָס איז דאָס אַזעלכס. דאָ מוז מען זיך דערלויבן אייַן גרעסערע ציטאַטע:

„...און מײַן באָכער הייבט מיר אָן צו דערציילן אַ מײַסע... וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? אַ וואָרט צו אַ וואָרט קלעפּט זיך נישט. אָט וועט איר הערן אַ טשעפּוכאַ: ...עס איז געווען... אַ פּאָני, האָט ער געהייסן סאַני. און האָט ליב געהאַט דעם טרונק און פאַרביסן מיט אַ זויערן אוגעריק... און אַ שוועסטער האָט ער געהאַט, האָט זי געהייסן לידע, האָט זי גרײַלעך ליב געהאַט אַ דאָקטער, נאָר מעובערעס איז זי געוואָרן פון אַן אָפיצער... און אַ סטודענט איז געווען... האָט ער מוירעדיק ליב געהאַט אַ מיידל און אַ לערערקע מיטן נאָמען קראַסאָוויצע. איז זי איינמאָל געפאָרן באַנאַכט אויף אַ שיפל, איר מיינט מיט איר כאָסן? דאַפקע מיט אָט דעם שיקער סאַני. און אַ לערער איוואַן איז דאָרטן געווען, איז ער געגאַנגען מיטן שיקער קוקן, ווי נאַקעטע מיידלעך באָדן זיך... דער שיקער סאַני האָט געהאַט אַ טעווע, ער פלעגט הירזשען, ווי אַ פערד. און אַפילו צו זײַן אייגענער שוועסטער, אַז ער פלעגט קומען אַהיים, האָט ער... דער שפּיץ איז... אַז דער אָפיצער האָט זיך געשאָסן, און דער סטודענט האָט זיך געשאָסן, און די קראַסאָוויצע האָט זיך געסאַמט. און אַ ייִד סאָלאָווייטשיק איז דאָרט פאַראַן, האָט ער זיך אויך אופגעהאַנגען..."

ווען דער נאָווראָדעקער באָכער מיט דער פויגלשער ברוסט טײַנעט צום ייִדן, אַז סאַנין איז אַ העלד, ענטפערט ער אים זייער טרעפלעך: „וואָס הייסט דאָס, זאָג איך, אַ העלד? דערמיט, זאָג איך, וואָס ער טרינקט בראַנפן פון אַ טיי־גלאָז, פאַרבײַסט מיט אַן אוגעריק, זאָג איך, און הירזשעט, ווי אַ פערד?"

כ'לעבן, אויסגעצייכנטע פאָלקס־פּאַמפלעטישע שורעס וועגן אַרציבאַשעוון און זײַן „העלד" סאַנינען! שלום־עליכעם באַווײַזט, אַז דער דאָזיקער ייִד פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָט מוירע געהאַט פאַר רעוואָלוציעס, באָמבעס, דעמאָנסטראַציעס, געציטערט, זײַן באַסיעכידקע זאָל ניט אָנטיילנעמען אין די געשעענישן, ניט אַרײַנפאַלן אין טורמע, הייבט אָן מיט זײַן סייכל־האַיאָשער צו באַנעמען, אַז די רעאַקציע איז פיל געפערלעכער פאַר זײַן טאָכטער. ער איז זיך מוידע:

„...נו, גיי זײַ אַ נאָווי, אַז סע איז נאָך פאַראַן ערגערס פון באָמבעס, און איבער אַזאַ טשעפּוכאַ זאָל איך פאַרלירן אַ קינד אַ גאָלד, אַ באַסיעכידקע, אייך אויג אין קאָפּ..."

אַזויאַרום האָט שלום־עליכעם פאַקטיש פאַרשטעמפּלט די „אַרציבאַשעוושטשינע" אין סאַמע ברען אירן. די צענדליקער טויזנטער לייענער זײַנע, צווישן זיי אַ סאַך, אַ סאַך יונגע מענטשן, האָבן געשמאַק געלאַכט, לייענענדיק די כאַראַקטעריסטיק פון סאַנינען. און זיי האָבן

דערזען די צײַטווײַליקע עקלדיקע דערשײַנונג אין איר לעבערלעכקײַט, נישטיקײַט און שעד־לעכקײַט. דאָס איז געווען א ווירדיק קאַפּיטל אין די ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכע שלאַכטן פֿון יענער צײַט.

■

„דרײַ אלמאַנעס" (געשריבן אין 1907) — דאָס זײַנען מײַסעס־מאָנאָלאָגן פֿון „אַן אלטן באָכער א באַלקײַסן". דער „טשודאַק" זאָגט זיך ארויס וועגן פאַרשיידענע ברענענדיקע טאָג־פּראָגעס. דאָס אקטואַליזירט שטאַרק דאָס ווערק. פֿיל געדאַנקען פֿון אָט דעם „טשודאַק" זײַנען בעלי־סאָפֿעק, אייגנטימלעך דעם מעכאַבער.

עס איז באַוווּסט, מיט וואָס פֿאַר א גוואַלדיקן אָפּשײַ שאָלעם־אַליכעם האָט זיך באַצויגן צו טאָלסטאָיען. אין א בריוו דעם דאָקטער פּערפּער פֿון 1 דעקאַבער 1910 דריקט ער אויס זײַן באַגײַסטערונג פֿאַר דער „שײַנענדיקער, לײַכטנדיקער און וואַרעמענדיקער זון, וואָס האָט גע־הייסן „טאָלסטאָי"... דאָס איז געשריבן נאָך טאָלסטאָיס טויט. מיט דרײַ יאָר פֿריִער זאָגט זיך ארויס וועגן טאָלסטאָיען דער „טשודאַק" פֿון די „דרײַ אלמאַנעס". ער איז אופגעבראַכט אָף די ראַדיקאַלע יונגעלײַט, וואָס אין זייער קלוימערשטער רעוואָליוציאָנערישקײַט לייקענען זיי אָפּ טאָלסטאָיען: „איך האָב דערהערט אייגמאָל פֿון זיי א שמועס, אַז גראַף טאָלסטאָי איז גאָרניט. איך בין ניט פֿון גראַף טאָלסטאָיס כסידים, איך זאָל אים פֿאַרגעטערן מיט זײַן פֿילאָסאָפֿיע און מיט זײַן נײַער טוירע פֿון יעזוס קריסטוס, וואָס ער מאַכט פֿון אים דאָס, וואָס ער איז קיינמאָל ניט געווען; נאָר אַלס קינסטלער שטייט בא מיר טאָלסטאָי ניט נידעריקער פֿון שעקספּירן..."

איבעריק צו דערווײַזן, אז דאָס איז שאָלעם־אַליכעמס געדאַנק. און ס'איז צו באַוווּנדערן, סאַרא רעאַלן, טיף־דורכגעטראַכטן צוגאַנג ער ווײַזט ארויס, ווי עס ווערט בא אים אָפּגעטיילט טאָלסטאָי דער קריסטוס־פּריידיקער פֿון טאָלסטאָי דעם קינסטלער. דאָס איז אין 1907, אין דער צײַט פֿון רעאַקציע, ווען די „טאָלסטאָווסטוואָ" האָט זיך אָנגעהויבן ברייט פאַרשפּרייטן, צונויפֿ־פאָרנדיק זיך מיט די פאַרשיידענע פאָרמען פֿון גאָטזוכעניש ביכלאַל, ווען די לערע פֿון ניט קעגנ־שטעלן זיך דעם בייז איז געווען מאַמעש א געזעלשאַפֿטלעכע געפֿאַר.

■

אין „דרײַ אלמאַנעס" זײַנען פֿאַראַן נאָך א פּאָר מוסטערן פֿון שאָלעם־אַליכעמס ליטעראַ־רישע שלאַכטן. עס איז געווען א צײַט, ווען מע האָט אין דער ליטעראַטור זיך א „נעם געטאָן" צו פּסיכאָלאָגיע. שאָלעם־אַליכעם טרעט ארויס קעגן „פּסיכאָלאָגיע־גריבלענישן", קעגן „איראַ־ציאָנעלן" אין דער פּסיכיק, וואָס האָט דאַן גענומען צוציִען א ריי קינסטלער. אָט ווי עס רעדט שאָלעם־אַליכעמס „טשודאַק" וועגן דעם:

„א קלייניקײַט פּסי־כאָ־לאָ־גיע; ווייסט איר, וואָס איז די טײַטש פּסיכאָלאָגיע? פּסיכאָלאָגיע איז א פּעטרישקע. עס זעט אויס שיין, האָט א גוטן רייעך, און אז מע שיט דאָס ארוף אָף א גע־קעכטס, איז דאָס געשמאַק. גייט זשע אָבער קײַעט פּעטרישקע: איר ווילט ניט? הײַנט וואָס דער־ציילט איר פּסיכאָלאָגיע? אז איר ווילט וויסן די עמעסע פּסיכאָלאָגיע, זעצט מען זיך אוועק און מע הערט אויס מיט קאָפּ, וואָס מע דערציילט אײַך, און ערשט נאָכדעם וועט איר א ברייִרע האָבן ארויסצוזאָגן אײַער מיינונג. פּונוואַנען עס נעמט זיך אומגליק און ווו ליגט עגאָיִזם..."

אַלזאָ, שאָלעם־אַליכעם וואַרפֿט ניט אָפּ קיין עמעסע פּסיכאָלאָגיע, וואָס זוכט די וואָרצלען פֿון די דערשײַנונגען, ער איז קעגן פּעטרישקע־פּסיכאָלאָגיע, וועלכע איז באַרופֿן בלויז צופּוצן, מאַכן דעם אָנשטעל פֿון עפּעס רעכטס. דאָס כאַלאַס פֿון פּעטרישקע־פּסיכאָלאָגיע איז דעמלט פֿאַרטראָגן געוואָרן אויך אין דער יידישער ליטעראַטור. שאָלעם־אַליכעם לאַכט דאָס אויס, פּונקט ווי אין א בריוו צום זון שפּעט ער אָפּ די באַזינגערס פֿון די „באַרדיטשעווער פּיאַרדן", וועלכע האַלטן זיך פֿאַר גרויסע באַנײַערס... ווי א רעאַליסט, וועלכער איז ענג פֿאַרבונדן מיטן פֿאָלק, מיט אַלע זײַנע ליידן און פֿריידן, האָט ער ביז גאָר איראָניש זיך באַצויגן צו די האַמסו־ניש־געזאַנגענע ליטעראַרישע יונגעלײַטלעך, וועלכע האָבן געפּרוּווט די בערדיטשעווער, אָדער וואַרשעווער, אָדער ווילנער אַטמאָספֿער איבערטראַנספּאָרטירן אזש צו די ברעגן פֿון נאָרוועגיע און אַזויאַרום זיי „דערהייבן". ער האָט אין דעם אײַנגעזען דעם אָפּגאַנג פֿון רעאַליזם.

ער לאַכט אויך אויס די גוואַלדאָוונע הויכע ווערטער, די אופּגעבלאָזענע שיינקײַטן, די פּאַפּירענע פּייזאַזשיסטיק. דער „טשודאַק" דערציילט וועגן דער יונגער ראַזען:

„ס'איז געוואַקסן און ס'איז אויסגעוואַקסן און אופגעבליט, „ווי א צערטלעכע רויז", וואָלט איך געזאָגט, ווען איך זאָל מיך וועלן אויסדריקן אינעם לאָשן פֿון אײַערע ראָמאַניסטן, וואָס האָבן אזא יעדיִע אין דעם אופּבליִען פֿון א רויז, ווי א טערק אין ראַבאָנען־קאַדעש. גרויסע

בעריעס אַף צו זיצן מיט די פיס צום פײַער און באַשרײַבן די נאַטור, מיטן גרינעם וואַלד, מיטן רוישנדיקן יאַם, מיט די זאַמדיקע בערג, מיטן פּאַראַיאַריקן שניי, מיט די אָפּגעשלאָגענע הוישיי־נעס, מיט די נעכטיקע טעג — אָנקוקן קאָן איך זיי ניט, אָט די באַשרײַבעכצן זייערע, וואָס שלאָגן צו דער גאַל!.. אַז איך נעם אַ בוך און דערזע, אַז די זון האָט געשײַנט, די לעוואָנע האָט געשפּאַ־צירט, די לופט איז געווען דופטיק, די פייגעלעך האָבן געפּישטשעט, טו איך אַ שלײַדער דאָס בוך אין דער ערד אַרײַן!"

שאָלעם־אַלייכעם האָט געוואָרנט דעם לייענער: לאָז זיך ניט פּאַרפּירן פון די סטאַנדאַרטע, וואַלוועלע, זיסלעכע נאַטורבאַשרײַבערס. דאָס איז געווען זייער אַקטועל. און אויב איר ווילט, זײַנען די דאָזיקע „שיינקייַטן", די פּאַפּירענע פּייזאַזשיסטיק, ניט אויסגעוואָרצלט פון דער ליטע־ראַטור ביז הײַנטיקן טאָג. עס טרעפט נאָך, צום באַדויערן, אַז אַ נעבעכדיקער אינהאַלט און אָרעמער געדאַנק ווערט אײַנגעוויקלט אין געצאַצקעטע קאַראַמעלקעס־פּאַפּירלעך...

איין פּראָזע דעם „טשודאַקס" פון די „דרײַ אַלמאָנעס" מוזן מיר נאָך ברענגען. פּאַרגעסט ניט, עס איז אָנגעשריבן אין 1907, ווען עס האָבן זיך צעבליט די פּאַרשיידענע „אויסדערווילט־קײַט־געזאַנגען". אַזוי ווי עס האָט זיך געקריסטלט, אַזוי האָט זיך געיידלט. דאָרט האָט מען גע־רופן אין קלויסטער, דאָ האָט מען געשלעפּט „צוריק, אין שול אַרײַן". שאָלעם־אַלייכעמען זײַנען אָט די רופן געווען פרעמד. זײַן רעאַליסטישער קינסטלער־גײַסט האָט דאָס ניט פאַרדײַעט. מיר שטוינען מאַמעש, ווען מיר לייענען איצט אָט די קורצע פּראָזע:

„א י ר  מ ײ נ ט,  א ז  א י ר  מ י ט  א ײ ע ר  א ט א ב א כ א ר ט א נ ו,  װ א ס  א י ר  ז י נ ג ט  א י ם  א ײ ן  (דעם ייִדן, הייסט דאָס. — א. ה.),  ט ו ט  א י ר  א י ם  א  ג ר ו י ס ע  ט ו י ו ו ע ?  ע ס  ה ײ ב ט  ז י ך  ג א ר  נ י ש ט  א ן!.."

שאָלעם־אַלייכעם האָט פײַנט געהאַט די שמירערס פון „ליבע־ראָמאַנען". ער האָט אויסגע־לאַכט די פּאַרעלטערטע מאַסקיליש־נאַיווע גראַפאָמאַניע. אין דער דערציילונג „אַן אייצע" (1904) גיט ער אַ בליץ־קורצע כאַראַקטעריסטיק פון אַזאַ מין סאָרט מעכאַבער: „אָט באַלד נעמט ער זיך צום בוזעם און שלעפּט אַרויס אַ היפּש ביסל קסאָווים. געוויס אַ ראָמאַן אין דרײַ טיילן, לאַנג, ווי דער יידישער גאָלעס, אָדער אַ דראַמע אין פיר אַקטן, וואָס די פּאַרשוינען הייסן: מערדערזאָן, ערליכמאַן, פּרומהאַרץ, ביטערצווייַג אוקעדוימע אַזעלכע נעמען, וואָס פון זיי אַליין זעט איר שוין אַרויס, מיט ווערמען איר האָט צו טאָן..."

און אויך די מעכאַברים פון די שאַבלאָנע ציָען־לידער, וואָס האָבן זיך אין יענע צײַטן געני־מען פּרוכפּערן און מערן, האָט שאָלעם־אַלייכעם ניט געשוינט. אין דער זעלבער דערציילונג קריגן זיי אַ גאָב. דער אַווטאָר וויל אַלץ טרעפן, ווער איז דער יונגערמאַן, דער באַזוכער זײַנער. זײַענדיק זיכער, אַז ער איז פּאָרט אַ מעכאַבער, טוט ער אַ קלער: „און עפּשער איז דאָס גאָר נײַע לידער פון ציָען?

אהין אַף די בערג טוט אים ציָען,
דאָרט, וווּ דער אָדלער טוט פליִען,
דאָרט, וווּ דער אייַלבירט טוט בליִען,
דאָרט, וווּ די נעוויִים האָבן געטאָן ריִען
און פּאַר גאָט געטאָן קניִען...

מיר זײַנען קענטלעך די דאָזיקע לידלעך, די דאָזיקע גראַמען, וואָס קריכן פונעם האַלדז, שעמערירן אין די אויגן, זשומען אין די אויערן און לאָזן איבער אין האַרצן נאָך זיך אַ ווילדע פּוסטקײַט, אַ מאָדנע וויסטעניש אַף דער נעשאָמע..."

קאָמענטאַרן, ווי זאָגט מען דאָס, זײַנען איבעריק.

פון דער שלאַכט קעגן שאָמעריזם האָט שאָלעם־אַלייכעם אָנגעהויבן. אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט ער ווידער אופגעהויבן זיך מיט דער גאַנצער קראַפט פון זײַן הומאָר און סאַטירע קעגן דעם באַנײַטן שאָמעריזם, קעגן דעם שטראָם שונד־ראָמאַנען אין דער ייִדישער פּרעסע סײַ אין רוסלאַנד, סײַ אין אַמעריקע. דער ייִדישער שונד־טעאַטער האָט אין „בלאָנדזנדע שטערן" געקראָגן אַ טויט־קלאַפּ. מע דאַרף אין זינען האָבן, אַז גאַנץ אָנגעזעענע קריטיקער האָבן אַפילע ווי  ב א ר ע כ ט י ק ט  די עקזיסטענץ פון די ייִדיש־פּאַטריאָטישע אָפּערעטן מיט די „רייצנדע פּרימאַדאָנעס". די שולד איז אַרופגעוואָרפן געוואָרן אַפן אָפּגעשטאַנענעם עולעם, מער ווי אַף די שאַרלאַטאַנען־אַנטרעפּרענעיאָרן, די הענדלערס מיט טעאַטער. וואָס זאָל מען טאָן? דער עולעם, דער אַזויגערופענער „מוישע", פאַדערט דאָס. אַ בעסערער, ערנסטער טעאַטער קאָן גע־מאָלט זײַן פאַר אויסדערווײלטע, פאַר דער „עליטע"...

שאָלעם־אַלייכעם האָט מיט גרויס לײַדנשאַפט אופגעריסן דאָס בראָדווייִשע ייִדישע טע־אַטער־וועלטל. ער האָט דערמיט  ג ע ל ע ר נ ט  נ י ט  נ א כ ש ל ע פ ן  ז י ך  נ א ך  ד י  א פּ ־ ג ע ש ט א נ ע נ ע  ג ע ש מ א ק ן. זײַנע אַרויסטרעטונגען האָבן געעפנט די אויגן באַ טויזנטער

באזוכער פונעם ייִדישן טעאַטער, געוועקט זייער קריטישן כוש, זיי זאָלן זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון דעם פּוסטן רעקלאַמע־ראַש.

שאָלעם־אַליכעם איז געווען דער אומדערמידלעכער קעמפער פאַר עמעסער, ווירקלעך גרויסער ליטעראַטור און קונסט.

■

ווער איז ניט אַנציקט געווען פון שאָלעם־אַליכעמס קינדער־דערציילונגען — אָנהייבנדיק פון דעם „מעסערל“ און ביז „מאָטל פּייסיס“! מיט זײַנע קינדער־דערציילונגען האָט שאָלעם־אַליכעם אַרײַנגעבראַכט אין דער ליטעראַטור דאַפקע די שטיפערס, די ווײַסעכווורעניקעס, וואָס זײַנען אײַך מויכל אַלע ציצעס און קאַפּאָטקעלעך, זיי ווילן דאָס אָפּגעבן אין גלײַכן געלט פאַר א מעסערל, פאַר א פידל, פאַר מענאַשעכע דער רויפעטעס סאַד. ניט קיין אײַנגעהויקערטע קינדער, ניט קיין מאַרגנדיקע זײַדענע יונגעלײַטלעך, — מיט אָפענע אויגן קוקן זיי אַף דער וועלט און זעען זי בעסער, איידער די טאַטעס. נאָרמאַלע קינדער!

מאָטל געהערט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער קינדער־וועלט. אַלע אַקסעסואַרן פונעם ייִדישן שטעטל זײַנען פאַראַן אין דעם ווערק — און פונדעסטוועגן פאַרשטייען מאָטלען רוסן און פּאָליאַקן, פראַנצויזן און ענגלענדער און יאַפּאַנער... און ווער ניט? דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס דער קליינינקער העלד איז אין זײַן נאַציאָנאַלער סוויווע גענומען ברייט־מענטשלעך. אַף אַזאַ אויפן האָט מאַרק טווען געשילדערט זײַן טאָם סאָיער. ווען איך לייען, אַשטייגער, דעם עפּיזאָד, ווי טאָם האָט זיך אָן „אייצע געגעבן“ מיט פאַרבן דעם פּאַרקן, טראַכט איך מיר: מאָטל וואָלט אויך געפאַלן אַף דעם „סייכל“, ווײַל טאָם און מאָטל זײַנען ווי לײַבלעכע ברידערלעך.

און אָנגעשריבן איז „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“ אין צײַט פון רעאַקציע (1907), פאַרגעזעצט שוין אין דער ווײַטער אַמעריקע. אויך דאָרטן האָט זיך מאָטל ניט פאַרלוירן, אין דער יאָגעניש און האַוועניש, אין דער פינצטערער שאַפּ־ווירקלעכקײַט. זײַן שמייכל באַלויכט די שטיינערנע פעלדער, די ניו־יאָרקער סטריטס. ער איז אַן אָפּטימיסט. ער איז, זאָל מיר דערלויבט זײַן א סענטימענטאַלע שורע, דער שיר־האַשירים פון דער ייִדישער קינדערשאַפט. און מיר דוכט, איך הער שאָלעם־אַליכעמס שטים: באַטראַכט זיך נאָר! אין אָט דער אָרעמער וועלט, דער באַלעסטיקטער נאָך דערצו מיט לאַנג אויסגעוועפּטע מינהאָגים און שטייגער־זיטן, וואַקסן נאָרמאַלע קינדער, פאָלקאָם נאָרמאַלע! זיי זײַנען די האָפענונג, די צוקונפט פונעם פאָלק!

אין דעם איז דער אידייִשער מעהוס פון „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“.

אַף די יונגע פּלייצעס פון מאָטלען שפּאַרט זיך שאָלעם־אַליכעם אָן. דאָס איז דער געזונטער קויעך פונעם פאָלק. אַזוי שפּאַרט ער זיך אויך אָן אַף טעוויעס אַלטע פּלייצעס. טעוויע נעמט אויך און באַרעכטיקט דאָס נײַע. סאָפּקאַלסאָף איז פעפערל זײַן מענטש. קליין אין דער צאָל זײַנען געווען צווישן ייִדן די טעוויעס. קיין פּויערטום איז דאָך בא אונדז קימאַט ווי ניט געווען. מערקווירדיק, וואָס שאָלעם־אַליכעם, וועלכער איז געווען פּילבאַר צו צײַט און סוויווע אין אַלע כאַראַקטער־דעטאַלן, האָט טעוויען אויסגעקליבן פאַר איינעם פון די צענטראַלע און באַליבטע העלדן. ער גלייבט אין טעוויען, ער זעט אין אים א נאַציאָנאַלע קראַפט.

די מענאַכעם־מענדלשע „גליקן“ לאַכט שאָלעם־אַליכעם אויס אָן ראַכמאָנעס. ער טרעט קיינמאָל ניט אָפּ פון זײַן פּראָגראַם, וואָס איז פּראָקלאַמירט אין דעם אַרײַנפיר צו דעם מענאַכעם־מענדל־בוך. אַלץ, וואָס איז געבויט אַף זאַמד, מוז זיך איבערקערן. מענאַכעם־מענדלשקײַט איז דער קעגנזאַץ צו פּראָדוקטיווקײַט. שאָלעם־אַליכעם פּילט אויס באַוווסטזיניק א היסטאָריש־וויכטיקע אידייִש־געזעלשאַפטלעכע שליכעס, אָראָפּרײַסנדיק אַלע מענאַכעם־מענדלשע טרוימען. מע וואָלט געקאָנט שאַפן א מין ענציקלאָפּעדיע פון די צאָלרײַכע, גרעסערע און קלענערע מענאַכעם־מענדלס, וועלכע וואַנדלען אַרום אין שאָלעם־אַליכעמס ביכער. יעדערער פון זיי האָט זײַנע אינדיווידועלע שטריכן, נאָר זיי ווערן פאַרייניקט אונטער איין צײַגער: באַדנלאָזיקײַט, פּוסטע פאַנטאַזיעס, פּאַלאַצן, געבויטע אַף זאַמד. פאַרשיידן זײַנען די מענאַכעם־מענדלס, און פאַרשיידן איז דעם שרײַבערס באַציִונג צו זיי — פון שאַרפער סאַטירע ביז טרויעריקן הומאָר.

די קאָנקרעטע מענאַכעם־מענדלס זײַנען נאַציאָנאַל, געבוירן און פאַרלוירן אין א באַשטימטער נאַציאָנאַלער אומגעבונג. מענאַכעם־מענדליזם ווי א געזעלשאַפטלעכע דערשײַנונג איז אינטערנאַציאָנאַל, ניט אָפּצוטיילן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. זי האָלט אין איין אַרויסגעבן פון זיך דעם טיפּ דעקלאַסירטע פאַרשוינען, וואָס דרייען זיך אין א פּוסטן כאַלעל, זעענדיק פאַר זיך בלענדנדיקע, אָבער פאַלשע צילן. מענאַכעם־מענדל האָט שטריכן פון דאָן־קיכאָטישקײַט אין זין פון אילוזיאָרישקײַט. אָבער אין טאָך איז ער ניט קיין דאָן־קיכאָט, ער פאַרמאָגט נישט ניט דעם איידלמוט, ניט די גרייטקײַט צו זעלבסטאָפּפער. ער איז ניט דער ריטער

פונעם טרויעריקן געשטאַלט. ער איז דער אָפּגענאַרטער און אַליין דער אָפּנאַרער. אַרײַנגעפאַלן אין דער קאַפּיטאַליסטישער ראָד, קלערן די מענאַכעם־מענדלס, אַז דאָס שטופּן זיי די ראָד. אין דער ווירקלעכקײַט ווערן זיי צעמאָלט.

שאָלעם־אַליכעם האָט ריכטיק געשטעלט דעם דיִאַגנאָז פון דער מענאַכעם־מענדל־קרענק. ער האָט געזען אירע וועגן און אומוועגן. אויב מיט מאָטלען האָט ער ג ע ש ט א ר ק ט דאָס פאָלק, אויב מיט טעוויען האָט ער באַשטעטיקט אונדזער ה י ־ ז ײַ ן, האָט ער מיט מענאַכעם־מענדלען געוואָרנט: היט זיך פאַר באָדנלאָזיקײַט!

מיטן שטאַרקסטן געווער — מיטן קינסטלערישן וואָרט און בילד האָט שאָלעם־אַליכעם געקעמפט קעגן מענאַכעם־מענדעליזם, און דאָס איז איינער פון זײַנע גרעסטע אידייִשע פאַרדינסטן.

■

שאָלעם־אַליכעם האָט געהאַט אַ זעלטענעם געהער צו פאַרנעמען דעם גאַנג פון דורעס. זײַנע ווערק שאַפן אַ מין שפּיגל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, אַזוי ווי זי האָט זיך געלאָזט פילן אין יִדישן טכום.

מיר ווייסן, אַז שאָלעם־אַליכעם איז ניט געווען קיין פּאָליטישער רעוואָליוציאָנער. אָבער אַלס עכטער דעמאָקראַט און הומאַניסט איז ער געווען אַ שאַרפער קעגנער פונעם צאַריזם, פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אונטערדריקונג. דאָס פילט אָן מיט גרויסן אידייִשן אינהאַלט ניט בלויז דעם ראָמאַן „דער מאַבל“, נאָר אַ סאַך אַנדערע זײַנע באַדײַטנדיקע ווערק („האָדל“, „כאַווע“, „יויסעף“, „שמוליק“, „צעזייט און צעשפּרייט“ אאַוו.).

דער גרויסער פאָלקס־שרײַבער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די „ווערט“ פון דער צאַרישער קאָנסטיטוציע, וועלכע איז געקומען אין דער באַגלייטונג פון יִדישע פּאָגראָמען, פון צעשיסן אַרבעטער־ און סטודענטן־דעמאָנסטראַציעס. ער האָט אויך פאַרשטאַנען די „ווערט“ פון דער „נאָרמאַלער בורזשואַזער קאָנסטיטוציע“ און ניט געקניט פאַר איר. דאָס איז דאָך זײַנס אַ וואָרט, אַז אַמעריקע איז אַ פרײַ לאַנד: לייג זיך אינמיטן גאַס און גיי אויס פאַר הונגער, וועט דיר קיינער אַ וואָרט ניט זאָגן... אים האָבן ווײַט ניט באַגײַסטערט די בורזשואַזע „פרײַהײַטן“ און אויך ניט די „נײַעסן“, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג האָט אַרײַנגעטראָגן אין רוסלאַנד, באַזונדערס אין די יִדישע שטעט און שטעטלעך. ער האָט היסטאָריש געמאָלט די דאָזיקע „נײַעסן“.

אין „טעוויען“ איז אויסגעדריקט די סימפּאַטיע פונעם האָרעפּאַשנעם יִדן צו דער רעוואָליוציע און צו די רעוואָליוציאָנערן. שאָלעם־אַליכעם האָט קינסטלעריש אָפּגעשפּיגלט בולעטע שטריכן פון דער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע. אין די רעאַקציע־יאָרן האָבן גענוג שרײַבער, סײַ רוסישע, סײַ יִדישע, זיך אָפּגעקערעוועט פון דער רעוואָליוציע, „טשוווע געטאָן“, אַוועק אַפן וועג פון מיסטיש־רעליגיעזע זוכענישן, „איך“־גריבלענישן. שוין אָפּגערעדט פון די, וואָס האָבן געפּוינען ביטל־ווערטער פאַר די מאַרטירער פון דער רעוואָליוציע, אָדער געטײַנעט, אַז מע האָט ניט געדאַרפט אָנהייבן... מיט קיין איין שורע זײַנער איז שאָלעם־אַליכעם ניט צוגעשטאַנען צו אָט דער פּאַלאַנגע. אין די ביטערסטע יאָרן האָט ער געשריבן „מאָטל פייסיס“, אין די ביטערסטע יאָרן האָט ער אײַנגעהיט דעם גלויבן אינעם קויעך פונעם פּאָשעטן פאָלק. ניט אין קיין קלענערער מאָס האָט ער אײַנגעהיט די סינע צו די מאַכטהאָבערס מיט די נאָכטענצערס זייערע.

רײַך, קאָמפּליצירט און פילאַרטיק איז שאָלעם־אַליכעמס אידייִשע וועלט. רײַך, קאָמפּליצירט און פילאַרטיק איז די פּאַליטרע פון זײַן קונסט. אין פרייד און אין זײַן טרויער, אין האַס און אין ליבע האָט ער קיינמאָל ניט פאַרוויגט דאָס פאָלק, נאָר שטענדיק געמונטערט און גערופן עס צו אַ ווירדיק לעבן.

---

מוישע טייך

# דער טאָג דער הײַנטיקער

•

מיך נעמט דער טאָג אונטער דער האַנט,
באַפרײַט פון צימערדיקע דאַלעדאַמעס,
אַוווּ דאָס לעבן ציט זיך פײַנלעך לאַנג,
ווּ זאַלבן זיך אַליין איז סימען דאַלעס.

ווי ערלעך ברויט איז הייליק־ריין —
אַזוי דער טאָג!
ניין, ניט קיין האָפּקע מיט אַ צימבל,
אין זיבן שווייסן דאַרפסטו אויסגראָבן אַליין
דײַן גליק ס׳דערראָבערטע בעצימצעם.

און דעמלט קאָנסטו אָפּשאַצן די וואָג
פון טאָג דעם נעכטיקן, אים גוט באַטראַכטן.
און דעמלט וועט דער מאָרגנדיקער טאָג
ניט זײַן פאַר דיר קיין אומדערוואַרטער.

און גליקלעך וואָלט איך זײַן געוויס, געוויס.
ס׳זאָל ווי אַ פּיצל דימענט שײַנען ליכטיק
דער טאָג דער הײַנטיקער, וואָס איך באַגריס
אין שטורעמדיקן גאַנג פון דער געשיכטע.

# אוי, מאָלדוי־מאָלדאַווע...

אוי, מאָלדוי־מאָלדאַווע, מאָלדוי־מאָלדאַווע,
איך שעפּטשע אַ ליד, ווי אַ ייִד, וועלכער דאַוונט.

אוי, מאָלדוי־מאָלדאַווע, מאָלדוי־מאָלדאַווע,
סטעפּעס געשמאַקע ווי זומער־צײַט קאַוון.

זעט! זעט! —
ניין, ניט קיין לעוואָנע דעם הימל באַשײַנט,
עס שווימט אַ מאָלדאַוויש קליין פּעסעלע ווײַן.

און אונטן, אין זאַל, ווי ווײַנטרויב געדיכטן,
שלינגט מען די לידער פון ייִדישע דיכטער.

און ס׳ענטפערט אונדז האַרציק אַ דוינע־נעגינע,
און ס׳טאַנצן די בוטעלעך ווײַן אין וויטרינעס.

אוי, ברידער זאַדניפּרו, דאַמיאַנו, טשאָבאַנו,
איך בין אײַך מעקאַנע! איך בין אײַך מעקאַנע!

•

איך קוק אַפן זייגער, איך קוק,
אַפן ווײַזער, וואָס ציילט די סעקונדעס.
ער יאָגט, ווי דער אימפּעט פון צוג.
אַ פּיצל. נאָר איינמאָל אַ קונדעס.

דו זע, ווי אים פיבערט און טראָגט,
ווי אייביק מיט גאָרניט באַנוגנט.

איך קוק, ווי ער האָוועט און יאָגט,
און דערמאָן זיך די טעג פון מײַן יוגנט.

ווערסט עלטער, און דעמלט ווערט קלאָר,
און זעסט, ווער ס׳איז פלינקער און גיכער:
די ווײַזער — די גליקלעכע פּאָר,
וואָס גייען פּאַמעלעך, נאָר זיכער.

# א כאָסענע

טאַנץ, טײַערע, טאַנץ,
זע, פֿון נאַכעס די פֿיגעלעך
װײנען...

טאַנץ, טײַערע, טאַנץ,
מיר פֿאַר דײַנע בײנער.

טאַנץ, טײַערע, טאַנץ,
פֿרײ זיך, ייִדיש טאָכטערל,

עס װאַרפֿט דיר פֿון הימל א קראַנץ
דײַן מאַמעניו די געשאָכטענע...

זי קוקט אַף דיר און זי קװעלט
און זי װיל, די גאָלדענע ייִדענע,
אַז מײדלעך פֿון גאָר דער װעלט
זאָלן טאַנצן, װי דו, צופֿרידענע.

# דער גוטער לערער

נאָך איצט, װען ס׳דרעמלט שױן די יוגנט אין זײַן טראָט,
װען לאַנג, שױן לאַנג
האָט זיך די קינדהײט אױסגעלאָשן אין די אױגן,
דערמאָנט ער זיך אַמאָל אין האַרט־אַקשאָנעסדיקן דראָט,
װאָס ער האָט פֿאַר די שפּילעכלעך אַמאָל געבױגן.

דער דראָט האָט שאַרף א שמיץ געטאָן זיך אַף צוריק,
און ס׳האָט א שנירל בלוט זיך אױסגעמישט מיט זײַנע טרערן.
און כאָטש דער װײטעק האָט אים נאָדלדיק געפּיקט,
נאָר ס׳איז דער דראָט געװען א גוטער לערער.

העט־שפּעטער, װען עס האָט דער גורל אים אַקשאָנעסדיק געבױגן,
ניט אײן מאָל אים געשלײַדערט און געשטיקט,
פֿלעגט אױפֿשײַנען פֿאַר זײַנע אױגן
דער דראָט, װאָס האָט א שמיץ געטאָן זיך אַף צוריק.

# זונטיק אַפֿן בולװאַר

די קינדער שלאָפֿן אין די װיגעלעך,
און זײ פֿאַרװיגט און זעטיקט, הײלט
געטראַנק פֿון זון און שנײ און װײכן װינטעלע —
דער פֿרילינגדיקער קינדערשער קאָקטײל.

די יונגע מאַמעס בא די װיגעלעך
מיט ערשטן קנײטשעלע פֿון זאָרג,
זײ קוקן שױן ניט אָפֿט אין שפּיגעלע,
זײ אײַלן אַף דער אַרבעט צום מעטראָ.

נאָר מיטאַמאָל האָט זיך די ערד א װיג געטאָן,
װי גלײַך דערפֿילט איר װונד, איר גרױל,

דאָס שרײַען קינדער פֿון די װיגעלעך
אַף איר — דער װעלפּיכע! — מיט סיגאַרעט
אין מױל.

זי גײט. לעם איר א שװאַרצינק הינטעלע,
און דאָרט בא זיך — פֿיר שטומע װענט.
איר יוגנט שױן א װײַט־בלײך פֿינטעלע,
אין נעכט אין פֿרײלעכע פֿאַרברענט.

זי גײט. און זי פֿאַרשװינדט דאָרט אין א געסעלע.
די זון שײַנט אױף. ס׳איז אױס געפֿאַר.
און קינדער שױן פֿון לאַנג פֿאַרגעסן זי,
מיט מאַמעס שפּילן זיך אַפֿן בולװאַר.

●

װען איך גײ אַרום אַף גאַסן פֿראַנק־און־פֿרײַ און שלינג־און־שלאַנג,
איז פֿאַר מיר דער זומער־רעגן װי פֿון עפּל א געטראַנק.

מענטשן, אָנגעלאָדענע מיט זאָרגן, הענדעם־פֿענדעם אַפֿן גאַס
מײנען, כ׳בין א לײדיקגײער, שליאָנדער אום זיך פּוסט־און־פּאַס.

אוי, איר מענטשן... גרויסע קינדער... עס שפּאַצירט דער מאַטאַדאָר,
ווּעמעס לעבן איז געהאַנגען שוין ניט איין מאָל אַף א האָר.

דאַכט מיר אָפּט: דער טויט מיט הערנער טוט רעציכעדיק א שוועב,
און איך טאַפּ אַלץ מײַנע ביינער — כ׳בין דערהאַרגעט צי איך לעב?!

האָב איך ליב דערפאַר אַרומגיין פראַנק־און־פרײַ איבער דער שטאָט
און די טויבן אַף בולוואַרן אָפּגעבן מײַן בוטערבראָד.

ראָצכים דאַרפן פּיסטאָלעטן, די דיקטאַטאָרס — בלוט און רום.
מיר געֿנוג א סיגאַרעטל, פאַר מײַן עסטערקען — א בלום.

# יאָרשים

עס האָט דער גרויסער צעך אים שטייענדיק באַגריסט,
און יעדער איינער האָט געגאַרט דאָ
אים זאָגן א גוט וואָרט, דעם אַלטן מעטאַליסט,
אין נאָמען פון די יאָרשים, פון דער יונגער גוואַרדיע —

פון די, פון יענע, וואָס אַפן לונג — דאָס אַפן צונג,
ניט יענע יאָרשים, וועלכע וואַרפן זיך ווי שפּאַרבער,
ווען זיי דערפריייט דער לאַנג דערוואַרטער קלונג—
דער גרויסער נאָגיד האַלט בא שטאַרבן.

אין יענע געסעלעך, וואָס זײַנען לאַנג פאַרברענט,
אַף דעכער מאָכיקע, אַף יעדער גאַנעק
עס האָבן פייגעלעך אַפילע גוט געקענט
זײַן זיידן „רעב לייזער דער מעכאַניק".

אַליין א זיידע איצט.
ער ווישט די ברילן שוויַיגנדיק, דער אַלטער מעטאַליסט,
און ווײַזט אַף די מאַשינען,
אין די פענצטער, ווו עס שפּיגלען זיך קוואַרטאַלן.
און ס׳האָט אין גרויסן צעך אים שטייענדיק באַגריסט
די יונגע גוואַרדיע — די יאָרשים פון זײַנע קאַפּיטאַלן.



די פייגל שטאַרבן פליִענדיק,
פריליִנגדיק פאַרכלינעט,
ניין, ניט ווי די... לאַנג טליִענדיק
פון קינע און פון סינע.

די פייגל שטאַרבן זינגענדיק,
ווי ריין זייער געוויסן!
ניין, ניט ווי די... אָפּט זינדיקנדיק,
אַפילע ערעוו גסיסע.

ווי קינדער פייגל וויגן זיך
אַף בוים, לעם זייער דירע,
איך וויס, אויך פייגל קריגן זיך,
נאָר לעבן אָן מעסירעס.

# אין צירק

עס האָבן פידעלעך שטיל־וויגלדיק באַגלייט
דעם סאָלאָ־ניגן פון דער פלייט,
וואָס האָט געריזלט, ווי א קוועלכעלע א
שטראַלנדיקס
אַהער אַראָפּ, אַף זאַמד פון דער אַרענע —
גלײַך אין די הייסע מײַלער פון די לייבן.
א שלאַנקע יונגפרוי
אין דעם שורשענדיקן קלייד פון הימל־שוים
(פונקט ווי די מאַלקע פון מײַן מאַמעס מײַסעלע),
האָט זיי, די לייבן, פונקט ווי שעפעלעך, געגלעט:

שטילעניו, מײַן קינד...
שלאָפעניו, מײַן קינד...

אָט זיצט זי אַף א לייב און וויגט זיך
ווי א מעווע אַף א דראָענדיקער כוואַליע.
ס'איז שטיל. אַרום איז נאַכט.
דער טויזנטקעפּיקער האַמויך — פאַרגאַפט.
און דאָרטן הויך, צום שפּיץ פון צירק,
פון קינדהײַט אײַלט צו מיר
א ווײַס ווייך וואָלקנדל — א זעגל,
פון דאָרטן, הער איך, רעדט צו מיר מײַן מוטער:
מיט גוטן, זונעלע, מיט גוטן...

# דאָס יונגע וועלדל

דאָס יונגע וועלדל לעם מײַן שטוב —
א זאַמלונג אויסדערוויילטע לידער.
אים ווינטשט א רעגן־זוניקן קאָלטווו
דער דעמב, דער אויסגעפּרוווטער לידער.

פון ווײַט דעם וועלדעלעס פּריזור
אין קרוין אין דופּטיקער פון רעגנבויגן.
זײַן ליד, וואָס ווייסט ניט פון צענזור,
איז אופריכטיק ווי קינדער־אויגן.

און צאַרט און בסולעדיק ווי שניי,
וואָס ליגט דאָ ווינטער ניט פאַרזינדיקט.
נאָר ס'קוקט דער דעמב מיט שרעק און ווי
אַף זײַן טאַלאַנטפולן געזינדל.

ווי א געהיימער סוינע גיריק שפּירט
דער שפּאַרבער! זײַנע נעגל גלײַען...
און ס'טוט א צאַפּל אומגעריכט
די זאַמלונג אויסדערוויילטע לידער.

# בעקאָוועדיקע בירגער

ווען ס'וויגט זיך נאַכט, פאַרשיקערט פון אָזאָן,
און טווע־שפּײַכלער וואַרטן אַף די רײַפע
צענטנער,
דאַן קומען אָן פון ווײַטן האָריזאָנט
א זאָקן מיט א זקינע אין ראַיצענטער.

א בינטל קווייטן צאַפּלט אין איר האַנט,
און זיי באַקוקן נאַכעסדיק, אָן מוירע,
בעקאָוועדיקע בירגער אַפן טראַנספּאַראַנט,
אין מיט — דאָס אייניקל, דער לעבעדיקער
יוירעש.

ווי נאָר עס טוט א שפּראָץ אַף טאָג,
פאַרשווינדן זיי, וווהין — עס ווייסט ניט קיינער...
מע זאָגט, זיי לעבן דאָרט אין טיפן טאָל,
ווו ס'ליגן פון דערשאָסענע די ביינער.

נאָר אין ראַיצענטער שושקעט מען זיך און
מע רעדט,
אַז ווער עס לייגט די קווייטן, ווייסט אוואדע
דער קאָרעוו זייערער, א ייִדישער פּאָעט,
וואָס האָט עס אַלץ געזען אין פענצטערל
פון זײַן באַלאַדע.

---

# פראָנטאָוויקעס

## הירש פלאָסקאָוו

גוואַרדיע־
גענעראַל־לייטענאַנט
פון אַרטילעריע

איך בין ניט קיין שרײַבער, נאָר א שלאַכטמאַן, פיר און פערציק יאָר האָב איך געדינט אין דער אַרמיי. וואָס זשע ציט מיך אַף די עלטערע יאָרן צו דער פען? ווינציקער פון אַלץ ווילט זיך מיר שרײַבן וועגן זיך אַליין. כ׳האָב א ניט־געדעקטן כוווו פאַר מײַנע טײַערע שלאַכט־כאַווירים, כ׳מוז וועגן זיי שרײַבן, און זאָל מיר דער לייענער מויכל זײַן, אויב איך וועל אין מײַנע נאָטיצן דערמאָנען א סאַך נעמען. הינטער יעדן נאָמען שטייט א רײַך, פיל־פאַרביק לעבן, א העלדישע ביאָגראַפיע פון א מענטשן, וואָס וואָלט א געניטן שרײַבער געגעבן געגנוג שטאָף פאַר א גוטער גרויסער דערציילונג, אויב ניט פאַר א גאַנצן ראָמאַן. מײַן אויפגאַבע, וואָס כ׳האָב זיך געשטעלט, איז א באַשיי־דענערע, כ׳וויל כאָטשבי דערמאָנען מיט א פּאָר שורעס די סאָלדאַטן און אָפי־צערן, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען זײַן צוזאַמען בייס דער פאַרגאַנגע־נער בלוטיקער און הייליקער מילכאָמע פונעם סאָוועטישן פאָלק קעגן קאַני־באַלישן פאַשיזם.

דער מאַרשאַל פון דער אַרטילעריע וו. אי. קאַזאַקאָוו שרײַבט אין זײַן ניט־לאַנג דערשינענעם בוך „דער איבערבראַך״:

„איך בין מעקאַנע געווען פלאָסקאָוון, ווען איך האָב דערזען, וואָס פאַר א גוט מיליטער ער האָט. ווי האָט מען אים טאַקע ניט געזאָלט מעקאַנע זײַן, אויב אין דער 10־טער אַרמיי איז די גאַנצע אַרטילעריע געווען א פולשטענ־דיק נײַע, גלענצנדיק קאָמפּלעקטירט און א פולשטענדיק גרייטע צו די שלאַכטן״.

יאָ, אין מײַן רעשוס אַלס דעם קאָמאַנדיר פון דער אַרטילעריע פון דער צענטער אַרמיי איז טאַקע צו יענער צײַט אָנגעקומען ניט ווייניק נײַע האַר־מאַטן און פאַרבינדונגס־מיטלען. אָבער אויך די אַרטילעריסטן זײַנען געווען נײַע, קימאַט קיינער פון זיי איז פריער נאָך ניט געווען אַף דער מילכאָמע און ניט געשמעקט קיין פולווער. אייניקע גענעראַלן האָבן געהאַלטן, אַז מע דאַרף די דאָזיקע מענטשן דערווײַל ניט האַלטן אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס, מע דאַרף זיי אָפּשיקן ווײַטער פונעם פראָנט און דאָרטן לערנען. איך האָב פאַרגעלייגט, אַז אונדזערע נײַע פאָלקן זאָלן זיך „פּראַקטיקירן״ גלײַך אַפן שלאַכטפעלד. בא דער זעלבער מיינונג איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דער צענטער אַרמיי גענעראַל פ. אי. גאָליקאָוו (איצט מאַרשאַל פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד).

טאָג און נאַכט, נאָר מיט א קורצן פינף־זעקסשאָעיקן איבעררײַס אַף שלאָפן, האָבן הונדערטער אָפיצערן געגרייט זייערע טיילן צו די שלאַכטן. פיל קויכעס האָט אַף דעם אָפּגעגעבן דער שעף פונעם אַרמייִשן אַרטילעריע־שטאַב דער פּאָלקאָווניק אי. וו. פלאָשקין. בא דעם דאָזיקן מענטשן האָב איך א סאַך גע־לערנט. אויסערגעוויינלעך גוט פלעגט ער אַרײַנפּאַסן די אַרטילעריע אין די אָנגריף־אָפּעראַציעס פון דער גאַנצער אַרמיי. מיר האָבן געהאַט מער ווי טויזנט האַרמאַטן, אויסנוצן זיי ריכטיק איז א גרויסע קונסט, און אי. וו. פלאָשקין האָט מיר אין דעם זייער געהאָלפן.

איך האָב זיך דערפרייט, ווען ס׳איז צו אונדז אַראָפּגעקומען דער פּאָלק פון שווערער אַרטילעריע אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פון ג. פ. אַקסיאָנאָוו. דעם זעלבן אַקסיאָנאָוו, וואָס איז מיט צען יאָר צוריק געווען א קאָמאַנדיר פון א דיוויזיאָן אין דער דיוויזיע, מיט וועלכער איך האָב אָנגעפירט. מע האָט געדאַרפט זען, וויאַזוי דער דאָזיקער אָפיצער, שוין גאָר ניט קיין יונגער מענטש, האָט זיך גענומען צוגרייטן זײַן פּאָלק, וואָס איז אינגיכן געוואָרן איינער פון די בעסטע אין דער אַרמיי.

אונדזער 10־טע אַרמיי האָט אָפּערירט אַף א ברייטן פראָנט, און די פאַר־בינדונג האָט געהאַט זייער א וויכטיקע באַדײַטונג. ביז הײַנטיקן טאָג דערמאָן

איך מיט גרויס דאַנקבאַרקייט דעם באַטאַריי־קאָמאַנדיר נ. אי. יעלינבוים; ס׳איז געווען מאַמעש צו באַוווּנדערן זײַנע אָרגאַניזאַטאָרישע פֿײַקייטן. אין אַ באַליביקן וועטער, אין יעטווידע, זאָל זײַן די סאַמע שווערסטע, באַדינגונגען האָט יעלינבוים מיט די אָפֿיצערן, סערזשאַנטן און סאָלדאַטן פֿון זײַן באַטאַריי געזען, אַז די אַרטילעריע זאָל אַפֿילע איין מינוט ניט בלײַבן אָן אַ קעגנזײַטיקער פֿאַרבינדונג.

איך האָב דאָ איצט דערמאָנט יעלינבוימען. איך וועל ניט מאַכן קיין אַנטדעקונג, אויב איך וועל זאָגן, אַז בײַ בייסן בירגערקריג און בײַס דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע האָבן האַנט־בײַ־האַנט מיט אַלע אַנדערע פֿעלקער פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד מעסירעסנעפֿעשדיק זיך געשלאָגן קעגן סוינע אויך די זין פֿון ייִדישן פֿאָלק. איך האָב זיי געזען, די ייִדישע באָכערים, אָפֿן פֿראָנט קעגן די ווײַסגוואַרדייער, ווען איך בין אַליין נאָך געווען אַ יונגער באָכער, און איך האָב זיי געזען, די ייִדישע טאַטעס און די ייִדישע זין, אָפֿן אומענדלעכן פֿראָנט פֿון מאָסקווע ביז בערלין אין דער צײַט פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. די פֿאַרטאָגיקע שווערע שאָ, וואָס האָט געשלאָגן דעם 22 יון 1941 יאָר, האָט אונדז אַלעמען גערופֿן צו פֿאַרטיידיקן דאָס סאָוועטישע היימלאַנד, און איך בין אַ לעבעדיקער איידעס, וויאַזוי געוואַגט און העלדיש עס האָבן זיך געשלאָגן די דיוויזיעס, מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפֿירט קאַראַמישעוו, גאַרצעוו און קראָניק. איצט איז אַלעקסיי לוואָוויטש קראָניק אַ קאַנדידאַט פֿון היסטאָרישע וויסנשאַפֿטן, ער וווינט און אַרבעט אין קיִעוו. ער שרײַבט זיך איבער מיט אַ סאַך זײַנע געוועזענע שלאַכט־כאַווײרים.

אַלציינס טײַער זײַנען מיר די קאָמאַנדירן פֿון די אַרטילערישע פּאָלקן, מײַנע געוועזענע שילער אַקסיאָנאָוו און מאַרשאַלקין. באָריס איסײַעוויטש מאַרשאַלקין איז געוואָרן פֿאַרוווּנדעט אין אַ פֿוס, ער האָט קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט זיך צו לייגן אין שפּיטאָל. דאָס האָט אים געקאָסט זײַן לעבן. ס׳איז געוואָרן בײַ אים אַ גאַנגרענע, און פֿאַר אונדזערע אויגן איז ער אויסגעגאַנגען.

אַמאָל נאָך, ווען כ׳בין געווען קאָמאַנדיר פֿון אַ פּאָלק, האָט בײַ אונדז געדינט איינער אַ סאָלדאַט אַלטער וואַלדמאַן. איך האָב ליב געהאַט מיט אים צו ריידן, אויספֿרעגן אים, אָפֿט האָב איך אים געבעטן דערציילן, וואָס מע שרײַבט אים פֿון דער היים. מײַן אינטערעס צו אים איז געווען אַזוי גרויס דערפֿאַר, ווײַל ער האָט געשטאַמט פֿון דער זעלבער ייִדישער קאָלאָניע, פֿון וועלכער עס איז מײַן פֿרוי. געווען איז וואַלדמאַן זייער אַ באַשיידענער, שעמעוודיקער באָכער. מילכאָמע־צײַט האָבן מיר זיך ווידער געטראָפֿן, איצט איז ער שוין געווען אַ פּאָלקאָווניק, אַן אויסגעשולטער אָפֿיצער. דער אַלטער גענעראַל קריוקאָוו פֿלעגט זאָגן, אַז אָן וואַלדמאַנען איז ער ווי אָן דער רעכטער האַנט.

אין דער שטאָט ניקאָלײַעוו לעבט איצט צוזאַמען מיט זײַן פֿאַמיליע דער וועטעראַן מ. אַ. פּאַפּ. איצט איז ער שוין אַן אַלטער ייִד. אין דער אַרמיי האָט ער געדינט נאָך פֿאַר דער מילכאָמע, ער פֿלעגט דאַן שיקן זײַן מאַמען בריוו, אין וועלכע ער האָט ליב געהאַט בעאַריכעס צו באַשרײַבן, וויאַזוי ער האָט זיך אויסגעלערנט גוט שווימען און שפּרינגען מיט אַ פּאַראַשוט, וואָס פֿאַרא גראַמאָטעס מע גיט אים פֿאַר זײַן מוסטערהאַפֿטער דיסציפּלינירטקייט און פֿלײַסיקייט אין דער לערע. אַ פּאָר מאָל זײַנען אין קאָנווערט געלעגן אויסשניטן פֿון דער פֿילטיראַזשקע פֿון דער דיוויזיע, וווּ עס איז געווען דערמאָנט צום גוטן זײַן נאָמען. מילכאָמע־צײַט האָט ער געדינט אין דער אַרטילעריע אַלס עלעקטריקער. ס׳איז גאָרניט געווען פֿון די גרינגע מעלאָכעס. וויפֿל מאָל איז אים אויסגעקומען אויף אַן אָפֿענער פּאָזיציע, מאַמעש אונטערן פֿײַער פֿונעם סוינע, דרינגענדיק רעמאָנטירן די עלעקטראָ־אויסשטאַטונג פֿון די מאַשינעס. ער איז געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט, די אַרבעט האָט געברענט אונטער זײַנע הענט. גערופֿן האָבן מיר אים ליבלעך „מישע“.

דער עלעקטריקער מיכאַיל איסאַקאָוויטש פּאַפּ איז געוואָרן קאָמאַנדיר פֿון אַ וזוואָד. ער איז אַרײַן קיין בערלין און קיין דרעזדען. פֿאַר זײַנע פֿאַרדינסטן איז ער באַלוינט מיט צוויי אָרדענס פֿונעם רויטן שטערן.

ניט לאַנג צוריק האָב איך פֿונעם מאָסקווער אינסטיטוט פֿאַר עקאָנאָמיק באַקומען אַן אײַנלאַדונג צו בײַזײַן אויף דער יוביליי־פֿײַערונג פֿונעם מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פֿון דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון אוקראַיִנע, דאָקטאָר פֿון עקאָנאָמישע וויסנשאַפֿטן, פּראָפֿעסאָר יאַקאָוו גריגאָריעוויטש פֿייגין, — אים איז געוואָרן זעכציק יאָר.

איך בין אַוועק אין אינסטיטוט. אינעם גרויסן קאָנפֿערענץ־זאַל, בײַם פּרעזידיום־טיש איז געזעסן דער יובילאַר — אַ כאָשעווער געלערנטער און האָט אויסגעהערט די פֿיל גוטע ווערטער, וואָס זײַנע קאָלעגן האָבן געזאָגט וועגן אים. זיי האָבן אָנגעוויזן אויף די ווערטפֿולע עקאָנאָמישע אויספֿאָרשונגען, וואָס פֿייגין האָט דורכגעפֿירט און וואָס האָבן זייער אַ גרויסע באַדײַטונג, באַזונדערס איצט, ווען די פֿראַגן פֿון עקאָנאָמיק ווערן בײַ אונדז אין לאַנד אַרויסגעשטעלט אויפֿן פֿאָדערשטן פּלאַן.

איך בין זיך מודע: בא מײַן גאַנצן ווילן צו הערן אופמערקזאַם די אַרויסטרעטונגען פון די כאַווײרים האָב איך דאָך זיך ניט געקאָנט קאָנצענטרירן. מײַנע דערינערונגען האָבן מיך אַוועקגעטראָגן גאָר ווײַט פונעם דאָזיקן ליכטיקן, אויסגעפוצטן זאַל און פון דעם יאָמטעוודיק־אויסגעקליידטן פּיגינען. איך האָב פּייגינען געדאַנקלעך דערזען פאַר מײַנע אויגן אין אַ בלינדאַזש אַפן פראָנט.

געווען איז עס סאָף 1941 יאָר. אין דער צענטער אַרמיי פון מײַרעוודיקן פראָנט איז צוגעקומען נאָך אַן אַרטילערישער פּאָלק, ווו דער קאָמיסאַר איז געווען יאַקאָוו פּייגין. מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט, און איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער שטאַמט פון אַן אָרעמער אַרבעטער־פאַמיליע, פאַרענדיקט אַ מיטלשול, און אַז אַ געוויסע צײַט איז ער געווען אַ פּיאָנערן־אָנפירער. די מאַמע האָט מיט אים דאַפקע אײַנגעטײַנעט, אַז וואָזשאַטעס זײַנען נאָר מיידלעך, אָבער מער פון אַלץ האָט ער ליב געהאַט צו זיצן מיט די קינדער בא די שײַטערס, צוזאַמען מיט זיי מײַסטרעווען פאַרשיידענע מאָדעלן, דורכמאַכן עקספּעדיציעס און עקסקורסיעס אין פאַרשיידענע אינטערעסאַנטע ערטער. אין 1925 יאָר איז יאַקאָוו גריגאָריעוויטש אָנגעקומען לערנען אינעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, פאַרענדיקט אים און באַקומען אַן אויסגעצייכנטן דיפּלאָם. ער איז געווען אַ וויסנשאַפטלעכער טוער.

ווען עס איז געקומען די צײַט, איז דער געוועזענער פּיאָנער־וואָזשאַטע פּייגין געוואָרן אַן עמעסער שלאַכטמאַן, איינער פון די בעסטע און די פּייִקסטע קאָמיסאַרן אין אונדזער אַרמיי. אַמאָל האָט ער געפונען אַ וועג צו די צאַרטע קינדערשע נעשאָמעס, מילכאָמע־צײַט האָט זײַן הייס, פלאַמיק וואָרט, זײַן אייגענער בײַשפּיל און מוסטער פון געוואַגטקײַט און העלדישקײַט דערמונטערט און דערהויבן אונדזערע סאָלדאַטן.

די סאָלדאַטן און סערזשאַנטן פונעם אַרטילערישן פּאָלק, מיט וועלכן יאַקאָוו פּייגין איז געקומען, זײַנען געווען שלעכט צוגעגרייט אין מיליטערישער הינזיכט. בוכשטעבלעך טאָג און נאַכט האָט דער קאָמיסאַר פּייגין צוזאַמען מיט די אַנדערע אָפיצערן פון פּאָלק געגרייט די מענטשן צו דער שלאַכט. אין איינער פון די ערשטע אַטאַקעס איז דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק ליסאָגורסקי שווער פאַרווונדעט געוואָרן. דער מיליטערישער סאָוועט פון דער צענטער אַרמיי האָט באַשלאָסן, אַז פּייגין זאָל זײַן גלײַכצײַטיק סײַ דער קאָמאַנדיר, סײַ דער קאָמיסאַר פונעם פּאָלק. שפּעט באַנאַכט האָב איך אָפטמאָל געזען יאַקאָוו גריגאָריעוויטשן, ווי ער זיצט אײַנגעבויגן אַנטקעגן דעם לאַמטערן פון אַ האַרמאַט און לייענט די „קלאַלים פון שיסערײַ“, בלעטערט פּאַוולאָוויטשעס לערנבוך „די אָנפירונג מיט אַ דיוויזיאָן“. גיך און גוט האָט פּייגין זיך אויסגעלערנט אַזאַ ניט גרינגע זאַך, ווי די טאַקטיק פון פירן אַ פּאָלק אין שלאַכט. אויסגעצייכנט האָט ער אָרגאַניזירט די קעגנזײַטיקע אָפּעראַציעס פון דער אַרטילעריע מיט דער פעכאָטע.

מיט אַ גוט, פריידיק געפיל האָבן מיר נאָכגעשפּירט, וויאַזוי דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט ביז דער מילכאָמע עפּשער נאָר עטלעכע מאָל געהאַלטן אַ ביקס אין דער האַנט, דרינגט אַרײַן אין אַלע דעטאַלן פון דער שווערער אַרטילערישער קונסט, ער לערנט זיך אַליין און לערנט זײַנע קאָמאַנדירן. ער האָט ניט אופגעהערט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל צו דערמאָנען דעם פּאָלק, אַז וואָס עפעקטיווער און פּינקטלעכער אונדזערע האַרמאַטן וועלן שיסן, אַלץ ווינציקער בלוט וועט פאַרגיסן אונדזער פעכאָטע און אַלץ בעסער וועט אויסגעפילט ווערן די קאָנקרעטע אופגאַבע. ער האָט קיינמאָל ניט געהערט דאָס קאָל. אָך, ווי איך בין אים אַף דעם מעקאַנע געווען! איך האָב דאַפקע אייניקע מאָל זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן, און דערנאָך איז מיר אויסגעקומען כאַראַטע צו האָבן. נאָך מער ווי אין פרידלעכן לעבן, פאָדערט זיך אַף דער מילכאָמע, אַפן פראָנט אַ האַרציקע, פילבאַרע באַציִונג צו די מענטשן, איבער וועלכע עס לויערט יעדער מינוט דער טויט. די קאָמאַנדירן פון די שיסער־פּאָלקן האָבן זייער אָפט געבעטן, אַז בײַס זיי וועלן גיין אין אַטאַקע, זאָל זיי אונטערהאַלטן דער אַרטילערישער פּאָלק „פון דעם געלערנטן קאָמיסאַר“.

אַף די זיצונגען פון מיליטערישן סאָוועט, ווו ס׳פלעגן געוויינלעך בײַזײַן די קאָמאַנדירן פון די דיוויזיעס, פּאָלקן און אַנדערע פאַרייניקונגען, פלעגט דער גענעראַל קאָזשעווניקאָוו זיך ווענדן צו פּייגינען מיט דער פראַגע: „נו, און ווי איז אײַער מיינונג, כאַווער געלערנטער קאָמיסאַר?“

אַזוי האָבן אים גערופן די סאָלדאַטן און די קאָמאַנדירן. פיל ליבע און רעספּעקט האָבן זיי אַרײַנגעלייגט אין די דאָזיקע ווערטער. צו דער מיינונג פונעם „געלערנטן קאָמיסאַר“ האָט מען זיך זייער צוגעהערט און זיך מיט איר גערעכנט.

אומגעריכט איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז פּייגין זאָל אַרויספליִען קיין מאָסקווע און פאַרנעמען דעם פּאָסטן פון אַ קאָמיסאַר אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער אַרטילעריע.

— ס׳איז אַ גרויסער קאָוועד פאַר אײַך, — האָט אים באַגריסט דער קאָמאַנדאַרם פּאָפּאָוו, — אַפן דאָזיקן הויכן פּאָסטן ווערט געוויינלעך באַשטימט אַ גענעראַל. נאָר ווײַזט אויס, עס זײַנען אויך פאַראַן פּאָדפּאָלקאָווניקעס, וואָס קענען ניט ווינציקער פון גענעראַלן...

— א דאנק פארן צוטרוי, — האָט געענטפערט יאַקאָוו גריגאָריעוויטש, — אָבער מײַן אײַנציקער פארלאנג איז צו בלײַבן אָט דאָ, אף די פאָדערשטע פאָזיציעס, ביזן סאָף פון דער מילכאָמע, ביזן ענדגילטיקן זיג איבער די פאשיסטישע כאיאָלעס.

און ער איז געבליבן מיט אונדז.

אין מארט כוידעש 1942 האָט אונדזער צענטע ארמיי באקומען אן אופגאבע צו ראטעווען דעם קאוואלערישן קאָרפוס פון דעם גענעראַל בעלאָוו, וואָס איז ארײַנגעפאלן אין א צאָרע: די היטלערישע ראָוצעס האָבן אים ארומגערינגלט און עס איז געווען א געפאר, אז ער זאָל פארניכטעט ווערן.

דער מיליטערישער סאָוועט האָט באשלאָסן פריִער פון אַלץ גוט זיך דערוויסן, אויסשפירן דאָס אָרט אָדער די ערטער, ווו די פאָזיציעס פונעם סוינע זײַנען שוואכער און ווו מע קאָן זיי גרינגער דורכרײַסן. אָנפירן מיט דער אויסשפירונגס־גרופע האָט געדארפט דער מעכאבער פון די דאָזיקע שורעס. מײַן געהילף איז געווען דער קאָמיסאר פייגין. ווען מיר זײַנען צוגעגאנגען צו דער פאָדערשטער טראנשיי, הינטער וועלכער עס האָט זיך גלײַך אָנגעהויבן די „נייטראַלע" ערד און ווײַטער מיט א הונדערט מעטער זײַנען שוין געווען די דײַטשישע טראנשייען, האָט אונדז אָפּגעשטעלט א לייטענאנט:

— כאוועד קאָמאנדיר, ווײַטער טאָר מען ניט גיין, דאָס פעלד איז פארמינירט.

וואָס זשע טוט מען? דער סוינע איז געלעגן פארגראָבן אין דער ערד און דערווײַל ניט ארויסגעשטעקט די נאָז, זײַנע פאָזיציעס האָט מען פון דער ערד זייער שלעכט געזען.

— איך וועל ארופקריכן אף א בוים און פון אויבן וועל איך אָנצייכענען די דיסלאָקאציע־סכעמע פונעם סוינע, — האָט פייגין זיך ארויסגערופן.

א ווײַלע האָב איך זיך געקווענקלט. איך האָב זיך גוט פאָרגעשטעלט די געפאר, וואָס עס וועט אים דראָען, ווען ער וועט זיצן אין דער הייך, אף א נאקעטן בוים. אָבער קיין אנדער אויסוועג איז ניט געווען.

— קריך! — בין איך מאסקים געווען.

יאַקאָוו גריגאָריעוויטש איז ארופגעקראָכן אף א בוים, ארויסגענומען פון פלאנשעט א בויגן פאפיר און אָנגעהויבן זאָרגזאם צייכענען. די דײַטשן האָבן אים באמערקט און גענומען שיסן. די קוילן האָבן געפײַפט, ארײַנגעשניטן זיך אין דער ווײַסער קאָרע פון דער בערעזע. פייגין האָט זיך צונויפגענומען אין א קנײַלכל, צוגעטוליעט זיך צו די צווײַגן און מיט מאקסימאלער פינקטלעכקײַט ניט אופגעהערט צייכענען אַלץ, וואָס זײַנע אויגן האָבן געזען אינעם סוינעס לאגער.

אָפּגעטאָן דאָס שטיקל ארבעט, האָט ער אראָפּגעגלידערט אף דער ערד, און מיר זײַנען אָפּגעגאנגען אין א זײַט, ווײַטער פונעם סוינעס קוילן.

---

## הירש רעלעס

# בא

•

די בלויע פארטאָגן סאָף־יוניקע —
די ייִנגסטע צײַט פון יאָר!
דאן ווערן די הענדעלעך יונגינקע
די זינגער־סאָליסטן פון כאָר.

א ליד א פארשײַטע פארציִען זיי
באגינען, בא יונגער שײַן,
הייזעריק, הארציק, דין אזוי —
וואָס הארציקער קאָן שוין ניט זײַן.

### צוגאסט אין שטעטל

ווידער בין איך אין דעם אלטן געסל,
וואָס איז ליב אזוי און נאָענט,
אָט די הײַזקעס זײַנען אומפארגעסלעך,
ס׳דוכט זיך מיר, זיי האָבן מיך דערקאַנט.

ווי אמאָל, די פענצטער ווינקען, רופן
נאָך מיט מערער ברען און שײַן,
עפשער זאָל איך פאָלגן זיי און פרוּוון
איבערגיין א שוועל און ווו ארײַן?

זאָל מען דאָרט מיט כידעש מיך באטראכטן,
סײַוויסײַ וועט מען פארבעטן מיך צום טיש,
יונגע יאָרן, בעסער ניט פארנארט מיך,
לאָזט מיך בלאָנקען אינעם געסל ווו־ניט־איז..

אָט אָ־דאָ אין פרילינגדיקן אָוונט
וועל איך בלאָנקען מיטן שטילן ווינט.
יעדער שטיינדל איז מיר הארציק נאָענט —
אף יעדער צווײַג האָט דאָ מײַן טאָג געגרינט.

— האסט געכאפּט א ציטער? — האָב איך אים געפרעגט.
— א ביסל, — האָט ער געענטפערט מיט א שמייכל.

דעם דאָזיקן עפּיזאָד, וויאַזוי פייגין איז געזעסן אפן בוים און געצייכנט, ווען ארום האָבן זיך געטראָגן קוילן, האָב איך זיך דערמאָנט, בייס פייגין איז געזעסן אין אינסטיטוט פאר עקאָנאָמיק אף זײַן זעכציקיאָריקן יובילײַ. ס'איז דען אָבער דער איינציקער עפּיזאָד, וואָס מע קאָן ברענגען?

אינעם זעלבן 1942 יאָר, ווינטער, זײַנען אין דער צענטער ארמיי אראָפּגעקומען עטלעכע באטאליאָנען, וואָס האָבן געדארפט גיין אף ליזשעס, אָבער נאָר איינצלנע סאָלדאטן האָבן געהאט ליזשעס און זיי אויסגענוצט אף צו פירן די רוקזעק. די פרישע באטאליאָנען איז פּאָרגעשטאנען גלײַך צו גיין אין אטאקע. זינקענדיק איבער די קני אין שניי, בא א צוואנציקגראדוסדיקן פראָסט, זײַנען זיי אוועק אין שלאכט. ערעוו דער אטאקע האָט פייגין זיי פארזיכערט, אז די ארטילעריע וועט גוט אונטערהאלטן. און מע האָט טאקע געדארפט זען, ווי פייגינס ארטילערישער פּאָלק האָט מעטאָדיש און פּינקטלעך פארניכטעט איין פײַער־פּאָזיציע פונעם סוינע נאָך דער צווייטער.

סאָף 1942 יאָר האָבן מיר זיך מיט פייגינען צעשיידט — ער איז געוואָרן דער קאָמיסאר פון א ספּעציעלער ארטילערישער דיוויזיע. און באגעגנט האָבן מיר זיך ווידעראמאָל מיט אים אין סאמע סאָף פון דער מילכאָמע — דעם 4 מײַ 1945 יאָר. פריידיק איז געווען אפן הארצן, מיר האָבן זיך ארומגענומען, ווי עמעצע ברידער. צוזאמען מיט אים און מיט א גאנצער גרופּע אנדערע סאָוועטישע אָפיצערן בין איך געשטאנען אפן מיזרעך־ברעג פון דער עלבע און געקוקט אף דער רויקער וואסער פונעם ברייטן טײַך. עס איז געווען א ליכטיקער זוניקער טאָג, ארום זײַנען געשטאנען טויזנטער און טויזנטער מענטשן. די סאָוועטישע און אמעריקאנישע סאָלדאטן האָבן זיך דורכגערעדט מיט דער הילף פון זשעסטן, מימיק און האָבן אויסגעצייכנט פארשטאנען איינע די אנדערע. זיי האָבן זיך געטוישט מיט פראָסטע סאָלדאטישע סוווענירן.

די אמעריקאנער האָבן זיך היפשלעך אונטערשיידט פון אונדזערע שלאכטלײַט, זיי זײַנען געווען צעכראסטעט, די קאָלנערס — צעשפּיליעט, די ארבל — פארקאשערט. אף די הענט, שיר ניט ביז די סאמע עלנבויגנס, האָבן זיי אָנגעטאָן א מענגע זייגערס, קימאט בא יעדן אף דער ברוסט איז געהאנגען א פאָטאָ־אפּאראט, בא איינעקע — אפילע צוויי און זיי האָבן געהאלטן אין איין פאָטאָגראפירן. דאָס געוואוער האָבן די אמעריקאנער איבערגעלאָזט אין די מאשינעס, וואָס זײַנען אָן א שום אופזיכט געשטאנען אפן וועג.

אף אונדזערע סאָוועטישע סאָלדאטן איז געווען א פרייד צו קוקן. באשיידענע, אונטערגעצוי־

# יונגער שײַן

•

פונקט ווי ברוכווארג פון א שיף,
א צעשמעטערטע אין שטורעם,
שווימען אוף, ווי פון דער טיף,
מײַנע יוגנט־שורעס.

די כאלוימעס פון אמאָל
האָבן זיך בארעכנט —
אויב ניט אופגיין אין א קאָל,
איז כאָטש אין אן עכאָ.

זאָג איך שטרענג זיי:
— ניין און ניין!
נאָר דער גרויסער אקשן,
ווי א שטארקער שווערער שטיין,
ליגט מיר אף די אקסל.

•

„גאָרניט, גאָרניט איז ניט אייביק“, —
זאָגסטו פראָסט און הילכיק.
ס'קוקט דײַן אויג שוין מער ניט גלייביק,
קאַלט איז עס, גלײַכגילטיק.

שוין פארוועלקט די הענט — די פליגל,
דײַנע צארטע ליפּן.
דאָס ביסטו? ניין, ס'איז א ליגן!
אלץ האָט זיך געביטן.

איך, דער נאַר, איך האָב געכאָלעמט
טרעפן דיך א יונגע.
פון דער צײַט זיך אויסבאהאלטן
איז דיר ניט געלונגען.

גענע, פאַרהאַרטעוועטע אין די בלוטיקסטע שלאַכטן, האָבן זיי אַף אַ האָר ניט פאַרלאָרן די דיס־ציפּלין, זיך געהאַלטן מיט גרויסער מענטשלעכער ווירדע. זייער פאַרמאַטערטער אויסזען האָט געריידט וועגן דעם, אַז זיי האָבן גוט געאַרבעט. זיי זײַנען אַהער ניט געקומען צו פאָרן ווי טוריסטן, דער לאַנגער מילכאָמע־וועג איז אויסגעשפּרייט מיט די ברידער־קוואָרים פון די העלדן פון סאָוועטישן פאָלק, וואָס זײַנען געפאַלן אין די בלוטיקע שלאַכטן קעגן פאַשיזם. בא די סאָוועטישע סאָלדאַטן, וואָס זײַנען געשטאַנען אַפן ברעג פון דער עלבע, זײַנען נאָך די גימנאַסטיאָרקעס געווען נאַס פון שווייס, דאָס האָט זיי אָבער ניט געשטערט צו פאַרציִען הויך די ליד: Волга, Волга, мать родная...[1]

אַן ערך בא אַ פיר הונדערט מעטער ווײַטער פון אונדז איז געווען צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע גרופּע געפאַנגענע דײַטשן אונטערן קאָנוואָי פון די אַמעריקאַנער. לעבן זיי איז געווען אָנגעוואַל־גערט אַ באַרג דײַטשיש האַנט־געווער. געפאַנגענע דײַטשן זײַנען אַלץ מער און מער אונטערגע־קומען, און, אַריבעריאָגנדיק איינער דעם צווייטן, זײַנען זיי געלאָפן אַנטקעגן די אַמעריקאַנער, קעדיי זיך איבערצוגעבן אין זייער געפאַנגענשאַפט.

דער גענעראַל ברױכאַנאָוו האָט אונדז אײַנגעלאַדן צו זיך אַף מיטיק, נאָר קיינער פון אונדז האָט ניט געקאָנט אָפּרײַסן די אויגן פונעם טײַך. רויִק, אָן איין שאָס, זײַנען פון מײַרעוו אַף מיז־רעך געשוווּמען אַמפיביעס און פאַרשיידענע אַנדערע שיפן מיט מענטשן און מאַשינעס. קיינער האָט זיי ניט באָמבאַרדירט, גאָרניט האָט זיי ניט געדראָעט. די גאַנצע אַרמאַדע איז מיט אַ געפּער־לעכן טומל און מיט אויסגעשרייען צוגעשוווּמען צום ברעג. איידער מע האָט נאָך די שיפן פאַראַנ־קערט, זײַנען די סאָלדאַטן שוין אַרויסגעשפּרונגען און געכליופּעט מיט די פיס אין וואַסער. דאָס אַלץ איז זייער קנאַפּ ענלעך געווען אַף אַ מיליטערישן דעסאַנט, גיכער האָט עס דערמאָנט אַ טומלדיקן מאַרק. און צוליב וואָס, פרעגט זיך, איז ער שוין ביכלאַל געווען נייטיק, דער דאָזיקער פאַרשפּעטיקטער דעסאַנט?

ניט ווילנדיק האָט זיך דערמאָנט דער דניעפּער, די דעסנע, דער דאָרעמדיקער בוג, ווו די וואַסער איז געווען רויט פון מענטשלעך בלוט, ווען אונדזערע סאָלדאַטן האָבן פאָרסירט די דאָזיקע טײַכן.

יאָ, רויִק איז געפלאָסן די עלבע, איבער וועלכער סאַכאַקל מיט זעקס יאָר צוריק האָבן אין דער ריכטונג צום ריין און צום לאַמאַנש זיך אַ לאָז געטאָן די לאַנדסקנעכט, וואָס האָבן געוואָלט פאַרשקלאָפן די גאַנצע וועלט. אַלע אַרמייען פון דער וועלט טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז דעם פערטן מײַ 1945 יאָר איז אַף דער עלבע געקומען דער זיגער, און דאָס איז געווען דער סאָלדאַט פון דער סאָוועטישער אַרמיי.

בייסן מיטיק בא אַנאַטאָלי יאָסיפאָוויטש ברױכאַנאָוו האָבן מיר איינער באַם אַנדערן געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן זיך וועגן אונדזערע אַלגעמיינע באַקאַנטע, נאָענטע שלאַכט־כאַווײרים. און ביז הײַנטיקן טאָג, ווי נאָר מיר, פּראָנטאָוויקעס, זעצן זיך צום טיש אָדער באַגע־גענען זיך ערגעץ־ווו, דערמאָנען מיר די פאַרגאַנגענע מילכאָמע־יאָרן און אונדזערע העלדישע מענטשן.

---

[1] וואָלגע, וואָלגע, מוטער טרײַע.



שירע גאָרשמאַן — דער טאַלאַנטפולער פּראָזאיִקער — איז אַלט געוואָרן 60 יאָר. מיט אירע אָריגינעלע דערציילונגען, נאָוועלן און פאַרצייכענונגען פאַרנעמט זי א בעקאָוועדיק אָרט צווישן די באַדײַטנדיקע שעפער פון אונדזער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

צו איר זעכציקסטן געבורטסטאָג קומט שירע גאָרשמאַן אין רײַפן אופבלי פון איר טאַלאַנט. דרוקנדיק ש. גאָרשמאַנס נײַע דערציילונגען, ווינטשן מיר איר געזונט און ווײַטערדיקע שעפערישע דערפּאָלגן.

שירע גאָרשמאַן

# זאָל פּעלן א האָר...

די באָבע מינע איז ניט קיין וווקסיקע. טאַקע גאָרניט קיין וווקסיקע, מע קאָן זאָגן א קליינינטשקע. אַמאָל איז זי געווען א שיינע. בוילעטע סימאָנים פון דעם זײַנען געבליבן ביז איצט. אָבער איר הויכער שטערן איז אין טיפע קנייטשן. די פײַן־געשניטענע ליפּן זײַנען צונויפגעצויגן ארום די ארײַנגעשטעלטע ציין, און די אויגן־לעפּלעך זײַנען אזוי דין, אז עס דוכט זיך, אָט־אָט בלײַבן אירע אויגן מיט זייער שטענדיקער טריבקײַט און פײַן אנטבלויזט פאַר דער וועלט... הייבט טאַקע די באָבע מינע זעלטן אוף אירע דינע אויגן־לעפּלעך.

נאָר ביטערער פון ביטער איז דער טאָג, ווען מע ברענגט איר די פּענסיע פאַרן ייִנגסטן זון. אזויפיל יאָרן אוועק, און דער טאָג איז בא איר אקוראַט ווי יענער, ווען זי האָט באַגלייט דעם מאַן מיט די צוויי זין אף מילכאָמע.

איר הײַזל שטייט אין סאַמע עק קאַלינקאָוויטש. אמאָל איז דאָס שטעטל געווען פול מיט ייִדן.

איצט...

איצט זײַנען בא דער באָבע מינע דאָ ניטאָ קיין באַקאַנטע, וואָרעם אפילע די, וואָס זײַנען געקומען פון עוואַקואַציע מיט זייערע מישפּאָכעס, האָבן זיך אויך ניט אומגעקערט אהער. איין נאָענטע באַקאַנטע איז גראָד יאָ דאָ. דאָס איז ליזע, מיט וועלכער איר זון יאשע האָט געשפּילט א ליבע. ווייסט אָבער מינע, אז ליזע האָט זיך אומגעקערט מיט א ייִנגעלע פון עוואַקואַציע, און דער באָבעס האַרץ האָט עס ליזען ניט געקאָנט מויכל זײַן.

האָט די באָבע מינע עטלעכע אויפּעס, א גערטנדל, פּאָרעט זיך דאָרט, און בייס א שכיינע זאָגט: „מינא איסאַקאָוונא, צו וואָס דאַרפט איר דאָס? מע טראָגט אײַך אלע כוידעש ארײַן אין שטוב", שווײַגט די אַלטע און טראַכט: „באַהיט זאָל מען זײַן פון אזא באַוואָרעניש". און בייס זי קוקט אף די בייטן אין גאָרטן, טראַכט זי: „אזויפיל בליִונג אף די אוגערקעס, און די ציבעלעס בלאָזן זיך, רײַסן די ערד. ווער וועט עס עסן? ווי און ווינד".

טריפן טאַקע אָפט טראָפּנס פון אירע אויגן אף די בייטן. ס'טרעפט אויך, אז זי שמייכלט. דאָס טרעפט, ווען דער האָן מאַכט אונטערטעניק א הון — ער נעמט פּאָכען, פּאַטשן, טרייסלען מיט די פליגל, לייגט זיי צונויף אפן רוקן, צעקוקאַרעקעט זיך, טוט זיך א דריי ארום זײַן אייגענעם

שאָטן. אַט דאַן שמייכלט זי און שעפּטשעט: „אוי, טיפּעש איינער, פּוסטער באַלגײַווע, דו האָסט אנטליִען די פליגל? גיי אוועק פון מײַנע אויגן״.

דער זומערדיקער טאָג איז לאנג. די באָבע מינע וואָלט א דרעמל געטאָן. לייגט זי זיך אָבער צו, ווערט דער שלאָף אנטרונען. טוט זי אָן דאָס בלויע שטאפּעלנע קלייד אין די ווײַסע בלימעלעך, גייט ארויס פון שטוב און שטעלט זיך באַם בײַשטידל. זי זעט, ווי באָכערים מיט מיידלעך גייען אין קינאָ, — און ווידער פאלן טראָפּנס פון אירע אויגן. אָבער דעם טאָג, ווען מע ברענגט די פּענסיע, קאָן זי א טרער ניט ארויסלאָזן, דאָס הארץ איז איר פארקלעמט, אין האלדז שטייט א הארטער קנויל.

אזויפיל יאָרן אוועק — ווי ס׳וואָלט קיין טאָג ניט אוועק... גאנץ אָפט כאָלעמט זיך איר דער מאן, ער קומט ארײַן, טוט א וואָרף זײַן שינעל אָף דער ערד און בעט זיך מיט א הייזעריק פארדומפּן קאָל: „דארפסט מיר גאָרניט פארדענקען, מײַן ווײַב. עס זאָל אין מיר געווענדט זײַן, וואָלט איך דיר געוויס די קינדער געבראַכט״.

די פרוי, וואָס טראָגט ארײַן די פּענסיע, וואָלט שוין בעסער געשוויגן, — איז ניין.

— וואָס זײַט איר אזוי אומעטיק, מינא איסאַקאָוונא? איר זײַט איינע? דאָס איז נעכטן געווען? אַט מיר איז ביטער, מײַן בעניאָכידל האָט כאַסענע געהאט, און ער מיט דער שנור טרײַבן מיך פון צימער!

די באָבע מינע שווײַגט, זיפצט, שרײַבט זיך אונטער, ווארפט צו א האלבן רובל דער פרוי און בעט זיך אין דער שטיל:

— גייט אײַך געזונטערהייט, זײַט געזונט!

ווי נאָר יענע גייט אוועק, נעמט זיך די באָבע מינע מינטערן מיט קאַלטער וואסער, זי קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען, מאכט מיט קיין אויג ניט צו א גאנצע נאכט.

נאָר אנומלטן נאָך דעם ביטערן טאָג האָט זי פּאָרט באשלאָסן: „איך וועל גאָר גיין צו ליזען, זאָל זי אָנשרײַבן א מעלדונג אין סאָבעס, מע זאָל טראָגן די פּענסיע צו איר און איך וועל ארײַנגיין, עלעהיי איך קום צו איר לײַען...״

געקומען אהין, זאָגט די באָבע מינע:

— גוט־מאָרגן דיר, ליזעטשקע! איך וויל בא דיר בעטן א גרויסע טויווע.

— זיצט, מינא איסאקאָוונא. מיסטאמע דארפט איר טאקע ניט קליינינקײַטן... אויב נאָר איך וועל קענען... אָט מאך איך טיי.

— וועסט קענען, וועסט קענען. מע דארף ניט קיין טיי, — האָט די באָבע מינע געזאָגט און א קוק געטאָן צום פענצטער, ווו ליזעס זון איז געזעסן בא א טישל און געשריבן.

א קוק געטאָן און פארציטערט געוואָרן. די פיס האָבן זיך איר אונטערגעבויגן. זי האָט זיך צוגעזעצט, פאנאנדערגעבונדן די פאטשיילקע, טיף אָפּגעאָטעמט. דער באָכער איז געזעסן און האָט געשריבן אקוראט ווי איר יאָשע. דער קאָפּ א ביסל אײַנגעבויגן צום לינקן אקסל. די ליפּן אָנגעבלאָזן ווי בא יאָשינקען, זאָל פעלן א האָר...

— זאָגט זשע מיר, מינא איסאקאָוונא, וואָס פאר א טויווע ווילט איר פון מיר?

— גאָרנישט, מײַן קינד. וואָס קאָן איך ווען? איך האָב געדארפט א טערעץ. דײַן זון לערנט זיך אין האָמלע?

— יאָ. איצט זײַנען בא אים קאניקולן.

— ווי אַלט איז ער?

— צוויי און צוואנציק יאָר.

נאָר די באָבע מינע האָט שוין דעם ענטפער ניט געהערט. אירע דינע אויגן־לעפלעך זײַנען געוואָרן אראָפּגעלאָזן. זי האָט געפרעגט:

— בייס מײַן יאָשינקע איז געקומען אין אורלויב, געדענקסט? צו דיר אין קויבישעוו איז ער פארפאָרן, צו מיר האָט ער שוין ניט אויספּייעט, מע האָט אים ארויסגערופן אָפן פראָנט.

— יאָ־יאָ, מינא איסאקאָוונא, ריכטיק...

נאָר דאָס האָט שוין די אַלטע אויך ניט געהערט. זי האָט געקוקט אָפן באָכער און האָט געטראכט: „אַלטע בעהיימע, וואָס האָסטו זיך געבלאָזן? כײַ וואָלסטו דאָס געוווּסט פריער״.

— וואָס זשע פאָרט האָט אײַך געבראכט צו מיר, מינא איסאקאָוונא?

— איך האָב דיר דאָך געזאָגט: גאָרנישט. כ׳האָב זיך דערמאָנט, פארבענקט און בין געקומען.

— מיר פלעגן זיך אמאָל באגעגענען, פלעגט איר אָפּדרייען דעם קאָפּ, דערפאר וווּנדער איך זיך.

— פארוואָס האָסטו ניט געזאָגט? דו וואָלסט דאָך אין מיר ארײַנגעבלאָזן א נײַע נעשאָמע...

— איר האָט אזוי ליב געהאט אײַער יאָשען, האָב איך געטראכט, אז ס׳איז בעסער צו שווײַגן.

— א פאַרבלענדעניש! אָבער איצט וועל איך בא דיר זײַן אָן אַפּטער גאַסט.
— פונמײַנטוועגן קאָנט איר דאָ שוין בלײַבן.
— איך לויף אַהיים. כ׳וועל אָנרײַסן גרינע אוגערקעלעך, און איך בין גלײַך דאָ צוריק, — האָט די באָבע מינע געזאָגט און געקוקט אַפּן באָכער, וואָס איז געזעסן און געשריבן, פּונקט אַזוי, ווי זי פלעגט קוקן אַף איר יאָשען.

# שטײנערנע הערצער

דאָס דאָרף, ווו הירשע דער מילנער האָט מיט זײַן מישפּאָכע געוווינט, איז געווען זעקס ווילאָרסט פון שטעטל. ווען זײַן איידעם לייבקע האָט זיך אומגעקערט פון דאָרטן, האָט ער קורץ געזאָגט:
— מיר זײַנען העפקער, עס הענגט איבער אונדז א האַק.
אין שטוב איז געוואָרן שטיל. הירשע איז אומגעגאַנגען ווי א באַשאָטענער מיט אַש. זײַנע רויטע־גאָדיקטע ברעמען האָבן אויך אויסגעזען ווי באַשאָטן מיט אַש. די הערלעך אין זײַנע ברעמען זײַנען געשטאַנען יעדעס באַזונדער און זיי האָבן אויסגעזען ווי די פעדערן בא א קראַנק אָף. און נאָר זײַן ווײַב, די קלײנינקע מאַלקע, האָט מיט האַרץ געזאָגט:
— ניט קיין געשטאָרבענע, זײַנען מיר נאָך ניט טויט!
מאַלקעלע, וואָס איז א גאַנץ לעבן געווען אונטערטעניק הירשען פאַר איר זינדיקער מוטער־טראַכט, וועלכע האָט געבראַכט נאָר מיידלעך אַף דער וועלט, האָט געקוקט איצט אַף הירשען, אַף איר איידעם לייבקען, אַף איר טאָכטער בלומקען מיט גרויס מיטלײַד. זי האָט ניט אָפּגעלאָזן פון זיך די צוויי מיידעלעך, די אייניקלעך, און זיך שטיל געבעטן:
— טאָכטערל, די קינדער שפּירן, נעבעך, אַז מיר הענגען אַף א האָר!
— מאַמע, האָב ראַכמאָנעס, מאַמע! איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז מיר וועלן זײַן אַזוי נישטיק!
— ביסט ניט גערעכט, מײַן קינד, ניט מיר זײַנען נישטיק!
וואָס א טאָג ווײַטער, אַלץ שווײַגנדיקער ווערן די מענטשן בא הירשען אין שטוב. בלומקע זיצט אין קיך אַף דער באַנק, איר מאַן לייבקע אַף דער קיך־טיר, ביידע מיידעלעך לעבן מאַלקעלען, הירשע זיצט באַם פענצטער מיט פאַרמאַכטע אויגן. זײַנע ברייטע אויסגעהאָרע־ווועטע הענט הענגען אַראָפּ פון די קני, און די נעגל פון זײַנע פינגער זײַנען בלייך.
ווען בלומקע מיט לייבקען גייען אַרויס פון שטוב, גייט ער זיי נאָך און בעט זיך בא זיי:
— קינדער, קומט אין שטוב. מע דאַרף ניט אַרויסגיין.
גייען זיי אַלע צוריק אין שטוב, און לייבקע זאָגט:
— איצט זעט איר, שווער, אַז איך בין געווען גערעכט. קיין זאַך ניט געדאַרפט זשאַלעווען און אָוועקפאָרן.
— „געדאַרפט, געוואָלט״. וואָס איז איצטער צו ריידן. ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן...
נאָכדעם זיצן זיי ווידער און שווײַגן. נאָר מאַלקעלע האָוועט. זי האָט שוין, דוכט זיך, ניט געקאָנט ווערן קלענער, אויסגעדאַרטער, ווי זי איז געווען. דרײַ מאָל א טאָג האָט זי, ווי פריִער, געגרייט צום טיש:
— לייבעלע, בלומע, הירשע, קומט עסן, די הערצלעך בא די קינדער קלעמען.
איז מען געזעסן באַם טיש און מע האָט פונדעסטוועגן געגעסן.
איינמאָל האָט רייזעלע, דאָס עלטערע מיידל, כליפּענדיק געפרעגט:
— זיידע, פאַרוואָס ווילן זיי אונדז אוועקהאַרגענען? זאָג!
דער ביסן איז שטיין געבליבן בא אַלעמען אין האַלדז. הירשע איז אוועק אין שלאָף־קאַמער, און פון דאָרט האָט זיך דערהערט אַזא יאָמער, אַז מאַלקעלע האָט געכאַפּט ביידע קינדער און איז אַרויס מיט זיי אין קיך.
ס׳איז אײַנגאַנצן דרײַ וואָכן, ווי די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן. און בא הירשען אין שטוב זעען אַלע אויס אַזוי, ווי די מילכאָמע וואָלט שוין געדויערט צענדליקער יאָרן. אין איינעם א טאָג, ווען זיי זײַנען געזעסן ווי מע זיצט שיווע, האָט זיך געעפנט די טיר און דער אַמאָליקער שאַכן זייערער שטאַקאַס, וואָס איז אין נײַן־און־דרײַסיקסטן אַנטלאָפן צו די דײַטשן, איז אַרײַנגע־קומען. ניט איין מאָל האָט שטאַקאַס געניכטיקט בא הירשען, ניט איין מאָל האָט ער געגעסן בא הירשעס טיש. איצט איז ער געזעסן אַנטקעגן הירשען, זאַכלעך און קאַלטבלוטיק געזאָגט:

— איך ווייס, און דו ווייסט... האָב איך געטראַכט: וואָס דאַרף דײַן גוטס בלײַבן אַף העפקער? וואָס איז דיר די נאַפּקעמינע? בעסער זאָל דאָס אָנקומען מיר.

— איך זע, אַז דו ביסט זייער אַ לײַטישער מענטש. מיר איז טאַקע קיין נאַפּקעמינע ניט. איך האָב געהערט, אַז דײַן זון איז געקומען פון גרינקישקאַס ניט מיט ליידיקע הענט. דו ווייסט דאָך, אַז דאָרטן האָט געוווינט מײַן עלטערע טאָכטער מיט איר מישפּאָכע...

— מײַן זון האָט דײַן טאָכטער ניט געטשעפּעט. אָבער אין גרינקישקאַס איז קיין איינער פון אײַערע ניט געבליבן. זאָל איך קומען מיטן זון און מיטן פערד־און־וואָגן?

— געוויס, קום.

ס'האָט לאַנג ניט געדויערט, און שטאָקאַס מיטן זון זײַנען צוגעפאָרן צו דער מיל. די פור איז געבליבן שטיין. הירשע מיט לייבקען האָבן אָפּגעשלאָסן די טיר. לייבקע האָט דעם גרויסן שלאָס ניט אופגעהאַנגען אַף דער שטאַבע. ער איז מיטן שלאָס אין האַנט הינטער הירשען, שטאָקאַסן מיטן זון אַרײַן אין מיל. עס האָט היפש געדויערט. דער „לײַטישער" שאָכן מיטן זון זײַנען ניט אַרויסגעגאַנגען מיט זעק טוווע אַף די פּלייצעס...

פון מיל זײַנען אַרויס נאָר הירשע און לייבקע. בלומקע און מאַלקעלע האָבן גאָרנישט ניט געפרעגט. הירשע האָט שטיל געזאָגט:

— נעם, מײַן ווײַב, עפּעס צו עסן, און דו, בלומקע, פּאַק אײַן פאַר די קינדער וואָס איבער־צובײַטן, אָבער ריר זיך...

אינגיכן זײַנען אַכוץ הירשען אַלע אַרויס פון שטוב. זיי זײַנען ווײַט ניט אַוועק, געלעגן אין קאָרן־פעלד, און אין דער נאַכט האָט זיך גוט געזען, ווי זייער שטוב אַפן בערגל האָט אופגעפלאַ־קערט. די שוואַרץ־געוואָרענע פאַרהענגלעך האָבן זיך אַרויסגעשיילט פון די אָפענע פענצטער און זײַנען אַוועקגעפלויגן אין דער קלאָרער לופט. נאָר דאָס האָבן זיי ניט געזען. זיי זײַנען אַוועק צום קאַזיאָנעם וואַלד. צוויי וואָכן האָבן זיי געבלאָנקעט. מאַלקען אין קאַזיאָנעם וואַלד באַערדיקט.

אין אַ כוידעש אַרום איז אַף אַ סטאַנציע אין טשוואַשיע פון אַ פראַכט־וואַגאָן אַרויס אַ גרייז־גראָווער מאַנצבל און אַ צווייטער מאַנצבל מיט אַ שוואַרצער באָרד. דער, וואָס מיט דער שוואַרצער באָרד, האָט פון וואַגאָן אַראָפּגענומען צוויי מיידעלעך, נאָכדעם האָט ער געהאָלפן אַראָפּ־גיין אַ פרוי, וועלכע האָט זיך קוים געהאַלטן אַף די פיס.

— בלומעלע, דאַרפסט זיך שטאַרקן, דו וועסט אינגיכן בלײַבן דער טאַטע און די מאַמע פאַר אונדזערע קינדער, — האָט דער מאַנצבל געזאָגט.

— איך וועל אַ ביסעלע זיצן אַף דער ערד, און דו גיי העלף דעם טאַטן. ער האָט גענומען ביידע קינדער.

די פרוי האָט אָפּגערוט, נאָכדעם האָבן זיי געפרעגט באַ מענטשן, און מע האָט זיי געוויזן, ווו דער עוואַקאָפּונקט איז. אַז זיי זײַנען צו־זיך געקומען, האָבן זיי זיך באַזעצט אין אַ דאָרף ניט ווײַט פון מאַר־פּאָסאַד. די קאָלווירטניקעס האָבן זיך ניט געקאָנט אָנוווּנדערן, וואָס פאַרא האָרע־פּאַשניקעס די געקומענע זײַנען.

נאָך מער האָבן זיך די קאָלווירטניקעס געוווּנדערט, וואָס בלומקע מיט הירשען האָבן קיין טרער ניט אַרויסגעלאָזן, ווען זיי האָבן באַגלייט לייבקען אַף מילכאָמע.

— שטיינערנע הערצער באַ דעם אַלטן מיט זײַן טאָכטער, — האָבן די קאָלווירטניצעס געזאָגט.

נאָר די אַלטע אופימיע, באַ וועלכער זי האָט געוווינט, האָט זיך ווינציקער געוווּנדערט, ווי אַנדערע, און אָפט געטרייסט בלומקען:

— וויין, טעכטערל, טרערן שווענקען אַראָפּ די צאָרעס.

צו הירשען האָט זי אויך ניט איין מאָל געזאָגט:

— איר, מאַנצבלען, טראָגט אַלץ אַריבער, ווי די ערד אין אַ טריקעניש. וואָס איז זיך דאָ צו שעמען מיט טרערן?

בלומקע האָט געקראָגן פון לייבקען בריוו און אַן אַטעסטאַט. די בריוו זײַנען געווען קורצע: „בלומעלע, מײַן לעבן, מײַן קרוין, איך האָב איצט אַ פרײַע מינוט. איך דאַרף דיר זאָגן דעם עמעס, אַז איך האָב זיך שוין אופגעהערט צו וווּנדערן, בייס איך זע פאַרקילטע פאַשיסטישע נע־ווײלעס. פריִער האָב איך געמיינט, אַז קיין קויל וועט זיי גאָר ניט נעמען, אָבער איצט לייגט מען זיי גוט אין דער ערד, און מײַן אַוטאָמאַט איז אויך ניט פאַרשעמט. גיב אַכטונג אַף די קינ־דער און אַפן טאַטן. זע ווי ווײַט מעגלעך, אַז איך זאָל טרעפן דאָס ביסל בלוט גאַנץ. גענוג אונד־זערס האָט זיך שוין פאַרגאָסן... זאָל זיך שוין די ערד פאַרשליסן! פון מיר דײַן מאַן, וואָס גייט באַגינען ווידער אין שלאַכט. לייבקע".

בלומקע פלעגט קיינמאָל ניט אָפּלייגן דעם ענטפער. ווען זי פלעגט זיך זעצן שרײַבן צו לייבקען, פלעגט זי נאָכאַמאָל איבערלייענען זײַן בריוו, און הירשע פלעגט אײַצן:

— שרײַב אַזוי, ער זאָל מײנען, אַז מיר האָבן זיך אַ ביסל באַרויקט.

בלומקע פֿלעגט שרײַבן: „טײַערער לײבקע, דער טאַטע קוועלט פֿון דײַנע בריוו. ער און איך זײַנען דיר מעקאַנע. איך וואָלט אויך אַ באַלן געוועזן, וויאַזוי זיי ליגן. דער טאַטע זאָגט, אַז ווען ניט די קריזשעס, וואָלט ער אַוועק צו דיר. די קריזשעס טוען אים טאַקע זייער ווי. ער האָט אַף דיר פֿאַריבל, וואָס דו שרײַבסט: „גיב אַכטונג אַפֿן טאַטן". ער זאָגט: „צו פֿרי נעמט מיך לײבקע אַרײַן אין אײן קאָן מיט די קינדער". דאָ גייט ער אויך ניט אַרום לײדיק. איצט שנײַדט מען דעם ווייץ. דער טאַטע גייט מיט דער קאָסע, און ער איז דער בריגאַדיר פֿון דער פֿעלד־ברי־גאַדע. איך לייען פֿאַר דעם טאַטן דײַנע בריוו, זאָגט ער, אַז אין יענער מילכאָמע האָט מען מיט דער ווינטאָווקע אויך ניט שלעכט דערלאַנגט דעם יעקע. איצט, מיט אַן אויטאָמאַט, הייסט גאָט אַליין, זאָגט ער. איך טראַכט, מיסטאָמע דאַרפֿסטו דעם אַטעסטאַט פֿאַר זיך. זאָלסטו וויסן זײַן, אַז מיר קאָנען זיך באַגיין. מיר האָבן פֿאַר די אַרבעטס־טעג מעל, באַק איך ברויט. צווי כאַזײרים־לעך האָט מען אונדז אויך געגעבן, האָדעווע איך זיי מיט קלײַען און מיט בורעקעס־בלעטער. צו דײַן קומען וועלן מיר האָבן גריוון. די קינדער זײַנען געזונט. דער טאַטע זאָגט, אַז מע האָט נאָך די כאַזײרימלעך געדאַרפֿט שרײַבן „לעהאַוודל". און ווײַטער זאָג איך דיר אַזוי, ווי דער טאַטע, — ליג זיי אין דער ערד און ס'וועט זײַן רעכט! וועגן אונדז זאָלסטו זיך גאָרניט קימערן. מיר זײַנען זאַט און וואַרטן, ס'זאָל גיכער נעמען אַ סאָף און מיר זאָלן זיך מיט דיר זען. דײַן בלומקע".

אַזוי האָבן זיי זיך איבערגעשריבן ביזן 1944. פּלוצעם האָט בלומקע אויפֿגעהערט צו באַקומען בריוו פֿון לײבקען, און נאָר דער אַטעסטאַט אַלע כוידעש איז געווען דער אײנציקער גרוס פֿון אים. איצט האָט שוין קײנער פֿון די קאָלווירטניצעס ניט געקאָנט זאָגן, אַז בלומקע האָט אַ שטײנערן האַרץ. זי פֿלעגט זיך באַ דער אַרבעט באַוואַשן מיט טרערן. און בײַ אַ קאָלווירטניצע האָט צו איר אַנומלטן געזאָגט: „אונדזער טאַיִסיע האָט שוין אַ פּאַכאָראָנקע. זי איז געבליבן מיט פֿיר יעסוימים, פֿונדעסטוועגן האַלט זי זיך!", האָט זיך בלומע ערשט צעוויינט, נאָר זי האָט ניט געזאָגט, אַז אין שטוב האָט זי דעם טאַטן מיט די קינדער, מוז זי זיך אויסוויינען באַ דער אַרבעט.

פֿאַרן סאָף פֿון דער מילכאָמע האָט בלומקע געקראָגן אַ פּאָוועסטקע פֿון מאַר־פֿאַסאָדער וואָ־יענקאָמאַט. זי איז געווען זיכער, אַז זי גייט נאָך דער „שײנער" בסורע, נאָר דער מיליטערישער מענטש האָט זי אָנגעקוקט און געזאָגט:

— וואָס וויינט איר? לעוו צעמאַכאָוויטש איז געזונט. איר דאַרפֿט שטאָלצירן מיט אים. אָן אַטעסטאַט האָט איר?

— יאָ, — האָט בלומקע קוים געענטפֿערט, זיך ווידער צעוויינט און אַרויסגעלאָפֿן. אַפֿילע ניט געפֿרעגט, פֿאַרוואָס האָט מען ניט אָנגעשריבן אין דער פּאָוועסטקע, צוליב וואָס מע רופֿט זי אַרויס.

די פֿינף ווײאָרסט פֿון מאַר־פֿאַסאַד צום דאָרף, וווּ זי האָט געוווינט, איז בלומקע מאַמעש געלאָפֿן. ווען זי איז אַרײַן אין שטוב, האָט זי קוים אַרויסגעהויכט:

— ער לעבט!

די קינדער זײַנען שוין געשלאָפֿן. הירשע מיט בלומקען האָבן געטראַכט און גערעדט און ניט געקאָנט פֿאַרשטײן, וואָס דאָס באַטײַט.

זיי האָבן באַשלאָסן דערוויַיל אין ערגעץ ניט פֿאָרן. וווהין האָבן זיי געזאָלט פֿאָרן? הירשע האָט געטײַנעט:

— בלומקע, האַלט זיך, אָט־אָט וועט זיך די מילכאָמע ענדיקן. לײבקע וועט קומען, זאָל ער דיך געפֿינען מיט מענטשן גלײַך.

די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט. אין דאָרף זײַנען שוין געקומען אינוואַלידן צו זייער ווײַב־און־קינד. ס'האָט זיך פּלוצעם אומגעקערט טאַיִסיעס מאַן. בײַס ער האָט באַנאַכט אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער, האָט זי ניט געוואָלט עפֿענען. זי האָט זיך אַפֿילע געזידלט:

— ווי שעמט איר זיך ניט? וואָס שיט איר מיר זאַלץ אַף די וווּנדן? שוין באַלד אַ יאָר, ווי איך בין אַן אַלמאָנע!

און נאָר ווען דער מענטש האָט אָנגערופֿן אַלע קינדער בײַ די נעמען, האָט זי אים אַרײַנגע־לאָזן. אַ גאַנצן טאָג אַף מאָרגן האָט דאָס דאָרף געהוליעט. בײַס בלומקע איז געקומען פֿון טאַיִסיען און האָט זיך צעוויינט, האָט הירשע אַף איר גוט אָנגעשריען.

עס זײַנען אַוועק צוויי כאָדאָשים. דאָס לאַנד האָט שוין אָפּגעפּײַערט דעם זיג. בלומקע מיט הירשען האָבן וועגן לײבקען ניט גערעדט. דאָס איז געווען דער ריכטיקער סימען, אַז זיי זײַנען זיכער — ער איז אומגעקומען.

ס'איז געווען אַקוראַט, ווען בלומקע האָט אַרומגעהויפּט די קאַרטאָפֿל. זי האָט דער־הערט קוילעס:

— מאַמע, מאַמע!

זי האָט דערזען, ווי רייזעלע לויפט צו איר. האָט זי זיך געלאָזט לויפן איר אנטקעגן.

— מאמע, גיכער, גיכער, דער טאטע איז געקומען!

ווען זי איז צוגעלאָפן צו דער שטוב, האָט זי דערזען לייבקען. אין א ווײַלע ארום איז געקומען הירשע. איצט האָט די אַלטע אופימיע געפּאדעט ארום זיי, זיך געפּאטשט אין די לענדן און געטײַנעט:

— מאָדנע מענטשן זײַט איר! בעשאס מע האָט געדארפט וויינען, האָט מען בא אײַך קיין טרער ניט געזען. בעשאס מע דארף זיך פרייען, גיסט פון אײַך עמערסווײַז. זאָגט, וואָס זאָל איך טאָן? מע דארף דאָך געבן א מענטשן עסן!

נאָר קיינער האָט זי ניט געהערט. אליין האָט זי געטאָן, ווי זי האָט פארשטאַנען, אליין איז זי ארויסגעלאָפן און האָט אָנגעזאָגט אין יעדער שטוב, וואָס בא די „וואקויִרטע" איז געשען פאר א גליק, און אין א ווײַלע ארום זײַנען אַלע פון פעלד געלאָפן צו בלױמקען. ביז שפּעט אין דער נאכט איז אופימיעס שטוב געווען פול. מע האָט זיך געקושט, געפרייט און נאָכאמאָל באוויינט די, וועלכע האָבן ניט דערלעבט צו קומען צו ווײַב־און־קינד.

# פּאָרב נעם בא מיר

ליבע און איר מאן דאָוויד האָבן געלעבט קימאט ווי א סאך אנדערע. קימאט.

ווײַל זיי האָבן זיך ניט געיאָגט נאָך א ווײַסן פינלענדישן קיך־גארניטור. זיי האָבן נאָך ניט געהאט קיין דײַטשיש, רומעניש, פּויליש מעבל, ווי א סאך זייערע באקאַנטע, וועלכע זײַנען, ווי זיי, אריבערגעפאָרן אין א נײַער דירע.

קימאט ווי אנדערע, ווײַל ליבע פלעגט אָפט זאָגן צו דאָווידן:

— מע שמײַעט, מע זוכט, מע שטעלט אוועק אין צימער אין איינעם פון די ווינקלען א קליין טישעלע, לעבן אים א טאָרשער. מע פּאַקט אָן דעם סערוואַנט מיט קרישטאָל און גלאָז, מע הענגט אויף צווייפאַכיקע גארדינען אף רינגעלעך, און נאָך דער גאנצער האָרעוואַניע האָט מען א דירע, וואָס איז אויסגעגאָסן, פּונקט ווי אנדערע הונדערטער טויזנטער דירעס.

דאָוויד שווײַגט און שמייכלט.

קימאט ווי אַלע, ווײַל ליבע פלעגט זייער אָפט ריידן „וועגן יענע זאכן".

דוכט זיך, א טאָג ווי אַלע טעג. זיי עסן פרישטיק. פּלוצעם זאָגט ליבע:

— אוי, דאָווידל, ווען אונדזערע מאמעס וואָלטן געלעבט, ווען מײַן ראכילקע וואָלט איצטער געלעבט. מיר האָבן אזא דירע, ראכילקע וואָלט איצטער בא מיר געווען מער ווי אין ווילנע.

— באשטימט, ליבינקע, אָבער אונדזערע מאמעס וואָלטן שוין איצט געווען בא די נײַנציק.

— איז וואָס? אונדזער שאָכנס מאמע איז אויך אַלט. זי איז איבער אכציק, און כאָטש ער וויל זייער, אז זי זאָל עלטער ניט ווערן, איז זי נאָך א פאָלנער מענטש. לאָזט זיך אראָפּ פאמעלעך פון דריטן שטאָק, גייט נאָך מילך, נאָך ברויט. יענע וואָך לויף איך צו דער ארבעט, איך באגעגן זי מיט א פולן קאָשעקל בולקעס. גוט־מאָרגן, גוט־יאָר. מיטאמאָל דעם זונס א געשריי: „מאמאשע, דער טויט גייט צו אײַך פאמעלעך, ווי איר מיט די בולקעס!" זי האָט געגומען שפּאנען גאנץ גיך, דעם קאָפּ אויסגעדרייט צו מיר, פאָרענטפערט דעם זון דעם טײַערן: „ליובאָוו נאומאָוונא, אינדער־פרי אײַלט ער זיך צו דער ארבעט, יעדער מינוט איז טײַער".

— יאָ, בא ווע מען די מאמעס וואָלטן איבעריק ניט געווען, דער האָט זיי ניט; ווער עס האָט, בא דעם... אזוי איז עס, ליבינקע, וואָס קאָן מען מאכן? — זאָגט דאָוויד און דערלאַנגט ליבען דעם מאנטל. זיי גייען צו דער ארבעט.

ליבע נעמט דאָווידן אונטערן אָרעם און זאָגט:

— וואָס קאָן מען מאכן? מע קאָן ניט פארגעסן...

זיי גייען האַסטיק איבער דער גאַס. פאר זיי, הינטער זיי אָן א שיר מענטשן, וואָס אײַלן זיך אויך. געפּאַקטע טראָלייבוסן און אוטאָבוסן יאָגן פארבײַ. ליבע ווערט פארפאַלן צווישן א מענגע מענטשן, וואָס גייען צו דעם מעטרא. דאָוויד שפּאנט ווײַטער, ווײַל ער פאָרט צו דער ארבעט מיטן טראָלייבוס. אין אָוונט, ווען זיי קומען פון דער ארבעט, פאָרעט זי זיך בא דער גאז־פּליטע און זעצט פאָר דעם אינדערפריִיִדיקן שמועס.

— איך האָב שוין ניט איין מאָל געהערט פון דיר: „וואָס קאָן מען מאכן, גענוג, ליבע". אָבער איך זאָג דיר, אז עס קאָן קיין גענוג ניט זײַן. ווען די גאנצע מענטשהײַט וואָלט איין וואָך פרײַ־

ווייליק געלעבט אזוי, ווי די מילכאָמע האָט אונדז געצוווּנגען לעבן יאָרנלאַנג, וואָלט געווען גאָר אַנדערש!

— וואָס רעדסטו, ליבינקע, וואָס פֿאַדערסטו פֿון דער מענטשהייט? ווילסט, מע זאָל זיך אײַנ־מיטנדערינען אויסשטעלן אין קאָלאָנעס און מאַרשירן, ווי צום שלאַכט. אָדער מאַמעס מיט קינ־דער זאָלן זיך אויסלייגן אין שטאַבעלן, ווי די פֿאַרגאַזטע מייסים אין די פֿאַשיסטישע לאַגערן? דאָס איז דאָך אומעגלעך!

— פֿאַרגעסן איז אָבער יאָ מעגלעך?!

— גענוג, ליבע, איך בעט דיך, קום שוין עסן.

עסן זיי. ליבע זאָגט פּלוצעם:

— איך קאָן שווײַגן, פֿאַרשטייט זיך. אָבער דו מיינסט, אז איך שווײַג, טראַכט איך ניט?..

— ווען איך מיין אזוי, וואָלט איך דײַן מאַן ניט געווען, — זאָגט דאַוויד און נעמט זיך צו זײַן באַליבטן דיקענסן. ער לייענט „די געשיכטע פֿון צוויי שטעט“, כאַפּט א קוק אף ליבען. זי זיצט מיט אן אָפּן ביכל אין האַנט. ער זעט, אז אירע אויגן זײַנען פֿאַרמאַכט און קיין בלעטל פֿון ביכל רירט זיך ניט.

די לעצטע צײַט לעבן זיי שוין ניט אפילע ניט קימאַט, ווי א סאַך אַנדערע, ווײַל וואָס איז דאָס פֿאַר א קימאַט, אז ליבע איז אויסגעטאָן פֿון שטייגער? אַנומלטן האָט זי געזאָגט:

— דאַוויד, קאָנסט זיך ניט באַקלאָגן, איך באַלעסטיק דיך ניט מיט מײַנע רייד. אָבער איך מוז דיר זאָגן, אז איך פֿיל זיך ניט גוט. איך זאָל ניט קאָנען אופֿשטיין, ניט וועלן גיין צו דער אַרבעט — דאָס איז מיט מיר קיינמאָל ניט געווען.

— איך בעט דיך, ליבע, גענוג. עס אוף אן עפּל.

— איך וועל עסן אן עפּל, אָבער דו טו א טראַכט, וואָס מילכאָמע באַטײַט אפילע אָן פֿאַ־שיזם. הונדערטער טויזנטער פֿאַרשניטענע בליִענדיקע לעבנס. הײַנט די פֿאַרעלטערטע מיידלעך, די פֿאַריאָסעמטע מאַמעט, די פֿאַרוואַרלאָזטע יעסוימים, די אומגעקומענע פֿון קרענקען און פֿון הונגער אין הינטערלאַנד! דו פֿלעגסט מיר שרײַבן פֿון פֿראָנט אין יעדן בריוו: „היט די קינדער!“ ווי האָב איך זיי געקאָנט אויסהיטן און ראַטעווען אין א דאָרף, וווּ ס'איז אפילע קיין וועטערי־נאַר ניט געווען. איך פֿאַרשטיי דײַן גוט האַרץ. אָבער אז איך טו א טראַכט... מאַמעס זײַנען גע־גאַנגען מיט קינדער איניינעם; מײַן ראַכילקע האָט צוגעזען, ווי מע האָט אומגעבראַכט דעם טאַטן מיט דער מאַמען.

— איך פֿאַרשטיי ביז איצט ניט, פֿון וואָס פֿאַר א מוטערטראַכט עס איז אַרויסגעקראָכן די פֿאַשיסטישע כײַע־ראָע. איך פֿאַרשילט זייער געביין, אָבער איך שלאָף דאָך פֿאַרט אף מײַן גע־לעגער און ניט אין אָקאָפּ. איך עס מיט דיר בא איין טיש. שוין דאָס אליין מאַכט מיך רויִקער און פֿרידלעכער. איז וואָס זאָל איך טאָן מיט זיך?!

יאָ, איצט איז ניט ווי בא א סאַך אַנדערע. דאַוויד איז שוין צוגעוווינט צו דעם, אז מיטיק עסט ער אליין. ווען ער גייט פֿון דער אַרבעט, צווייפֿלט ער, צי ליבע האָט גאָר צוגעגרייט עפּעס אָפּצועסן? און ער גרײַזט ניט, ווײַל נאָר די אינערציע פֿון לאַנגאָניקער געוווינהײַט פֿירט ליבען נאָך דער אַרבעט אין קראָם. ס'האָט געטראָפֿן, אז זי האָט פֿאַרלאָרן דאָס טײַסטערל מיט געלט. ס'האָט אויך געטראָפֿן: זי האָט אײַנגעקויפֿט, געקומען אין שטוב, אַרויסגעלייגט דאָס געקויפֿטע און זיך געכאַפּט, אז דאָס פֿלייש האָט זי פֿאַרגעסן צו נעמען. זי איז אַוועק אין קראָם, האָט דער פֿאַרקויפֿער גוטמוטיק געזאָגט צו איר:

— בירגערן, איר האָט ניט קיין קאָפּ, גייט ניט אין מאַגאַזין. איך האָב קיין אַנדער דײַגע ניט, ווי היטן דאָס פֿלייש, וואָס איר האָט פֿאַרגעסן?

ליבען האָט עס געטראָפֿן אין סאַמע האַרצן. זי האָט געטראַכט: „שוין זשע באַמערקן אפילע זײַטיקע מענטשן, וווּ איך האַלט?“

אף קאָנצערטן גייט איצט דאַוויד אליין. און אז ער קומט פֿון קאָנסערוואַטאָריע, דערציילט ער אפילע ניט, ווער עס האָט דיריזשירט.

בייס ליבען ווערט א ביסל גרינגער, זאָגט דאַוויד:

— ליבינקע, נעמען בילעטן אין קינסטלערישן טעאַטער?

— פֿאַר מיר ניט, וואָרעם פֿון אלץ, וואָס איך האָב געלייענט, וואָס איך זע און וואָס איך הער, ווערט אין מיר א פֿאַרשטעלונג, די מענטשן לאַכן און וויינען אין מיר... זאָגן מיר עפּעס צו און נאַרן מיך אָפּ. איך נעם אַרײַן די ערלעכע אין זיך, זיי זאָלן לעבן, און זיי שטאַרבן פּלוצעם אין מיר. עס איז דיר ניט באַקוועם, וואָס איך גיי ניט מיט דיר אף קאָנצערטן. אָבער בייס איך טו א טראַכט, אז א ווײַטסט אָדערל בעטהאָווענס אָדער באַכס האָט כאַלילע געקלאַפּט אין אן עסעסאָ־וועץ, גליווערט דער מאַרך אין מײַנע ביינער.

דאַוויד פֿאַרשטייט, אז ס'איז ניט גוט; ער פֿילט מאַמעש, אז אן אומגליק רוקט זיך אף אים.

אין איינעם אן אָוונט איז דאָוויד אַרײַנגעגאַנגען פון דער אַרבעט אין שטוב. עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז ער איז געווען זיכער — ליבע איז פון דער אַרבעט נאָך ניט געקומען. ער האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל און איז אַוועק אין קיך. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, אַז די שוועבעלעך האָט ער געלאָזן אין צימער, ווו ער האָט נאָכן פרישטיק גערייכערט. גייט ער נעמען די שוועבעלעך, און ער זעט — ליבע זיצט אױף דער טאַכטאַ, לייגט צו די רעכטע האַנט צום האַרצן, טוט זי אַ כאַפּ אַוועק ווי פון פײַער, אַ טראַג גלײַך צו די ליפּן און מיטן צײַגפינגער אַ שמיר הין און צוריק, אַקוראַט ווי זי וואָלט זיי געפּאַרבט. דאָוויד האָט זיך דערלאַנגט אַ דריי אויס און איז ווי אַ בליץ אַוועק אין קיך. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטײַט, אָבער ס׳איז אים געווען קלאָר, אַז ליבע איז ערנסט קראַנק.

איצט, קומענדיק פון דער אַרבעט, פלעגט דאָוויד זייער שטיל אָפּשליסן די טיר, אױף די שפּיץ פינגער אַרײַנגיין אין קאָרידאָר, נײַגעריק און דערשראָקן פלעגט ער דורך דער אָפענער טיר אַרײַנקוקן אין צימער. נאָר מערסטנטייל איז ליבע געווען רויִק, גלײַכגילטיק, אַפּהעטיק. דאַן האָט דאָוויד אָפּגעזוכט זײַנעם אַ יוגנט־פרײַנט אַ פּסיכיִאַטער, און זיי האָבן אָפּגערעדט, אַז דער פּסיכיִאַטער וועט אַרײַנגיין „צופעליק“. דאָוויד וועט זיך קלוימערשט פאַרהאַלטן אױף דער אַרבעט. אַזוי איז געווען.

אין דעם באַשטימטן אָוונט איז דער פּסיכיִאַטער געזעסן אַנטקעגן ליבען. ער האָט זי אָנגע־קוקט און געפרעגט מיט אַ געוויינלעכן טאָן פון אַ גוטן באַקאַנטן, וואָס האָט זי לאַנג ניט געזען:

— ווי פילט איר זיך, ליובאָוו נאַומאָוונאַ?

— אַ דאַנק. גאַנץ שלעכט.

— וואָס טוט אײַך וויי?

— דאָס האַרץ אָפטער, ווי דער קאָפּ.

— איר זײַט געווען אין פּאָליקליניק?

— ניין.

— פאַרוואָס?

— איך צווייפל, צי איך וועל זיך דאָרט אויסהיילן.

— איר זײַט דאָך אַ געבילדעטער מענטש.

— טאַקע דעריבער.

— ווו איז דאָוויד?

— איר ווייסט עס בעסער פון מיר. באַליידיקט זיך ניט אױף מיר, רובען פיליפּאָוויטש. נאָר כאָטש איך זע אײַך זייער זעלטן, האָב איך דעם אײַנדרוק, אַז איר זײַט אַן אין זיך אײַנגעליבטער ספּעציִאַליסט. איאָ, איר בייזערט זיך ניט אױף מיר, האַלעמײַ איך זאָג אײַך, וואָס איך טראַכט. קומט אַרײַן, פאַרגעסט אונדז ניט.

ווען דאָוויד האָט אים אָנגעקלונגען, האָט דער פּסיכיִאַטער אין טעלעפאָן רעזומירט:

— איך זע ניט קיין ערנסטע געפאַר. זי איז זייער נערוועז. דאָס יאָ, אָבער אָפּנהאַרציק, אומ־מיטלבאַר. עמעס, אַ ביסעלע שטעכיק, נאָר דאָס איז דאָך איר כאַראַקטער־שטריך.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, רוון. גיי אַרײַן, — האָט דאָוויד אַרײַנגעשריִען אין טרײַבל.

דאָוויד האָט זיך אַ ביסעלע באַרויִקט. באַ יענעם אויסטערלישן זשעסט האָט ער ליבען מער ניט געכאַפּט. ער האָט אָפּט געטראַכט, עפּשער איז דאָס אַ צופעליקער עפּיזאָד. נאָר אין איינעם אַן אָוונט איז ליבע געקומען אַהיים מיט אירער אַ מיטאַרבעטערן. כאָטש דאָס פלעגט טרעפן ניט זעלטן, האָט ער אָבער דאָס מאָל דערפילט, אַז די מיטאַרבעטערן איז געקומען ווי אַ באַגלייטערן. ס׳האָט זיך אים אָפּגעריסן אין האַרצן. און ווען ליבע איז אַוועק אין קיך, האָט די מיטאַרבעטערן צוגעטראָגן איר רעכטע האַנט צום האַרצן, אַוועקגעכאַפּט די האַנט, צוגעטראָגן צו די ליפּן און מיט אַ פינגער אַ שמיר געטאָן, ווי זי וואָלט זיי אָנגעפּאַרבט, — און אַ שעפּטשע געטאָן:

— ליובאָוו נאַומאָוונאַ האָט הײַנט באַ דער אַרבעט אַזוי געטאָן.

נאָכדעם זײַנען זיי אַ גאַנצן אָוונט שווײַגנדיק געזעסן באַם טיש. פאַרן אַוועקגיין האָט די מיטאַרבעטערן געזאָגט:

— ליובאָוו נאַומאָוונאַ! עפּשער וועט איר מאָרגן אָפּרוען?

— איך רו זונטיק, ווען אַלע רוען, — האָט ליבע קאַטעגאָריש געענטפערט.

אָבער ניט מאָרגן, ניט איבערמאָרגן איז שוין ליבע צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען.

דער ערשטער שמועס מיטן פּסיכיִאַטער אין שפּיטאָל איז געווען אַזאַ:

— ליובאָוו נאַומאָוונאַ, וואָס אָפּנהאַרציקער איר וועט זײַן מיט מיר, אַלץ גיכער וועט איר געזונט ווערן.

— איך וויל, אַז איר זאָלט זײַן אָפּנהאַרציק מיט מיר. זאָגט אַליין, דאָקטער, ווען מיר אַלע וואָלטן געוואָרפן די אַרבעט און מיר וואָלטן אַוועק צופוס קיין באַן?..

— איר זײַט גערעכט, און ווי נאָר איר וועט זיך פילן בעסער, וועלן מיר טאַקע אַהין צוגיין.

— איך וואָלט געוואָלט, דאָקטער, איר זאָלט היילן די געפערלעך געזונטע! פאַרוואָס האָט מען מיך געבראַכט אַהער? איך ווייס, דאָס איז אַלץ מײַן מאַן מיט זײַן כאַוועך דעם פּסיכיאַטער!

— ליובאָוו נאַומאָוונאַ, איר זײַט גערעכט. זײַט ניט אין קאַס אויף אונדז. מיר אַלע ווילן, אַז איר זאָלט וואָס גיכער ווערן געזונט. ענטפערט מיר נאָר אויף איין פראַגע, זאָגט אָפנהאַרציק: פאַרוואָס ציילעמט איר זיך?

— איר זײַט באַם זינען? איך ציילעם זיך? עס עקלט מיך פון דער באַרעמהאַרציקײַט, פון די יאַמען טרערן, וואָס גלייביקע קריסטן פאַרגיסן צוליב איין געקרייציקטן ייִדן, וואָס זיי האָבן פאַרגעטערט. די פאַשיסטן האָבן זייערע אומשולדיקע קאָרבאָנעס ניט געקרייציקט! עס וואָלט פאַר דעם קיין וועלדער ניט געקלעקט! איך ווייס, פאַרוואָס איר פרעגט עס מיך. אָבער ווען איך דערצייל אײַך אַפילו יאָ, וואָס איך טו, וואָלט איר דאָס אויך ניט פאַרשטאַנען!

מער האָט מען ליבען אויף קיין שמועס ניט אַרויסגערופן. מע האָט זי געהיילט מיט די נײַסטע פּרעפּאַראַטן, מיט שלאָפמיטלען, מיט פרישער לופט. איצט איז ליבען בעסער. די סטראַך־דעלע־גאַטן פון ליבעס אַנשטאַלט, וואָס קומען זי מעוואַקער־כּוילע זײַן, באַמערקן אויך, אַז ליבע פאַריכט זיך. איצט קאָן שוין דאָוויד קומען צו איר, זי רעגט זיך ניט אויף, ווי פריִער, ווען זי דערזעט אים. אָבער זי דאַרף נאָך אַ לענגערע צײַט בלײַבן אין שפּיטאָל, נאָכדעם וועט מען זי אַריבערפירן אין דער סאַנאַטאָריע־אָפּטיילונג, וועלכע געפינט זיך טאַקע דאָ גופא.

באַפרײַנדעט האָט זיך דאָ ליבע נאָר מיט דער שכיינע, וואָס שלאָפט אויך, ווי זי, אויף דער טעראַסע, אין אַ שלאָף־זאַק. מיט איר שמועסט זי יאָ. זי ווייסט שוין, אַז די שכיינע, די יונגע פרוי נאַטאַליאַ וולאַדימיראָוונאַ, פעלט אַרײַן אַהער אַלע יאָר. ווען זי איז אַלט געווען צען יאָר, האָט מען צוגענומען איר טאַטן, אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט מען צוגענומען די מאַמע.

ליבע און איר שכיינע האָבן נאַרוואַס אָפּגעגעסן אָוונט־ברויט, זיצן זיי אויף די בעטן, איינע אַנטקעגן דער אַנדערער, און נאַטאַליאַ וולאַדימיראָוונאַ רעדט שטיל:

— ליובאָוו נאַומאָוונאַ, איך האָב אײַך אַפילו דערציילט, פאַרוואָס איך האָב ניט כאַסענע...

עס וואָלט געווען זייער גוט, ווען די דאָקטוירים וואָלטן אַמאָל אָפּגעטראָטן פון זייער שטרענגן רעגלאַמענט — קומען אין פאַלאַטע נאָר אין אַ באַשטימטער שאָ. ווען עמעצער פון זיי וואָלט דאָ איצטער געווען, וואָלט קלאָר געוואָרן ליבעס אויסטערלישער זשעסט, ווײַל נאַטאַליאַ וולאַדימי־ראָוונאַ האָט נאָך אַ קורצן שווײַגן ווידער געזאָגט:

— איצט מעגט איר מיר שוין דערציילן, פאַרוואָס איר האָט זיך געציילעמט.

— שווײַגט, איך בעט אײַך... איך האָב געהאַט אַ שוועסטער. זי איז אַלט געווען צוויי און צוואַנציק יאָר. זי איז געווען שיין, אַז איר קאָנט זיך ניט פאַרשטעלן. אַ קאָפּ העלע האָר, ניט קיין האָר, אַ זוניקער וואָלקן. איז זי געקומען צו מײַנע טאַטע־מאַמע קיין ווילנע און זי איז מיט זיי אַוועק קיין פּאָנאַר.

— וואָס איז אַזוינס פּאָנאַר?

— פּאָנאַר איז אַן אָרט ניט ווײַט פון ווילנע, וווּ עס ליגן טויזנטער און טויזנטער אומגע־בראַכטע ייִדן. מײַנע צוויי קינדער האָב איך באַגראָבן אין עוואַקואַציע. איך האָב אַפילו ניט גע־טראַכט, אַז מײַן מאַן וועט זיך אומקערן פון מילכאָמע! דער לעבעדיקער לעבט... אָבער מײַן שוועסטער, מײַן ראַכילקען קאָן איך ניט פאַרגעסן! שטענדיק טראַכט איך, אַז איך בין שולדיק אין איר אומקום, ווײַל איך האָב דאָך איר געזאָגט: „פאָר, אין אורלויב וועל איך אויך קומען“. וואָס ווײַטער, אַלץ גרעסער דער ווייטעק. זאָל מען באַהיט ווערן ליגן באַנאַכט אָן שלאָף. פאַר־שטייט זיך, אַז נאָך די שלאָפלאָזע נעכט שטיי איך אויף אַ צעבראָכענע. מיטאַמאָל זע איך, מײַן ראַכילקע שטייט אַנטקעגן מיר. די ליכטיקע האָר צעקודלט. די רויטע בלוזקע פּאַנאַנדערגע־שפּיליעט. פונוואַנען האָט זיך צו איר גענומען אַ רויטע בלוזקע? זי האָט קיינמאָל אַזוינס ניט געהאַט. איך בין פאַרגליווערט געוואָרן. און זי טראָגט צו איר רעכטע האַנט צום האַרצן און מיט צוויי פינגער פון דער זעלבער האַנט טוט זי אַ פיר איבער די ליפּן, ווי זי וואָלט זיי אָנגע־פאַרבט... און שרײַט צו מיר: „טו אַזוי ווי איך. די וווּנדן זײַנען באַ אונדז שטענדיק אָפן, פאַרב נעם באַ מיר!..“

— אוי, גאָט מײַנער, — האָט אויסגעיאָמערט נאַטאַליאַ וולאַדימיראָוונאַ און איז געפאַלן אויפן בעט.

— וואָס איז מיט אײַך, נעמט זיך אין די הענט. איר וועט אופוועקן די קראַנקע, איר זײַט אַליין שולדיק. וואָס איז אײַך אײַנגעפאַלן, אַז איך ציילעם זיך, הערט אויף צו שלוכצן. איצט פאַר־שטייט איר, מיט וואָס איך לעב? — האָט ליבע געזאָגט, און אין איר בליק איז געווען אַפילו פאַראַכטונג.

---

# זייַט וויסן

•

אין באַר ווייַסרוסישן,
בא זילבערדיקע טייַכלעך קלאָרע,
בא פעלדער זוניקע
מיט ווייץ און לייַן
בין איך, זייַט וויסן,
ניט קיין נעבעכדיקער קאָרעוו.
דאָ איז מייַן אומגעהייער גרויסע פייַן,

און דאָ איז אויך
מייַן טיפע פרייד און נאכעס.
זי איז מיר ליב, די ערד.
מיט איר צונויפגעוואקסן כ׳בין,
ווי מיט איר פאנצער־שוץ
די טשערעפאכע.

•

ווי טייַער זייַנען מיר די שטילע רעגעס
אין אָסיענדיקן גאָלדיק־העלן באַר.
איך דארף בא קיינעם גאָרנישט,
גאָרנישט פרעגן.
ס׳איז אלצדינג אזוי אָנזיכטיק און קלאָר...
מיט וועווערקעס
און בלויערלעך

און סאָסנעס הער איך
דעם שאָרך פון פאלנדיקער
קליאָנען־בלאט,
וואָס צווינגט מיך שטיין דערבייַ
און קלערן:
אזוי פאלט שטיל אין פייַער א סאָלדאט.

•

עס קלאַפט מייַן הארץ. זאָל אלצדינג זייַן קעשורע.
אויב קומען ווידער וועט די ביטערע מינוט,
דו שענק מיר, גורל מייַנער, קראפט און גוורע
באשיצן ביזן סאָף דאָס ביסל אייגן בלוט.

כ׳וואָלט אין טראנשיי דאָס לעצטע מאָל זיך שטעלן,
די פייַנט באגעגנט רויִק, שטילערהייט
און אָן הורא־געשרייען, אָן באפעלן
געשלאָגן זיך אף לעבן און אף טויט.

•

פארקרעמפעוועט כ׳בין צו מייַן
היימאט־ערד
מיט בלוט און פלייש,
מיט ביינער מייַנע קנאָכיקע.

ניט איין מאָל איז געוועזן מייַן הויז
צעשטערט,
איז טרוים איך איצט אפסנייַ
פון טעג פון מאזלבראָכיקע.

ווען ס׳שלאָפט אין אָוונט אײַן מײַן
טרייסט —
מײַן טײַער ייִנגל,
דאַן צו זײַן קינדער־בעט ניט דרייסט
כ׳קום צו אף די שפּיץ פינגער.

פון זײַנע הענטלעך כ׳צי ארויס
די בײדע רעוואָלווערן,
די שווערד, וואָס ליגט לעם אים
אנטבלויזט, —
זיי זאָלן אים ניט שטערן.

ס׳האָט אײַנגעשטעלט מײַן זון א קלאָל,
אז שטענדיק פארן שלאָפן
ער נעמט אין בעט אף יעדן פאַל
זײַן אויסגעפּרוווטן וואָפן.

איך האַלט די צאַצקעס און איך קלער —
אוי, קינדער־הערצער פילן...
צי דען מיט עמעצן געווער
וועט אויסקומען אים שפּילן?

•

א קישעף־מײַסעלע —
אזויפיל יאָר
געהאנגען איז מײַן לעבן
אף א האָר.

נאָר ניט געוואָרט כ׳האָב
אף א רעטונג־לייטער —
געשפּרונגען, ווי א וועווריק,

פון איין סאָסנע
אף דער צווייטער.

געדונערט האָבן אונטן
העק איבער די שטאַמען.
און איך האָב אין דער הייך
מײַן קאָפּ געשטרעקט
אין זונען־פלאַמען.

•

איך לעב און שאַף
אין פרילינג־וואַלד.
אָט ווײַזט אין שויב
זיך
דײַן געשטאַלט.

מיט היימלעכקײַט
דו טראָגסט ארײַן
אין צימערל צו מיר
ניט ווײַן, —
א פולן, ווי אַן אויג
גראַפין

בערעזע־זאַפט,
ריין, ווי בורשטין.

איך טרינק
פאַמעלעך —
שלונג נאָך שלונג.
און יעדער טראָפּן
מאַכט מיך יונג.

מיט יעדן טראָפּן
קומט צו קראַפט.
א דאַנק פאר דעם
בערעזע־זאַפט!

•

די אופרופן צו מײַ שוין דאָ אין בלאַט
(ביסכאַקל איז אפרעל נאָך הײַנט דער נײַנטער),
און כ׳גיי ארום אין גאַסן א צעשײַנטער.
ערשט נעכטן מיך געווען בין איך און מאַט.
מײַן ווינטער־פּעלץ אף אקסלען קוים געשלעפּט.

איך האָב אים הײַנט מיט פרייד
אראָפּגעשלײַדערט,
אין לײַכטן מאַנטל כ׳טראָג זיך, ווי א מײַדעם.
ס׳איז ווידער זון און פרילינג — כײַ־געלעבט!

•

מיר איז גענוג א זונען־שטראַל,
וואָס שײַנט אַרײַן דורך א שפּאַרונע,
און איך דערזע, ווי לעבן שטאַל
האָט עפּעס־וואָס דער האָן געפונען
און ליאַרעמט, רופט, לייגט אײַן די וועלט.
ס׳איז לעכערלעך, נאָר מיר געפעלט

זײַן מאַנצבל־זאָרג, זײַן האָנען־פרייד.
ווי קנאַפּ עס איז דער אונטערשייד...
געפין איך בלויז א קלאַנג, א וואָרט,
צערויש איך אויך זיך אַפן אָרט
און אָן אָן אופהער רוף און וועק
די גאַנצע וועלט פון עק ביז עק.

•

אַזויפיל שישקעס אַף דער יאָדלע־קרוין.
און יעדערע איז רײַף און גלאַנציק־ברוין.

א שטילער אָסיען־ווינט די יאָדלע וויגט.
און מאַמעש כ׳פיל — עס ווערט דער בוים
דערקוויקט.

די לאַסט פון פּרוכט מוז זײַן די לײַכטסטע
לאַסט.
מיר דוכט, די יאָדלע ווינקט צו מיר און
שפּאַסט:

„דער ווינט מיך קיצלט, גלעט מײַן יעדן זוים,
פון אָט דער ערד וועט שפּראָצן דאָ מײַן
טרוים...“

די זון טוט אומגעריכט אין וואַלד א שײַן.
עס איז דער יאָדלע צו מעקאַנע זײַן —

די שישקעס אָנגעפּיקעוועט געדיכט
זיך צינדן אַף איר קרוין, ווי טויזנט ליכט...

## די ווערבע־צווײַגלעך

די פרילינגדיקע ווערבע־צווײַגלעך
אין דער וואזע
דערמאָנען מיר דײַן רייצנדיקן אזעס.
זיי האָבן פון די נעגעלעך ארויסגעלאָזט
די קעציש־ווייכע פינגערלעך,
ווי סאמעט.
און ניט אומזיסט מיסטאמע

אוועקגעשטעלט דו האָסט
די ווערבע־צווײַגלעך
אַף מײַן טיש, —
כ׳זאָל קוקן אַלע ווײַלע,
די וואַסער זאָל זײַן
פריש.

•

כ׳האָב ליב די שטילקײַט אינעם וואַלד בײַס
זון־פאַרגאַנג.
קוים־קוים זיך וויגן אום די הויכע
ביימער־שטאַמען.
די זון אין סאָסנע־קרוין זיך מאַכט א נעסט
פון פלאַמען.
עס רוט אין אָט דער שאָ מײַן האַרץ און מײַן
געדאַנק.

די פייגעלעך מיסטאַם די פּיסקלעך שליסן צו
(א שאָד, וואָס אָנרופן זיי כ׳קאָן ניט בא די
נעמען),
און איבעריקן צוויטשע טאָן אַצינד זיך שעמען.
ס׳צעגיסט זיך איבער וואַלד די אָוונטיקע רו.

די וואַלד־בין איז נאָך אַלץ מיט זאַפט ניט זאַט,
פליט אום פון בלום צו בלום, נאָר טוט
דערבײַ ניט זשומען.
אין קילן אָוונטיקן זומער־וואַלד אין שטומען
איך עטעם, דוכט מיר, שטיל, ווי אַפן בוים די
בלאַט.

אַף טונקלען גראָז מײַן שאָטן וואַקלט זיך
און שפּרייט.
ווי אַף שפּיץ פינגער שפּרײַזט דאָ רונד־אַרום
דאָס לעבן.
זיך זאַפט די שטילקײַט אײַן אין מײַנע
בלוט־געוועבן,
פילט אָן מײַן האַרץ מיט שווײַגנדיקער
העלער פרייד.

כ׳האָב ליב די שטילקייט אינעם וואַלד בײַס
זון־פאַרגאַנג.
קוים־קוים זיך וויגן אום די הויכע
ביימער־שטאַמען.
די זון אין סאָסנע־קרוין זיך מאַכט א נעסט
פון פלאַמען.
עס רוט אין אָט דער שאָ מײַן האַרץ און מײַן
געדאַנק.

•

ס׳געפעלט מיר, ווען די כוואַליע
רוימט בעלאַכאַש
דעם ברעג א סאָד מיט מילדן קלאַנג
מיט וויכן:
— איך ווינטש דיר, ערד, פון
טיפסטע טהאָמען נאַכעס.
פון טרײַשאַפט גייען אויס באַ מיר
די קויכעס,
איך לאַשטשע דיך און קוש דײַן זוים
פון קלייד.
דײַן יעדן שטיין איך שלײַף, פּאָליר
מיט פרייד.
און ס׳איז קיין טראָפּן ניט איבערגעטריבן,
אַז אייביק, אייביק וועל איך, ערד, דיך
ליבן.

•

אין יוני־סאָד
באַגינען
באַגריסן מיך
די בינען,
גוט־פרײַנטלעך
צו מיר זשומען:
אַז ווויל,
וואָס ביסט
געקומען. —
די עפּל־ביימער
בליִען
און בינען
פליִען, פליִען
צו קווייטן
דופטיק־ווײַסע
און זשומען, זשומען
פלײַסיק.
אין בעכערלעך
אַנטרינען, —
א מאַזל אף אײַך,
בינען.




דריטער טייל

## גליק גייט באַנאַנד מיט אומגליק...

פּרווו זיי אַ בעריע און דערגיי אַ טאָלק, אין וואָס באַשטייט דער סאָד פון רום. פּאַרוואָס גייט איין קינסטלער דורך זײַן לעבנסוועג, גיט אָפּ, נעבעך, גאָט די נעשאָמע און פאַרזוכט אפילו ניט דעם טאַם פון אָנערקענונג, און אַ צווייטער, פּאַרקערט, ווערט גלײַך פון די ערשטע טריט באַ־רימט. זעט אויס, ניט קיין סאַך האָבן די זכיע באַם לעבן צו געניסן דערפון. דאַפקע אונדזער בעקער פון קאָלאָמייע, מאַקס קרייסלער, איז געווען צווישן די איינצלנע גליקלעכע.

זײַן ערשטער אופטריט אַף דער בינע האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רוישעם. אין דער פּרעסע האָט מען עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד געהאַלטן אין איין שרײַבן, וויאַזוי קרייסלער האָט אויסגענו־מען באַם פּובליקום און, באַזונדערס, וויאַזוי ער האָט אויסגעפּײַפט די פאַשיסטישע כוליגאַנעס. מע האָט מאַקסן געליובט אין טאָג אַרײַן.

עמעס, עס זײַנען געווען אויך אַ סאַך בלעטלעך, וואָס האָבן אים געייצעט, ער זאָל ניט פאַר־געסן, ווער ער איז, און זיך ניט איבערנעמען מיט זײַן טאַלאַנט... מע וועט אים נאָך דערמאָנען, פונוואַנען ער שטאַמט און ווער זײַן ייכעס איז. עס האָבן אויך אָנגעהויבן גיין צו אים אַנאָנימע בריוולעך. מע האָט אים געשאָלטן אין טאַטנס טאַטן אַרײַן, געדראָעט מאַכן פון אים טיל־טעל. אָבער אַ סאַך מער בריוו זײַנען געווען גאָר פון אַן אַנדער מין.

יעדן אינדערפרי האָט עמיל שולץ געבראַכט צו טראָגן מאַקסן אַ גאַנץ קוישל בריוו, און מאַקס האָט זיי געלייענט מיט זשעדנע אויגן, זיך ניט געקאָנט אָפּרײַסן פון זיי.

דאָ זײַנען געווען בריוו פון טרעגער, מיט וועלכע ער האָט אַמאָל אויסגעלאָדן אַף די וואָק־זאַלן וואַגאָנעס, פון אַרבעטלאָזע, מיט וועלכע ער איז געשטאַנען אין דער ריי נאָך אַ שיסעלע סופּ אָדער אַ טעפּעלע קאַווע. די דאָזיקע מענטשן האָבן אים געבעטן, ער זאָל אַף זיי קיין פאַריבל ניט האָבן, טאָמער זײַנען זיי זיך אַמאָל מיט אים באַגאַנגען ניט אַזוי, ווי ער פאַרדינט, געזאָגט אים

דעם ערשטן טייל זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 4 און 5 פאַרן 1964 יאָר, דעם צווייטן טייל — „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 11 פאַרן 1965 יאָר.

אַמאָל אַ בייז וואָרט. מאַלע וואָס מע קאָן זיך איינער דעם צווייטן אַרייַנזאָגן, ווען מע איז הונגעריק און פאַרביטערט... ווען זיי וואָלטן דעמלט זיך אָנגעשטויסן, אַז פון אים וועט אויסוואַקסן אַזאַ באַרימטער אַקטיאָר, וואָלטן זיי זיך גאָר אַנדערש אויפגעפירט...

דאָ זייַנען געווען בריוו פון בעקער. זיי האָבן זיך גאָר געפילט אַפן זיבעטן הימל. זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט, צי נייטיקט ער זיך ניט אין זייער הילף. אויב מע דאַרף, וועט מען העלפן. זאָל ער זיך ניט שעמען און געבן צו וויסן. און טאָמער וועלן נאָכאַמאָל די קוליגאַנעס און ניט־פאַרגינער פרוּוון אַרונטערייַסן אַ ספעקטאַקל, וועט מען זיי ברעכן הענט און פיס, זיי זאָלן פאַר־זאָגן קינדס־קינדער צו מאַקס קרייסלערן זיך ניט טשעפּען.

אַ סאַך פון די בריוו האָבן אים גערירט ביז טרערן, אַנדערע האָבן אים אויפגעבראַכט. אָבער גאָר אײַנגיכן האָט ער זיך צוגעוווינט צו אַלץ און שוין רויִקער געלייענט סיי די ליבעגעזאַנגען, סייַ די זידלערייַען, די באַגייַסטערטע אָפרופן און די עקלדיקע פעליעטאָנטשיקלעך.

ער איז ווידער געווען פאַרטאָן אין זייַן אָנגעשטרענגטער אַרבעט. מאַקס האָט פאַראַקשנט געהאָרעוועט, און די סקעפּטיקער האָבן אײַנגיכן פאַרשטאַנען, אַז דער דערפאָלג פון דעם בעקער אַף דער בינע איז ווייַט ניט קיין צופעליקער און ניט קיין צייַטווייַליקער.

זיגפריד לײַנאַרד האָט וואָס אַ טאָג אַלץ מער זיך צוגעבונדן צו מאַקסן און בעשטיקע אַפילע אַ ביסל געייפערט צו פרידען. ער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי וועט ער פאַרבלייַבן איי־נער אַליין אין דער ווילע, ווען פרידע וועט באַ אים אַוועקרויבן מאַקסן און אים אַוועקפירן צו זיך אַהיים. און אַז אַזוי וועט גאָר אײַנגיכן געשען, האָט שוין קיינער ניט געצווייפלט.

נאָר דערווייַל איז לײַנאַרד געווען צופרידן, וואָס זייַן שילער איז מיט אים, און זיך געפרייט דערמיט, וואָס ער וואַקסט ווי אַן אַקטיאָר אַזוי שטורמיש־שנעל. אין דער זעלבער צייַט האָט אים אַלץ מער באַאומרויִקט, וואָס אין געוויסע קרייַזן הערט מען ניט אויף צו דערמאָנען, אַז קרייס־לער איז אַ ייִד און אַז ניט פאַר אים איז לײַנאַרדס טעאַטער...

יענעם זומער האָט זיגפריד לײַנאַרד גענומען באַנייַען שעקספּירס „סויכער פון ווענעדיק", וואָס איז שוין לאַנג ניט געגאַנגען אַף דער בינע. מאַקס קרייסלער האָט געגרייט די הויפט־ראָל.

אַ סאַך פון זייַנע פרייַנט האָבן ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מאַקס האָט זיך אַזוי הייס גענו־מען שאַפן דאָס געשטאַלט פונעם ווענעציִאַנער סויכער. שטעקט ניט אין זייַן פאַרטראַכט אַ געפאַר?

נאָר אַלע פראַגן און ספּייקעס זייַנען פאַרענטפערט געוואָרן אין טעאַטער. אין פול גע־פאַקטן זאַל איז ניט געווען ווו אַ נאָדל זאָל פאַלן. מיט זייַן שווערן טראָט איז אַף דער בינע אַרויסגעגאַנגען דער אַלטער שיילאָק. זייַנע אויגן האָבן געברענט פון צאָרן און ווייטעק. די יאַרמלקע — פאַרוקט אַפן שפּיץ קאָפּ, די לאַנגע קאַפּאָטע צעכראַסטעט. ער איז געווען צערו־דערט, פאַרביטערט, פול מיט טייַנעס צו דער וועלט. יאָ, ער איז געווען אומגליקלעך, דער אַלטער! די סאָנים זייַנע האָבן אים פאַרוווּנדעט אין סאַמע האַרצן. מע האָט באַ אים אַוועקגערויבט דאָס טייַערסטע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, — זייַן איין־און־איינציקע טאָכטער, מע האָט פון אים געכויזעקט, געשפּעט, זיך איזדעקעוועט איבער זייַן מענטשלעכער ווירדע, און בלויז צוליב איין כעט — ער האָט זיך דערלויבט געבוירן ווערן אַ ייִד... ער קאָן שוין מער ניט שווייַגן, ער מוז אַרויסזאָגן זייַנע פייַנט אַלץ, וואָס מוטשעט אים, וואָס לאָזט אים ניט רוען. ער הייבט אָן ריידן שטיל, קוים אַרויסברענגענדיק די ווערטער, דערנאָך קלינגט זייַן שטים אַלץ העכער און העכער, און אָט איז זי שוין ווי אַ דונער, אַזש די ווענט, דאַכט זיך, ציטערן:

„...ער האָט מיך געמאַכט צו שאַנדע... זיך אויסגעלאַכט פון מייַנע פאַרלוסטן, געשפּעט איבער מייַנע פאַרדינסטן, געזידלט מייַן פאָלק, געשטערט אין מייַנע געשעפטן, אָפּגעקילט מייַנע פרייַנט, צעהיצט מייַנע סאָנים; און וואָס פאַר אַ סיבע האָט ער געהאַט דערצו? דאָס, וואָס איך בין אַ ייִד. האָט דען דער ייִד קיין אויגן ניט, האָט דען דער ייִד ניט קיין הענט, קיין כושים, קיין איבורים, געפילן, סימפּאַטיעס, לייַדנשאַפטן? צי ניט די זעלבע שפּייַז נערט אים, צי ניט דאָס זעלבע קלייזייַען פאַרוווּנדעט אים?.. צי היילן אים ניט די זעלבע רעפּועס? צי דערוואַרעמען אים ניט אָדער פרירן אים ניט די זעלבע זומערס און ווינטערס, וואָס דעם קריסט? און אַז מע שטעכט אונדז — רינט דען באַ אונדז קיין בלוט ניט? און אַז מע קיצלט אונדז — לאַכן מיר דען ניט? און אַז מע סאַמט אונדז אָפּ — שטאַרבן מיר דען ניט? און אַז מע באַליידיקט אונדז — צי דען דאַרפן מיר ניט נעמען קיין נעקאָמע? אויב מיר זייַנען מיט אַלץ ענלעך אַף אייַך, טאָ ווילן מיר זייַן אַף אייַך ענלעך אויך דערמיט..."

מאַקס איז אַף אַ ווייַלע שטיל געוואָרן, ער האָט געווענדט זייַן בליק אין זאַל, ווי ער זאָל זוכן יענע, וועמען ער האָט געמיינט. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע ביז איינעם האָבן פאַר־שטאַנען, אין וועמען עס זייַנען געצילט אָט די ווערטער, מע האָט פאַרשטאַנען, אַז אין דער מינוט

איז עס פאַרן אַקטיאָר געווען מער, ווי אויסשפּילן א ראָל, א מאָנאָלאָג, ווי א טעאַטראַלע פאָרשטעלונג...

מאַקס האָט דערהערט אַפּלאָדיסמענטן, בוקעטן בלומען זײַנען געפאַלן צו זײַנע פיס. אינעם ווײַטן ווינקל פון דער דירעקטאָר־לאָזשע האָט ער דערזען דאָס שײַנענדיקע פּאָנעם פון זײַן לערער און פרײַנט, פון זיגפרידן, און ער האָט דערפילט יענע באַפרידיקונג, וואָס דערמונטערט אַן עכטן קינסטלער. א גליקלעכער איז ער אַוועקגעלאָפן צו זיך אין גאַרדעראָב.

אין גערעמען צימער האָט ער געטראָפן פיל פרײַנט, וואָס זײַנען צו אים שטענדיק אַרײַנגעגאַנגען נאָך די ספּעקטאַקלען, און אויך עטלעכע אויסלענדער. נײַע פאַרערער זײַנען געקומען אים באַגריסן? נײַע שעצער פון זײַן טאַלאַנט? יאָ. אָבער דאָס זײַנען ניט געווען קיין געוויינלעכע צושויער, וואָס קומען בלויז גראַטולירן מיטן דערפאָלג, נאָר אַנטרעפּרעניאָרן פון ענגלאַנד און פראַנקרײַך, און געקומען זײַנען זיי אים אײַנלאַדן אויף גאַסטראָלן קיין לאָנדאָן און פּאַריז...

מאַקס איז געווען איבעראַשט. דער אומדערוואַרטער פאָרשלאָג האָט אים געשראָקן. מע דאַרף אַוודאי דאָס אָפּלייגן אויף בעסערע צײַטן. עס ברענט ניט.

נאָר דער יעיצערהאָרע איז גלײַך אונטערגעקומען און געזאָגט:

„נאַרעלע אײנער, ווער זשע זאָגט זיך אָפּ פון אַזא רײַזע? אָט די מענטשן, וואָס שטייען איצט איבער דיר און בעטן דיך פאָרן, האָבן פאַרשטאַנד, אַבי וועמען וועלן זיי ניט רופן, און, כּוץ דעם, וועט דיר דאָך אַמאָל אויסקומען איבערשפּאַנען די שוועל פון אַנדערע טעאַטערן, איז כאַפּט עס דער טײַוול, זאָל דאָס געשען איצט, ווען דו ביסט יונג און פול מיט קויכעס, מיט דראַנג...“

ער האָט באַשטימט זיך האַלטן אַן אײצע מיט זיגפרידן. וואָס וועט יענער זאָגן דערויף?

ווי שטענדיק נאָך א פּרעמיערע, איז בא ליינאַרדן אין ווילע געווען פריילעך און יאָמטעוודיק. אין אַלע ווינקעלעך האָט זיך געהערט א הילכיקער געלעכטער, דאָס געקלאַנג פון באָקאַלן, לעבהאַפטע געשפּרעכן.

הײַנט איז געווען א צוויייענדיקער יאָמטעוו. מע האָט אָפּגעמערקט דעם דערפאָלג פון דער נײַער פאָרשטעלונג און אויפגעהויבן א קאָס פאַרן גליק פונעם נײַעם פּאָרפאָלק מאַקס און פרידע. כּוץ די אייגענע געסט — אַקטיאָרן, מוזיקער, שרײַבער, קינסטלער — זײַנען געקומען מאַקס׳ אַלטע באַקאַנטע — דאָקטוירים און שוועסטער, וועלכע האָבן אים געהיילט אין שטוטבאַכס קליניק, בעקער און טרעגער, מיט וועלכע ער האָט אַמאָל צוזאַמען געאַרבעט און וועלכע זײַנען געוואָרן אָפטע אַרײַנגייער צו אים אין שטוב.

ביז טיף אין דער נאַכט איז דער עולם זיך ניט פונאַנדערגעגאַנגען, געהוליעט און געטאַנצט.

אין דעם דאָזיקן פריידיקן אָוונט האָט מאַקס ניט געוואָלט דערציילן זיגפרידן. ערשט אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער אים דערציילט וועגן דעם פאָרשלאָג, וואָס ער האָט באַקומען.

זיגפריד האָט אויף אים לאַנג געקוקט שווײַגנדיק, ס׳איז אים שווער געווען זיך שיידן מיט זײַן יונגן פרײַנט אַפילע אויף א קורצער צײַט. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז מאַקס דאַרף פאָרן, זאָל ער זיך באַקענען מיט לאָנדאָן און פּאַריז, זאָל ער זיך דורכגיין איבערן לוווער, זאָל ער באַזוכן טעאַטערן, מוזייען, ביבליאָטעקן. דאָס וועט אים זייער צוניץ קומען, און, כּוץ אַלעמען, זאָל ער זיך דורכפאָרן מיט פרידען אין זייער האָניק־כוידעש.

אָבער דעריקער האָט ליינאַרדן געלאָקט אַן אַנדער זאַך: ער האָט געוואָלט זען, ווי וועלן פּאַריז און לאָנדאָן אויפנעמען זײַן שילער.

און זיגפריד ליינאַרד האָט געגעבן זײַן האַסקאָמע.

מע קאָן, פאַרשטייט זיך, ניט זאָגן, אַז פּראָפעסאָר עריך שטוטבאַך איז שטאַרק געווען באַגײַסטערט דערפון, וואָס זײַן אַסיסטענטן, זײַן רעכטע האַנט, קלײַבט זיך מיטן מאַן אין א רײַזע קיין אויסלאַנד. אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טאָן, אויסער ווינטשן איר און זײַן געוועזענעם פּאַציִענט א גליקלעכע רײַזע.

און אין אײנעם א האַרבסטיקן פרימאָרגן, ווען די בלעטער האָבן נאָרוואָס געגומען פאַלן פון די ביימער, האָט א גרויסער עולם אַרויסבאַגלייט מאַקס קרייסלערן און זײַן יונגע פרוי. ביידע זײַנען זיי געשטאַנען באַם וואַגאָן שײַנענדיקע, גליקלעכע, צעשטרייט אײַנהערנדיק זיך אין די ווינטשעוואַניעס פון זייערע פרײַנט און קאָלעגן.

כאָטש מאַקס האָט פאַרלאָזט די שטאָט אויף א קורצער צײַט, איז אים דאָך שווער געווען זיך שיידן מיט איר. ער האָט דאָ אַמאָל געענוג זיך אָנגעבידעוועט און, אַפילע זײַענדיק שוין א באַרימטער אַקטיאָר, איבערגעלעבט ניט ווייניק באַליידיקונגען, דאָך איז זי אים נאָענט און טײַער געוואָרן, די גרויסע, רוישיקע און אומגעלומפּערטע שטאָט מיט אַלע אירע אומגעהייערע קאָנטראַסטן. זי איז פּאָרט פאַר אים געווען די צווייטע היים. אינגיכן וועט ער זיך אומקערן אַהער.

דער צוג האָט גערירט פון אָרט.

ווי זאָגט דאָרט אונדזער אַלט ווערטל: ניט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך!

מאקסן האָט זיך געדאכט, אז ער וועט זיך גאָר גיך אומקערן אהיים, נאָר א נעכטיקער טאָג. מע האָט אים ניט אָפּגעלאָזט. א לענגערע צײַט האָט ער געשפּילט אין לאָנדאָן. ווען ער איז גע־קומען צו פאַרן קיין פאריזש, האָט זיך פאר אים געעפנט גאָר א נײַע וועלט.

די שטאָט האָט אים געפאנגען מיט איר לעבנסלוסטיקײַט, מיט אירע פריילעכע מענטשן. א געבענטשטע שטאָט!

נאָך די ספּעקטאקלען, א באגײַסטערטער און אופגערודערטער פון די שטורמישע אפּלאָ־דיסמענטן, פון די הייסע באגריסונגען, פלעגט ער ווי א פארשיכּורטער ארומגיין מיט פרידען איבער די רוישיקע גאסן, ארומבלאָנדזשען איבער די סעדער און פארקן. ער האָט דאָ אויך געזען פארשיידענע קאָנטראסטן — באנאנד מיט גלאַנץ, רײַכטום — אומגעהייערע אָרעמקײַט, בעט־לער, ארבעטלאָזע, נאָר דאָ האָט זיך פאָרט געאָטעמט אנדערש ווי אין דײַטשלאנד. קומענדיק אין האָטעל, האָט ער ניט געהערט אין טעלעפאָן־טרײַבל די נימעסע שטימען, וואָס האָבן אים אויסגעוואָרפן זײַן יִיכעס. ער וואָלט גערן דאָ פארבליבן, נאָר נייִן, ער איז אַן אקטיאָר פון לייר־נארד־טעאטער און דאָרט איז זײַן אָרט. ער גלייבט ניט, אז דאָס מעשוגאַס, וואָס האָט ארומגע־כאפּט א טייל פונעם לאנד, וועט לאנג דויערן. דײַטשלאנד געפינט זיך אין דער מיט פון אייראָפּע, און עס איז אומעגלעך, אז דאָס בייז זאָל זיגן. עס זײַנען דאָך פאראן קויכעס פון פּראָגרעס!

מאקס האָט אלע טאָג געקלונגען זײַנע פרײַנט אין בערלין, זיך געטיילט מיט זײַנע איבער־לעבונגען. זיגפרידן האָט ער דערציילט אלע איינצלהײַטן פון זײַנע ארויסטרעטונגען, פון די אופנאמען, באגעגענישן. ליינארד איז געווען גליקלעך, וואָס די גאסטראָלן אין פאריזש גייען דורך מיט אזא דערפאָלג. ער האָט נאָר געבעטן מאקסן, ער זאָל זיך לאנג ניט פארהאלטן. דער אוילעם, שוין ניט ריידנדיק פון אים אליין, האָט זיך פארבענקט נאָך מאקסן און מע ווארט אַף אים מיט אומגעדולד.

יאָ, זיגפריד ליינארד האָט ארויסגעקוקט אַף זײַן ליבלינג. אים איז אלץ שווערער און שווערער געוואָרן ארבעטן און לעבן אין דער אטמאָספער פון סינע. אייניקע פון זײַנע אמאָליקע כאַוויירים האָבן זיך אָפּגעקערט פון אים צוליב זײַן פרײַנטשאפט מיטן בעקער פון קאָלאָמייע, אנדערע האָבן זיך געהאלטן פונדערווײַטנס, ווײַל זיי האָבן מוירע געהאט פאר זיגפרידס אָפענע רייד וועגן היטלערן און זײַנע אָנהענגער, וואָס האָבן מיט יעדן טאָג זיך געפילט פרײַער און געפירט פרעכער. זיגפריד האָט שווער איבערגעלעבט זײַן פּערזענלעכע טראגעדיע. די עלטער האָט זיך שנעל אָנגערוקט, און ער האָט מיטאמאָל דערפילט זײַן עלנטקײַט. יאָ, זײַן לעבן איז דורכגעגאנגען שנעל און שטורמיש. געוויס זײַנען אים א סאך מענטשן, גאָר א סאך, געווען מעקאַנע און זײַנען אים נאָך איצט מעקאַנע אַף זײַן לעבן, נאָר ווען זיי וויסן, וויאַזוי ער איז איצט איינזאַם... אָן א ווײַב, אָן קינדער, אָן יאָרשים, אָן נאָענטע פרײַנט, אויב ניט רעכענען עטלעכע געציילטע מענטשן — מאקסן, פרידען, עריכן...

ווען עס קערן זיך שוין גיכער אום פון זייער רײַזע מאקס מיט פרידען, וואָלט געוואָרן גרינגער אַפן הארצן. מיט זיי האָט ער זיך שטענדיק געפילט גוט, יונג און מונטער און אין שטוב האָט געהערשט א מעכײַעדיקע פרייד.

נאָר וואָס טראַכט מען צו, אז מאקס זאָל זיך וואָס גיכער אומקערן אהיים? פאריזש געהערט צו יענע שטעט, פון וועלכע עס איז שווער זיך ארויסרײַסן. זיגפרידן איז ניט איין מאָל דאָרטן אויסגעקומען זײַן אַף גאסטראָלן און ער פלעגט זיך אויך אַף לאנג פארהאלטן. און זיגפריד באַ־שליסט: צוליב זיך און צוליב מאקסן וועט ער איצט זיך נעמען פאר דער שטעלונג פון „קיניג ליר". מאקס האָט געטרוימט וועגן דער ראָל פון אומגליקלעכן קיניג. און קיין פאריזש איז אוועק א טעלעגראם.

■

בערלין האָט זיי באגעגנט מיט אָקאָרשט צעגרינטע ביימער. אין די סעדער און בולוואַרן האָט שוין געוועלטיקט דאָס יונגע גרינע גראָז און די זון האָט געארבעט אַף אלע קיילים. און כאָטש דער פרילינג האָט באלעבאטעוועט אין אלע ווינקעלעך, ווי נאָר עס האָט זיך אים געגלוסט, האָט מאקס גלײַך דערזען, אפילע ניט אזוי דערזען, ווי דערפילט, אז דאָ האָט זיך עפּעס געענדערט, צו שטרענג און אָנגעלאָדן איז געוואָרן ארום און ארום, צו מאָרעשכוירעדיק און דערשראָקן זײַנען ארומגעגאנגען די מענטשן.

אין שטאָט האָט זיך געטומלט. אָן אופהער זײַנען פּאָרגעקומען מיטינגען. מאכנעס ארבעט־לאָזע האָבן זיך ארומגעדרייט איבער די גאסן און פּלעצער.

אַפן לאנד האָט זיך אָנגערוקט א שווארצע כמארע. ערשט ניט לאנג נאָך האָבן די פאשיס־טישע מענוואָלים געפלאָכטן זייערע נעצן בעשטיקע, אין די ווינקעלעך, אין אונטערערד, זיך



געהיט, זיך ארומגעקוקט, מוירע געהאט פאר דער פאָליציי. איצט האָבן זיי, זעט אויס, פראנק־און־פריי געבאַלעבאטעוועט אין שטאָט, ארומגעשפּאנט אין זייערע ברוינע העמדלעך, פארצויגן מיט סקריפּעדיקע רימענס, געריסן די גאָרגלען, געדראָעט מיט טויט יעדן, וואָס וועט זיך זיי קעגנשטעלן. די גאסן זײַנען געווען פארפלייצט מיט זייערע פלוגבלעטלעך קעגן די קאָמוניסטן, סאָציאַל־דעמאָקראטן, ייִדן. אף אלע ראָגן האָט מען פארקויפט זייער פיורערס שרײַבערײַ — אדאָלף היטלערס „מײַן קאמף“, ווו עס ווערט געפּריידיקט מענטשן־האס, ראסן־האס, ווילדקײַט, מיטלאלטער, פּאָגראָמען, מאָרד.

מאקס האָט געפּרוווט זיך אָפּווענדן פון דעם, וואָס עס טוט זיך ארום אים. ער האָט געוואָלט גלייבן, אז דאָס אלץ איז א צײַטווײַליקע זאך. אין פאריזש האָט מען זיך אויסגעלאכט פון די היטלערישע פיגמייען. ווייניק מעשוגאָים און נידערטרעכטיקע מענטשעלעך זײַנען פאראן אף דער וועלט. ווען זשע ארט עס, אז נאָך עטלעכע מאניאקעס רײַסן די גאָרגלען, בילן אף דער לעוואָנע?

אין טעאטער איז דאָס לעבן געגאנגען ווי געוויינלעך, מע האָט געגרייט די נײַע פאָרשטעלונג. נאָר מיט יעדן טאָג האָט מאקס אלץ מער געפילט, אז אייניקע אקטיאָרן קוקן אף אים קרום, סטארען זיך אים אויסמײַדן.

אויך זיגפריד און פרידע האָבן דאָס געזען און זיך באמיט באַרויִקן מאקסן, אים אוועקפירן פון בייזע מאכשאָווּעס.

אין איינעם פון די פרילינג־פארנאכטן, ווען מאקס מיט זיגפרידן האָבן זיך אומגעקערט אהיים פונעם טעאַטער, האָבן זיי באַם טויער געטראָפן אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָט ארויסגע־קוקט אף זיי. ס׳איז געווען אַן ארבעטער־דעלעגאַציע, וואָס איז געקומען איינלאַדן זיגפריד לייי־נאַרדן, מאַקס קרייסלערן און זייערע קאָלעגן אף דער ערשטמייַיקער דעמאָנסטראַציע. דאָס וועט זיַין אַן אומגעווייַנלעכע דעמאָנסטראַציע. די רעגירונג האָט זי פאַרווערט. אָבער ניט געקוקט דערויף, וועט זי פאָרקומען. מע קאָן מער ניט דולדן, די פאַשיסטן זאָלן טעראָריזירן דאָס פאָלק. מער טאָר מען ניט שווייַגן. עס קאָן ווערן שפּעט. אויב היטלער מיט זיַין באַנדע וועלן פאַרכאַפּן די מאַכט, וועט אַלץ גיין צו גרונט, זיי וועלן דערפירן דאָס לאַנד צו אַ קאַטאַסטראָפע. יעדער, וועמען עס איז טייַער דאָס היימלאַנד, מוז זיך אייַנשליסן אינעם אַנטשיידענעם קאַמף קעגן נאַציזם...

זיגפריד האָט זיך אייַנגעהערט אין די רייד פון די אומבאַקאַנטע געסט. ער האָט פּאַשעט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ער איז שטענדיק געווען ווייַט פון פּאָליטיק, פון געזעלשאַפט־לעכע איניאַנים. ער פאַרטיידיקט דעם פּראָגרעס, די פרייַהייַט און דעמאָקראַטיע אין טעאַטער, פון דער בינע. צי דען איז דאָס ווייניק?

ער האָט אַ קוק געטאָן אף מאַקסן. מאַקס האָט געשוויגן. ער איז געשטאַנען אַן אָנגעכמורע־טער, און זיגפריד האָט אַ טראַכט געטאָן: וויפל צאַר האָבן די נאַציסטישע כוליגאַנעס פאַרשאַפט אָט דעם טאַלאַנטפולן מענטשן מיט זייערע אַנאָנימע בריוולעך, טעלעפאָן־קלונגען. ער האָט גע־פרעגט די ארבעטער, ווען און וווהין ער דאַרף קומען מיט זיַינע קאָלעגן, און אַנטשיידן געזאָגט:

— יאַוואָל, גענאָסען. זיגפריד לייַנאַרד און, כ׳דענק, אויך מאַקס קרייסלער וועלן קומען פּינקטלעך... מיר וועלן פאַרשלאָגן אונדזערע קאָלעגן גיין מיט אונדז... אַאופוווידערזעען!..

נאָכקוקנדיק די ארבעטער, ווי זיי זיַינען צופרידענע אַוועק איבער דער גאַס, האָט זיגפריד ווי אָפּגעוווּיגן זיַין האַסקאָמע. צי האָט ער גוט געטאָן? געוויס! ער האָט ניט געטאָרט זיך אָפּזאָגן. ווער זשע דען וועט אופהייבן די שטים קעגן די נאַציסטן, אויב ניט ער מיט זיַינע פרייַנט, וואָס זיַינען באַרופן אָפּהיטן די קולטור, די קונסט? די נאַציסטן ווילן דאָס אַלץ פאַרטיליקן, און מע מוז זיך שטעלן אף דער וואַך, קאַלזמאַן עס איז נאָך ניט שפּעט. יאָ, גוט געטאָן. ווער זשע דען, אויב ניט זיי?

ער וועט ארויס אף דער גאַס באַגלייַך מיט טויזנטער בערלינער בירגער, און זאָל מען זען, אף וועמעס זייַט ער איז! ער וועט ארויס אף דער טריבונע און עס זאָגן אָפן, פאַר אַלעמען.

ווען פרידע האָט זיך דערוווּסט, אַז זיגפריד מיט מאַקסן האָבן אייַנגעשטימט אָנטיילצונעמען אין דער ערשטמייַיקער דעמאָנסטראַציע, איז זי מאַמעש דערציטערט געוואָרן. וואָס? זיי וועלן מאַניפעסטירן איבער די גאַסן? זיי וועלן ארויסטרעטן אָפן גרויסן מיטינג בא די בראַנדענבורגער טויערן? וואָס זשע, זיי ווייסן ניט וועגן דער שטרענגער פאַראָרדענונג — ניט דערלאָזן קיין שום דעמאָנסטראַציעס?

פרידע האָט זיך דערמאָנט אין דער פאַראַיאָריקער ערשטמייַיקער דעמאָנסטראַציע. זי האָט אין קליניק אָפּערירט עטלעכע פאַרוווּנדעטע ארבעטער. דאָס איז דאָך שרעקלעך! ניין, זי וועט ניט לאָזן מאַקסן און זיגפרידן אף דער דעמאָנסטראַציע, דאָס איז זייער געפערלעך. און דאָס איז ניט זייער זאַך. ס׳איז אָן זיי פאַראַן, ווער עס זאָל האָבן צו טאָן מיט דער פּאָליציי און מיט די נאַציסטישע כוליגאַנעס.

— נאַרעלע... — האָט מאַקס געפּרוווט באַרויִקן פרידען און זי געגלעט איבערן קאָפּ. — עס איז ניט אַזוי שרעקלעך, ווי דיר דאַכט זיך אויס... אף דער דעמאָנסטראַציע וועלן ארויסגיין צענדליקער טויזנטער מענטשן און קיין שום פּאָליציי וועט ניט זיַין בעקויעך אָפּשטעלן אַזאַ מענטשן־שטראָם... אין אַזאַ שווערער צייַט טאָרן מיר ניט שטיין אָן אַ זייַט, מע וועט עס אונדז קיינמאָל ניט מויכל זיַין. פאַרשטייסט, טייַערינקע?

ווען אין טעאַטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז זיגפריד לייַנאַרד האָט באַשטימט אָנטיילצו־נעמען אין דער ערשטמייַיקער דעמאָנסטראַציע, האָט מען באַשלאָסן, אַז ניט אַנדערש, דער מענטש האָט זיך געאירט פון זינען. אַנדערע האָבן געגומען ברייַען, אַז דאָס איז מאַקס׳ אינטרי־געס, דאָס וויל ער אַרייַנשלעפּן דעם באַרימטן אַקטיאָר און רעזשיסער אין פּאָליטישע איניאַנים. דאָס האָט, זעט אויס, אף מאַקסן געווירקט דער רויטער פאַריזש. ער האָט, אַפּאַנעם, אין פראַנק־רייַך זיך פאַרנומען ניט בלויז מיט גאַסטראָלן, נאָר מיט קאָמוניסטישער טעטיקייַט...

נאָר ווי עס זאָל דאָרט ניט געווען זיַין, וואָס מע זאָל ניט געווען ריידן צווישן זיך, דאָך האָבן זיך געפונען אַ סאַך אַקטיאָרן, וואָס האָבן באַשטימט ארויסגיין אף דער דעמאָנסטראַציע איניי־נעם מיט זיגפרידן און מאַקסן.

ווען פרידע האָט אָנגעקלונגען אין קליניק צו עריך שטוטבאַכן און אים דערציילט וועגן דעם פאַרטראַכט פון איר מאַן און זיגפרידן, איז דער אַלטער, ווייַזט אויס, צוערשט געבליבן אָן

לאַשן. ס'איז דורך אַ מינוט, און דער טעלעפאָן האָט געשוויגן, נאָר דערנאָך האָט זי אומגעריכט דערהערט:

— דו ווייסט, פרידע, עפּשער זײַנען זיי גערעכט...

— ווער איז גערעכט?

— נו, געוויס, זיי, זיגפריד און מאַקס... — און נאָך אַ קורצער פּאַוזע האָט דער אַלטער צוגעגעבן: — דו ווייסט, מײַן טײַערע פרידע, איך וועל אויך גיין. און איך וועל זאָגן אונדזערע קאָלעגן, זיי זאָלן אויך מיטגיין... דאָס איז אַ גלײַכע זאַך... עס איז אומעגלעך ווײַטער דולדן די שווײַנערײַ פון עלזע קריץ און אירע פּאַרטיי־גענאָסען... עס איז אַ פאַרברעכן שווײַגן... איך גיי אויך!.. גיב איבער, ביטע שיין, זיגפרידן דאָס טרײַבל. איך וועל אים זאָגן...

■

די נאַכט פאַרן ערשטן מײַ איז געווען אַ ליכטיקע, אָן אויסגעשטערנטע. קיינעם האָט זיך ניט געגלוסט לייגן שלאָפן. אָן אופהער האָט געקלונגען דער טעלעפאָן, און זיגפריד האָט אַלעמאָל קורץ געמאָלדן, אַז דאָס איז עמעס, קיינער האָט עס ניט אויסגעטראַכט, ער און זײַנע קאָלעגן האָבן פעסט באַשטימט אָנטיילנעמען אין דער דעמאָנסטראַציע. איצט איז ניט די צײַט זיך פאַר־קלײַבן אין די ווינקלען און שווײַגן...

אַפילו אַהער, צום קאַטעדזש, וואָס איז געווען געדיכט אַרומגערינגלט מיט ביימער, האָט זיך דערטראָגן דער גערודער פון לאַסטאַווטאָמאָבילן און פּאָליציי־פורגאָנען, וואָס האָבן זיך באַ־וועגט איבערן באַנאַכטיקן, אופגעוואַכטן בערלין. עס האָט זיך אַהער דערטראָגן דער אָפּהילך פון די אויסרופן:

— דײַטשן בלײַבן אין די הײַזער! פּילט אויס דעם רעגירונג־באַפעל — גייט ניט אַף דער דעמאָנסטראַציע! לאָזט זיך ניט פאַרנאַרן אַף די פּלעצער! פאַרבאָטן! דײַטשן פאַרבלײַבן אין הויז...

אַ שרעק האָט אײַנגעהילט די באַנאַכטיקע שטאָט. דאַכט זיך, קיינער איז ניט געשלאָפן, קיי־נער האָט ניט גערוט. יעדער איינער האָט זיך געייצעט מיט זײַן געוויסן. וואָס טוט מען?

עס איז שוין געווען ווײַט נאָך האַלבער נאַכט, ווען זיגפריד, מאַקס און פרידע האָבן זיך אופגעהויבן פונעם טיש און זיך געלאָזט צו זיך אין די צימערן. דער אַלטער שולץ, וואָס איז גע־זעסן בא דער טיר, האָט זיי באַגלייט מיט אַ גוטמוטיקן בליק. כאָטש ער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי וועלן עס זיגפריד און מאַקס שפּאַנען איבער די גאַסן, דאָך איז ער געווען שטאָלץ פאַר זיגפרידן, וואָס האָט אָנגענומען אַזאַ דרייסטן באַשלוס.

מאַקס מיט פרידען זײַנען אַרײַן צו זיך אין צימער. אַ לײַכט ווינטל האָט זיך געשפּילט מיט די פאַרהאַנגען, דורך די צעפּראַלטע טירן האָט אַרײַנגעקוקט די לעוואָנע. זיי זײַנען אַרויסגעגאַנ־גען אַפן באַלקאָן און זיך אָנגעשפּאַרט אין דער פּאַרענטשע.

פרידע האָט דערפּילט אַ קעלט און זיך אײַנגעקוטעט אין איר שאַל. פאַר די לעצטע עטלעכע וואָכן האָט איר שלאַנקע פיגור עטוואָס אָנגעוווירן איר שטאַלט. איר איז שוין געוואָרן שווער אויסבאַהאַלטן פון אַ פרעמד אויג, אַז אונטער איר האַרצן וואַקסט אַ נײַ צאַפּלדיק לעבן.

מאַקס שטויסט זיך אָן וועגן איר סאַד, און די לעצטע צײַט סטאַרעט ער זיך זײַן צו איר באַזונדערס צאַרט און אופמערקזאַם. אַלע אירע פאַרלאַנגען פּילט ער אויס און איר וואָרט איז פאַר אים הייליק. נאָר איין זאַך וועט זי בא אים ניט פּויעלן. ער וועט מאָרגן ניט בלײַבן אין שטוב. ער וועט גיין אַף דער דעמאָנסטראַציע. וואָס? ס'איז איר שרעקלעך? זי האָט מוירע, פרידע? אָ, וואָס פאַר אַ נאַרעלע זי איז! ער איז דאָך ניט איינער. צענדליקער טויזנטער וועלן אַרויסגיין אַף די גאַסן און פּלעצער. ער האָט פאַר אַזוינע זאַכן ניט געשראָקן זיך דעמלט, ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ ייִנגל און ווען דער סטודענט און דער בעקער אילקאָ זאַגול האָבן אים געפּירט אין די קאַרפּאַטן אַף פאַרזאַמלונגען און סכאָדקעס, — וועט ער איצט מוירע האָבן? אַ שיינע זאַך!

זי האָט פאַרגאַפּט געהערט זײַנע שטילע רייד, און דאָך האָבן אין אירע אויגן געפינקלט טרערן. צום סאָף האָט זי אָנגעבלאָזן די ליפּן און געזאָגט:

— נו, איך וועל דיך, זעט אויס, ניט איבעררײדן, טײַערער מײַנער. אויב אַזוי, וועל איך אויך גיין מיט דיר...

ער האָט אַ קוק געטאָן אַף איר מיט פאַרוווּרף.

— נאַרעלע, נאָר דאָס פעלט אונדז! וווהין ווּעסטו גיין אין אַזאַ ענגשאַפט? דו שטעלסט זיך דען פאָר, וויפל מענטשן עס וועלן מאָרגן אַרויס אַף די גאַסן. אַ גאַנצער יאַם. דו טאָרסט איצט ניט ריזיקירן... צוליב אונדזער זון... — ער האָט געטרוימט נאָר וועגן אַ זון. — דו פאַרשטייסט?

יאָ, געוויס פאַרשטייט זי. נאָר איר איז עפּעס שרעקלעך. זי האָט מוירע. אַ שווער פאַרגע־פיל מאַטערט זי. נאָר וואָס קאָן זי מיט אים טאָן, מיט מאַקסן, אַז ער איז אַזאַ אַקשן און וויל זי

ניט פֿאָלגן. גוט. זי וועט אויספֿילן זײַן פֿאַרלאַנג, זי וועט מאָרגן אין ערגעץ ניט גיין. זי וועט מיט אומגעדולד וואַרטן אַף אים... און איצט שלאָפֿן. ביז טאָג איז געבליבן עטלעכע שאָ.

ווי נאָר די ערשטע זון־שטראַלן האָבן אַרײַנגעקוקט דורך די שפּאַרונעס און זיך אָפּגעשפּיגלט אַף די גלעזערנע ביכער־שראַנקען, האָט מאַקס דערהערט זיגפֿרידס שטילע טריט. פֿון דעם גרויסן עסצימער האָט זיך דערטראָגן דער שטאַרקער גערוך פֿון קאַווע, וואָס זיגפֿריד האָט שוין באַוויזן אָפּצוקאָכן, וואַרטנדיק, מאַקס זאָל אַראָפּקומען צו אים.

מאַקס האָט בעסער פֿאַרהאַנגען די שטאָרן, די זון זאָל פֿרידען ניט אויפֿוועקן. זי האָט ניט וווהין צו אײַלן. אַ קורצער שטראַל, וואָס האָט זיך דאָך דורכגעשלאָגן, איז געפֿאַלן אַף אירע צעוואָרפֿענע האָר, און זיי האָבן אין דער רעגע אויסגעזען ווי אויסגעוועבטע פֿון גינגאָלד. דאָס פּאָנעם אירס איז געווען רויִק, און אין די עטוואָס צעעפֿנטע ליפּן האָט זיך באַהאַלטן אַ קוים מערקבאַרער שמייכל. „עס כאָלעמט זיך איר עפּעס אַ שיינער כאָלעם?“ — האָט מאַקס אַ טראַכט געטאָן. נאָר וואָס? עפּשער איר זון? דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג איז דאָס געווען. זי איז אַרײַנגעקומען מיט עריך שטוטבאַכן, געוואָרפֿן אַ גלײַכגילטיקן בליק אַף אים, אַף מאַקסן, דערנאָך, ווען ער האָט געבעטן, מע זאָל אים אָפּערירן, געקוקט אַף אים ווי אַף אַן אומנאָרמאַלן, און אָט אינגיכן, גאָר אינגיכן וועט זי ווערן די מוטער פֿון זײַן קינד!

ווי שנעל עס לויפֿט די צײַט! די ערשטע גראָווע האָר האָבן זיך שוין אַרײַנגעגאַנוועט אין זײַן שוואַרצער ציגײַנערשער טשופּרינע. דאָס איז, כאָלילע, ניט פֿון עלטער, נאָר פֿון דעם רוישיקן, שווערן לעבן. יאָ, זעט אויס, ניט גרינג קומט דער מענטש צו זײַן באַרוף. ניט גרינג איז דעם מענטשן אויסטרעטן זײַן סטעזשקע אין דער פֿרעמד.

ער האָט פּאַרזיכטיק צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע פֿרידעס אַנטבלויזטע האַנט. אָט וועט שוין אינגיכן אָט די האַנט אַרומנעמען זײַן זון, און די ליבע, וועלכע געהערט הײַנט מאַקסן, וועט צעטיילט ווערן צווישן אים און דעם נײַעם לעבן, וואָס וועט זיך אינגיכן יאַוון אַף דער וועלט. און וואָס פֿאַר אַ גורל וועט האָבן זײַן זון? אים וועט שוין, מעגלעך, ניט זײַן אַזוי שווער זיך דורכשלאָגן אַ וועג אין לעבן? ווען זײַן בענאָקל וועט אויסוואַקסן, וועט שוין געוויס ניט געוועלטיקן אַף דער ערד קיין אָרעמקײַט, הונגער, נויט, ראַסן־האַס... זײַן לעבן וועט שוין עפּשער ניט זײַן אָפּגעסאַמט פֿון קינע. און עפּשער איז גוט, וואָס דער מענטש דאַרף פֿון קינדווײַז אָן דורכגיין אַ שווערן וועג? דער, וואָס האָט אַף זײַן לעבן ניט געוווּסט, וואָס הייסט בידעווען, הונגערן, קאָן מיסטאָם ניט באַנעמען דעם טאַם פֿון גליק... זאָל דאָס מאַזיקל זײַנס נאָר עטוואָס אונטערוואַקסן, וועט ער עס נעמען און צוזאַמען מיט דעם און מיט פֿרידען אָוועקפֿאָרן אַף אַ שטיק צײַט צו די עלטערן, קיין קאָוואַליוקע, אין די קאַרפּאַטן, זאָל עס זען די נאַכלע, ווו זײַן פֿאָטער איז געבוירן געוואָרן, די בערג, איבער וועלכע ער האָט געקלעטערט, זאָל ער זען קאָלאָמייע, ווו ער, מאַקס, האָט מיט אַ סאַך יאָרן צוריק אָנגעהויבן זײַן שווערן, ביטערן וועג אין דער גרויסער וועלט אַרײַן...

מאַקס איז נאָך געשטאַנען עטלעכע רעגעס איבער פֿרידען, מוירע האָבנדיק זיך אַ קער טאָן, ער זאָל זי ניט אויפֿוועקן פֿונעם געשמאַקן שלאָף.

אַף די שפּיץ פֿינגער האָט ער זיך געלאָזט גיין אין גרויסן עסצימער. מאַקס איז געזעסן מיט זיגפֿרידן באַם טיש, געזופּט די שטאַרקע קאַווע, יעדער איינער פֿאַרטאָן אין זײַנע מאַכשאָווע. אין אַ האַלבער שאָ אַרום זײַנען זיי שוין געווען אין שטאָט.

■

אַף די גאַסן האָט זיך געפֿילט די גרויסע אָנשטרענגונג, וואָס די שטאָט לעבט איבער. אָן אַ שיר מענטשן האָבן געאײַלט צו די זאַמל־פּונקטן. אַף די ראָגן האָבן נאָך אַלץ געגראַגערט די ראַדיאָ־הויכרײַדער, וועלכע האָבן געוואָרנט, מע זאָל ניט גיין אַף דער דעמאָנסטראַציע. נאָר אַ מאָדנע געשיכטע — וואָס העכער די סקריפּענדיקע טענער פֿון די וואָרענונגען האָבן זיך געריסן פֿון די הויכרײַדער, אַלץ מער אוילעם האָט זיך באַוויזן אַף די גאַסן, איבער וועלכע עס האָבן זיך געטראָגן אויטאָמאָבילן מיט באַוואָפֿנטע פֿון קאָפּ ביז די פּיס זעלנער. מיט אַ מעשונעדיק פּײַפֿערײַ האָבן זיך געיאָגט צום צענטער פֿײַערלעש־מאַשינעס, גלײַך ווי די גאַנצע שטאָט, פֿון די בראַנדענבורגער טויערן און ביזן טרעפּטאָוו־פּאַרק, זאָל זײַן אַרומגעכאַפּט מיט אַ מוירעדיקער סרייפֿע, וואָס מע מוז לעשן...

זיגפֿריד און מאַקס האָבן געאײַלט צו דער געבײַדע פֿון זייער טעאַטער. דאָרטן האָט זיך שוין צונויפֿגעזאַמלט אַ היפּשער אוילעם. דער פֿרײַלינגדיקער ווינט האָט זיך געשפּילט מיט די פֿאָנען און טראַנספּאַראַנטן, וואָס די אַקטיאָרן און בינע־אַרבעטער האָבן געהאַלטן. מע האָט מאַקסן און זיגפֿרידן אַרומגערינגלט, געדריקט זיי די הענט, ווי מע וואָלט דערמיט אויסגעדריקט באַפֿרײַדי־

קונג, וואָס צוליב זיי גייט מען אויך אַף דער דעמאָנסטראַציע. זיגפריד איז געווען אופגערעגט און עטוואָס צעשטרייט.

יאָ, עפּעס זעט ער דאָ ניט בערגלייטערן. לאָזט זיך אויס, יענער האָט געבעטן איבערגעבן, אז נאָך נעכטן אפדערנאַכט האָט אים אָנגעכאַפּט א מעשוגענער קאַטער מיט א מאָדנער שטעכעניש און ברעכעניש און צום גרויסן אומגליק זײַנעם, וועט ער נישט קאָנען אָנטיילנעמען אין דער דעמאָנסטראַציע... ער בעט אנטשולדיקן. צווישן די בינע־אַרבעטער האָט זיגפריד ניט געפונען קורצן און שמערלינגען. דאָס האָט אים דאַפקע האַנאָע געטאָן. זאָלן אלע זען, מיט וועמען זײַנען אָט די קלײנינקע מענטשעלעך...

אהער, צום טעאַטער, האָבן זיך דערטראָגן די קלאַנגען פון אָרקעסטערס, דאָס געזאַנג פון הונדערטער שטימען. פון פאַרשיידענע עקן שטאָט האָבן זיך געצויגן אַרבעטער־קאָלאָנעס. מענטשן האָבן געטראָגן רויטע פאָנען, טראַנספּאַראַנטן, פּלאַקאַטן, אַף וועלכע עס זײַנען געווען אופגעשריבן די ווערטער: „נידער מיטן פאַרהאַסטן פאַשיזם!", „מיר פאָדערן מאַכן אַן ענדע צו די נאַציסטישע באַנדעס!", „דײַטשלאַנד איז אין געפאַר!"

די פּאָליציי האָט געפרוווט פאַרשטעלן דעם וועג פאַר די קאָלאָנעס, נאָר זי איז ניט געווען בעקויעך אָפּשטעלן דעם מעכטיקן מענטשן־שטראָם, וואָס האָט זיך באַוועגט אײַנגעאַקשנט פאָרויס.

פון די פײַערלעש־מאַשינעס האָט מען אָנגעהויבן גיסן אַף די דעמאָנסטראַנטן מיט וואַסער, נאָר דאָס האָט ניט געהאָלפן. די אַרבעטער־מאַכנעס האָבן פאַרטריבן און אָפּגעשטויסן אַלץ, וואָס האָט זיך געשטעלט אַפן וועג.

זיגפריד ליינאַרד האָט א קוק געטאָן אַף זײַנע קאָלעגן, וואָס זײַנען געשטאַנען גרייט זיך לאָזן אין דער ריכטונג, וווהין עס האָבן מאַרשירט די אומענדלעכע קאָלאָנעס, און ער האָט זיך געשטעלט אין דער ערשטער ריי באַנאַנד מיט מאַקסן.

יאָ, ער איז געווען צופרידן, זיגפריד, גליקלעך, וואָס אין אזא שאָ איז ער מיטן פאָלק. ער איז געווען צופרידן, וואָס הונדערטער מענטשן באַגריסן אים. ווי גליקלעך איז דער קינסטלער, וואָס צוימט זיך ניט אָפּ פון זײַנע צושויער, פון זײַן פאָלק, וואָס איז מיט זיי צוזאַמען, לעבט מיט זייערע ליידן און פריידן.

אלע גאַסן און געסלעך, אלע פּלעצער און בולוואַרן זײַנען געווען איבערפולט מיט יאָמטעוודיק־פאַרפוצטע דעמאָנסטראַנטן, וואָס האָבן מאַרשירט אַלץ ווײַטער, אהין, צום גרויסן פּלאַץ, ווו עס איז געשטאַנען אַן אימפּראָוויזירטע טריבונע.

די קאָלאָנעס זײַנען אַלץ אונטערגעקומען, זיך אַרײַנגעגאָסן אינעם פּלאַץ, ווי טײַכלעך גיסן זיך אַרײַן אינעם יאַם.

ווען זיגפריד ליינאַרד מיט זײַנע קאָלעגן זײַנען צוגעקומען אהער, צום פּלאַץ, האָט זיך צעטראָגן א גערודער. מע האָט די אַרטיסטן דערקענט. עס איז גלײַך אויסגעוואַקסן אין דער ענגשאַפט א שמאָלער טונעל, און מע האָט זיי דורכגעלאָזט צו דער טריבונע.

דער גערויש אַפן פּלאַץ איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן, עס האָט זיך דערהערט א פעסטע שטים, וואָס אלע האָבן גלײַך דערקענט. דאָס האָט פון דער טריבונע זיך געווענדט צום פאָלק דער האַמבורגער אַרבעטער, דער פאָרזיצער פון דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי ערנסט טעלמאַן. די ראַדיאָ האָט צעטראָגן זײַנע פּלאַמיקע ווערטער איבערן אומענדלעכן פּלאַץ, איבער די נאָענטע גאַסן.

זיגפריד ליינאַרד איז געשטאַנען אַף דער טריבונע. זײַן גראָוער קאָפּ איז געווען אַנטבלויזט. מע וואַרט אַף זײַן וואָרט, און ער קאָן זיך ניט בעשום־אויפן באַהערשן. ער פילט, ווי דאָס האַרץ שלאָגט זיך אומרויק אין זײַן ברוסט. עס איז אים דען דאָס ערשטע מאָל אַרויסטרעטן פאַר אַן אוילעם? נאָר ער איז געוווינט עס צו טאָן אין א פאַריק, אין די קליידער פון אָטעלאָ, אוריעל אַקאָסטאַ, קיניג ליר, ער איז געוווינט אַרויסברענגען וווּנדערלעכע מאָנאָלאָגן, רעדעס, פאַרפאַסטע דורך אַנדערע, דורך שרײַבער און דיכטער. און איצט דאַרף ער זאָגן זײַן אייגן וואָרט...

ער האָט געוואָלט אַרויסזאָגן אַלץ, מיט וואָס זײַן נעשאָמע האָט געלעבט די לעצטע יאָרן, אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעטראַכט, וואָס האָט אים באַאומרויקט. ער האָט געמאַכט א שפּאַן פאָרויס און געזאָגט. געזאָגט, אז דײַטשלאַנד איז אין א שרעקלעכער געפאַר. אויב מע וועט ניט פאַרניכטן די נאַציסטישע בעסטיע, וועט עס זײַן דאָס גרעסטע אומגליק פאַר דײַטשלאַנד... זיגפריד ליינאַרד איז אַף עטלעכע מינוט געוואָרן א פּאָלקס־טריבון. ער האָט געוואָרנט, גערופן, געפאָדערט, און דער אַרבעטער־האַמוין האָט אָפּגעענטפערט מיט באַווילִיקונג און אַנערקענונג...

מאַקס קרייסלער איז געשטאַנען באַנאַנד מיט זײַן לערער. ער איז געווען דאַנקבאַר זיגפרידן, וואָס ער האָט אים אהער געבראַכט, וואָס ער האָט געזאָגט דאָס, וואָס ער, מאַקס, וואָלט אויך איצט געזאָגט.

דער מיטינג האָט זיך געענדיקט, און די קאָלאָנעס האָבן ווידער זיך געלאָזט איבער די גאַסן. ווידער האָבן געשפּילט די אָרקעסטערס און עס האָבן געהילכט רעוואָליוציאָנערע לידער.

אַף אונטער־דען־לינדען האָט מאַקס פּלוצעם דערזען אין דער ענגשאַפט אַפן טראָטואַר פרי־דען. ער האָט אופגעציטערט פון שרעק.

— פונוואַנען האָסטו זיך אהער געגומען? — האָט ער אויסער זיך אויסגעשריִען. נאָר זי האָט שוין, א שײַנענדיקע און צופרידענע, זיך דורכגעשטופּט צו אים.

זי האָט אָנגענומען אים און זיגפרידן אונטער די הענט און זיך געלאָזט מיט זיי באַנאַנד גיין.

— הער זיגפריד! — האָט זי אויסגעשריִען. — ווען איך שעם זיך ניט, וואָלט איך אײַך א קוש געטאָן פאַר אײַער גלענצנדער רעדע! פּראַכטפול! איך האָב זיך גאָר ניט פאָרגעשטעלט, אַז איר זײַט אזא וווּנדערלעכער רעדנער!..

זיגפריד האָט גוטמוטיק א שמייכל געטאָן צו איר, נאָר די ווערטער זײַנע זײַנען געווען הארב:

— און איך האָב ניט געוווּסט, פראָו קרייסלער, אַז איר זײַט אַף דער דעמאָנסטראַציע!.. מיר דאַכט, אַז מאַקס האָט אײַך געבעטן זיצן אין שטוב...

— איר דאַרפט אָבער פאַרשטיין, הער ליינאַרד, אַז איך האָב ניט געקאָנט בלײַבן אין שטוב אין אזא טאָג... איך וואָלט דאָך דעמלט אײַך ניט געהערט און וואָלט זיך עס קיינמאָל ניט מוחל געווען...

זי האָט געשמייכלט און זיך שטאַרקער געטוליעט צו מאַקסן. ער איז נאָך אַלץ בארוגעז אַף איר. נאָר נישקאָשע, האָט זי געטראַכט, ער וועט זיך איבערבעטן.

פרידע האָט דערהערט, ווי עמעצער שרײַט צו איר, און האָט זיך אומגעקוקט. עריך שטוט־באַך, אירע קאָלעגן פון דער קליניק האָבן אויך מאַרשירט אין א קאָלאָנע און געזונגען. זי האָט צו זיי א מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

די קאָלאָנעס האָבן זיך דערנעענטערט צו דער פרידריך־שטראַסע. פּלוצלינג איז פון פאָרנט געוואָרן א געלויף און א געפּילדער, אַף איינעם פון די באַלקאָנעס האָבן די פאַשיסטן אויסגע־האַנגען א פאָן מיט א האַקנקרייץ. עטלעכע שטורמאָוויקעס, וואָס האָבן זיך פאַרקליבן אַפן באַל־קאָן, האָבן פון דאָרטן געוואָרפן נאַציסטישע פלוגבלעטלעך. עס איז געוואָרן א מעהומע, א גע־שלעג. עמעצער האָט זיך אַרופגעדראַפּעט אַפן באַלקאָן און אַראָפּגעריסן די פאַשיסטישע פאָן. פון די אַנטקעגנדיקע פענצטער האָט מען אָנגעהויבן שיסן פון רעוואָלווערן. עס האָבן זיך דער־הערט געשרייען פון פאַרוווּנדעטע...

מאַקס קרייסלער איז פאַרטויבט געוואָרן. ניט ווײַט פון אים האָט זיך אופגעריסן א באָמבע, עטלעכע מענטשן זײַנען געפאַלן אַפן ברוק. גלײַך ווי אין א בייזן כאָלעם, האָט מאַקס דערזען אויך פרידען אַפן ברוק. ער האָט ניט געקאָנט באַנעמען, וואָס איז פאָרגעקומען. ער איז צוגעפאַלן צו איר, אַרײַנגעקוקט אין אירע ברייט צעעפנטע אויגן און זי געגומען מינטערן, וועקן, רופן:

— פרידע, וואָס איז מיט דיר? נו, זאָג!.. שטיי אוף...

זי האָט אַף אים געקוקט, קאַרטשענדיק זיך פון מוירעדיקן ווייטאָג. אירע ליפּן זײַנען געווען בלאַס, און לעם איר קאָפּ האָט זיך צעפלאָסן א טײַכעלע בלוט. מיט יעדער רעגע זײַנען אירע אויגן געוואָרן שמעלער, זיי האָבן זיך, ווי פון גרויס מידקײַט, צוגעמאַכט, און זי האָט בלויז אַרויסגעשעפּטשעט:

— איך שטאַרב... גאָטעניו, סאָראַ ווייטאָק... אַלץ ברענט אין מיר. איך שטאַרב... עס ווילט זיך אזוי לעבן... אונדזער זון... ראַטעווע, מאַקס...

אַרום האָבן געקרעכצט און געבעטן הילף פאַרוווּנדעטע מענטשן. עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען:

— וואָס שטייט איר, מענטשן? די גיכע הילף רופט!

— דאָ דאַרפן זײַן דאָקטוירים! רופט דאָקטוירים!

עריך שטוטבאַך האָט זיך געזידלט, זיך מוירעדיק געבייזערט אַפן אוילעם, וואָס האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג. ער האָט זיך קוים דורכגעשלאָגן אהער און געבליבן שטיין ווי געליימט. ער האָט דערזען אַפן ברוק פרידען. ער האָט זיך באַהערשט, זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די קני לעבן איר, א כאַפּ געטאָן איר האַנט, געוואָלט אָנטאַפּן דעם פּולס, נאָר אומזיסט, דאָס לעבן אין איר האָט זיך אויסגעלאָשן, נאָך איידער ער האָט באַוויזן קומען אהער...

דער אַלטער האָט אַרויסגעלאָזט פרידעס קאַלטע האַנט, און איבער זײַן פאַרוואַקסן פּאָנעם האָבן זיך געקײַקלט טרערן פון מענטשלעכן צאַר. ער האָט זיך געפּילט שרעקלעך מאַכטלאָז.

— זיי האָבן זי דערהאַרגעט, — האָט ער אַרויסגעבראַכט מיט די לעצטע קויכעס.

מאַקס האָט געקוקט אַף אים מיט אויגן, וואָס האָבן שוין גאָרנישט ניט געזען, געהערט זײַנע רייד מיט אויערן, וואָס האָבן שוין גאָרנישט ניט געהערט. ער האָט ניט געקאָנט באַנעמען, פאַר־

וואָס שטייט ער, עריך שטוטבאַך, און ראַטעוועט ניט פרידען? פאַרוואָס גיסן זיך פון זײַנע אויגן טרערן? פרידע לעבט שוין מער ניט? פאַרוואָס?

עריך שטוטבאַך האָט אים אַרומגענומען, עפּעס געגרעדט צו אים, נאָר אַליין ניט געוווּסט וואָס. מאַקס איז צוגעפאַלן צום טויטן קערפּער פון זײַן פרוי. ער האָט געקוקט אַף איר בלאַס, אומ־באַוועגלעך פּנים, און דאָס האַרץ האָט בײַ אים שיִער ניט געפּלאַצט פון ווייטיק.

ער איז געשטאַנען עטלעכע מינוט אַף די קני איבער איר. פאַרצאַרנט, דערשלאָגן, דערהאַר־געט. דערנאָך האָט ער פּאַרזיכטיק אופגעהויבן אַף די הענט פרידעס קערפּער און זיך געלאָזט גיין מיט אים. דערשראָקענע מענטשן האָבן פאַר אים באַפרײַט דעם וועג, און נאָר זיגפריד ליינאַרד, וואָס איז אַ פאַרשטיינערטער געשטאַנען די גאַנצע צײַט לעבן אים, האָט געפרעגט:

— מאַקס, וווהין?

ער האָט אופגעהויבן אַ טויט־מידן בליק און אַ ווײַז געטאָן מיטן קאָפּ אין דער ריכטונג צום רייכסטאַג.

— קומט, מענטשן!..

און מענטשן זײַנען געגאַנגען נאָך אים. מע איז געגאַנגען פאַרצאַרנטע, מע איז געגאַנגען צום רייכסטאַג מאָנען, פאָדערן, צווינגען. און פאָרויס איז געגאַנגען מאַקס קרייסלער און געטראָגן אַף די הענט דעם טויטן קערפּער פון זײַן יונגער פרוי...

## צוגאַסט בײַ דער קינדהײַט

מאַקסן האָט זיך געדאַכט, אַז וויפל ער וועט לעבן, וועט ער שוין ניט קאָנען קומען צו־זיך, רויִק אָטעמען, זיך פרייען, לאַכן, אַרופקומען אַף דער בינע... וווהין ער זאָל זיך ניט געוווּען אַ קער טאָן, מיט וואָס ער זאָל זיך ניט געוווּען פאַרנעמען, איז אים פאַר די אויגן געשטאַנען פרידע. עס האָט זיך ניט געלייגט אַפן געדאַנק, אַז אַזוינס האָט געקאָנט געשען פאַר אַלעמען אין די אויגן, אינמיטן העלן טאָג, און בלײַבן אומבאַשטראָפט.

וויפל די דעמאָנסטראַנטן האָבן דעמאָלט ניט געשטורעמט דעם רייכסטאַג, איז קיינער ניט אַרויסגעגאַנגען צו זיי. די סאָלדאַטן און פּאָליציאַנטן האָבן געטריבן פון דער געבײַדע דעם האַמוין, עטלעכע צענדליק אַרבעטער האָט מען אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אין טורמע...

דאָס, וואָס איז געשען אין יענעם שוידערלעכן מײַ־טאָג, האָט אופגעטרייסלט אַלעמען. די שטאָט האָט נאָך, דאַכט זיך, ניט איבערגעלעבט אַזאַ איינהײַטלעכן אופרײַס פון פּראָטעסט און צאָרן.

עטלעכע טעג האָבן זיך ניט געדרייכערט די קוימענס פון די זאַוואָדן און פאַבריקן. די טראַמווײַען און אויטאָבוסן זײַנען געשטאַנען. עס זײַנען געוווען פאַרהאַקט די קראָמען, צוגעשלאָסן די טעאַטערן און קאַפע־הײַזער. דער אַלגעמיינער שטרײַק האָט פּאַראַליזירט דאָס לעבן פון בער־לין. אַף די אונטערנעמונגען זײַנען פאַרגעקומען מיטינגען. די אַרבעטער האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס די רעגירונג נעמט ניט אָן קיינע מיטלען אַף אײַנצושטילן די פאַשיסטן.

ערשט ניט לאַנג נאָך האָט זיגפריד ליינאַרד געהאַלטן, אַז זײַן זאַך איז בלויז קונסט, ער דאַרף זיך ניט אַרײַנמישן אינעם פּאָליטישן לעבן, נאָר איצט... זײַן אָנטייל אין דער גרויסער דעמאָנ־סטראַציע, זײַן רעדע, וועלכע עס האָבן געהערט העכער הונדערט טויזנט מאַן, האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושעם אַף די בערלינער אײַנוווינער. נאָר איינצײַטיק האָבן אויך זײַנע סאָנים אופגע־הויבן די קעפּ. אין די פאַשיסטישע בלעטלעך האָט מען וועגן אים געשריבן, אַז ער האָט זיך פאַרקויפט צו די „רויטע“, געוואָרפן אַף אים שמוץ.

אָבער דאָס גראָד האָט זיגפריד ליינאַרדן ווייניק געקימערט. ער איז געגאַנגען אַף די מיטינ־גען און אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען און ניט זעלטן אַרויסגעטראָטן אַף זיי. מאַקס איז געגאַנגען צו־זאַמען מיט אים. דער צאָרן האָט אים ניט געלאָזט אײַנזיצן אין שטוב.

דער אַלגעמיינער שטרײַק האָט זיך געענדיקט נאָך דעם, ווי די רעגירונג האָט צוגעזאָגט אויספילן די פאָדערונגען פון די שטרײַקנדיקע. אינגיכן אָבער האָבן זיי זיך איבערצײַגט, אַז דער צוזאָג איז געבליבן הענגען אינדערלופטן. די פאַשיסטישע כוליגאַנעס זײַנען געבליבן שטיל בלויז אַף אַ קורצער צײַט. טיף אין זייערע נאָרעס האָבן זיי זיך געגרייט צו גרעסערע אַקציעס.

ביסלעכווײַז איז די באַוועגונג אין שטאָט אופגעלעבט געוואָרן. אַף די אונטערנעמונגען איז מען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. נאָך לאַנג אָבער האָט די שטאָט אויסגעזען, ווי אַ כולע נאָך אַ שווערער קרענק.

ליינאַרדס טעאַטער האָט אויך ווידער צעעפנט זײַנע טירן. דער אוילעם האָט גערן באַזוכט דעם טעאַטער, ווו עס האָבן געשפּילט די באַרימטע אַקטיאָרן, וועלכע זײַנען אין די שווערע טעג געוווען צוזאַמען מיטן פאָלק.

מאקס קרייסלער האָט געשפּילט קימאַט אַלע אָוונט. מע האָט אים אַפּלאָדירט, באַשאָטן מיט בלומען. אָבער ער האָט געפילט, אַז מיט יעדן טאָג ווערט אים אַלץ שווערער צו שפּילן. עס איז נאָך אַזוי פריש געווען די ווונד. דאָס האַרץ האָט אין אים געוויינט, און ער האָט געדאַרפט אַף דער בינע זיך פרייען, לאַכן, טאַנצן, זיך אײַנליבן...

דער בעקער פון קאָלאָמייע האָט געבענקט נאָך יענע יאָרן, ווען ער איז געווען אַ פּראָסטער בעקער־יונג, געגאַנגען מיט אילקאַ זאַגולן אין די קאַרפּאַטן אַף די אַרבעטער־סכאָדקעס, אַרומגעוואַנדערט מיט שימשן־האַגיבער איבער שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע און בעסאַראַביע...

ווי ער זאָל ניט געווען זײַן פאַרנומען, איז ער אַלע טאָג געקומען אַף פרידעס קיווער, אַרומגעלייגט אים מיט פרישע בלומען. דאָס קליינע בערגל אָפּן שטאָטישן בעסוילעם איז איצט געוואָרן אַ טייל פון מאַקס׳ וועזן.

אין דער היים פלעגט ער ביז האַלבער נאַכט זיצן מיט זיגפרידן איבער דעם שאָך־ברעטל. ער האָט געשפּילט אַ שוויַיגנדיקער, ווי אין אַ שווערן כאָלעם. פון זיגפרידן פלעגט ער פאַרקערעווען צום אַלטן עמיל שולץ.

דער אַלטער גערטנער האָט געקוקט אַף אים מיט טיפן מיטלייַד.

— וואָס קאָן מען מאַכן, מײַן טײַערער מאַקס, זעט אויס, אַזאַ איז געווען איר גורל... די וועלט ווייסטו ניט איבעראַנדערשן. דאָס לעבן — אַוואַדע ניט... אַזאַ איז דאָס געזעץ — די ערד דעקט צו אַף אייביק וועמען פריִער, וועמען שפּעטער, נאָר די לעבעדיקע דאַרפן לעבן... זיי זײַנען דאָך לעבעדיקע...

אַרויסגעזאָגט אָט דעם עמעס, האָט דער אַלטער הינקעדיק זיך געלאָזט צו דער שאַפע, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פלאַש ווײַן, אָנגעגאָסן זיך און דעם שפּעטן גאַסט צו קעלישקעס.

— נו, לאָמיר, מײַן טײַערער פרײַנט, טאַקע נעמען צו קאַפּעלעך אַף דערמאָנען פרידעס נעשאָמע, און זאָל גאָט העלפן, מיר זאָלן פון קיין צאַר ניט וויסן... באַ מיר זײַנען שוין אָוועקגעשטאָרבן צוויי פרויען... באַ דער דריטער איז געווען אַ יינגעלע פונעם ערשטן מאַן — וואַלטער. נו, איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם. געלעבט האָבן מיר גוט, פײַן. נאָר דערנאָך זײַנען אונדזערע וועגן זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען... אָבער מיט וואַלטערן זײַנען מיר ביז הײַנט באַפרײַנדעט. ער איז, דאַנקען גאָט, אויסגעוואַקסן, כאַסענע געהאַט, האָט שוין אַליין צוויי קינדערלעך... ער איז אַ שאָפער אין אַ בוי־קאָנטאָר ניט ווײַט פון בראַנדענבורג, וואַלטער. וויל איך טאַקע, מיר זאָלן אויסטרינקען פאַר זײַן געזונט, וואַלטערס...

מאַקס האָט אָן באַזונדערן כיישעק געטרונקען פאַר וואַלטערן, וועמען ער האָט קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען, און פאַר זײַנע קליינע קינדערלעך, ער האָט געטרונקען, קעדיי ניט באַליידיקן דעם גוטן אַלטן, וואָס האָט געלאָזט אַ טרער, געטרונקען, קעדיי די נאַכט זאָל וואָס גיכער דורכגיין.

אין די דאָזיקע באַנאַכטיקע שאָען פלעגט באַם אַלטן אַלץ מער די צונג ווערן פרײַער און ער האָט אָן אופהער געטײַנעט:

— דער טײַוול ווייסט זי, אונדזער רעגירונג! דאָס לאַנד איז שוין באַלד ענלעך אַף אַ דולהויז... ס׳איז ניטאָ קיין אָרדענונג, קיין געזעץ... וואָלט מען מיר געגעבן כאָטש אַף איין כוידעש די מאַכט, וואָלט איך גיך אײַנגעשטעלט אַן אָרדענונג! צוערשט וואָלט איך אָט די אַלע פאַשיסטלעך, וואָס הוליען מיט דעם היטלערן, אַרײַנגעזעצט אין די שטײַגן, ווי די ווילדע כײַעס אינעם זאָאָלאָגישן גאָרטן... אויב ס׳וועט אַזוי גיין ווײַטער, וועט קיין לײַטישער מענטש זיך ניט קאָנען באַווײַזן אַף דער גאַס... קיין מאַגייפע איז גאָר אַף זיי נישטאָ!.. אַ בראַנד אין זייערע ביינער!..

דער אַלטער קערט איבער נאָך אַ גלעזל ווײַן, ווישט אויס די נאַסע וואָנצעס און זעצט פאָר:

— וואָס אַ טאָג, ווערט אַלץ שרעקלעכער צו לעבן אַף דער וועלט! מײַן וואַלטער גייט שוין אַרום דרײַ כאָדאָשים אָן אַרבעט, און ער האָט דאָך גאָלדענע הענט!.. און ער איז דען איינער? איז דאָס אַ רעגירונג? אַ גראָשן איז די פרײַז פאַר אַזאַ רעגירונג! הינדענבורג, זאָגט מען, איז שוין לאַנג אויוורבאָטל. וויאַזוי די אויסוורפן ווילן, אַזוי דרייען זיי מיט אים... הע, ווען מע לאָזט טעלמאַנען, וואָלט ער שנעל געמאַכט אַ סאָף דערצו.

דער אַלטער רעדט און רעדט וועגן דײַטשלאַנד, און מאַקס דערמאָנט זיך גאָר אין אַן אַנדער וועלט, אין דער וועלט פון זײַן קינדהײַט, אין זײַן ווײַטער היים, וואָס געפינט זיך אין די גרינע קאַרפּאַטן, אין קאָוואַליוקע, קאָלאָמייע, אין זײַנע יוגנט־פרײַנט, וואָס געדענקען אים שוין געוויס ניט... גאָטעניו, וויפל צײַט איז שוין אַוועק, זינט ער האָט געזען זײַנע עלטערן! ער פלעגט זיי שיקן פון צײַט צו צײַט געלט, מאַטאָנעס, גאָר זעלטן — אַ בריוול. איצט דערפילט ער זיך שולדיק פאַר זיי. וואָס הערט זיך אין זײַן ווײַטער היים? וואָס איז דאָרט געשען פאַר די יאָרן? צי איז דאָרטן נאָך עמעצער פאַרבליבן פון זײַנע באַקענטע?

און וואָס איז מיט אילקאַ זאַגולן? צי האָט ער זיך שוין אומגעקערט פון דער טורמע, דער אייביקער אַרעסטאַנט? און וואָס הערט זיך מיט סטאַסיקן, מיט דעם גוטמוטיקן בעקער? צי קריגט

ער זיך נאָך אַלץ מיט דער פּאַני זשיכלינסקאַ, צי שטייט זי נאָך אַלץ צו צו אים, ער זאָל מיט איר כאַסענע האָבן? און ווו קאָן איצט זיַין דער אימפּרעסאַריאָ, זגורסקי דער דריטער, מיט זיַין וואַנדער־טעאַטער, מיט אָסקאַר שאַפּיראָן, מיט עסטערקען און מיט דעם אומפאַרגעסלעכן שימשן־האַגיבער? עסטערקע האָט שוין געוויס לאַנג כאַסענע געהאַט, און שימשן־האַגיבער קער זיך נאָך געוויס אַרומשלעפּן מיט זיַין באַרימטן קאַסטן, אין וועלכן עס געפינט זיך די גאַנצע כאָכמע, די פרייד, דער געלעכטער, די טרערן, די ליבע און דער האַס, די קינע און די קאַרגשאַפט פון דער וועלט?.. יאָ, סאַראַ פאַרדראָס, וואָס ער האָט פאַרלוירן אָט די אַלע פּראָסטע און גוטע מענטשן! ער האָט זיי פאַרלוירן אין די יאָרן פון זיַין רום, פון זיַין לעבן אינדערפרעמד.

עך, די היים, די היים! ווי גוט און שיין איז געווען אין דער אַלטער היים, ווו יעדער שטיינדל איז אַזוי ליב און נאָענט! ווי גליקלעך האָט ער זיך געפילט צווישן יענע טיַיערע מענטשן!

און אין איינעם פון די טעג, ווען מאַקסן איז באַזונדערס שווער געווען אפן האַרצן, האָט ער פעסט באַשטימט אַראָפּפאָרן אף א ציַיט אַהיים. מע קאָן ניט זאָגן, אַז זיגפריד איז געווען שטאַרק צופרידן פון דעם באַשלוס. ס'איז אין טעאַטער ניט געווען מיט וועמען צו פאַרביַיטן מאַקסן. ער האָט אָבער גוט פאַרשטאַנען, זיגפריד ליינאַרד, וואָס עס טוט זיך אף דער נעשאָמע בא זיַין פריַינט. אַזאַ ריַיזע וועט א ביסל אופטרייסלען מאַקסן, וואָס איז בא זיך אַזוי געפאַלן. עפשער וועט ער ווידער דעראָבערן זיַין רו און גליַיכגעוויכט. און ליינאַרד האָט ניט דערווידערט.

געזעגענענדיק זיך מיט מאַקסן, האָט זיגפריד בלויז געבעטן בא אים, ער זאָל זיך דאָרטן, אין דער היים, לאַנג ניט פאַרהאַלטן און וואָס גיכער זיך אומקערן. א וועלט מיט ניַיע ראָלן וואַרטן אף אים! זאָל ער זיך ניט פאַרזאַמען!

געוויס וועט ער זיך ניט זאַמען. כאָטש פאַר דער לעצטער ציַיט האָט אים דיַיטשלאַנד פאַרשאַפט ניט ווייניק צאָרעס און ווייטעקן, האָט ער דאָך גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט געטאָן ניט דאָס עכטע פאָלק, נאָר די אונטערוועלט. דאָס עכטע דיַיטשלאַנד האָט פאַר אים געעפנט ברייט די טירן פון גרויסער קונסט. און מאַקס איז געווען דאַנקבאַר זיַין ניַיער היים, ער איז געווען פאַר־ליבט אין אירע גרויסע קינסטלער, דענקער, געלערנטע. דאָ האָט ער אויך דערקענט פּאָשעטע אַרבעטער־מענטשן, בעקער, טרעגער, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געאַרבעט, צוזאַמען געבידע־וועט, דאָ האָט אים דער גוירל צונויפגעשטויסן מיט זיגפריד ליינאַרדן, מיט עריך שטוטבאַכן און מיט פרידען, וואָס איז אַזוי אומגעריכט און אומגעלומפּערט אַוועק פונעם לעבן!

בא וועמען פון איַיך, ליבע לייענער, איז געווען רויִק דאָס האַרץ, ווען נאָך לאַנגע און שווערע יאָרן פון צעשיידונג האָט איר זיך דערנעענטערט צו דער היים, ווו איר זיַיט אופגעוואַקסן?

מאַקס קרייסלער האָט זיך דערנעענטערט צו זיַין היים. שטייענדיק באַם וואַגאָן־פענצטער, האָט ער דערפילט די רייכעס פון די קאַרפּאַטער סעדער און לאָנקעס, דערהערט דעם גערויש פון א באַרג־שטראָם, דערזען די גרינע בערג, וואָס האָבן פאַרהויבן זייערע הונדערט־יאָריקע דעמבעס און פיכטעס ביז צו די סאַמע וואָלקנס. מאַקס האָט זיך מאַמעש פאַרכלינעט פון פאַרגעניגן. אַלץ איז געווען אַזוי נאָענט, ליב און טיַיער. אָט פונקט אף אַזאַ שטיינערנעם ברעג, אף אַזאַ לאָנקע, וואָס איז פאַרקלעמט צווישן קרומע בערג, פלעגט ער פאַשען פרעמדע גענדז, בייזע, ווי די לייבן, און טומלדיקע, ווי די מאַרק־סעדעכעס...

אינגיכן וועט זיך באַוויַיזן די קליינינקע איַיזנבאַן־סטאַנציע, ווו ער דאַרף אַראָפּ פון צוג. פון דאָרט איז מיט דער האַנט דערלאַנגען צו דער היים.

פון יענער זיַיט פענצטער האָט אָנגעהויבן בלוי ווערן, נאָר אין די בערג האָט נאָך געשמאַק געדרעמלט די נאַכט און די שוואַרצע קאַרפּאַטן־וועלדער האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיטן הימל. דער צוג האָט אָפּגעטראַכקעט אף די סטאַנציע־וועגן און גענומען האַמעווען דעם גאַנג, אָט איז ער אינגאַנצן איַינגעשטילט געוואָרן. אין דער געדיכטעניש פון די קוסטעס, וואָס האָבן אָנגעהויבן ווערן ליכטיקער, האָט זיך באַוויזן א וואָקזאַלכל, די גרייס ווי א גענעץ. באַם ראַנד פונעם פּוסטן פּעראָן איז געשטאַנען א קליין, דאַרינק מענטשל, אין אַן אומגעהייער גרויס היטל, מיט א לאַמ־טערן אין איין האַנט און א פּאָר פענדלעך אין דער אַנדערער. ער האָט זיך געסטאַרעט זיַין ערנסט און שטרענג, ווי עס פּאַסט פאַר א נאַטשאַלניק פון אַזאַ סטאַנציע. א קלייניקיַיט עפּעס! אַלע טאָג קומט אַהער אַראָפּ א צוג, שטייט א פּאָר מינוט, לאָזט איבער א מוירעדיקן רויך, עטלעכע פּעקלעך פּאָטשט, טוט א פיַיף און פאָרט זיך וויַיטער!

דער אַלטער נאַטשאַלניק, געוווינט דערצו, אַז פּאַסאַזשירן קריכן דאָ זעלטן אַראָפּ, האָט א קלונג געטאָן אין גלאָק, אָפּגעשיקט דעם צוג וויַיטער און שוין געוואָלט אַראָפּנעמען דאָס פּאָרמענע היטל, וואָס איז אים געקראָכן איבער די אויערן, און גיין אָפּגעבן א פּאָטשאַטעק דעם כאַזער,

לעמיי ער איז ארויסגעלאָפן פון שטאַל, געקומען אפן פעראָן און גענומען כריוקען, מאַכן פוילע שטיק, שיר אונטערן צוג ניט ארונטערגעפאלן, נאָר פלוצעם האָט ער, דער נאטשאלניק פונעם וואָקזאלכל, דערזען אפן צווייטן עק פעראָן א פאסאזשיר. עפעס גאָר א גרויסארטיקן מענטש, מיט צוויי טשעמאָדאנעס אין די הענט.

געוויינלעך פלעגן אָנקומענדיקע פאסאזשירן זיך דערפרעגן באַם נאטשאלניק, ווי ווייַטער פאָרן, נאָר דער האָט בלויז צו אים א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געלאָזט צום סעדל פון יענער זייַט וואָקזאלכל, ווי גלייַך ער איז שוין דאָ ניט דאָס ערשטע מאָל. דאָרט, לעבן סעדל מיט די הויכע קליאָנען, זייַנען געזעסן אף די קעלניעס און געדרעמלט קאָוואליוקער פורמאנעס, וואָס האָבן געוואַרט אף פּאַרשוינען.

זיי האָבן גלייַך דערפילט א פאסאזשיר און זיך א לאָז געטאָן צו אים, אים אָנגעהויבן שלעפּן פאר די פּאָלעס, רייַסן פון זייַנע הענט די טשעמאָדאנעס, שרייַען, זיך זידלען. מאַקס איז געשטאַ־נען און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, צו וועמען גיין.

— א כאָליערע אף דיר, אָקס איינער! — האָט געשריִען א דאַרער, לאַנגער פורמאַן אין אן אָפּגעריבענעם, צעכראַסטעטן מאַנטל. — דו ביסט נאָך געשלאָפן, ווען איך האָב דערזען דעם פּאַרשוין! — האָט ער געוויזן מיט דער פּוזשעלע אף מאַקסן.

— לייבעש, רוק זיך אָפּ מיט גוטן, אַנדערש וועל איך דיר באַלד אַזוי ארייַנפאָרן אין פּיסק אריין, אַז דו וועסט קלייַבן די ציין!.. איך האָב דעם מענטשן דער ערשטער דערזען!..

— פּייַוועש, האָב גאָט אין הארצן. איך האָב שוין דעם דריטן טאָג קיין לעבעדיקן גראָשן ניט געזען. מייַן פלוינעסטע דאַרף הייַנט־מאָרגן געליגן ווערן...

— דול ניט דעם ספּאָדעק, לייבעש! ווער איז דיר שולדיק, וואָס דו ביסט אַזאַ גאָלדענער באַלמעלאָכע און דייַן קליפּע הערט ניט אוף צו קינדלען... איך האָב נאָך הייַנט קיין פּאָטשאַטעק ניט געהאַט! און בא מיר זייַנען אויך קינדער, ניט קיין שעפּעלעך, אין שטוב. זיי ווילן אויך א שטיקל ברויט.

— היי, פּאַן, וואָס דאַרפט איר זיי הערן! זעצט זיך צו מיר, איך וועל אייַך דורכפירן מיט א קנאַק!

— וואָס זענט איר אף אים אָנגעפאַלן, ווי די היישעריקן? — האָט צעשטויסן די פורמאַנעס א ברייטפּלייציקער גוואַר מיט א רויטער געקרייַזלטער באָרד, וואָס איז געוואַקסן קימאַט פון סאַמע אונטער די אויגן. ווען, כאָלילע, ניט אָט די פריילעכע, מאַמזערישע אויגן, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז א גאַזלען, א רויבער. ער האָט לאַנג ניט געטראַכט, אונטערגעכאַפּט ביידע טשעמאָדאנעס און, קוקנדיק מאַקסן גלייַך אין פּאָנעם, געזאָגט מיט זייַן הייזעריקער שטים:

— איך בעט אייַך, וואָס הערט איר זיך צו צו די לייַדאַקעס? דאָס איז א באַנדע באָסיאַקעס, ניט קיין פורמאַנעס! אף זייערע קליאַטשעס, מיינט איר, וועט איר זיך אַמאָל דערקלייַבן קיין קאָוואַליווקע? א נעכטיקער טאָג! איר וועט זיך זעצן אף מייַן פיִאַקער, וועט איר וויסן, אַז איר פאָרט.

דער רויטער באַלעגאָלע, וואָס איז געווען ענלעך אף א גאַזלען, האָט ארייַנגעכאַפּט ניט ווייניק קלאָלעס, נאָר דאָס האָט אים ווייניק וואָס געאַרט. דער פאסאזשיר איז שוין, דאַנקען גאָט, געווען זייַנער.

— איר הערט זיך ניט צו צו די לייצים! — האָט דער רויטער געטייַנעט צו מאַקסן, וואָס איז געגאַנגען נאָך אים. — זיי וועלן זיך אָנהאָוקען און בלייַבן שטיל. איך וועל אייַך דערפירן, וווּהין איר וועט מיר הייסן, ווי א מיזמערל!.. בא מיר איז ניט קיין פערד, נאָר אן עמעסער אָדלער. יענע באָסיאַקעס פאַרטרינקען יעדן גראָשן, וואָס פאָפאַדיעט זיי, און איך קויף פאַר מייַן פערדל האָבער, און עס שפּרינגט, א מעכייַע צו פאָרן!..

ערשט איצט האָט מאַקס דערקענט דעם פורמאַן, וואָס האָט געשלעפּט זייַנע טשעמאָדאנעס, ס'איז דאָך יאָשקע קאַלענעק, דער זעלבער יאָשקע, וואָס פלעגט אים אַמאָל גוט מעכאַבעד זייַן מיט דער בייַטש, ווען מאַקס פלעג זיך אונטערטשעפּען אונטער זייַן בויד.

דאָס, וואָס ער וועט פאָרן מיט זייַן אַלטן באַקאַנטן, האָט מאַקסן דאַפּקע דערפרייט. דערפאַר אָבער האָט אים גאָר ניט דערפרייט דער אָדלער, וואָס איז געשטאַנען באַם פלויטל פונעם סעדל און געשטשיפּעט מיט די געלע ציין דאָס גראָז. מע האָט געקאָנט אף אים איבערציילן אַלע ריפּן...

קיין אַנדער ברייַרע איז אָבער ניט געווען, און מאַקס האָט זיך געזעצט אין דער בויד.

יאָשקע קאַלענעק האָט זיך ארופגעכאַפּט אף דער קעלניע און גענומען בענטשן מיט דער בייַטש זייַן אָדלער.

— א פּעגירע אף דיר! — האָט יאָשקע אָנגעהויבן זיך אויסטייַנען מיטן פערדל, האָבנדיק אין זינען, אַז יעדער וואָרט זייַנס זאָל דערגיין צו מאַקסן. — גענוג, עס זאָל אָפּשטיין א האַלבע שאָ, ווי די פיס ווערן דעם פאַרגליווערט און עס ווערט לעדאַשטשע... נישקאָשע, ס'וועט זיך באַלד

צעגייק, וועט עס לויפן ווי א מיזמער!.. א געליימעניש אף אלע אונדזערע סאָנים! ס'איז געוואָרן אזא יאַקרעס, אז מע קאָן ניט קומען צו קיין מעסטל האָבער!.. אז מע גיט דעם פערדל א גוט ביסל האָבער, לויפט עס גאָר אנדערש. נאָר מע קאָן דען קומען צו דעם? דער בייזוווּנדער ווייסט זיי, די געלערנטע מענטשן... מע טראַכט אויס באַמבעס מיט הארמאַטן, כּדי וואָלטן זיי צוגעטראַכט אזעלכע פּראָשקעס, דאָס פערד זאָל ניט וועלן קיין האָבער... א מאַפּאָלע אף דעם...

דאָס פערדל, וואָס איז נעבעך געווען געוווינט צו קלעפּ און צו קלאָלעס, האָט געהערט יאָש־קען ווי דעם פּאַראַיאַריקן שניי, זיך געשפּאַנט ניט געיילט און מיט פּאַכעד געקוקט פאָרויס, ווו דער וועג האָט אָנגעהויבן פאַרקריכן אף א הויכן בארג.

אונטערן בארג האָט דאָס פערד זיך אָפּגעשטעלט און, כאָטש האַק עס און בראָק עס, ניט געוואָלט גיין ווייַטער.

יאָשקע קאַלענעק איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קאָזלע, פאַריכט דעם געשפּאַן און, קראַצנדיק מיט דער פּוזשעלע די פּאָטיליצע, א זאָג געטאָן צו זייַן פּאַרשוין:

— איך בעט איבער אייַער קאָוועד, איר זענט מינעסטאַמע אַן אינטעלעגענטנער מענטש און זעט אַליין, וואָס פּאַר א מעשוגענער בארג עס האָט זיך געשטעלט אינמיטן וועג... איר זאָלט אפילע אייַנשפּאַנען אין וואָגן א העלפאַנד, וואָלט ער אויך ניט געקענט שלעפּן. האָט זשע ניט קיין פאַריבל...

מאַקס האָט פאַרשטאַנען, וואָס מע וויל פון אים. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם מאַנטל, אַראָפּ אף דער ערד און גענומען אונטערשטופּן דעם פּאַעטאָן.

יאָשקע קאַלענעק האָט געשלעפּט דעם לאָשעק פאַר דער גריווע און געמאַכט איבער אים אזעלכע בראָכעס, אז די קאַרפּאַטן האָבן זיך שיר ניט געשפּאָלטן. צו מאַקסן האָט ער געזאָגט:

— איך זע, אז איר זענט א סטאַטעטשנער מענטש... אַן אנדערער אף אייַער אָרט וואָלט זיך שטאַרק גענזידלט, און איר, זע איך, האָט א גאָלדענעם כאַראַקטער... א גרויסן דאַנק אייַך!..

ביז מע האָט זיך אַרופגעדראַפּעט אפן בארג, איז מען געבליבן אָן קויכעס. מאַקס איז אַרופגעע־קראָכן אף זייַן אָרט. דאַנקען גאָט, איצט גייט שוין אַראָפּ־בארג. נאָר מע איז אָפּגעפאָרן א שטיקל וועג, און ווידער איז יאָשקע קאַלענעק אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קאָזלע.

— איך בעט בא אייַך מעכילע. איך פאַרשטיי אַליין, אז איר ווילט ניט בלייַבן קיין קאַליקע און ווילט ניט, אז מייַן איין־און־איינציק פערדל זאָל בלייַבן ליגן מיט איבערגעבראָכענע פיס... איר זעט, וואָס פּאַר א קרוטשע ס'איז. וועל איך אייַך בעטן, יונגערמאַן, עפּשער וועט איר א ביסל אייַנהאַלטן דעם וואָגן אַראָפּ־בארג?.. א צאַר־באַלעכאַים, א ראַכמאָנעס אפן פערדל.

— געוויס, א ראַכמאָנעס!.. — און מאַקס איז אַראָפּגעקראָכן און אייַנגעהאַלטן...

אומזיסט האָט מאַקס געמיינט, אז דערמיט האָבן זיך געענדיקט זייַנע צאָרעס. מע איז אָפּגע־פאָרן א האַלבן קילאָמעטער און ווידער דערזען פאַר זיך א בארג־אַרוף. איצט האָט מאַקס שוין ניט געוואַרט, יאָשקע קאַלענעק זאָל אים בעטן. ווי נאָר דער רויטער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קאָזלע, איז ער אויך אַראָפּ פון זייַן אָרט.

הער באַלעגאָלע האָט אונטערגעשמיסן דאָס פערד, געשריִען אף דעם, עס באַשאָטן מיט קלאָלעס און גערעדט צו זייַן פּאַרשוין:

— עפּעס הייַנט איז מייַן פערדל אינגאַנצן מעשוגע געוואָרן! נאָר איר וואָלט אף דעם גע־מעגט א קוק טאָן צוריק מיט א יאָר אכט־צען! איך האָב דאָס אויסגעביטן בא א ציגייַנער. עס איז געפלויגן ווי אַן עראָפּלאַן. פיר פאָר ווישקעס, א כאַליערע אף דעם, האָט עס בא מיר צעריסן. דרייַ מאָל איבערגעקערט דעם וואָגן מיט די פּאַרשוינען... אַרופאָרן אף אזא בארג איז בא דעם געווען ווי בא א גוטן־יידן א שפּיַי טאָן אף דער סטעליע, זאָל איך אזוי געזונט זייַן!.. און איצט, זעט איר... נאָך א ביסעלע העלפט אונטער, דערנאָך וועלן מיר שוין, מיט גאָטס הילף פאָרן... וווהין דאַרפט איר האָבן, טאַקע גלייַך קיין קאָוואַליוּוקע, צי ווייַטער?.. זייַט מיר מויכל... אָט באַלד וועלן זיך ענדיקן די מיִעסע בערג מיט די טאָלן, וועלן מיר שוין פאָרן...

נאָר ווי אַפּצולאָכעס איז דער וועג געגאַנגען בארג־אַרוף און בארג־אַראָפּ און אַלע מאָל האָט יאָשקע קאַלענעק געבעטן אונטערשטופּן דעם וואָגן אָדער אייַנהאַלטן דאָס פערד, ס'זאָל זיך כאַלילע ניט צעברעכן די פיס...

נאָר אָט האָט גאָט געהאָלפן, מ'האָט זיך אַרופגעדראַפּעט מיט פערד־און־וואָגן נאָך אף איין בארג, און מאַקס האָט דערזען אין טאָל קאָוואַליוּוקער געסלעך. ער האָט א קוק געטאָן אף יאָשקע קאַלענעקס רויט־פּאַרשוויצטן פּאָנעם, אף זייַנע לויפנדיקע אייגעלעך, האָט זיך הויך צעלאַכט און א זאָג געטאָן:

— זאָגט מיר נאָר, פעטער, איך וויל בא אייַך עפּעס פרעגן, אָבער איר זאָלט מיר זאָגן דעם עמעס...

— וואָס זשע, איך האָב אײַך כּאַלילע שוין אַמאָל אָפּגענאַרט? — האָט דער באַלעגאָלע זיך אויסגעדרייט צו אים. — פֿרעגט, וועל איך אײַך ענטפֿערן.

— איך וויל אײַך פֿרעגן אַזאַ קאַשע, — האָט מאַקס מיט אַ שמייכל געזאָגט צו יאַשקען. — איך האָב אײַך געדונגען, ווײַל איך האָב זיך געוואָלט דערקלײַבן קיין קאַוואַליוווקע... איר האָט זיך אונטערגענומען מיך פֿירן אַהין, ווײַל איר דאַרפֿט נעבעך פֿאַרדינען די עטלעכע זלאָטעס. דאָס איז פֿאַרשטענדלעך. איר האָט מיטגענומען מיט זיך די בויד, ווײַל מע דאַרף זיך דאָך אָף עפּעס זעצן? די בײַטש האָט איר מיט זיך גענומען, ווײַל ווי קאָן אַרויסקומען אַ באַלעגאָלע אָן אַ בײַטש?.. איין זאַך פֿאַרשטיי איך ניט — צוליב וואָס האָט איר מיט זיך גענומען געדאַרפֿט שלעפּן אײַער שקאַפּע? מיר וואָלטן זיך זייער שיין געקאָנט באַגיין אָן איר!..

יאַשקע קאַלענעק האָט זיך צעלאַכט, נאָר דאָ גלײַך זיך פֿאַרכאַפּט, ער איז אפֿילע געוואָרן אַ ביסל באַרויִקט. אַז דער יונגערמאַן זאָל אים אַזוי מעוואַזע זײַן, האָט ער ניט דערוואַרט. וואָס איז פֿון אים אָפּגעפֿאַלן, אַז ער האָט אונטערגעשטופּט אַ ביסל דעם וואָגן? יאַשקע איז אַנשוויגן געוואָרן. ער איז שטאַרק געפֿאַלן באַ זיך. אינדערעמעסן, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאָרן? געפֿירט אַזאַ וואַזשנע פּאַרשוין און ניט געהאַט קיין פֿרײַע מינוט אַ פֿרעג צו טאָן באַ אים, ווער איז ער, פֿונוואַנען פֿאָרט ער און וואָס פֿאַר אַ רועך האָט אים פֿאַרטראָגן אַהער. לויט דעם, ווי זײַן פּאַרשוין איז פֿאַרפּוצט, זעט מען, אַז דאָס איז ניט קיין פּאָסטער מענטש. ער וואָלט, דאַכט זיך, געקאָנט דערציילן, וואָס הערט זיך אָף דער וועלט? אַ סאַך זאַכן האָט יאַשקע קאַלענעק זיך געוואָלט דער־וויסן, נאָר דער פּאַרשוין זײַנער האָט שוין ווידער געשוויגן, ווי גלײַך ניט ער האָט ערשט זיך געוועדטלט מיט אים.

יאַשקע אָבער האָט לאַנג שווײַגן ניט געקאָנט. ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צום פּאַרשוין, וואָס איז געזעסן פֿאַרטראַכט און געקוקט אָפֿן אײַנגעשלאָפֿענעם שטעטל, צו וועלכן זיי האָבן זיך דערנענטערט, און אים פֿאַרזיכטיק אַ טאַרע געטאָן מיט דער פּוזשעלע:

— נישקאָשע, יונגערמאַן, ניט שרעקלעך! אַז אַ מענטש גייט זיך אַ ביסל דורך איבער אונד־זערע בערג צופֿוס, ווערט ער ניט געליימט!.. עס זײַנען דאָ אַזעלכע מענטשן, וואָס צאָלן געלט דערפֿאַר. איר זענט געוויס געוווינט פֿאָרן אָף די אוטאָמאָבילן... און מיר זײַנען אָרעמעלײַט... נאָך גוט, וואָס מיר האָבן אַזוינע וועגעלעך...

דער באַלעגאָלע האָט זיך אײַנגעקוקט אין זײַן פּאַרשוין און מיטאַמאָל שיר ניט אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דער קאָזלע. גאָטעניו טײַערער, ער וואָלט געקאָנט שווערן, אַז דער פּאַרשוין איז אים קענט־לעך!.. דער באַלעגאָלע האָט נאָך אַ רעגע זיך צוגעקוקט צו מאַקסן, דערנאָך אַראָפּגעריסן פֿון זיך דעם קאַרטוז, צעפֿירט מיט די הענט, לאָזנדיק דאָס פֿערדל גיין, ווי ס׳גלוסט זיך דעם.

— זאָל מיך אַ דונער דערשלאָגן, אויב איך קען אײַך ניט! איר... דו... ביסט טשאַסאָם ניט יאַסיע דעם ניכטערנס זון? יאָ? איז ווי רופֿט מען דיך? מאַקס, דאַכט זיך. פֿאַרוואָס זשע האָסטו, מאַמזער, גלײַך ניט געזאָגט, ווער דו ביסט? אוי, ווען איך ווייס, אַז פֿון דיר וועט אַרויסקומען אַזאַ פּאַרעץ, זאָלן מיר אָפּגעטריקנט ווערן די הענט, אויב איך וואָלט דיך געשמיסן מיט דער בײַטש, ווען דו פֿלעגסט זיך אונטערטשעפּען אונטער דער בויד. מע זאָגט, אַז דו לעבסט איצט אַ שיינעם טאָג, שפּײַסט אָף דער וועלט און פֿאָרסט אָף דער קאָנקע?.. ס׳איז עמעס? דו קערסט באַקומען אַ פּײַנע פּויטעקע. איך זע נאָך דײַן פּינזשאַקל און נאָך דײַן קאַפּעליושל... נו, און דו האָסט שוין כאַסענע געהאַט, צי דאָס פֿאָרסטו קיין קאַוואַליוווקע זוכן אַ קאַלע?.. עס וואַקסן באַ אונדז, קיין אײַנהאָרע, קאַלעס, ווי די פּיכטעס, נאָר קיין כאַסאַנים זײַנען נישטאָ! ווי נאָר זיי וואַקסן אויס, די באָכערים, אַזוי צעפֿאָרן זיי זיך איבער דער וועלט... צי עפּשער האָסטו שוין אַ ווײַב מיט קינדער? פּײַנע קינדערלעך האָסטו שוין?..

יאַשקע קאַלענעק האָט געשאָטן מיט פֿראַגן, ווי פֿון אַ זאַק. מאַקס האָט ניט באַוויזן אַפֿילע אַ וואָרט אַרײַנשטעלן.

— דאַנקען גאָט, — האָט דער רויטער יאַשקע ווײַטער גערעדט. — כאָטש איין לאַנדסמאַן מײַנער האָט זיך אויסגעריבן אָף אַ שמאַטע. קערסטו מינעסטאָמע פֿאַרנעמען אַ הויך בענקל, האַ?..

מאַקס האָט זיך צעלאַכט, אים געפּרוּווט ענטפֿערן:

— ניין, פֿעטער יאַשקע...

— ניין, ניין! מייך ניט, אַז מיר זיצן אָף די קעלניעס, זײַנען מיר פֿינצטערע בעהיימעס און פֿאַרשטייען שוין גאָרניט!

מאַקס האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ פּודעלע פּאַפּיראָסן.

— פֿאַרייכערט, פֿעטער יאַשקע.

יאַשקע האָט אַ שמעק געטאָן דאָס קעסטעלע, אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: „נו, געוויס, פֿון אַזוינע ציגאַרן האָט זיך נאָך קיינער ניט געסאַמט", און גענומען איין ציגאַר אין

מויל, דעם צווייטן פארשטעקט אונטערן אויער אף זאפאס, און דעם דריטן פארבאהאלטן אין קעשענע:

— האָב ניט קיין פאריבל, נאָר די ציגארן וועל איך ווייזן די כעוורע, זיי זאָלן פּלאצן פון קינע און זען, וואָס פאר א ציגארן דו רייכערסט איצט!..

אז ס'איז געבליבן א קילאָמעטער צוויי־דריי ביז קאָוואליוקע, האָט מאקס פּלוצעם זיך ארופגעזעצט אף דער קעלניע, איבערגענומען בא יאָשקען די ווישקעס, א כאפ געטאָן בא אים די בייטש און גענומען אונטערטרייבן דאָס פערד.

— וואָס טוסטו, פאַרעץ? — האָט, ווי ניט מיט זיין שטים, אויסגעשריַען דער רויטער יאָשקע. — פאסט עס דען פאר דיר זיצן אף דער קעלניע? מענטשן וועלן לאכן... וועסט אויסשמירן דיין רעקל...

מאקס האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט, ווי איינער רעדט: „נישקאָשע, עס מאכט ניט אויס, מע דארף זיך דערמאָנען אָן דער קינדהייט, איך בין דאָך געקומען צו איר צוגאסט...“

— ווי איך זע, ביסטו געבליבן דער זעלבער מאמזערוק, וואָס אמאָל, — האָט אים יאָשקע גענומען לויבן, — דו ארבעטסט גאנץ גוט מיט דער בייטש! פון דיר וואָלט געקאָנט ווערן א גוטער באלעגאָלע! אף מיין וואָרט! ווען איך לערן דיך נאָך א ביסל צו... לאָך ניט, מאמזער! לאָך ניט! אף צו זיין אַן עמעסער פורמאן, א באלעגאָלע, דארף מען אויך האָבן א גוטן קאָפּ אף די פּלייצעס! ביפראט בא אונדז אין די בערג... דאָס איז דיר ניט ערגעץ אין פעלד, ווו דו האָסט א גלייכן וועג, קאָנסט זיך לייגן שלאָפן און דאָס פערד וועט דיך אליין פירן... ע, ע, ברודער־לעבן! דאָ, אז דו וועסט אנדערמלט ווערן, אף אונדזער וועג, כאפן א גענעץ, וועט מען דארפן צונויפקלייבן דיינע ביינער און די ריפּן פון דיין פערד אין אָפּגרונט... זעסט? — האָט ער א ווייז געטאָן צו די שווארצע קארפּאטן, — דו פארשטייסט, וואָס איך רעד צו דיר, צי דו פארשטייסט ניט?

— איך פארשטיי... געוויס איז ניט קיין פּאָשעטע זאך זיין א באלעגאָלע... איך וועל, דאכט זיך, גיין צו אייך זיך לערנען...

דער רויטער יאָשקע האָט אָפּגעמאָסטן מאקסן פון קאָפּ ביז פיס. פארשטאנען, אז ער מאכט פון אים כויזעק, און ווידער זיך אָנגעברויגעזט.

— ניין, פון דיר וועט קיין באלעגאָלע ניט זיין!..

— פארוואָס, פעטער יאָשקע?.. — מאקס האָט ניט געטראכט כויזעק צו מאכן. — איך בין אייך מעקאנע, אף מיין וואָרט, איך וואָלט בעסער געוואָלט ווערן א באלעגאָלע!..

— דו לאכסט פון מיר?

— זאָל גאָט היטן!

— דריי ניט קיין ספּאָדעק, מאקס, פון דיר וועט קיין באלעגאָלע סייוויסיי ניט זיין...

— נו, פארוואָס זשע? דערקלערט מיר כאָטש...

— נו, אויב דו ביסט אזא אקשן, וועל איך דיר מאכן א שטיקל עקזאמען, דערנאָך וועלן מיר נאָך זען.

— נו, ביטע!..

— וואָדען, ביטע! — האָט יאָשקע מאמזעריש א שמייכל געטאָן אין דער רויטער באָרד ארייַן. — איך וועל דיך פרעגן, און דו וועסט מיר ענטפערן. וועסטו ענטפערן גוט, וועל איך דיר זאָגן, צי וועט מען קאָנען פון דיר מאכן א באלעגאָלע... נו, זאָג מיר נאָר, אָט פאָרסטו ארויס אין וועג מיט א פולער בויד פארשוינען, און אינמיטן וועג פּלאצט בא דיר א ראָד. וואָס, אשטייגער לעמאָשל, וועסטו טאָן?

מאקס האָט זיך הילכיק צעלאכט:

— וואָס הייסט וואָס? מע גיט זיך אן אייצע...

— וואָס זשע פאר אן אייצע, פרעג איך דיך?..

— נו, איך לויף אריין אין קוזניע, און מע פאריכט מיר די ראָד...

— א גרויסער כאָכעם! און אז אפן וועג איז גראדע ניטאָ קיין קוזניע?..

— אך, אזוי גאָר... ס'איז ניטאָ קיין קוזניע? נו, נעם איך א הוליאקע און רוק ארונטער אונטער דער ראָד און פאָר!..

— נארוץ! — האָט אים אָפּגעענטפערט יאָשקע דער רויטער. — און אז ס'איז ניטאָ קיין הוליאקע. דו פאָרסט מיטן פעלד און קיין איין ביימל איז נאָענט ניטאָ! דו פארשטייסט, צי דו פארשטייסט ניט מיט דיין פארשטאָפּטן קאָפּ?..

— איך פארשטיי... — האָט מאקס געענטפערט עטוואָס פארלוירן, — נו, נעם איך א שטריק און בינד ווי־ניט־איז צונויף די ראָד און פאָר זוכן א קוזניע...

— איז קיין שטריק בא דיר ניטאָ!..

— אַך, קיין שטריק איז ניטאָ? נו, נעם איך צונויף באַ די פאַרשווינען די רימענס פון די פלודערן און בינד ווי־ניט־איז צונויף די ראָד...

— א שיינע אייצע! — צעלאַכט זיך יאַשקע קאַלענעק. — פון אַזאַ אייצע קאָן אויסוואַקסן א מאַקע אַף דער פּלייצע!.. איז צווישן דײַנע פאַרשווינען ניטאָ קיין איין מאַנצבל, גאַלע ווײַבער. נו, וואָס טוסטו? דו שטייסט אינמיטן פעלד מיט א צעבראָכענער ראָד, און עס גיסט א רעגן, ניט קיין רעגן, נאָר א מאַבל, און די פאַרשווינען פאַרשעלטן דיר די ביינער... נו, מירקע, גיב לאָשן! איך האָב דיר געזאָגט, אַז פון דיר וועט קיין באַלעגאָלע ניט זײַן!..

מאַקס האָט פאַרשטאַנען, אַז דעם עקזאַמען וועט ער ניט אויסהאַלטן.

— איך וואָלט זיך דאָך געגעבן אַן אייצע, פעטער יאַשקע! — האָט ער זיך נאָך געפּרוּווט ראַנגלען. — איך וואָלט אַרופגעקראָכן אַף א סטויפּ פונעם טעלעגראַף, אַראָפּגעריסן א שטיק דראָט, פאַרבונדן די צעבראָכענע ראָד און געפאָרן...

— אין באָד אַרײַן וואָלסטו געפאָרן! — האָט אים דער רויטער פורמאַן אָפּגעענטפערט. — איז ניטאָ אין וועג קיין סלופּ מיט קיין דראָטן. האַ? וואָס?

— נו, אויב אַזוי, זאָגט איר מיר, וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען עס טרעפט מיט אײַך אין וועג אַזאַ מין אומגליק?

— אַט זעסטו! פרעגסט מיך, וואָס וואָלט איך געטאָן? וואָס הייסט וואָס? הער מיט קאָפּ, וועל איך דיר דערקלערן די טוירע אונדזערע, די באַלעגאָלישע...

יאַשקע קאַלענעק האָט ווידער גענומען פון מאַקס׳ קעסטעלע א ציגאַר, פאַרייכערט, זיך טיף פאַרצויגן מיטן רויך און אַזוי געזאָגט:

— הער זיך אײַן, נאָר מיט קאָפּ! ביסטו, הייסט עס, אַרויסגעפאָרן אין וועג מיט דײַנע פאַרשווינען און עס האָט באַ דיר געפּלאַצט אינמיטן וועג א ראָד. ווילסטו לויפן אין קוזניע, נאָר קיין קוזניע איז אָפן וועג ניטאָ... ווילסטו צונויפבינדן יאַקאָס די ראָד מיט א שטריק, נאָר קיין סימען פון קיין שטריק איז ניטאָ... ווילסטו צונויפבינדן די ראָד מיט רימענס, נאָר, ווי אַפּצולאָכעס, פאָרן מיט דיר בלויז נעקייוועס, וואָס טראָגן גאָר קליידלעך מיט ליפטשיקעס און ניט קיין פלו־דערן מיט רימענס... ווילסטו זיך אַרופדראַפּען אַף א טעלעגראַפנע סלופּ און אַראָפּרײַסן א שטיק דראָט, קעדיי פאַרבינדן די ראָד, — איז ניטאָ קיין סימען פון קיין סלופּעס מיט קיין דראָט...

— נו, נו, פעטער יאַשקע, בעקיצער, וואָס זשע טוט איר? — האָט מאַקס שוין פאַרלוירן דאָס געדולד.

— אַך, וואָס זשע טוט מען? איז טאַקע שלעכט, ברודער־לעבן! ביטער! — האָט יאַשקע קאַלענעק מיטאַמאָל אויסגעשאָסן א געלעכטער, א גליקלעכער, וואָס ער האָט אָפּגענאַרט, „גע־קויפט“ זײַן פאַרשווין.

מאַקס האָט נאָך שטאַרקער געלאַכט. די בויד איז שוין אַרײַנגעפאָרן אין שטעטל. מאַקס איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קעלניע און זיך געלאָזט גיין באַ דער בויד. ער איז געגאַנגען א פאַרגאַפטער, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זײַטן. וואָס איז געשען מיט די הײַזלעך, מיטן קלויסטערל, מיט דער שול? זיי זײַנען ווי אײַנגעזונקען געוואָרן, אַרײַנגעקראָכן אין דער ערד. צי עפּשער ווײַזט זיך עס אים נאָר אויס? עפּשער זעען די געסלעך פונקט אַזוי אויס, ווי דעמלט, ווען ער איז דאָ אַרומגעלאָפן איבער זיי, אָבער איצט, נאָך דעם, ווי ער איז אויסגעפאָרן אַזאַ שטיק וועלט, זיך אָנגעזען מיט שטעט און לענדער, ווײַזט אים דאָס שטעטל זײַנס אויס אַזוי קליין און נעבעכדיק?

נאָר ווי עס זאָל דאָרט ניט זײַן, אַלץ, וואָס ער האָט איצט פאַר זיך געזען, איז אים געווען טײַער, האַרציק נאָענט, ביז טרערן, ביז ווייטאָג.

מאַקס איז שוין ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. ער האָט איבערגעלאָזט די בויד און איז צו־געלאָפן צו זײַן טאַטנס הײַזל, וואָס האָט זיך ווי אויסגעקרימט און איז אײַנגעזונקען געוואָרן אין דער ערד. אין הייפל, דאָרט, וווּ ס׳איז געשטאַנען דעם טאַטנס וואַרשטאַט, האָט געשמעקט מיט פרישגעטעסעטע ברעטער, מיט סמאָלע, מיט סטרוזשקעס. דאָס געצײַג איז געווען אָנגעוואָרפן, ווי גלײַך דער טאַטע זאָל האָבן אָקאָרשט אָפּגעלייגט די אַרבעט און אַראָפּגעכאַפּט זיך אין קרעטשמע... ווען מאַקס שעמט זיך ניט, וואָלט ער זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג אַף די סטרוזשקעס, אַף די שפּענער, אַף דער ערד.

דאָס שטעטל איז געשלאָפן, כאָטש די זון האָט עס שוין גענומען באַשײַנען און באַוואַרעמען פון אַלע זײַטן. איבערן פּוסטן געסל האָט יאַשקע קאַלענעקס קאָלאָמאַגע אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער טראַסקען. יאַשקע האָט מיט די לעצטע קלאַפּעס געשאָלטן זײַן שקאַפּע, וואָס האָט זיך געריסן צו דער שטאַל.

מיט זײַנע גוואַלדן האָט ער אופגעוועקט דאָס געסל. פאַרשלאָפענע פּנעמער האָבן אָנגעהויבן אַרויסקוקן פון די הײַזלעך, מע איז אַרויסגעלאָפן אַף די שוועלן אין אײנע טאַכטוינים:

— יאַשקע, וואָס שרײַסטו אַזוי? אַף די צײַן זאָלסטו שוין שרײַען!

— הערט נאָר, אַ גאַנעפעץ, ער לאָזט ניט שלאָפן!..

— וויפל קאָן מען פּאַפּן? איר וועט אַזוי פאַרשלאָפן אײַערע יאָרן! — האָט יאַשקע אָפּגעענט־פערט. ער וואָלט זיי ערשט אַרײַנגעזאָגט, נאָר ס'איז אים געוועזן אָנגעזאָלעט אַפן האַרצן. הער נאָר אַ מײַסע! דאָס פערדל, פאַרברענט זאָל דאָס ווערן, האָט אים הײַנט אַזוי מעווײַעש געווען! געפירט קיין קאָוואַליוווקע אַזאַ אָנגעלייגטן גאַסט — האָט ער געמוזט גיין די גאַנצע צײַט צופוס און אונ־טערשטופּן די בויד... און דאָס איז אַ באָכער מיט אַ צינגעלע. ער וועט דערציילן, ווי אַזוי יאַשקע האָט אים געפירט, וועט מען זיך קאַטשען פאַר געלעכטער. און יאַשקע קאַלענעק בענטשט זײַן פערדל מיט דער בײַטש און זידלט עס מיט דער גאַנצער געמבע, וואָס ער פאַרמאָגט.

— שטילער, יאַשקע! עס ברענט דען?

— זאָלן בעסער אונדזערע סאָנים ברענען! זאָלן זיי אײַך ברענען ליכטיק, און מיר זאָלן בע־סער גיין באַגעגענען גוטע געסט! איך האָב געבראַכט פון דער סטאַנציע יאָסיע דעם סטעלמאַכס זון! ער האָט זיך אומגעקערט, דער מאַזיק! ווען איר טוט אַף אים אַ קוק, סאַראַ קראַסאַוועץ דאָס איז געוואָרן, אַ פאַרגעניגן צו קוקן אַף אים! הײַנט זאָלט איר זען אַ פּינזשאַקל, אַ מאַנטל, אַ קאַפּעליוש זיצט אַף אים! נאָר וואָס זאָל איך מיט אײַך ריידן, גייט כאַפּט אַ קוק! — האָט ער גע־וויזן מיט דער פּוזשעלע אַף יאָסיע סטעלמאַכס הײַזל.

— רויטער קאַנאַריק! — האָט עמעצער פון די מאַנצבלען זיך געגומען אַף אָן עמעס צום באַלעגאָלע. — זאָג כאָטש מיט אַ טאַלק, וואָס פאַר אַ זון איז געקומען. דו ווייסט דען ניט, אַז באַם אַלטן איז געווען אַ גאַנצער טוץ, ער האָט שוין פון לאַנג פאַרפלאָנטערט דעם כעזשבן...

— נו, יענער, ווי הייסט ער, מאַקס! — האָט זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן דער באַלעגאָלע. — יענער מאַזיק, וואָס איז אַמאָל אַנטלאָפן קיין קאַלאָמייע, געוואָרן אַ בעקער, דערנאָך אַוועק קיין בערלין צי דער גוטעריאַר ווייסט אים ווו...

— נו? — האָט דער, וואָס האָט אָנגעשריגן אַף יאַשקען, זיך פאַרכידעשט און, פאַרגעסן, אַז דאָ שטייען ווײַבער, געגומען אַרופּשלעפן אַף זיך די הויזן און זיך געלאָזט לויפן צום סטעל־מאַכס הייפל.

— אַזוי גאָר, הייסט עס, דער בעקער איז געקומען? — איז אַרויס מיט לאָשן אַן עלטערע פרוי מיט אַ צעפּאַטלטן קאָפּ גראָוועע האָר, — נאָר ער איז שוין אַזאַ בעקער, ווי דו, יאַשקע, ביסט אַ פּרינץ! מאַקס שפּילט קאָמעדיעס אין אָפּערע... זײַן מאַמע האָט מיר דערציילט...

— יאַשקע, און וואָס האָט עס אים ווידער אַהער פאַרטראָגן? ער האָט זיך פאַרבענקט נאָך זלידניעס? דאָרטן, אין זײַנע אָפּערעס, האָט ער כאַלילע ניט וואָס צו עסן, איז ער געקומען אַהער צו זײַנע אַלטיטשקע אַף קעסט?

— ווייסט איר, וואָס כ'וועל אײַך זאָגן, אויב איר פוילט זיך ניט, לויפט אַליין אַרײַן צו אים און פרעגט!..

נאָר דער באַלעגאָלע האָט ניט באַדאַרפט בעטן, מע זאָל גיין צו יאָסיע דעם סטעלמאַך אַ קוק טאָן אַף זײַן גאַסט און זיך דערפרעגן בא אים וואָס און ווען. אַלע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַהין, ניט געוואַשענע, ניט פאַרקעמטע, ווי מע איז געשטאַנען און געגאַנגען. יאָסיעס הײַזל איז אין אַ פּאָר מינוט אַרום שוין געווען פול מיט מענטשן. מע האָט דאָ גערעדט, געשריִען, געוויינט. העכער פאַר אַלעמען האָט געריסן קריִע מאַקס' מוטער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַסט און ניט אופגעהערט אים קושן און האַלדזן.

יאָסיע דער סטעלמאַך איז געשטאַנען בא דער זײַט און געוואַרט, ביז די מאַמע וועט מאַקסן אַרויסלאָזן פון די הענט. ער, יאָסיע, זאָל שוין קאָנען צוגיין און אַ פרעג טאָן, ווי גייען די גע־שעפטן אַף דער וועלט און צי וועט זײַן אַמאָל יושער און גערעכטיקײַט... און נאָך האָט ער גע־וואָרט, מע זאָל שוין אופהערן גוואַלדעווען און זיך בעסער זעצן נעמען אַ גלעזל בראַנפן צוליב אַזאַ טײַערן גאַסט...

דערזען, אַז ס'איז אַ מײַסע אָן אַ סאָף, האָט ער אָפּגעשטויסן די אַלטע פונעם זון און אים דערלאַנגט די האַנט. די מאַמע און די שכיינעס האָבן אופגעהויבן אַ געוואַמער. יאָסיע דער ניכ־טערער האָט זיך צעשריִען:

— יאַכנעס, אַנו נעמט נאָר אָן וואַסער אין מויל, איך זאָל דאָ בא מיר קיין געוויין ניט הערן!

אין שטוב איז שטיל געוואָרן, און יאָסיע האָט אַוועקגעזעצט באַם טיש דעם זון, זיך אַליין צוגעזעצט אַנטקעגן אים און זיך אָנגערופן:

— און איצט דערצייל, אַלץ, גענוי, וואָס און ווען!..



שכיינים — עלטערע און יינגערע — האָבן זיי ארומגערינגלט, זיך איינגעהערט אין די רייד. אנדערע האָבן געטאפּט מאקס׳ רעקל, דעם קאפּעליוש, די גרויסע גלאַנצנדיקע טשעמאָדאנעס, זיך געכידעשט, וואָס פאר א גאָלדענע סכוירע דאָס איז, און געוואָלט טרעפן, וויפל דאָס אלץ קאָן דאָרטן, אין אויסלאנד, קאָסטן...

יאָשקע קאלענעק האָט אריינגערוקט דעם רויטן קאָפּ אין א פענצטער און איז אריינגעפאָרן אינמיטן די רייד:

— איי איז דאָס א ציגאר טוטין, א מעכייע! — ער האָט זיך געקוויקט מיטן ציגאר, וואָס ער האָט גענומען בא מאקסן אין וועג. — איך קאָן שווערן, אז אזעלכע ציגארן האָט אפילע פראנץ־יאָסיף ניט געריכערט און פאן פּילסודסקי אוואדע ניט!..

— שא! וואָס ביסטו אריינגעקראָכן נאשפּיץ מיט דיינע ציגארן? — האָט זיך געבייזערט יאָסיע דער ניכטערער. — לאָז פריער אויסרעדן א וואָרט!

מאקסן האָט זיך געדוכט, אז ער איז גאָר קיינמאָל ניט אנטלאָפן פון דער היים. ער איז עפּעס מיטאמאָל ווי געוואָרן יינגער און ער האָט אף אן עמעס געטראכט, אז עס האָבן זיך אומגעקערט יענע וויַיטע יאָרן, ווען קאָוואליוקע האָט אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי די גרעסטע און שענסטע שטאָט אין דער וועלט...

ער איז געקומען צוגאסט צו זיין קינדהייט. יאָ, דאָס איז ווירקלעך געווען אן אומפארגעס־לעכע באגעגעניש מיט זיין פארשייטער קינדהייט, א באגעגעניש, וואָס וועט געוויס פארבלייבן אין זיקאָרן אפן גאנצן לעבן.

# דער וועג פירט קיין קאַלאַמייע

די עטלעכע טעג, וואָס מאַקס קרייסלער האָט פאַרבראַכט אין קאָוואַליוקע, זײַנען דורכגע־לאָפן ווי אין א שיינעם חלום.

יעדן טאָג איז ער געגאַנגען צו די בערג און ארומגעקלעטערט איבער זיי שאָענווײַז. ער האָט געהאַט פיל פאַרגעניגן אפילו פון זיצן באַם לויטערן וואַסער פונעם בארג־שטראָם, וואָס האָט ווילד און בייז געשליפן די אַזוי אויך אויסגעשליפענע שטיינער אפן דנאָ און בא די ברעגן...

ער איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט זיך געזען מיט די עלטערן, נאָר ס'איז שווער געווען צוזען די טיפע נויט, וואָס הערשט אין שטעטל, דעם דאַלעס, וואָס שפּאַרט דאָ פון אַלע עקן.

נאָך מער קאַלעמוטנע איז אים געוואָרן אף דער נעשאָמע, ווען עס האָבן זיך פלוצעם צעפּאַ־לאָכעט די בייזע ווינטן און עס האָט געגאָסן א רעגן פון יענע רעגנס, וואָס קאָנען גיסן אָן א סאָף און אָן אן עק.

מע האָט זיך שוין געדאַרפט קלײַבן אין וועג אַרײַן. מער האָט ער דאָ זיך ניט געקאָנט פאַר־האַלטן. אף אים האָט געוואַרט זיגפריד, דער טעאַטער, נײַע ראָלן, און אויסער דעם, האָט ער נאָך אף צוריקוועגס געוואָלט באַזוכן איינציקע שטעט און שטעטלעך, איבער וועלכע ער האָט אמאָל אַרומגעבלאָנקעט מיט דער וואַנדער־טרופּע.

עפּשער וועט ער נאָך ערגעץ־ווו באַגעגענען די אָרעמע און פריילעכע בראַנזשע אַקטיאָר־שטשיקעס? עפּשער וועט ער נאָך ערגעץ אָנטרעפן אף דעם געהויבענעם אימפּרעסאַריאָ זגורסקי דעם דריטן, עפּשער וועט אים נאָך אויסקומען זיך זען מיט שימשון־האַגיבער, אָסקאַר שאַפּיראָ, מיט עסטערקען?

עסטערקע שאַפּיראָ... וויפל צאָרעס איז אים אויסגעקומען אויסשטיין צוליב איר! דאָך איז זי געווען זײַן ערשטע ליבע. זײַן ערשטע ליבע און ערשטע אַנטוישונג. וויפל ער וועט לעבן, וועט ער ניט פאַרגעסן זייער ערשטע און לעצטע באַגעגעניש אין יענער נאַכט, אין די קאַרפּאַטן־בערג, אף יענעם לײַכטן בריקל איבער דעם באַרג־שטראָם, וואָס אַז דו קוקסט פון דעם אין דער וואַסער אראָפּ, פאַרכאַפּט אַזש דער אָטעם.

און אָט איז שוין מאַקס ווידער אף דער קליינינקער באַן־סטאַנציע, וואָס איז גרויס ווי א גענעץ און ווו פאַר די אַלע יאָרן האָט זיך גאָרנישט ניט געענדערט, אויב ניט רעכענען דאָס, וואָס די קליאָנען זײַנען געוואָרן גרעבער און קודלאַטער און דעם נאַטשאַלניקס פּאָנעם איז געוואָרן פול מיט קנייטשן. דער זיקאָרן דעם אַלטיטשקן נאַטשאַלניקס איז אויך געוואָרן שוואַך, ער דערקענט ניט מאַקסן, דעם „אומזיסטיקן" פּאַסאַזשיר, וועלכן ער האָט אמאָל געשלעפּט פאַר א פוס פונעם וואַגאָן, ווײַל דער פאַרשײַטער באָכער האָט אין יענעם פרימאָרגן, ווען ער איז אַנטלאָפן פון דער היים, זיך אַרופגעזעצט אפן צוג אָן א בילעט. ער שטייט ווי א סטורקאַטש, דער קלייניקער, דאַרינקער נאַטשאַלניק מיטן גרויסן רויטן הוט אפן קאָפּ, און וואַרט, דער צוג זאָל שוין גיכער צוקומען און אָפּגיין פונדאַנען, ער זאָל קאָנען אַוועקלויפן אָנפּאַיען די בעהיימע און אַרײַנטרײַבן דעם כאַזער אין שטאַל אַרײַן, ער זאָל זיך ניט דרייען אף דער קאַליע...

און אָט איז ער אַרויסגעשוווּמען פון דער גרויסער וועלט, דער צוג, געבראַכט אַהער טומל און גערויש, דערצו נאָך וואָלקנס רויך, און קלײַבט זיך שוין ווײַטער אין וועג.

מאַקס האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט די עלטערן, אַרופגעשפּרונגען אפן טרעפּל פון וואַגאָן. ער קוקט אפן ליבן געקאַרטשעטן פּאָנעם פון דער פאַרוויינטער מוטער, אף דעם טאַטן, וואָס בעט די אַלטיטשקע זײַנע ניט וויינען, ניט גיסן קיין טרערן — ניט מיט קאָוואַליוקע ענדיקט זיך די וועלט! ער שרײַט עפּעס צו מאַקסן, דער טאַטע, זאָגט עפּעס גאָר וויכטיקס אָן דעם זון אפן וועג, נאָר דער צוג רירט שוין פון אָרט, דאָס ווינטל טראָגט אָפּ דעם פּאָטערס ווערטער, דער גערויש פונעם צוג, דאָס קלאַפּן פון די רעדער שלינגען זיי אײַן.

די היים האָט זיך ווידער פון אים דערווײַטערט, פאַרשוווּנדן ערגעץ הינטער די בערג, הינ־טער די געדיכטע פיכטע־וועלדער, די אָרעמע היים מיט די נידעריקע ווענט. מאַקס האָט איצט אפילע ניט פאַרשטאַנען, ווי האָט ער עס געקאָנט אויסוואַקסן אַזאַ שטאַרקער, אַזאַ געזונטער צווישן אָט די נידעריקע ווענט!..

■

קאַלאַמייע האָט אים באַגעגנט מיט א שטאַרקן רעגן און א פאַרנעפּלטן הימל, ווי אָן אויס־געגאָסענעם פון בלײַ. עס האָט געבלאָזן אָן עסעריקער ווינט; דאַכט זיך, אַז פונקט מיט אַזאַ רעגן און ווינט האָט אים די שטאָט באַגעגנט אין יענעם פרימאָרגן, ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל דערקלײַבן אַהער...

איבערוואַרטן אַזאַ רעגן, האָט מאַקס געוווּסט, איז אומעגלעך. ניט אַזוי גיך הערן אוף גיסן

רעגנס אין קאַלאַמייע אין אַזאַ צײַט. און אופגעשטעלט דעם קאַלנער פונעם מאַנטל, אַנגערוקט אַפן שטערן דעם קאַפעליוש, האָט ער זיך גלײַך פונעם וואָקזאַל געלאָזט גיין איבער די גאַסן און געסלעך. ער האָט פאַרקערעוועט צו יענעם געסל, וווּ עס איז אַמאָל געשטאַנען פאַני זשיכלינסקעס בעקערײַ. דאָס הארץ האָט געגומען שטאַרקער קלאַפן. אָט וועט ער באַלד זיך באַגעגענען מיט סטאַסיקן, באַ וועלכן ער וועט זיכער זיך דערוויסן דעם גורל פון אילקאַ זאַגולן. נאָר קיין סימן פון קיין בעקערײַ איז דאָ שוין ניט געווען. די טיר פון קעלער איז געווען פאַרמויערט מיט ציגל, די שוועל פאַרוואַקסן מיט ווילדגראָז, קיינער פון די שכיינים האָט ניט געקאָנט זאָגן, וווּהין זײַנען אַהינגעקומען די בעקער. עמעצער האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט אַ יאָר דרײַ צוריק האָט די קליפע, פאַני זשיכלינסקאַ, אָפּגעגעבן גאָט די נשאָמע.

ניט מיטאַמאָל האָט מאַקס געפונען יענע געבײַדע, וווּ ס'איז אַמאָל פאָרגעקומען זײַן ערשטע באַגעגעניש מיט דער קונסט... איצט האָט פון דאָרטן זיך געטראָגן אַ געדוך פון געזײַערטע אוגערקעס און ציבעלעס, מע האָט דאָ געהאַלטן גרינס אָף ווינטער...

יאָ, ער האָט ניט געפונען דאָס, וואָס ס'האָט זיך אים געוואָלט געפינען. ער האָט שוין געוואָלט אומקערן זיך צו דער סטאַנציע און מיטן ערשטן צוג אַוועקפאָרן. נאָר די פיס אַליין האָבן פאַרקערעוועט צו יענע קרומע געסלעך, צו יענעם נידעריקן הײַזל, וווּ עסטערקע האָט געוווינט, צו יענע פענצטערלעך, אונטער וועלכע ער פלעגט שאָענווײַז וואַרטן, קעדיי אַ קוק טאָן אָף איר כאַטש פונדערווײַטנס.

דער הימל איז נאָך אַלץ געווען באַלאַגערט מיט בלײַענע וואָלקנס. מאַקס איז געגאַנגען אונטערן בײַסיקן רעגן, טוליענדיק זיך נעענטער צו די נאַסע ווענט פון די הײַזער.

נאָר וואָס איז דאָס? צי האָט זיך עס אים אויסגעוויזן? פאַרבײַגייענדיק לעם אַן אַלט הײַזל, וואָס איז ביז האַלב אײַנגעזונקען אין דער ערד, האָט ער פּלוצעם דערהערט זייער אַ באַקאַנטן ניגן. אַ ניגן, וואָס האָט זיך אים פאַרגעדענקט פון אַמאָל. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „דאָס לעבן גייט פאַרבײַ, דער מענטש עלטערט זיך, נאָר די ליד ווערט ניט אַלט". אָט די ליד האָבן אַמאָל געזונגען די אַקטיאָרן פון דעם וואַנדער־טעאַטער, וווּ דער באַלעבאָס איז געווען זגורסקי דער דריטער. ס'איז שוין לאַנג, זעט אויס, ניטאָ דער דאָזיקער טעאַטער אָף דער וועלט, נאָר די ליד לעבט, זי איז אָף שטענדיק פאַרבליבן אין קאָלאָמייע, ווי אַן אָנדענק פונעם וואַנדער־טעאַטער.

מאַקס איז צוגעגאַנגען צום טונקעלן פענצטערל פונעם הײַזל, אײַנהערנדיק זיך אין דער ליד און אונטערזינגענדיק זי אַליין שטילערהייט. אין דער מינוט האָט ער פאַרגעסן אָן דער קעלט, אָנעם רעגן.

ווער זינגט עס אין יענעם לעבעדיקן קיווער?

מאַקס האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און ארײַנגעקוקט אינווייניק.

באַ אַ נידעריק וואַרשטאַטל איז געזעסן אַן אײַנגעבויגענער מענטש, וואָס האָט מיט אַ שוסטעריש העמערל געקלאַפּט איבער אַן אָפּצאַס פון אַ שוך. מאַקס האָט געזען נאָר דעם מענטשנס סטולעוואַטע פּלייצע, אַ שטיק בריל און אַ זײַט פונעם פּאָנעם, באַלויכטן פון אַ ליכטל, וואָס האָט אַלעמאָל באַוויזן אַ רויט פײַער־צינגל און גלײַך עס ערגעץ באַהאַלטן, ווי עס וואָלט זיך מיט עמעצן געשפּילט אין באַהעלטערלעך.

מאַקס האָט פאַרזיכטיק געעפנט די סקריפּענדיקע טיר פונעם הײַזל און ארײַן אינווייניק. דער טשאַד פונעם ליכטל האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז. פון הינטער די געפלאַצטע גלעזלעך פון די ברילן האָט אים דער מענטש באַם וואַרשטאַטל אַ מעסט געטאָן מיט אַ בייזלעכן בליק, ניט אַנדערש ווי ער איז געווען ניט צופרידן, לעמײַ האָט מען אים איבערגעשלאָגן אינמיטן דער אַרבעט. דאָך האָט ער אַ ווונק געטאָן אָפן בענקל, וואָס איז געשטאַנען באַ דער טיר, און אַ בורטשע געטאָן, דער גאַסט זאָל זיך מאַטריען זײַן צוזעצן, אָט וועט ער, הייסט עס, זיך ספּראַווען מיטן שקראַב, וואָס ער האַלט אין האַנט, וועט ער זיך גלײַך נעמען צו זײַנע שיך... און, ניט לייגנדיק מער קיין אַכט אָף דעם ארײַנגעקומענעם, ווידער גענומען אונטערברומען אונטער דער נאָז זײַן לידל.

איצט האָט מאַקס געקאָנט בעסער צוקוקן זיך צום שוסטער, וואָס האָט געקלאַפּט מיטן העמערל, דאָס פײַער־צינגל האָט באַלויכטן זײַן הויכן געקנייטשטן שטערן, דאָס אָפּגעצערטע בלאַסע פּאָנעם. צוערשט האָט ער ניט געוואָלט גלייבן זײַנע אויגן, נאָר אָפן בענקעלע איז פאָרט געזעסן ניט עמעצער אַנדערש, ווי שימשן־האַגיבער! דער זעלבער שימשן־האַגיבער, מיט די זעלבע גוטמוטיקע, קלוגע אויגן, מיט דער צעפּלעטשטער נאָז און מיטן געקאָרבטן פּאָנעם. דער אַלטער האָט דערפּילט, אַז מע קוקט אָף אים, און ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צו מאַקסן.

— אָט וועל איך ארײַנקלאַפּן אַ פּאָר צוויעקלעך, וועל איך זיך נעמען פאַר אײַערע שקראַבעס... אַז אָף דער גאַס איז טרוקן, וועסטו אַהער, צו מיר, קיין מעשוגענעם הונט ניט פאַרטרײַבן, און אַז עס הייבט אָן גיסן אַ רעגן, דערמאָנט זיך יעדער איינער אין זײַנע שיך, און מע קומט צו

לויפן... און יעדער טרייבערט בא דיר די נעשאָמע... יעדער דארף גיך, איַילט זיך!.. נאשפיק!.. אפּאָנעם, איר דארפט אויך פאריכטן די שיך סראָטשנע? בא איַיך ברענט געוויס אויך, ווי בא אַלעמען?

זעט אויס, אז באם מענטשן איז געווען גוט פּאסקודנע אפן הארצן.

מאקס האָט זיך קוים איַינגעהאלטן, ער זאָל זיך אים ניט ווארפן אפן האלדז, ארומנעמען און צודריקן צו זיך. אָט די פינצטערע, נאסע הײַזקע, די אָרעמקײַט, וואָס האָט דאָ ארויסגעקוקט פון אַלע שפּארונעס, האָבן מאקסן דערשיטערט. ער האָט געטראכט: „איך טאָר זיך ניט לאָזן דער־קענען. דאָס וועט זײַן שוידערלעך".

דער אַלטער האָט דערווײַל ווידער גענומען אונטערברומען אונטער דער נאָז דעם באקאנטן ניגן, וואָס האָט, אייגנטלעך, פארפירט אהער מאקסן.

פּלוצעם האָט מאקס דערהערט א שווערן הוסט, וואָס האָט זיך דערטראָגן אהער פון פינצטערן ווינקל, ווו ס'איז געהאנגען א שטיקל פּאָרהאנג. אָנשטרענגענדיק דעם בליק און איַינקוקנדיק זיך אין יענער ריכטונג, האָט ער דערזען אף א בעטל זיצן א פרוי מיט שטארק צעפּאטלטע האָר. מיט אירע גרויסע אויסגעשטארצטע אויגן האָט זי געקוקט ערגעץ אין איין פינטל, אונטערשפּארנ־דיק דאָס אָנגעדראָלענע פּאָנעם אף דער האנט.

דער אַלטער האָט אומצופרידן א שעפּטשע געטאָן:

— איך בעט איַיך, קוקט ניט אף איר... איר האָט קיינמאָל ניט געזען קיין אומגליקלעכן מענטשן? זיצט א פּאָר רעגעס, וועל איך זיך נעמען צו איַיערע שקראבעס. מע וואָלט נאָר גע־דארפט עפּעס אונטערשטעלן. עס רינט אין שטוב אריַין, פארברענט און פארסארפעט זאָל עס ווערן!.. זיצט רויִק. כ'וועל אָט פארענדיקן...

נאָר מאקס האָט ניט געקאָנט זיצן רויִק. ער האָט אַלע מאָל געכאַפּט א קוק אין יענער זײַט, ווו עס האָבן מאָדנע געגלאנצט א פּאָר שרעקלעכע, גרויסע אויגן.

— נו, איך האָב דאָך איַיך געבעטן, יונגערמאן, ניט קוקן אף איר. זי וועט זיך צעבושעווען, וועט אונדזביידן אויסקומען אנטלויפן פונדאנען... איר ווילט, זי זאָל אף זיך צערײַסן דאָס לעצטע שטיקל קאָפטל? איך באווײַז ניט פארנייען איר אָנטאָן... אז גאָט וויל שטראָפן א מענטשן, נעמט ער אָפּ בא אים דעם סייכל... ווען איך דערצייל איַיך, יונגערמאן, מיט וואָס פאר א מענטש דער בוירע־אוילעם האָט אָפּגעשפּילט אזא שפּיצל, וואָלט איר זיך פארן קאָפּ געכאַפּט... אָבער איין זאַך בעט איך איַיך, קוקט ניט אין יענער זײַט... דאָס איז נעבעך אַלץ, וואָס איז איבערגעבליבן פון א בארימטער שוישפּילערן... עפּשער האָט איר אמאָל געהערט? דאָס איז געווען אמאָל די ערשטע פּרימאדאָנע בא זגורסקי דעם דריטן, זאָל ער דאָרט האָבן דעם ליכטיקן גענײדעם, ווו ער איז ערגעץ! עס זײַנען נאָך דאָ מענטשן, וואָס געדענקען, ווי זי האָט געשפּילט טעאטער... נאָר אויב איר האָט זי ניט געזען, וואָס זשע זאָל איך מיט איַיך רעדן? מע האָט זי אמאָל אף די הענט געטראָגן... א ווערטעלע געווען אויסצורײדן — עסטערקע שאפּיראָ!

מאקס איז געבליבן זיצן א פארשטיינערטער. א קעלט איז דורכגעלאָפן איבער זײַן לײַב. וואָס האָט ער געזאָגט, דער אַלטער? אָט די פרוי מיט די צעפּאטלטע האָר, מיט די גרויסע אומ־באוועגלעכע אויגן איז עסטערקע?..

מאקסן האָט זיך אויסגעדוכט, אז ער פליט ערגעץ אין א טהאָם, און ער האָט זיך מיטאמאָל א ריס געטאָן פון אָרט. דער אַלטער האָט אויסגעשפּיגן דאָס רעשטל פון ציגאר, וואָס איז גע־האנגען בא אים אף דער אונטערשטער ליפּ, און א זאָג געטאָן:

— ...וווהין פליט איר? אָט־אָ ענדיק איך שוין... וווהין וועט איר לויפן, אז אין דרויסן גיסט א מאבל און עס איז נאָך ניט אונטערגעקומען נויעך מיט זײַן טייווע?.. באלד וועל איך זיך נעמען צו איַיערע שקראבעס, וועל איך פון זיי מאכן א ליאלקע. עס רינט אריַין, צי אונטערקלאָפּן די אָפּצאסן?..

ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט און פאָרגעזעצט:

— ווען דער מענטש ווייסט, ווו ער וועט פאלן, וואָלט ער געוויס אונטערגעשפּרייט א ביסל שטרוי... ווי שטייט עס געשריבן בא שעקספּירן?.. ניין, גאָר ניט בא שעקספּירן, בא מאקסים גאָרקין... און עפּשער טאקע בא שאָלעם־אַליכעמען... אז דער קאָפּ איז אזוי פארקלאָפּט. וואָס זשע, איר ווייסט דען, וואָס פאר א צאָרע עס איז אויסגעפאלן אף מײַן וויסטן גורל? און דאָס, וואָס איך זיץ און קוועטש אָט דאָס בענקעלע, מיינט איר געוויס, אז איך בין צוליב דעם געבוירן געוואָרן? אז דאָס איז מײַן שיקזאַל — שוסטערײַ? נאָר ווען ניט אָט דאָס קליינע בענקעלע, וואָלטן מיר מיט עסטערקען געהאט א שיין פּאָנעם! מיר וואָלטן געשטאָרבן פון הונגער דרײַ מאָל א טאָג כוץ וועטשערע. איצט איז מיר שוין א ביסל גרינגער געוואָרן. איך דארף האָדעווען נאָר זיך און זי. כ'האָב דאָך געהאט אף מײַן קאָפּ נאָך איין קעסטקינד — איר טאטן. געווען אמאָל א בארימטער אקטיאָר בא זגורסקי דעם דריטן אין וואנדער־טעאטער. א קלייניקײַט אויסצורעדן —

אָסקאר שאַפּיראָ! ער האָט אין זיך אַרײַנגעגאָסן אַזױפֿיל װײַן, אַז װען מע פּאָמפּעט אים אַרױס, װאָלט געװאָרן אַ מאַבול, װי אין נױעכס צײַטן... ער איז געװאָרן אינגאַנצן אַ קאַליקע אױף דער עלטער. עס האָבן זיך באַ אים אָנגעהױבן טרײסלען הענט און פֿיס. אַלע האָבן זיך פֿון אים אָפּגעזאָגט. און איך האָב אים אַרײַנגענומען צו זיך אין אָט דער כאַלעבודע, מיט זײַן טעכטערל, עסטערקע. אַ דאַנק גאָט, ער האָט זיך לאַנג ניט געמוטשעט און פֿאַראַיאָרן אין דער צײַט אװעק פֿון דער װעלט... יאָ, אָט דאָס איז געװען דער סאָף פֿון אַן אַקטיאָר אַ טראַגיקער! גאָט האָט אים געשטראָפֿט פֿאַר זײַן גוטער נעשאָמע. עס זאָל אים נאָר אַרױסמאָרדעװען פֿון קײװער! אױב איך האָב קײן טאָעס ניט, איז דאָס, דאַכט זיך, געזאָגט געװאָרן באַ געטען, נײן, גיכער באַ מאָליערן... אָט אַ פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ, פֿאַרגעסן!.. מיט אײן װאָרט, ערגעץ איז געזאָגט געװאָרן, אַז װעגן טױטע אָדער מע רעדט גאָרניט, אָדער מע רעדט נאָר גוטס... אָבער װעגן אָסקאר שאַפּיראָן װעסטו דאָך קײן גוט װאָרט ניט זאָגן!

— שימשן־האַגיבער... — האָט מאַקס אומדערװאַרט פֿאַר זיך שטיל אַ זאָג געטאָן, און יענער האָט דערשראָקן אױפֿגעהױבן דעם קאָפּ.

— יונגערמאַן, פֿונװאַנען װײסט איר, װי מע רופֿט מיך? עפּשער האָט איר געזען אַמאָל אונדזער טעאַטער? אונדז האָט מען אומעטום געקאָנט זען. מיר האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער גאַנצער װעלט, װי די ציגײַנער... עך, אַמאָל זײַנען מיר אױך געװען מענטשן, איצט פֿאַריכטן מיר יענעם די שקראַבעס! אָ, הײסט עס, האָט איר אַמאָל געזען שפּילן אונדזער טעאַטער? װאָס? בלױז געהערט װעגן אים? אַ שאָד! געװען געדאַרפֿט גײן אַ קוק טאָן אונדזער טעאַטער. האָט איר דען אַ פֿאָרשטעלונג, װאָס פֿאַר אַ טרופּע דאָס איז געװען? עס זײַנען דאָרטן טאַקע געװען אַ שײן ביסל קאַליקעס, נאָר ס׳זײַנען אױך געװען אַ צװײ־דרײַ שױשפּילער, מיט װעלכע אַפֿילע דער גרױסער זיגפֿריד לײנאַרד אין בערלין װאָלט זיך אױך ניט געשעמט... װער עס האָט געזען אונדזער עסטערקען שפּילן שולאַמיס, כאַסיע די יעסױמע, דזשעסיקע, קאָרדעליע... מע קאָן דען אָפּן קאָפּ געדענקען, װיפֿל ראָלן זי האָט אָפּגעשפּילט? זי האָט מאַמעש אַראָפּגעפֿירט דעם עולעם פֿון זינען. עס האָט אַמאָל געזען איר שפּילן זיגפֿריד לײנאַרד, װאָס איז דורכגעפֿאָרן לעמבערג, האָט ער זי גלײַך געװאָלט מיטנעמען מיט זיך אין זײַן טעאַטער, קײן בערלין. יענער האָט גוט געװוּסט, װעמען ער נעמט! דאָס איז געװען ניט זגורסקי דער דריטער, כאָטש דער האָט אױך פֿאַרשטאַנען, װאָס הײסט טעאַטער־שפּיל... איך קאָן אײַך בעפֿײרעש זאָגן, אַז איצט װעט איר ניט געפֿינען אַזעלכע פּרימאַדאָנעס, װי עסטערקע שאַפּיראָ... עפּשער ערגעץ אין פּאַריזש, אין מאָסקװע אָדער אין פּעטראָגראַד זײַנען דאָ אַזעלכע... דאָס איז געװען אַ שטיק גאָלד, אַ בריליאַנט!..

דער אַלטער האָט ניט אױפֿגעהערט אַרבעטן מיטן העמערל, זײַן פּאָנעם האָט זיך צעשײַנט פֿון פֿאַרגעניגן, װאָס אַ װילד־פֿרעמדער הערט אים אַזױ אױפֿמערקזאַם.

— יאָ, װאָס איז דער מענטש? דער מענטש איז אַזאַ באַשעפֿעניש, װאָס איז קײנמאָל ניט צופֿרידן מיט זײַן גורל! האָט ער אַ רעקל, אַן אָנצוג, איז ער ניט צופֿרידן, לעמײַ ער האָט ניט קײן מאַנטל. האָט ער אַ שטוב, קימערט אים, לעמײַ האָט ער ניט קײן פּאַלאַץ. פֿאַרמאָגט ער זײַנע טױזנט זלאָטעס, עסט ער זיך אױף לעבעדיקערהײט, לעמײַ איז באַ אים ניטאָ קײן צװײ טױזנט... װאָס דאַרפֿט איר מער? אַז דער אײבערשטער האָט באַשאַפֿן אָדעמען, האָט ער אױף אים ראַכמאָנעס געהאַט און אים אַרײַנגעשיקט די װוּנדער־שײנע כאַװע, נאָר דערבײַ האָט ער אים געזאָגט בעזע האַלאָשן, מיט אַ מענטשלעך קאָל: „אַ מאַקע דיר אין דער לעבער, פֿערעאָדעם, נעם די אישע און האָב האַנאָע פֿון דער װעלט! אָבער אײן באַקאָשע האָב איך צו דיר, זאָלסט לעמאַנעשעם ניט טשעפּען די פּײרעס פֿון די בײמער אין מײַן געטלעכן סאָד, דאָס הײסט מײַנע עפּל. אַז ניט, װעסטו האָבן באַ מיר אַ װױסטן סאָף...״ דאַכט זיך, לײַטיש, האַ? מענטשלעך, האַ? איז װאָס זשע טוט אָפּ דער אָדעם? ער מוז, עס גײט אים מאַמעש אין לעבן, אָפּרײַסן אַן עפּל און אַרױסרופֿן אױף אַלע מענטשן פֿון דער ערד גאָטס צאָרן... געװען באַ אונדז אין װאַנדער־טעאַטער אַן אימפּרעסאַריאָ זגורסקי דער דריטער... אָ, דאָס איז געװען אַ כװאַט! ער האָט גוט פֿאַרשטאַנען גאָטס געבאָט און אַפֿילע מיט קײן פֿינגער ניט אָנגערירט קײן עפּל אין סאָד, נאָר דערפֿאַר אָבער איז אים װײניק געװען האָבן אײן כאַװע, און אין װאָס פֿאַר אַ שטעטל מיר פֿלעגן ניט פֿאַרבלאָנדזשען מיט דער טרופּע, האָט ער זיך אָפּגעזוכט אַ שפּאָגל־נײַע כאַװע! דער רוּעך װײסט זײ, די װײַבער, װאָס האָבן זײ אין אים אַזױנס דערזען, זײ האָבן זיך אים געװאָרפֿן אױפֿן האַלדז. און בעסאַכאַקל איז דאָס געװען אַ דאַר, שװאַך מענטשל, גרױס, װי אַ הונט זיצנדיק... אַ באָסיאַק פֿון באָסיאַקן־לאַנד. די װעלט האָט אַזױנס ניט געזען. „גװאַלד, פּאַניע זגורסקי, — פֿלעגט מען טײַנען צו אים, — דער אַלטער אָדעם פֿלעגט זיך גאַנץ פֿײַן באַנוגענען מיט אײן כאַװען, און איר?״ נאָר זגורסקי דער דריטער פֿלעגט דערױף ענטפֿערן: „װאָס בין איך שולדיק, אַז יענער

אָדעם איז געווען א בעהיימע בעצוראס פערד? זאָלן אונדזערע סאָנים פאַרמאָגן ניט מער ווי איך העמד און איין ווייַב!..״

נאָר, גאָטעניו געטרייַער, ווּהין זייַנען מיר פאַרקראָכן? קיין ברעמבעליוּוקע! איר ווּעט געוויס אָנהייבן טראַכטן, אז שימשן־האַגיבער רעדט אף יענעם לאָשנהאָרע. איך האָב דאָך אייַך געוואָלט דערציילן וועגן אָסקאַר שאַפּיראָ. ווי זאָגן עס דאָרט די כאַכאָמים: דער הונט איז ווערט דעם שטעקן! דאָס איז ער שולדיק אין איר אומגליק, איר טאַטע, אָסקאַר שאַפּיראָ... ער האָט זי דערפירט צו אזא שטאַנד. איך מוטשע זיך מיט איר שוין עטלעכע יאָר ווי אפן טויט.

איר פאַרשטייט, יונגערמאַן, וואָס איך וועל אייַך זאָגן. כאָטש עסטערקע איז געווען באַרימט און מע האָט זי אין טעאַטער אף די הענט געטראָגן, איז זי געווען אומגליקלעך. זיך ארומגעשלעפט מיטן וואַנדער־טעאַטער, ניט דערעסן, ניט דערשלאָפן. אַלע קרענק איבערגעטראָגן אף די פיס. קאָלזמאַן מע איז נאָך יונג, קוקט מען אף זיך ניט, און די צאָרעס קלייַבן זיך אָן. די קרענק פירן מיט דיר א כעזשבן, זיי לייגן אוועק זייער שטעמפּל אפן האַרץ, אף די לונגען, אפן מויעך און זיי שטעלן דיר אין א שיינעם טאָג ארויס א וועקסל און זאָגן: צאָל!..

דאָס האָט איר איינס אוועק. נאָר דאָ איז פאַראַן נאָך א סאָד. א האַרץ — דאָס איז זייער אן איידעלער אינסטרומענט. און מע דאַרף זיך מיט אים איידל באַגיין. א סאַך באָכערים האָבן עסטערקען ליב געהאַט, ציפּעניִעט פאַר אירע טריט... נאָר זי האָט גענומען און זיך פאַרליבט אין א פּראָסטן בעקער־יונג, וואָס האָט זיך אמאָל געדרייט לעבן מיר אף דער בינע. א גאָלדענער באָכער געווען, אזא יאָר אף אונדז ביידן. פאַרשטייט איר, צי איר פאַרשטייט ניט? א באַרימטע שוישפּילערן, א בריליאַנט — עסטערקע שאַפּיראָ, נעמט זי און פאַרליבט זיך איבער די אויערן ניט אין ראָטשילדס בענאָקל, ניט אין גראַף פּאָטאָצקיס פּלעמעניקל, ניט אינעם לאָיעווער רעבן, נאָר אין א פּאָשעטן בעקער־יונג! וואָלט איר שוין געמעגט א קוק טאָן, וואָס האָט אויסגעארבעט איר פּאָטער, אָסקאַר שאַפּיראָ! הימל, עפן זיך! ער איז דער טאָכטער דערגאַנגען די יאָר. ער האָט אזוי אויסגעדרייט, אז דער באָכער האָט געמוזט אוועקפאָרן. פרעגט שוין בעסער ניט, וואָס ס׳הייסט, א יונג מיידל באַקומט א ווּנד אין סאַמע האַרצן אַרייַן? דאָס גאַנצע בינטל צאָרעס האָט באַ איר אופגעריסן, ווי א באָמבע, אזוי־אָ מוטשעט זי זיך, און איך לעם איר...

מאַקס איז געזעסן א צעטומלטער. וואָס זאָל ער טאָן? וואָס זאָל ער זאָגן? אָנרופן זייַן נאָמען, דאָס וואָלט געווען גרויזאַם. ער האָט זיך גויוועך געווען און זיך אָנגערופן:

— האָט איר זי געוויזן א דאָקטער?

שימשן־האַגיבער האָט אופגעהויבן אף אים א בייזן בליק:

— דאָס לעצטע העמד האָב איך פון זיך פאַרקויפט, געפּרווּט זי ראַטעווען... נאָר עס האָט באַ איר אָפּגענומען דאָס לאָשן... דער זיקאָרן. וואָס זשע מיינט איר, די דאָקטוירים זייַנען קישעפמאַכערס? א מאַך געטאָן מיטן שטעקעלע, און געזונט געוואָרן? כאַלוימעס!.. קיין נייַ האַרץ, קיין נייַעם מויעך וועט אייַך קיינער ניט אַרייַנשטעלן. נאָר איך, יונגערמאַן, טראַכט גאָר וועגן עפּעס אנדערש... אָט איז עס, דאָס הינטישע לעבן פונעם שוישפּילער! אז ער איז אף דער בינע, אפּלאָדירט מען; טרעפט מיט דיר אן אומגליק, דאַרף מען דיך אף קאַפּאָרעס! אַלע האָבן פאַרגעסן אָן עסטערקען. עס איז נאָך א גליק, וואָס דער אומגליק האָט מיך אויסגעלערנט קלאַפּן מיטן העמערל, ארבעטן שוסטערייַ. ווען ניט דאָס, וואָלט אונדז ביידן אויסגעקומען נעמען טאַרבעס און גיין איבער די הייַזער...

מאַקס איז געזעסן א צעבראָכענער. מיט וואָס העלפט מען דעם מענטשן? פּלוצעם איז אים אַרייַן אין קאָפּ דאָס ערגסטע, וואָס מע האָט אין דער מינוט געקאָנט צוטראַכטן. ער האָט אָנגעטאַפּט אין בוזעם־קעשענע א פּעקל געלט, עס ארויסגענומען און אוועקגעלייגט אפן ווערסטאַק. דער אַלטער איז אופגעבראַכט געוואָרן:

— איך בין ניט קיין בעטלער און דאַרף ניט קיין נעדאָווּעס! עס איז געקומען צו רייד, האָב איך אייַך א ביסל דערציילט וועגן אונדזערע צאָרעס און ווייטעקן... נעמט גלייַך צו אייַער געלט! פאַרוואָס זאָלט איר מיך באַליידיקן? קאָלזמאַן מייַנע אויגן זעען נאָך א ביסל און די הענט דינען, וועל איך צו קיינעם ניט אָנקומען... עסטערקע, גאָט צו דאַנקען, זיצט באַ מיר ניט הונגעריק, און צו א דאָקטער פיר איך זי אמאָל אויך. מיר דאַרפן ניט קיין נעדאָווע...

— גאָט מייַן גאָט! — האָט מאַקס קרייסלער, ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ, זיך גענומען פאַרענטפערן. — דאָס איז כאָלילע ניט קיין נעדאָווע! איך וויל אייַך אַנטלייַען... א גמילעס־כעסעד, איר זאָלט די קראַנקע קאָנען אוועקלייגן אין שפּיטאָל... איר וועט מיר ווען־ניט־איז אומקערן...

— יאָ, יונגערמאַן, איר קערט פון מיר געוויס לאַכן? ווען, אשטייגער, קאָן שימשן־האַגיבער אזוי רייַך ווערן, ער זאָל קאָנען יענעם אומקערן אזויפיל זלאָטעס? ניט אנדערש, ווי שוין אף יענער־וועלט. אי דאָס, ווען גאָט האָט א ביסל סאָוועסט און צאָלט מיר אויס פאַר אַלע צאָרעס

און אומגליקן, וואָס איך האָב אריבערגעטראָגן אױף דער זינדיקער ערד. דאָ, בא אונדז אױף דער פּוילישער ערד, זײַנען די געשעפטן דערוויַיל ניט אזוי פויגלדיק, איך זאָל קאָנען פּאַרדי־נען אױף אָפּצוגעבן אזא כויוו. גיכער קאָן איך דאָ פאַרדינען א טשעכאָטקע... איך בעט אײַך, נעמט צו אײַער געלט און דערלאַנגט מיר אײַערע שיך, וועל איך זיי פאַריכטן בעקאָוועד גאָדל...

— נישקאָשע, די שיך מײַנע וועלן צוווארטן... — האָט צעשטרייט א זאָג געטאָן מאַקס, אופהייבנדיק זיך פונעם אָרט, — איך בעט אײַך, נעמט דאָס געלט, עס וועט אײַך געוויס צוניץ קומען, און איך וועל גיין אין שפּיטאָל בעטן, מע זאָל זי אַרײַננעמען אהין.

— אָט דאָס, זעט איר, וואָלט איר געהאַט די גרעסטע מיצווע! נאָר זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווער זענט איר? איך פאַרשטיי, אז איר האָט געוויס אמאָל געזען שפּילן אונדזער עסטערקען אָדער געהערט וועגן איר... לאָזט זיך אויס, אז איך האָב א ביסל א טאָעס געהאַט... ניט אזוי פאַרדאַרבן איז דער צושויער, ווי מיר האָט זיך די גאַנצע צײַט געדאַכט. ניט אומזיסט גיט אָפּ דער אַרטיסט דאָס גאַנצע פײַער פון זײַן האַרצן דעם צושויער...

מאַקס איז געשטאַנען א בלאַסער, אונטערשפּאַרנדיק מיט דעם קאָפּ די סטעליע. ער האָט אליין ניט באַמערקט, וויאַזוי ער האָט געמאַכט א טראָט אין דער ריכטונג צום פאַרהענגל, ווו עס איז געזעסן אַפן בעטל די קראַנקע. זי האָט אופגעהויבן אױף אים א גלײַכגילטיקן בליק און זיך גלײַך אָפּגעקערט אָן א זײַט. מאַקס האָט דערפילט, ווי דאָס האַרץ האָט אופגעהערט קלאַפּן. אין איר בלאַס פּאָנעם האָט ער קוים דערקענט אייניקע שטריכן פון יענער עסטערקען, וואָס ער האָט געקענט. עפּעס א שרעקלעכער קנויל האָט זיך געקײַקלט צום האַלדז. עס האָט זיך גע־וואָלט וויינען, שרײַען. איצטער האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז עסטערקע וועט פאַרבלײַבן אין זײַן זיקאָרן אזא, ווי ער האָט זי ערשט געזען, און ניט אזא, ווי דעמלט, אַפן בריקל אין די גרינע קאַרפּאַטן איבער דעם שוימענדיקן באַרג־שטראָם...

נאָך פרידעס טויט איז דאָס געווען דער צווייטער קלאַפּ, וואָס אים האָט דערלאַנגט דער שווערער גורל. מאַקס האָט ווידער דערהערט דאָס קלאַפּערײַ פונעם שוסטערשן העמערל און דעם באַליבטן ניגון, וואָס שימשן־האַגיבער האָט אונטערגעברומט אונטער דער נאָז. „דאָס איז אלץ, וואָס איז פאַרבליבן פונעם וואַנדער־טעאַטער...“ — האָט ווייטעקלעך א טראַכט געטאָן מאַקס.

ער האָט מער קיין צײַט ניט געהאַט. ער האָט באַשטימט לויפן זוכן א שפּיטאָל, בעטן די דאָקטוירים, זיי זאָלן אַרײַנעמען אהין עסטערקען און זי היילן. מעגלעך, אז שפּעטער וועט זיך אים אײַנגעבן אריבערפירן זי קיין בערלין אין א קליניק, ער וועט זיך אָן אייצע האַלטן מיט עריך שטוטבאַכן, מיט אַנדערע דאָקטוירים. ער וועט גאָרנישט ניט זשאַלעווען צוליב איר. ער מוז פאַרבײַטן שימשענען אױף זײַן שווערן פּאָסטן. דאָס איז זײַן הייליקער כויוו.

מאַקס איז שנעל געגאַנגען. דער רעגן האָט געשמיסן אין פּאָנעם אַרײַן, דער ווינט האָט געריסן שטיקער פלייש, נאָר ער האָט דערויף ניט געלייגט קיין אכט.

(סאָף קומט)

---

## מאַטל גרוומאַן

# דער וואַלקן

אזא מין היץ איז דאן געווען,
אז יעדער בוים, וואָס בא די וועגן,
פונקט ווי א זאַקן מיט די הענט,
האָט שטיל געבעטן:
גיב א רעגן...

דערפאר האָט אופגעשאלט די ערד,
ווען ערגעץ ווײַט אף פעלדזן־שפּיזן,
פונקט ווי א רײַטער אף א פערד,
האָט זיך א וואָלקנדל באוויזן.

און פריידיק האָט געררוישט דער וואלד,
געגעבן אלעמען צו וויסן,
אז נאָך א רעגע, באלד, אָט באלד
עס וועט דער רעגן נעמען גיסן.

נאָר, אומגעריכט, פארבײַ איז ער,
דער וואָלקן, אָט דער לאנג־געגאַרטער,
געבליבן ליגן איז די ערד
אן אָפּגענאַרטע...

אָ, גלייב מיר, גלייב, איך בין דיר
טרײַ,
איך וואָלט מײַן יונגן קאָפּ פארשאָלטן,
ווען ס׳וואָלט מײַן הייסער דראנג
פארבײַ,
אוועק, ווי יענער פוסטער וואָלקן.

# איך בין ערשט געווען א קינד

אָט ערשט בין איך געווען א קינד —
א שווארץ־געקרײַזלט יִינגל.
איך הער זיך צו:
און ס׳דוכט, אצינד
אין שטעטל מײַנע טריט נאָך קלינגען...

מײַן קינדערש רייפל ליגט נאָך בא
דעם וועג.
בא שוועל פון שטוב א הונט ווארט
א פאטלאטער.
פון אכט יאָר אָן — צום קירזשנער
כ׳בין אוועק,
אין פײַכטן טאָל געשטאנען איז זײַן כאטע.
ס׳האָט מיך געפירט אהין א שמאָלער
שטעג,
ווען ס׳פלעגט די זון ערשט אָנקלאפּן
אין שויבן,
און ערגעץ אפן דאך האָבן געבענקט
נאָך קינדהייט מײַנער א פּאָר ווײַסע
טויבן.

און ווען אין שניי ס׳פלעגט אָנטאָן
זיך דער בוים,



מאַטל גרוומאַנס ערשטע לידער האָבן זיך באוויזן אין דער פּעריאָדישער פּרעסע מיט פינף און צוואנציק יאָר צוריק. דער דיכטער האָט געזונגען וועגן פרײַלינג און גליק, וועגן גרייטקײַט צו פארטיידיקן דאָס היימלאנד.

און ווען ס׳האָט געשלאָגן די שאָ, איז מאַטל גרוומאַן אוועק אפן פראָנט. דער דיכטער־פראָנטאָוויק האָט אויך אין די יאָרן פון קריג ניט ארויסגעלאָזט די פען פון האנט.

איצט איז מאַטל גרוומאַן אלט געוואָרן 50 יאָר. מיר פארעפנטלעכן א ציקל פון זײַנע נײַע לידער און ווינטשן אים דערפאָלג אין לעבן און אין שאפן.

אין שיך צעריסענע, אין טולעפּ דעם פאריכטן
איך בין געגאַן, געוואַרעמט כ׳האָב א טרוים:
ס׳וועט פרילינג זײַן, ס׳וועט ווארעם זײַן און ליכטיק!

און איצט איז פרילינג...
שטייט דער בוים צעגרינט,
אַף העלע גאסן פּיאָנערן זינגען.
דערמאָן איך זיך: כ׳בין ערשט געווען א קינד —
א געקרײַזלט, א פּאָדאָליער יינגל.

* * *

ניט וווּנדער זיך, ניט שרײַ פון גליק,
ווען אין די ערד־טיפן די אלטע
דו וועסט געפינען אומגעריכט
א גאָלדן זעמדעלע באהאלטן.

אין שויס פון דר׳ערד, אין הורבעס ארץ,
בלויז גרײַפּעלעך פון גאָלד זיך שפּינען.
דו קוק ארײַן אין מענטשנס הארץ —
וועסט אוצרעס גרעסערע געפינען...

## דערמאָנונגען

### 1

דאָס היימישע ווייכע געלעגער
מיר האָבן פארגעסן שוין לאנג.
און ס׳טרעפט, אז א רויִקע רעגע
דער גורל אונדז ברענגט א געשאנק.

דערפילן מיר דעמלט ערשט אלע:
דאָס לײַב איז איצט הארט ווי א דעמב.
און שווער אין טראנשייען מיר פאלן,
די ציין אזש ביז ווייטעק פארקלעמט.

און ווײַל ס׳איז די גרוב ניט קיין ברייטע
און קאלט ווערט אין הארבסטיקער פּײַן —
מיר נעמען ארום איינס דעם צווייטן,
און רויִק מיר שלאָפן דאן אײַן.

### 2

ווי א מוילוואָרף, די ערד כ׳האָב געגראָבן,
איבער פעלדער געפּויזעט כ׳האָב שווער.
ס׳האָבן קוילן געפּיקט ווי מיט שנאָבלען
דאָס ווארעמע לײַב פון דער ערד.

איבער אונדז זײַנען רויכן געהאנגען,
ס׳האָבן פלאמיקע זײַלן געדרייט,
מיר זײַנען אין אָנגריף געגאנגען,
ווי כוואליעס אין פעלד זיך צעשפּרייט.

און איידער זיך ווארפן אין שטורעם
קעגן בלוטיקן פײַנט, האָט געדוכט:
ס׳ווערן רייען פארגליווערט, ווי שורעס
פון עפּעס א ריזיקן בוך...

# כראָניק

■

## מעלוכע־פּרעמיעס פון דער רוסלענדישער פעדעראציע

ווי עס איז באוווּסט, האָט דער מיניסטאָרן־ראט פון רספסר אינעם פארגאנגענעם יאָר אָנגענומען א באשלוס וועגן אײַנשטעלן מעלוכע־פּרעמיעס פון דער רוסלענדישער פעדעראציע פאר באדײַטנדיקע ווערק פון ליטעראטור און קונסט און פאר אויספירלערישער מײַסטערשאפט.

אפן סמאך פון דעם באשלוס האָט דער מיניסטאָרן־ראט פון רספסר ניט לאנג צוריק באשטעטיקט דעם באשטאנד פון דער קאָמיסיע איבער די מעלוכע־פּרעמיעס און די מוסטערן פון די ערן־צייכנס פאר די לאַורעאַטן.

צום ערשטן מאָל וועלן מיט מעלוכע־פּרעמיעס פארן 1966 יאָר באלוינט ווערן ווערק, וואָס זײַנען געווען אָפּגעדרוקט אָדער עפנטלעך אויסגעפילט און באוויזן געוואָרן אין פעריאָד 1 יאנואר 1960—15 יוני 1965.

## 60־טער געבורטסטאָג פונעם קינסטלער גערשן קראַווצאָוו

אין מאָסקווער עקסליבריסטן־קלוב איז פײַערלעך אָפּגעמערקט געוואָרן דער 60־טער געבורטסטאָג פונעם באקאנטן גראפיקער גערשן קראַווצאָוו.

אין מעשעך פון זײַן לאנגיאָריקער פּרוכט־בארער טעטיקייט אין דער מאָלערײַ־קונסט האָט ג. קראַווצאָוו העכער דרײַסיק יאָר אויך געארבעט איבער דער גראפישער אויספורעמונג פון יידישע ביכער.

די רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד" באַגריסט הארציק דעם יובילאַר און ווינטשט אים נײַע שעפערישע דערפאָלגן.

## א נײַע אויסגאבע פון שאָלעם־אליכעמס דערציילונגען אין רוסיש

צום 50־טן יאָרצײַט פון שאָלעם־אליכעמען האָט דער מאָסקווער פארלאג פון קינסטלערישער ליטעראטור ארויסגעגעבן אין דער רוסישער איבערזעצונג א בוך דערציילונגען פונעם יידישן פאָלקס־שרײַבער „לעבעדיק און פריילעך". די אויסגאבע פון גרויסן פאָרמאט איז רײַך איליוסטרירט פונעם קינסטלער מענדל גאָרשמאַן.

■



אירמע דרוקער

# קלעזמער

## אויסגעהאלטן

ווען עזרעס עקזאמענעס האָט מען אין לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר געדעדט ווי וועגן דעם קריזיס פון א געפערלעך קראַנקן — אהער אָדער אהין...

— ווען הייבן זיך אָן די עקזאַמענעס?

— וויפל פראגן פארגיט מען?

— אף וויפל מוז מען ענטפערן?

— מיילע, א וואָרט ארוף, א וואָרט אראָפּ, ווערטער זיינען דאָ א סאך אף דער וועלט... ערגער איז מיטן פידל, דאָ קאָן מען די ציין ניט פארריידן, עס העלפט ניט קיין מייסעס, קיין „סקאַזאַלאַ מאַזאַלאַ", מע דארף שפּילן, און שפּילן דארף מען קענען.

— מ'דארף נאָך עפּעס־וואָס... עס קאָן דאָך טרעפן אזוי: דו קענסט און זיי זאָגן דאָרט — דו קענסט ניט.

— און וואָס טוט מען דעמלט?

— דעמלט איז ניט גוט!

— אלץ הייסט ניט גוט!..

א זײַטיקן מענטשן האָט זיך געקאָנט דוכטן, אז די אײַנוווינער פון קאָרידאָר, פון קליין ביז גרויס, גרייטן זיך צו די עקזאַמענעס און דארפן אלע אין איין טאָג ווייַזן, וואָס זיי קענען... אפילע די קינדער האָבן געשפּילט אין עקזאַמענעס.

ניט אויסגעהאַלטן האָבן בלויז די מיידלעך. איין יינגל פארן אנדערן האָט מוירע געהאַט, און פאר א מיידל איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן, מע האָט זיי „דורכגעוואַלגערט", און זיי האָבן געוויינט און געטיינעט, אז זיי קענען בעסער פון די יינגלעך. און די יינגלעך האָבן געהאַלטן

---

סאָף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 3, 4 פארן 1966 יאָר.

אין איין דערוויַיזן, אז דאָס איז אן אומעגלעכע זאַך, מיידלעך האָבן פאַרשטאָפּטע קעפּ, לאַנגע האָר און קורצן סייכל.

שאַלעמקע האָט קיין אָנטייל ניט גענומען אין אָט דער נײַער עקזאַמענעס־שפּיל. אים איז א סאַך אינטערעסאַנטער געווען זיצן לעבן עזרען און הערן, ווי ער ענטפערט קאַמסקין אף אַלע פראַגן, וואָס יענער פאַרגיט אים.

קאַמסקי האָט ניט אופגעהערט רעפּעטירן מיט עזרען. אָט איז ער, דער גוטער פּראָפעסאָר, און אין א מינוט אַרום איז אים ניט צו דערקענען — ביז ווי דער טײַוול, און אָט איז ער אין דער ראָל פון עזרען — ער ענטפערט אָנשטאָט אים. קאַמסקי פאַרגיט די פראַגע וועגן הומאָר און טראַגעדיע, און ער, דער פּראָפעסאָר, ווערט גלײַך פאַרוואַנדלט אינעם העלד פון די סטודענטישע אַנעקדאָטן:

— הומאָר — איז ווען איך לאַך פון אײַך און ניט איר פון מיר, און טראַגעדיע איז — ווען איר לאַכט פון מיר און ניט איך פון אײַך.

עזרע שיסט אויס א הילכיקן געלעכטער. דער געלעכטער האָט געוועקט די באַנאַכטיקע שטילקײַט און זיך צעקײַקלט איבערן לאַנגן קאָרידאָר ווי א פּריידיקע בסורע:

— עזרע לאַכט! אז א מענטש לאַכט, איז א סימען, אז ער איז זיכער אין זיך, אז ער וועט בײַקומען אַלע שוועריקײַטן, אז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן צום גוטן.

ערעוו די עקזאַמענעס איז א שרעק באַפאַלן דעם קאָרידאָר:

— מאָרגן!

— מאָרגן הייבט זיך עס אָן!

— מאָרגן גייט ער זיך „פּריזיוואַיען!“

— וואָס „פּריזיוו“, ווען „פּריזיוו“, עקזאַמענעס זײַנען א סאַך ערגער פונעם „פּריזיוו“. אין דער „פּריסוטסטוויע“, אז מע גיט א זאָג „ניע גאָדיען“, איז דאָס דאָס גרעסטע גליק, און אז מע גיט אף די עקזאַמענעס א זאָג „ניע גאָדיען“, איז שוין מער ניטאָ וואָס צו זאָגן, אַלץ איז פאַרפאַלן.

שוין נאָך האַלבער נאַכט, נאָר ביז טאָג איז נאָך אַזוי ווײַט. יעדע מינוט ציט זיך ווי אן אייביקײַט. כאַטש אף א שאָ, כאָטש אף א האַלבער שאָ צומאַכן אן אויג. דער שלאָף באַרויקט, דער שלאָף מאַכט אָרדענונג אין קאָפּ, ער לייגט אַלץ פאַנאַנדער אף זײַן אָרט. דער שלאָף איז דער גרעסטער וועקער פון זיקאָרן, ער לאָזט ניט אײַנדרעמלען די געדאַנקען, וואָס דאַרפן אוף זײַן, וואָס דאַרפן גרייט זײַן אף יעדער פראַגע. עזרען דוכט זיך, אז ווען ער דרייט זיך אויס אף דער רעכטער זײַט, וואָלט ער באַלד אַנשלאָפן געוואָרן. טייקעף אָבער ציט אים זיך אויסדרייען אף דער לינקער זײַט. ליגט ער, ווי א פאַרקרעמפּעוועטער אין שטריק, אף דער פּליִיצע. ער וויל פּאָולינען ניט פאַרשאַפן קיין צאַר, קוים גיט ער זיך א דריי, הייבט אָן סקריפּען דאָס בעטל און פּאָולינע ווייסט, אז עס שלאָפט זיך אים ניט. ליגט ער אַזוי, עזרע, אויסגעצויגן אף דער פּלייצע מיט פאַרמאַכטע אויגן און ציילט: צען... פופציק... הונדערט און פופציק... צוויי הונדערט... פּלוצעם גיט ער בליץ־שנעל א פאַל, ווי אין א טיפן אָפּגרונט. ער כאַפּט זיך גלײַך אוף, און דאָס האַרץ — שיר וואָס עס שפּרינגט ניט אַרויס.

עזרע ציילט מער ניט... ער לייענט אינדערפינצטער אף אויסווייניק מיריעמס בריוו, וועלכן ער האָט די טעג באַקומען. ער לייענט און זעט יעדע שורע, יעדעס וואָרט און יעדן אָס ווי אינדערליכטיק. סאַרא איבערגעגעבנקײַט! ער לייענט און זעט פאַר זיך ליפּאָוועץ, ליפּאָוועצער נאַכט, ליפּאָוועצער אויסגעשטערנטן הימל, מיריעמס שטיבל מיט די פאַרמאַכטע לאָדן. ער הערט דעם סקריפּ פון מיריעמס בעטל, אויך זי דרייט זיך פון איין זײַט אף דער צווייטער. ווי ווײַט ס'איז נאָך צו טאָג, ווי ווײַט ס'איז נאָך צו יענער גליקלעכער מינוט, ווען דער בריוונטרעגער וועט אָנקלאַפּן צו איר אין פענצטער און אויסשרײַען: „א טעלעגראַמע! א טעלעגראַמע פון וואַרשע! א טעלעגראַמע פון עזרען!“

עזרע שלאָפט אײַן, און עס כאַלעמט זיך אים, אז דער טאָג, אף וועלכן ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט, דער טאָג, פאַר וועלכן ער האָט זיך אַזוי געשראָקן, איז געקומען, די עקזאַמענעס האָבן זיך אָנגעהויבן. מע הייסט אים גאָר דערציילן וועגן דער גנעדיקײַט פון די רוסישע קייסאָרים, און עס נעמט אים אָפּ דאָס לאָשן. דער היסטאָריקער טאַדעוש וולאַטאַסלאַווסקי צעבייזערט זיך און נעמט קלאַפּן אין טיש. אָבער דער פאַרוואַלטער פון פידל־אָפּטייל, גוסטאַוו באַלעסלאַווסקי, טראָגט צו עזרען דעם פידל און זאָגט: „שפּיל, דער פידל וועט דיך אַרויסשלעפּן פון אַלע צאָרעס“. דער דיריזשאָר קאַזימיר שאַבעלסקי בעט שפּילן פּעדאַצערס עלעגיע וועגן ווילנער באַלעבעסל. דער פידל קערט זיך אָפּ פון עזרען, דער סמיק פאַלט אַרויס פון דער האַנט: ער האָט אַלץ פאַרגעסן, ער געדענקט ניט קיין איין נאָטן־צייכן, קיין איין קלאַנג...

טאַדעוש וואָלאָטאָסלאַווסקי לאַכט, און צוזאַמען מיט אים לאַכן די פּאָרטרעטן פון די קייסאָ־רים, וואָס הענגען אף די ווענט.

— פאַרשפּילט! פאַרפאַלן! אַלץ פאַרפאַלן! — שרייַט עזרע פון שלאָף.

— גאָט איז מיט דיר, עזרע! ס'איז גאָרניט פאַרשפּילט, ס'איז גאָרניט פאַרפאַלן, באַרויק זיך, — האָט פּאולינע, אַן איבערגעשראָקענע, געוועקט עזרען און איבערגעריסן דעם שלעכטן כאָלעם, — ס'איז צום גוטן! שטענדיק איז בעסער אַ שלעכטער כאָלעם און אַ גוטע וואָר, ס'וועט זיך אַלץ אויסלאָזן צום גוטן. זע, עזרע, סאַראַ שיינער פרימאָרגן ס'איז הייַנט...

די קאָרידאָרן פון מוזיק־שול זייַנען פול געווען מיט יוגנט, מיט אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך אף זיכער ניט געוווסט, צי וועלן זיי ווערן סטודענטן, און מיט אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן באַם ענדיקן און ווערן אויס סטודענטן.

עזרע האָט ניט געקאָנט אייַנשטיין אף קיין אָרט. ער איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק און זיך אַליין עקזאַמענירט.

— איר ווייסט, — האָט זיך מיטאַמאָל געווענדט צו אים אַ יונגערמאַן, — באַ אייַך איז זייער אַן אויסדריקלעך פּנים, און איך קאָן אייַך אַן אייצע געבן, ווי צו פאַרדינען געלט. איך מעשעך פון דרייַ יאָר האָב איך פּאָזירט איינעם אַ מאָלער, און איצט, אויב איר ווילט, קאָנט איר מיך פאַרבייַטן. דער מאָלער, גלייב איך, וועט זייער צופרידן זייַן...

עזרע קוקט אָן דעם סטודענט, און דער סטודענט רעדט און רעדט, גלייַך ווי עזרע זאָל זייַן זייַנער אַן אַלטער באַקאַנטער, מיט וועלכן ער האָט זיך שוין לאַנג ניט געזען.

— איר וועט זיך באַם מאָלער אָנהערן און אָנזען אַזוינס, וואָס איז קעדייַ צו הערן און צו זען. ער וועט ניט וויסן, ווו אייַך אוועקזעצן און וואָס פריִער צו טאָן מיט אייַך. ס'וועט אייַך אוואַדע זייַן שווער, ס'איז אָבער גרינגער און אַ סאַך אָנשטענדיקער ווי פאַרשפּרייטן רעקלאַמעס, פּאַרקויפן צייַטונגען אָדער שפּילן ערגעץ אין אַ קאַבאַק... פּאַריינס וויל איך אייַך וואָרענען: דאָ דאַרף מען האַלטן די צונג הינטער די ציין, קיין איבעריק וואָרט ניט, ווייַל ווו איר וועט זיך דאָ אַ קער טאָן, איז אַן אינספּעקטאָר, אַ נאַדזיראַטעל, אַן אונטערגעשיקטער. דאָס פרייַע וואָרט איז דאָ שטרענג פאַרבאָטן. דאָ איז גלייַכער האָבן צו טאָן מיט דער שפּראַך פון קלאַנגען. דער קלאַנג איז גליקלעכער פונעם וואָרט, ער רעדט אף אַזאַ שפּראַך, וועלכע איז פאַר דער פּאָליציי, פאַר די אַלע נאָכשפּירער און אויסשפּירער אומפאַרשטענדלעך.

עזרע באַטראַכט די גליקלעכע, וועלכע מע באַגריסט, און די אומגליקלעכע, וועלכע מע טרייסט, און אַלע ווייַלע דערזעט ער זיך אָט צווישן די גליקלעכע און אָט צווישן די אומגליק־לעכע. מע גיט אים אַדרעסן, ווו צו באַקומען „שטונדן“, מע זאָגט אים אָן, ער זאָל זיך האַלטן פעסט בייס די עקזאַמענעס און ווי זיך צו פירן אין פאַל, ווען ער וועט אויסהאַלטן אָדער דורכפאַלן.

אין קאָרידאָר האָט מען הילכיק אויסגערופן:

— עזרא סאָלאָמאָנאָוויטש מאַליאַרסקי...

דער גרויסער צימער איז פול געווען מיט שייַן. אַ ליכטיקע וועלט. אין דעם יאַם פון שייַן האָט זיך עזרען געדוכט, אַז אַ נעפּל האָט פאַרצויגן זייַנע אויגן. ער זעט גאָרניט, ער זעט קיינעם ניט, ער זעט זיך אַליין ניט, ער הערט בלויז, ווי דאָס האַרץ פּויקט אין אים, פּויקט און פּויקט...

— מאַליאַרסקי?

— יאָ, מאַליאַרסקי.

דער קלאַנג פון דער אייגענער שטים מונטערט אוף עזרען, און דער נעפּל גייט זיך פאַנאַנדער.

אינעם גרויסן ליכטיקן צימער איז געווען אַזוי שטיל, אַז עזרען האָט זיך געגומען דוכטן, אַז די אַלע, וואָס זיצן דאָ באַם טיש, זייַנען ניט קיין לעבעדיקע מענטשן, נאָר אויסגעמאָלטע, ווי די פּאָרטרעטן אף די ווענט.

עזרע שטייט צווישן צוויי לאַגערן, איינעם אַ פרייַנטלעכן און דעם צווייטן אַ פייַנטלעכן, און ער צילט מיטן בליק, ווער ס'איז פאַר אים און ווער ס'איז קעגן אים. אַלעקסאַנדער דער ערשטער — אַ בלוטיקער סוינע. טאַדעוש וואָלאָטאָסלאַווסקי — דער מוזיק־היסטאָריקער — וועט אים ניט שוינען. גוסטאַוו באָלעסלאַווסקי וועט אים אויסשטרעקן אַ האַנט, ער וועט אים העלפן און ניט לאָזן פאַלן. קאַזימיר שאַבעלסקי, דער דיריזשאָר פונעם סימפאָנישן אָרקעסטער, איז פאַר אים! און אָט דער? — פאַלט עזרעס בליק אף איינעם פון די פּראָפעסאָרן, וועמען ער זעט צום ערשטן מאָל, — אָט דער וועט דורכוואָלגערן, זייַנע אויגן שנייַדן ווי די מעסערס, פון אַזעלכע



אויגן קאָן מען קיין גוטס ניט דערוואַרטן. עזרע דערפרייט זיך מיט שאַפּענען, מיט מאַניושקאַן, מיט גלינקען און בעטהאָווענען און שרעקט זיך איבער פאַר וואַגנערן...

— עזרא סאָלאָמאָנאָוויטש?

— יאָ.

דער מוזיק־היסטאָריקער טאַדעוש וולאַטאַסלאַווסקי פּרוּווט פאַרפלאָנטערן עזרען אין דער כראָנאָלאָגיע פון פאַרשיידענע צײַטן, און עזרע גייט איבער פון איין יאָרהונדערט אינעם צווייטן, ווי פון צימער צו צימער. אויך דער פּראָפעסאָר מיט די שאַרפמעסערדיקע אויגן מוז ניט ווילנדיק אָנערקענען, אַז עזרע האָט היפּש און פלײַסיק געאַרבעט איבער טעאָריע פון מוזיק.

קאַזימיר שאַבעלסקי פרעגט עזרען, צי קען ער פעדאַצערס עלעגיע וועגן ווילנער באַלעבעסל. עזרען גייט דורך אַ ציטער איבערן לײַב, אים ווילט זיך אויסשרײַען: „איך קען! איר ווייסט דאָך!“, נאָר זאָגן זאָגט ער שטיל, ניט געוואַגט:

— איך וועל פּרוּוון. מע קאָן פּרוּוון?

ניין, זײַן פרײַנט וועט ער ניט אויסגעבן. דאָס האָט ער דאָך, דער דיריזשאָר פון סימפאָנישן אָרקעסטער, געגעבן די העכסטע אָפּשאַצונג דער עלעגיע, ווען ער, עזרע, האָט זי געשפּילט אָף דער בינע פון אָפּערע־טעאַטער. דאָס האָט ער דאָך אים געייצעט, אַז אָט די עלעגיע זאָל ער שפּילן אָף די עקזאַמענעס. דאָס האָט ער דאָך אים געגעבן דעם בריוו צו גוסטאַוו באַלעסלאַווסקין.

— די עלעגיע וועגן ווילנער כאַזן, — בייגט זיך אָן קאַזימיר שאַבעלסקי צו די איבעריקע עקזאַמענאַטאָרס, — האָט אָנגעשריבן דער יידישער קאָמפּאָזיטאָר פאַן פעדאַצער. אין דער ייִדי־שער עלעגיע וועגן יויעל־דאָווידס טראַגישן גורל ווערט מיט טיפער אַכטונג און ליבע באַזונגען זײַן פרײַנט און לערער מאַניושקאָ. די עלעגיע איז איבערגעפלאָכטן מיט פּוילישע מאָטיוון און מעלאָדיעס.

מע האָט עזרען פאָרגעלייגט אויספּילן פעדאַצערס עלעגיע.

עזרע האָט אַרויסגענומען דעם פידל פון פוטליאַר, ווי מע נעמט אַרויס אַ לאָטעריי־בילעט — ער וועט אויסשפּילן צי פאַרשפּילן? געווינען צי פאַרלירן? ער האָט אויסגעפּרוּווט די סטרונעס, זיך צוגעהערט צום קלאַנג פון די טענער, צי ווען זיי ניט פעלשן, צי קאָן מען זיך פאַרלאָזן אָף זיי. עזרען דוכט זיך, אַז אווגוסט באַלעסלאַווסקי זאָגט אים איצט דאָס זעלבע, וואָס ער האָט אים נעכטן באַנאַכט געזאָגט אין כאָלעם:

„פאַל באַ זיך ניט אַראָפּ, שפּיל, דער פידל וועט דיך אַרויסשלעפּן פון אַלע צאָרעס“.

יאָ, אַלע האָפענונגען זײַנען איצט אָפן פידל.

דער סמיק האָט אַ פלי געגעבן אינדערלופטן, און ווי אָפן רוף פון אַ צויבער־שטעקעלע וואַקסט אויס די ליפּאָוועצער קאַפּעלע. עס קומען זיך צונויף די קלעזמער, וואָס זײַנען שוין לאַנג אָף דער וועלט ניטאָ. דוירעס קלעזמער! און אַלע, אַלע פאָדערן זיי פון אים, עזרען, אַ טיקן. אַלע,

אלע פֿאָדערן זיי פֿון אים, ער זאָל אויסהאַלטן, אלע ווינטשן אים, אַז זײַן גורל זאָל זײַן אַ מער גליקלעכער פֿון זייער גורל...

די מאַזשאָרע קלאַנגען פֿאַרשווינדן גיך, ווי עס זײַנען גיך פֿאַרשוווּנדן די טרוימען פֿון די אַלע, וועמען עזרע האָט דאָ ערשט געזען פֿאַר זיך. די צעבראָכענע, געפֿאַלענע קלאַנגען קלאָגן אַפֿן גרויסן אומגליק, וואָס איז געשען מיט יויעל־דאַווידן... עזרע ציטערט אויף. וועמען גייט דאָ אָן די ייִדישע עלעגיע? און גלײַך דערפֿילט ער, ווי אַף אַלע סטרונעס פֿון זײַן פֿידל צאַפּלט מיריעמס האַרץ, צאַפּלט דער מאַמעס טפֿילע. פֿעדאָצעווס שטים באַרויִקט און מונטערט אים:

„זייער גוט, וואָס אַף דיר האָבן זיך אָנגעוואַלגערט אַזויפֿיל אומגליקן, אַזויפֿיל ווייטעקן, וואָס עס קוקן איצט אַף דיר אַזויפֿיל אויגן. גוט! זייער גוט, עזרע! דו האָסט נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געשפּילט, ווײַל קיינמאָל ביסטו נאָך ניט געשטאַנען פֿאַר אַזויפֿיל ניסיונעס, פֿאַר אַזאַ עקזאַמען. שטאַרק זיך! שטאַרק זיך!"

עזרע לאָזט ניט אַראָפּ זײַנע בליקן פֿון די עקזאַמענאַטאָרס. טאַדעוש וולאַטאָסלאַווסקי האָט מיט זײַנע הענט פֿאַרשטעלט דאָס פּנים, ווי ער זאָל מוירע האָבן, אַז די אַלע אומגליקן, וואָס רײַסן זיך איצט פֿון עזרעס פֿידל, זאָלן אים אַליין ניט אַרײַנפּירן ערגעץ אין אַן אומגליק. עזרע דערקענט ניט דעם פּראָפֿעסאָר פֿון מוזיק־טעאָריע. די אויגן זײַנע, וואָס שנײַדן, ווי די מעסערס, לײַכטן מיט מיטלײַד און זיי ווערן פֿון רעגע צו רעגע מענטשלעכער און מענטשלעכער.

קאַזימיר שאַבעלסקי זיצט ווי אַ פֿאַרגליווערטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און אַווגוסט באַלעסלאַווסקי שײַנט פֿון גליק.

דער לעצטער אַקאָרד, דער לעצטער אויסגעשריי פֿון טיפֿן ווייטעק. עזרע גלייבט זיך אַליין ניט. דוכט זיך, אַז ער האָט אויסגעהאַלטן. יאָ, ער האָט אויסגעהאַלטן! דער פּראָפֿעסאָר פֿון מוזיק־טעאָריע פֿאַרלויפֿט דעם וועג קאַזימיר שאַבעלסקין און גוסטאַוו באַלעסלאַווסקין און גייט צו צו עזרען:

— איך באַגריס אײַך! אַ גרויסן דאַנק פֿאַרן פֿאַרגעניגן, וואָס איר האָט מיר פֿאַרשאַפֿן!

סאַראַ ליכטיקײַט! עס שײַנט די זון, עס שײַנען די פֿענעמער פֿון שאָפּען, מאָניושקאָ, גלינקען און בעטהאָווען. עס רײַסט זיך אַרײַן שויעל דער לאַנגער מיטן קאָנטראַבאַס און שרײַט:

— מאַזלטאָוו! מאַזלטאָוו! אונדזערע ווונטשן זײַנען מעקויעם געוואָרן, עס האָט געשלאָגן די גליקלעכע שאָ, עזרע האָט אויסגעהאַלטן!

— אַ פֿריילעכס! — שרײַט אויס פֿעדאָצעוו, — אַ פֿריילעכס לעקאָוועד עזרען!

סאַראַ גרויסע קאַפּעליע. פֿעדאָצעווס קאַפּעליע איז נאָך קיינמאָל אַזוי גרויס ניט געווען, און דער לאַנגער פֿינצטערער קאָרידאָר טאַנצט. אַלע פּאַטשן צו מיט די הענט און שרײַען הויך אַף אַ קאָל:

— מיר האָבן אויסגעהאַלטן! מיר האָבן אויסגעהאַלטן!

ווי דאָס גליק אַליין, פֿאַלט מיריעם אַרײַן אין עזרעס אָרעמס, איר ווײַס קלייד פֿלאַטערט מיט אַלע כיינען. און די מאַמע ווײנט פֿאַר גליק...

## סימכע־וועסאָן

די ביימער האָבן פֿאַרשאָטן די וועגן מיט געלע בלעטער. אין אַ וואָכעדיקן טאָג דערמאָנען זיי, אַז ס'איז געקומען די צײַט פֿון וועלקן, נאָר איצט זײַנען זיי יאָמטעוודיק, פֿײַערלעך, ווי דער מײַסעדיקער וווּנדער־טעפּיך.

אַ גאַס נאָך אַ גאַס, און וואָס מער ער דערנעענטערט זיך צו דער שטוב, אַלץ מער ווילט זיך גיין. ווי מעכײַעדיק זי איז, די גרויסע וועלט, ווען ס'איז גוט אַפֿן האַרצן, — ווו דו קומסט, ביסטו אַן אָנגעלייגטער גאַסט, אומעטום ווערט מען דיך אופֿנעמען, ווי אַ נאָענטן, ווי אַן אייגענעם. די גאַנצע וועלט איז דײַנע, און דו ביסט אירער, איר בעניאָכיד, דער איין־און־אייציקער אויסדערווײלטער.

שאַלעמקע האָט געטרוימט איצט בלויז וועגן איינס — דער ערשטער אָנזאָגן די גוטע בסורע. ער איז פֿאַרלאָפֿן עזרען דעם וועג, דערנאָך זיך אַרופֿגעכאַפּט אַף אַ וואָגן פֿון אַ באַקאַנטן באַלעגאָלע. און איז טאַקע געקומען אַ סאַך גיכער, ווי ער זאָל געווען גיין צופֿוס, נאָר קיין אָטעם האָט אים אַלציינס ניט געסטײַעט, גלײַך ער זאָל פֿון מוזיק־שול ביז אַהיים געווען לויפֿן.

— מאַ... מאַ... מע!... — האָט שאַלעמקע ניט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט.

— וואָס מאַקעסטו? אַ מאַקע איז מיר! — האָט לייקע אַ פּאַטש געגעבן מיט די הענט און אָנגעשטעלט אַף שאַלעמקען אַ פּאָר איבערגעשראָקענע אויגן. — וואָס איז געשען מיט עזרען? ווו איז עזרע?

— עזרע גייט! עזרע האָט אויסגעהאַלטן! עזרע וועט באַלד קומען!

לייקע האָט צוגעדריקט שאַלעמקען צו זיך און האָט זיך צעוויינט.

— מאמע! איך האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט א גוטע בסורע, איז וואָס זשע וויינסטו?

— קינד מײַנס, איך וויין איצט פון פרייד, דאָס הארץ וויינט שטענדיק, עס וויינט אי בייס און אומגליק, אי בייס א סימכע.

און ווי קעדיי דאָס קינד זאָל טאקע גלייבן, אז די טרערן קומען פון פרייד, האָט לייקע א כאַפּ געטאָן שאָלעמקען פאר דער האנט, געמומען דרייען זיך מיט אים איבערן צימער און אונטערגעזונגען:

...אויג דו אויג, וואָס איז מיט דיר דער מער,
אז ווען מע לאכט פון פרייד,
רינט פון דיר א טרער?

עס זײַנען ארײַנגעלאָפן זיאמע דער זייגערמאכער, טשיפּע־שיפרע און די שוויגער פּעסל.

— אז מע טאנצט, איז גוט! אז מע טאנצט, איז א סימן, אז אונדז קומט מאזלטאָוו! עזרע האָט אויסגעהאלטן!! — האָט טשיפּע־שיפרע גענומען צופּאטשן מיט די הענט צום טאקט.

בא דער שוויגער פּעסל האָבן פון פרייד געציטערט די ליפּן, זי האָט געדאנקט דעם וואָס לעבט אייביק, וואָס ער האָט אָנגענומען זייער געבעט, וואָס ער האָט ניט פארשעמט דעם קאָרידאָר.

זיאמע האָט אָנגעשטרענגט דעם געהער, פארזשמורעט די אויגן. ער האָט זיך אײַנגעהערט אין די רייד און פּלוצעם אויסגעשריגן: „ס׳גייט א גאנג!"

אין עטלעכע מינוט ארום האָט זיך וועגן דער גוטער נײַס דערוווּסט דער גאנצער קאָרידאָר. קליין און גרויס זײַנען געלאָפן באגעגענען עזרען. אין דער היים איז געבליבן דאָס אלטווארג און נאָכעמקע.

נאָכעמקע „מאך מיך איבער" האָט ניט אופגעהערט מורמלען:

— איינער מוז דאָך אמאָל אויסהאלטן... כאָטש איינער... כאָטש ווען־עס־איז... איינער מוז דאָך זײַן צופרידן, ניט וועלן, מ׳זאָל אים איבערמאכן!

קאמסקי האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען. שווערע פאַרגעפילן האָבן אויסגעלאָשן די אופגע־ברויזטע פרייד און צונישט געמאכט פאר אים די גוטע בסורע.

טײַבעלע האָט געבראכט צו שלעפּן פון גאס איר מאן אײַזיקל שיוועזיצער:

— וואָס ווייניקער דו וועסט זיך דרייען איבער די גאסן און וואָס ווייניקער דו וועסט זיך ווארפן אין די אויגן, וועט זײַן גלײַכער פאר דיר!..

אײַזיקל שיוועזיצער איז געהאַרכזאם נאָכגעגאנגען זײַן טײַבעלען, ווי א פארשולדיקט קיידער־ייִנגל. דערזעענדיק קאמסקין, האָט ער זיך שטארק פארוווּנדערט:

— פאני קאמסקי, ווי קומט עס? אײַער טאלמיד האָט אויסגעהאלטן און איר זײַט ניכטער! ס׳באקומט זיך, ווי מע זאָגט, געפאָרן אף דער כאסענע און פארגעסן דעם כאָסן. מיילע איך, איך בין א טרייף שטיקל סכוירע, אבער איר, פאני קאמסקי, איר זײַט דאָך קאָשער, איר זײַט דאָך דער הויפּט־מעכוטן. מיילע איך, איך האָב א טײַבעלע ביז הונדערט און צוואנציק יאָר, וואָס פּיקט ווי אן אָדלער, אָבער איר, איר זײַט דאָך א פרײַער פויגל. איר האָט קיין רעכט ניט שטיין אָן א זײַט ווי א פרעמדער!

— אָט אזוי איז עס, — האָט קאמסקי א מאך געגעבן מיט דער האנט, — איך ווייס זייער גוט, מיט וואָס עס ענדיקן זיך אזעלכע סימכעס. איך האָב שוין מער קיין קויעך ניט זיך אנ־טוישן, און דעריבער האָב איך מער קיין קויעך ניט זיך צו באגײַסטערן. ס׳איז אוודע ניט גוט, נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אז ס׳איז פאָרט ניט גוט...

פון גאס האָבן זיך דערטראָגן הילכיקע אויסגעשרייען:

— ער גייט!

— אונדזער עזרע גייט!

טישן פון פארשיידענער לענג און ברייט, הינקעדיקע אף א פוס, און אף צוויי און אף אלע פיר, טישן מיט סקריפּענדיקע קוויטשערײַען, מיט באַסאָווע טענער, מיט קרעכצן און זיפצן, האָבן זיך פארייניקט אין איין גרויסן טיש, וואָס האָט זיך געצויגן אין גאָר דער לענג פון קאָרידאָר. די אָרעמע הוילקײַט פון יעדן טיש איז געווען באדעקט מיט אן אנדער טישטעך, און פון אלע טיש־טעכער איז געוואָרן איין גרוי־גרינער, ווײַס־בלויער, געל־רויטער טישטעך. אף די געדעקטע טישן זײַנען געשטאנען פארשיידענע לײַכטערס, גרויסע, מיטעלע און קליינינקע, מעשענע, בלעכענע; געווען זײַנען אויך פּאָשעטע ציגל מיט אויסגעהוילטע לעכער, קעדיי ארײַנשטעלן אין זיי די ליכט. פלעמעלעך פון כיילעוונע און וועקסענע ליכט האָבן זיך פארייניקט מיט די פלעמעלעך פון זעקסער, אכטער און צוועלפער לאָמפּן, מיט די זיך טוקנדיקע און הוידענדיקע פלעמעלעך פון

קנייטלעך, וואָס האָבן זיך געווייקט אין בוימל. אַלע פֿלעמלעך צוזאַמען האָבן געהאַלטן אין איין פֿאַריאָגן די פֿינצטערניש, וואָס גייט פֿונדאַנען ניט אַוועק אַפֿילו אין די סאַמע זוניקסטע טעג.

היימיש געשטעלטער ווײַן, וואָס מע האָט אָנגעגרייט קעגן בויכווייטעק, נאַליווקעס פֿון דעם מין „האַלעוויַ זאָל מען ניט באַדאַרפֿן", יונג־יוירנדיקער פֿייסעכדיקער עפּל־ווײַן און בראָנפֿן האָבן אַרויסגעפֿינקלט פֿון די פֿאַרשיידענע פֿלעשער און גראַפֿינען, זיך איבערגענומען מיט דעם, וואָס אין זיי ליגט פֿאַרבאַהאַלטן דער סאָד פֿון פֿרייד, וואָס אָן זיי וואָלט די שׂימחה קיין שׂימחה ניט געווען. הילצערנע, ליימענע, בלעכענע און פֿאַרצעלײַענע שיסעלעך און טעלער, טשאַשקעס, גראָבע פֿינגער־גלעזער, קופּערנע קווערטלעך, הילצערנע און בלעכענע לעפֿל... וויפֿל באַלעבאָ־סטעס — אַזוי פֿיל פֿאַרשיידענע פֿאַרבײַסעכצן און געקעכצן.

אײַזיקל שיוועזיצער האָט געכאַלעשט, אַזוי האָט זיך אים געוואָלט זיצן לעבן עזרען און לעבן קאַמסקין, נאָר טײַבעלע האָט אים באַזעצט ערגעץ באַם סאַמע עק טיש.

— קריך ניט, — האָט זי אים געזאָגט, — יעדער איינער דאַרף וויסן זײַן אָרט... דײַן אָרט איז אָט דאָ, קיין שענערס האָסטו ניט פֿאַרדינט, איז זיץ אין געהאַקטע ווונדן. אַ רעבע, וואָס זיצט אויבנאָן, ווײסטו זײַן באַ דײַנע גאַנאַווים, און דאָ ביסטו גאָר אַ קליינער יִכעס...

אײַזיקל האָט ווי שטענדיק זיך געמוזט אונטערגעבן, געמוזט אָנשטרענגען דאָס איין־און־איינציקע רעכטע אויג זײַנס, ווידער גוט אײַנקוקן זיך אינעם באַלסימכע, אין עזרען, וועלכער איז געזעסן אויבנאָן — צווישן פּאָלינען און יענטע דער טרייסטערן.

און ניט נאָר אים, אײַזיקל שיוועזיצער, איז אויסגעקומען זיצן ניט דאָרט, ווו עס האָט זיך געוואָלט, נאָר אויך אַ סאַך אַנדערע שכיינים פֿון קאָרידאָר. אָף דער שׂימחה זײַנען געקומען אײַנגעלאַדענע און ניט קיין אײַנגעלאַדענע געסט פֿון די דערבײַיקע הײַזער. די ניט־אײַנגעלאַ־דענע האָבן די אײַנוווינער פֿון קאָרידאָר אָפּגעטראָטן די בעסטע ערטער, ווי מע זאָל זיך מיט דעם אַנטשולדיקן דערפֿאַר, וואָס מע האָט זיי ניט אײַנגעלאַדן.

— רוקט זיך פֿאַנאַנדער! נאָך אַ ביסעלע, אָט אַזוי, — האָט זיאַמע דער זייגערמאַכער אַ פֿאַרשמײַעטער אָנגעוויזן יעדן זײַן אָרט, — פֿאַר צוויי דאַרע איז גענוג איין אָרט, פֿאַר די, וואָס האָבן אַ גוטן אַפּעטיט און פֿאַפֿראַוועט זיך פֿון קאַרטאָפֿליעס אין מונדירן, וועט הײַנט זײַן גענוג דרײַ פֿערטל אָרט. נישקאָשע, אַז ס'איז גוט אָפֿן האַרצן, איז אומעטום געראַם!

— אַוואַדע! אַוואַדע! — האָבן די געסט אונטערגעהאַלטן זיאַמען. — ווער זאָגט דען, אַז ס'איז ענג, ענג זאָל זײַן אונדזערע סאָנים, וואָס שלאָגן זיך קאָפּ אין וואַנט און קאָנען קיין אָרט זיך ניט געפֿינען אין זייערע גערױמע פּאַלאַצן.

— געראַם ווערט בלויז פֿון אַ ביסל בראָנפֿן. אָף נעמען אַ ביסל בראָנפֿן דאַרף מען ניט זיצן. פֿאַרקערט, אַז מע שטייט, גייט מער אַרײַן... איז וואָס זשע מאַכט איר שיִעס? — האָט קאַמסקי אונ־טערגעײַלט זיאַמע דעם זייגערמאַכער, — אַ ביסל בראָנפֿן איז דאָך ניט קיין זייגער, וואָס מע באַדאַרף זיך פֿאַרקען אין זײַנע רעדעלעך און שרײַפֿעלעך. דער מעכאַניזם פֿון אַ פֿלעשל איז אַ פּאָשעטער — אַרויסגעהאַקט דעם קאָרעק, אַרײַנגעגאָסן אין גאָרגל, און עס צעיאָגן זיך אינווי־ניק אַלע רעדעלעך, אַלע שרײַפֿעלעך, די גאַנצע וועלט גייט מיט דיר אַוועק כאַדאָראַם!

— ס'איז אָבער פֿאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד פֿון אַ שיקער ביז אַ זייגער, — האָט זיאַמע גוטמוטיק געלאַכט און גוטברודעריש געקלאַפּט קאַמסקין אין פּלייצע, — אַ שיקער ווייסט ניט, אָף וועלכער וועלט ער געפֿינט זיך, און דער זייגער איז שטענדיק ניכטער, ער ווייסט, ווו אײַן און ווו אויס, יעדע רעגע איז באַ אים אויסגערעכנט און יעדע מינוט גייט באַ אים אַרײַן אין כעזשבן.

מיטן ערשטן טאָסט האָט מען מעכאַבעד געווען די עלטסטע פֿון אַלע געסט, יענטע די טרייסטערן.

— איך וועל ריידן אָף ייִדיש, — דער בעכער מיט ווײַן האָט געציטערט אין איר האַנט, ווי עס האָבן געציטערט אָף אירע ליפּן די ייִדישע ווערטער, — איך וועל ריידן אָף ייִדיש, און זאָלן מיר מויכל זײַן די פּוילישע געסט.

— פּאַני יענטע, ווי קומט עס צו אײַך, — האָט זיך אופֿגעהויבן איינער פֿון די פּוילישע געסט, אַ ווײַס־גרויער, הויכער מאַן מיט לאַנג אַראָפּגעלאָזטע וואָנצעס, — איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז באַ אונדז אין קאָרידאָר רעדט מען אָף צוויי שפּראַכן.

— ריכטיק! ריכטיק!

יענטע האָט גענומען ריידן אָף פּויליש.

— ווי איר זעט, — האָט זי געזאָגט, — איז אויך אָף אונדזער גאַס יאָמטעוו. אויך אָט דאָ, אין דעם לאַנגן פֿינצטערן קאָרידאָר, איז ליכטיק געוואָרן. דאָס איז, פּרײַנט מײַנע, אַ גרויסע טרייסט, טרייסט איז ניט קיין אַרויסגעוואָרפֿענע זאַך, דער געטרייסטער באַקומט קויעך צו וואַרטן, און ווער עס וואַרט — דער דערוואַרט זיך!.. לאָמיר, פּרײַנט מײַנע, אויסטרינקען פֿאַר עזרעס פֿידל! פֿאַר דעם, אַז ער זאָל ברענגען מיט זיך פֿרייד. ווער עס קאָן דערפֿרייען יענעם, דער

ווייסט דעם עמעסן טאַם פון פרייד, ווײַל וואָס קאָן זײַן בעסער ווי עמעצן כאַטש מיט עפּעס־וואָס פאַרבעסערן און פאַרגרינגערן. יעדע טרייסט איז אַ פּערל, יעדע סימכע איז אַ דימענט. איז לאָמיר ווינטשן אונדזער עזרען, אַז דער פּאָדעם, אויף וועלכן ער וועט סילען זײַנע פּערל און די־מענטן, זאָל זיך קיינמאָל ניט איבערײַסן, ער זאָל זיך קיינמאָל ניט ענדיקן. לאָמיר אים ווינטשן, אַז די שײַן זײַנע זאָל זײַן די שײַן פון טאָג, די שײַן פון דער זון, און ניט די שײַן פון אַ ליכט, וואָס ווערט פאַרלאָשן פונעם ווינט.

קאַמסקיס ניכטערקײַט האָט ניט אויסגעהאַלטן און גלײַך צונישט געמאַכט די ווונטשן פון יענעמס טאָסט:

— ווי איז צו דעם, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין מויער און בויט טיר און טויער! ס'איז גאָר־נישט, און גאָרנישט קאָן מען פאַרשליסן בלויז מיט לופט־שלעסער. וואָס מיינט זי זיך, יענטע, אַז פּערל, דימענטן און בריליאַנטן פּליקט מען, ווי פּעדערן? אַ פּעדער איז נאָך ניט קיין פליגל, און אַ פליגל איז נאָך ניט קיין פויגל. ניט אַלץ, וואָס גיט אַ לײַכט, איז ליכטיק. אַ מעשן קנעפּל לײַכט אויך, נאָר וואָס איז עס פאַר אַ לײַכטן... איך האָב ליב עזרען ניט ווייניקער, ווי איר אַלע דאָ, און ניט ווייניקער, ווי איר, וואָלט איך געוואָלט, אַז ער זאָל זײַן גליקלעך, גליקלעך פאַר אונדז אַלע. נאָר ווו נעמט מען עס, דאָס גליק, אַז דער אומגליק פאַרשטעלט אַלע וועגן? איר דערמאָנט מיר יענעם פאַרשוין, וואָס האָט אָנגעקוואָלן, ווען ער האָט דערזען, ווי איין בעטלער קראַצט דעם צווייטן — דער קראַצער פאַרמאָגט גאַרניט און איז אַזוי רײַך מיט מענטשן־ליבע. נאָר קראַץ הײַנט, קראַץ מאָרגן, אַלציינס וועט בײַסן. פאַרקערט, אַ טשעסאָטקע וואָס מער מע קראַצט, אַלץ מער בײַסט.

לייקע איז אופגעשפּרונגען, גרייט דוירעס זײַן קאַמסקין:

— וואָס האָט איר צו אונדז, פאַרוואָס פאַרשטערט איר אונדז די סימכע? גייט אַהין, ווו ס'זײַ־נען פאַראַן אַ סאַך סימכעס, און פאַרשטערט זיי! באַ אונדז איז איין־און־איינציקע סימכע פאַר אַזוי־פיל יאָרן, איז לאָזט זי צורו, טשעפּעט זי ניט!

— ווער זײַט איר — אונדזער פרײַנט צי אונדזער פײַנט? וואָס פאַרומערט איר אונדז דאָס לעבן? ס'איז אַזוי אויך געגנוג ביטער! — זײַנען אַלע ווײַבער אָנגעפאַלן אויף קאַמסקין און אונטער־געהאַלטן לייקען.

די מאַנצבלען האָבן זיך געשטעלט אויף דער זײַט פון די ווײַבער:

— ריכטיק! ריכטיק! קאַמסקי איז אונדזער סאָטן־מעקאַטרעג, דער בילעם, וואָס וויל מיט אונדז לערנען באָלעק!

קאַמסקי האָט זיך געפּרוווט אָפּשלאָגן. פאָולינע האָט אים צוגעמאַכט דאָס מויל.

— אויף צווייערליי מינים מענטשן איז אַ ראַכמאָנעס. אויף די, וואָס האַלטן נאָר פון זיך, און אויף די, וואָס האָבן פײַנט אַפילע זיך אַליין.

— געגנוג שוין! שטילער! — האָט זיך זיאַמע דער זייגערמאַכער ארײַנגעלייגט אין שאַלעם. — קאַמסקי איז אונדז ניט קיין סוינע, ער וויל נאָר, אַז אונדזער סימכע זאָל האָבן לאַנגע יאָר, אַז די האָפענונג זאָל אונדז ניט אָפּנאַרן, און מיר זאָלן ניט פאַרגעסן, אין וואָס פאַר אַ צײַט מיר לעבן. וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט צו אים? ער איז נעבעך ניכטער, און איר ווייסט דאָך, אַז קאַמסקי איז ניכטער, איז אים שטאַרק ביטער אויפן האַרצן. דאַרף מען די ביטערקײַט אָפּשווענקען מיט ביטערקײַט, און קאַמסקי וועט, ווי אַלעמאָל נאָך אַ ביסל מאַשקע, ווערן צוקער־זיס.

זיאַמע האָט אונטערגעטראָגן קאַמסקין אַ פול אָנגעגאָסענע קויסע.

קאַמסקי האָט פלינק אויסגעטרונקען, אָפּגעווישט די ליפּן, אַ שמעק געטאָן אַ שטיקל ברויט און געגנומען פאַרבײַסן מיט אַ מאָשל:

— אין ערגעץ אַ לאַנד און אין ערגעץ אַ מעדינע איז אַ פויגל אַ שיינער געווען. שענער פון אַלע פייגל האָט ער געזונגען און העכער פון אַלע פייגל געפלויגן. האָט עס איינעם אַ יעגער שטאַרק פאַרדראָסן. עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער קאָן ניט זינגען און קאָן ניט פליִען אַזוי, ווי אָט דער פויגל, און פון פאַרדראָס גענומען צילן אין אים. דער פויגל האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, ער איז געפלויגן און איבערגעפלויגן פון איין אָרט צום צווייטן, ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער האַנט פון אַ קיניגלעכן מאָנומענט און איז דאָרט שטיין געבליבן. דער יעגער האָט אופגעהערט זיך צילן. וועט ער שיסן אינעם פויגל — קאָן מען אים דערנאָך באַ־שולדיקן, אַז ער האָט געשאָסן אינעם קייסערס מאָנומענט און ער וועט דערפאַר באַצאָלן מיטן קאָפּ. דער יעגער מיט דער ביקס אין דער האַנט איז אָבער געבליבן וואַרטן. ער איז זיכער געווען, אַז דער קאָרבן וועט זיך פון אים ניט אויסדרייען. ער האָט געוווּסט — דער, וואָס פליט אַזוי הויך און זינגט אַזוי שיין, דאַרף נאָך צו דעם אַלעמען עסן, און אַ קייסערס האַנט איז שטענדיק פאַר־מאַכט, שטענדיק פאַרגליווערט, ביפראַט נאָך די האַנט פון אַ קייסערישן מאָנומענט. דער פויגל האָט געהונגערט אַ טאָג, צוויי, דרײַ און מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט אַ פּאַכע געטאָן

מיט די פליגל און זיך ארויסגעריסן פונעם קייסערס האַנט. אין אָט דער רגע האָט דער יעגער אויסגעשאָסן, און — אויס פויגל!..

דער טרויעריקער נימשל איז גלײַך דערגאַנגען צו יעדן איינעם.

— ער איז נאָך ניכטער! בראַנפן! וואָס מער בראַנפן דערלאַנגט אהער!

— וואָס איז דאָ אזוי שטיל געוואָרן? — האָט אויסגעשריִען זיאַמע. — לעכאַיִם!

— לעכאַיִם!

— פאַר עזרעס געזונט!

— פאַר ווײַטערדיקע דערפאָלגן!

— פאַר ווײַטערדיקע סימכעס!

— פאַר דעם, אז אין אונדזער פינצטערן קאָרידאָר זאָל שטענדיק ליכטיק זײַן!

— לעכאַיִם! — שרײַט קאַמסקי.

דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן איז עזרע שיכּורלעך. אזויפיל מאָל איז ער געווען אַף כאַסענעס, אַף סימכעס און פּריצישע בעלער דער ניכטערער צווישן אַלע שיכּורע, און איצט ברויזט אין אים די מאַשקע. ס׳איז זײַן סימכע!

— שאָלעמקע וועט שפּילן אַפן פידל, — גיט צו וויסן זיאַמע, — עזרעס טאַלמיד וועט אונדז באַווײַזן, וואָס זײַן לערער האָט אים אויסגעלערנט!

לייקע איז אַוועקגעלאָפן און געבראַכט דעם פידל.

שאָלעמקע האָט אויסגעפּרווט יעדע סטרונע און איבערגעגעבן דעם פידל עזרען.

עזרע איז מיט זײַנע אײַליקע פינגער דורכגעלאָפן איבער די סטרונעס:

— ריכטיק! ריכטיק!

עזרע האָט אײַנגערוימט שאָלעמקען אין אויער, מיט וואָס אַנהייבן און מיט וואָס ענדיקן. איבערן קאָרידאָר האָבן זיך צעטראָגן די קלאַנגען פון א פּוילישער מעלאָדיע.

„סאַראַ זיכערקײַט אין זײַן שטייגער, אין זײַן האַלטן דעם פידל, — האָט עזרע אָנגעקוואָלן, — און ערשט ניט לאַנג פלעגט שאָלעמקע ניט קאָנען אײַנשטיין אַף קיין אָרט".

פּעסט איז שאָלעמקעס האַנט, און לײַכט איז דער סמיק. עזרע קוקט זיך צו, ווי שאָלעמקע נעמט ניט אַראָפּ דעם פינגער פון דער סטרונע, ביז עס נעמט קלינגען די צווייטע.

גוט! דאָס סאַמע ערגסטע —דאָס איז פּוסטקײַט, ליידיקײַט. דער איבערגאַנג דאַרף זײַן א פלינקער, אזוי פלינק, אז מע זאָל אים ניט באַמערקן. יעדער איבערגאַנג דאַרף מיט זיך ברענגען וואַרײַרטע און קאָנטראַסטאַרטיקע קלאַנגען. איינטאָניקײַט דערמאָנט די שפּראַך פונעם ווילדן מענטשן, וואָס איז באַשטאַנען פון געציילטע קלאַנגען. גוט! אזוי באַדאַרף מען שפּילן. דורך רויִ־קײַט קאָן מען איבערגעבן דעם סאַמע שטאַרקסטן אומרו.

עס הייבט אָן קלינגען א ייִדישע מעלאָדיע, און עזרען ווערט יאָמערדיקער אַפן האַרצן. ווי טיף שאָלעמקע פּילט יעדן קנייטש, יעדן קרעכץ! אָט־אָט איז אַלץ געענדיקט, אַלץ איז פאַרפאַלן, נאָר עס צעיאָגט זיך אַף א סטרונע דער ביטאָכן, ווי א רײַטער, וואָס האָט אָנצוזאָגן א פריידיקע בסורע, און אַלע קלאַנגען ווערן האָפערדיק, פול מיט האָפענונג און גלויבן.

שאָלעמקע האָט געענדיקט. אַלע זײַנען געווען איבערראַשט. מ׳האָט אים געהאַלדזט און גע־קושט... לייקע האָט ניט געקאָנט אײַנהאַלטן די טרערן:

— טײַערער עזרינקע! א גרויסן דאַנק! א גרויסן דאַנק אײַך!

— און איצט... און איצט יאָמויד, יאָמויד האַכאָסן... — האָט פײַערלעך א קלונג געטאָן זיאַ־מעס שטים. — און איצט זאָל דער כאָסן אליין אונדז באַווײַזן, וואָס ער קאָן!

אַלע האָבן זיך אופגעהויבן פון די ערטער:

— עזרע! עזרע!

ווען דער אוילעם האָט זיך באַרויִקט, האָט זיך עזרע פאַרנייגט און שטיל געזאָגט:

— איך קאָן ניט. איך טאָר ניט.

— וואָס הייסט עס? — איז אונטערגעשפּרונגען זיאַמע.

— וואָס הייסט עס? — האָבן אַלע פאַרוווּנדערט איבערגעפרעגט.

— דאָס הייסט, איך קאָן ניט און טאָר ניט, איך האָב געגעבן דאָס וואָרט מײַן לערער, פּעדאָ־צערן, אז אויב איך וועל זײַן אפילע עטוואָס בעגילופנדיק, וועל איך זיך ניט צורירן צום פידל... ניט שפּילן, ווען מיר וועט זײַן גאָר גוט אָדער שלעכט אַפן האַרצן. ווײַל ווען מיר זײַן גאָר גוט, וועל איך פילן בלויז די פרייד און שטום בלײַבן פאַרן טרויער, און ווען מיר זײַן גאָר שלעכט, וועט די פרייד בלײַבן א פרעמדע פאַר מיר און דאָס שפּילן וועט זײַן א העלפט פון דער שפּיל. די פרייד איז ניט אָפּגעטיילט פונעם טרויער, ווי דער טרויער פון דער פרייד, זיי זײַנען מעמאַלע איינער דעם צווייטן, און דער פידלער דאַרף שטענדיק זײַן אין דער מיט צווישן זיי ביידן.

די געסט האָבן זיך באַרויִקט. עזרעס וואָרט איז א וואָרט, און קיינער וועט ניט וואגן צווינגען אים ברעכן זײַן וואָרט.

— נו, און כעמע דער קלעזמער, כעמע דער באדכן מעג? — האָט זיאמע געפרעגט. — בא כעמען קאָן מען דאָך קיינמאָל ניט דערגיין קיין טאָלק, ווען ער איז פריילעך און ווען ער איז טרויעריק...

— יאָ! יאָ! כעמע מעג!

— דערלאַנגט אהער כעמען!

— כעמע, באַווײַזט, וואָס איר קאָנט!

דער אויסגעדאַרטער, רירעוודיק־באַוועגלעכער כעמע האָט אראָפּגעוואָרפן די שיך און פלינק ארופגעשפרונגען אין זײַנע ווייסע שקארפעטן אף א בענקל. די פּאָלעס פון זײַן קאַפּאָטקע זײַנען געווען פארשטעקט אין גארטל, ער האָט צונויפגעשלאָסן די ליפּן, א צופּ געטאָן דאָס קײַלעכדיק־גרויע בערדל, צעעפנט די ברייטע דאָרשטיקע אויגן און מיט זיך אליין זיך מעיאשעוו געווען, פון וואָס אָנצוהייבן, וויאַזוי זיך צו פירן אף אזא ניט געוויינלעכער סימכע.

כעמע זיפצט אויס א טיפן „אוי“, און דער פידל פארגייט זיך:

א ני כלעבא, א ני סאָלי,
א ני שטשאסטיא, א ני דאָלי,
ניט קיין זאלץ און ניט קיין ברויט,
ניט קיין לעבן, ניט קיין טויט,
אין אָרעמקײַט לעב איך מיט מײַן געזינד,
א קאַפּאָרע זאָל עס זײַן פאר מײַנע זינד.

— „א קאלע־לעבן“! „א באזעצנס“! א „פריילעכס“! א „מאראלנע“! א „וויינענדיקס“! — זײַנען געפלויגן באשטעלונגען פון אלע זײַטן.

און כעמע קאָן אויך זײַן „קאלע־לעבן“ ניט אָנהייבן אָן אן „אוי“:

אוי, קאלע־לעבן, קאלע־לעבן!

פאר עזרעס אויגן טראָגט זיך דורך א געווירבל פון כאסענעס, אף וועלכע ער האָט געשפּילט. און „אוי“ און נאָכאמאָל „אוי“. יעדער באדכן מיט זײַן „אוי“, און פון אלע „אויען“ ווערט שווער עזרען אפן הארצן. וויפל „מאזלטאָווס“ מע האָט אף די כאסענעס ארויסגעבראכט, און דאָס מאזל האָט ניט געטאָגט און ניט געגנעכטיקט בא קיינעם פון די כאסאַנים, בא איינער פון די קאַלעס. אָפּגעהוליעט, אָפּגעטאנצט און אוועקגעפאָרן מיט די מעכוטאָנים. פארפלויגן איז דאָס מאזל, און מע ווייסט גאָרניט וווהין...

אוי, קאלע־לעבן! קאלע־לעבן!

— אוי, — רײַסט זיך ארויס בא עזרען א טיפער זיפץ, — אוי, ווי מע טאָר ניט גלייבן דער פרייד, זי קומט אף א ווײַל און פארשווינדט אף טויזנטער מײַל...

כעמע זינגט, און דער פידל שפּילט:

דײַן שיפעלע שווימט איצט צו א פרעמדן ברעג,
דײַן הערצעלע, נעבעך, וועט זײַן פול מיט צאָרעס,
ווי מיט א הינדעלע שלאָגט מען מיט דיר קאַפּאָרעס.
מאָשל מא לעדאָווער שלוימע,
ווי נאָר דער אשמעדײַ האָט אים פארוואָרפן פון זײַן פּלאץ,
האָט ער אומעטום, נעבעך, געשריגן „אני שלוימע“
און מ׳האָט אים געהערט, ווי די ראַבע קאץ.

די לעצטע קלאנגען פונעם פידל זײַנען נאָך ניט אויסגעגאנגען, און כעמע שרײַט, מע זאָל אים פרײַ מאכן א טיש:

— נעמט צו די מײַכאָלים און מאשקאָעס און לאָזט בלויז פיר לײַכטער מיט ברענענדיקע ליכט!

דער טיש ווערט אָפּגעראַמט. כעמע גיט א פלינקן שפּרונג פונעם בענקל און וואקסט אויס מיטן פידל אין די הענט אפן טיש. דער פידל שפּילט, און כעמעס פאָנעם איז באַשײַנט, און זײַנע פיס זײַנען באַלויכטן, זיי טראָגן זיך לײַכט הין און צוריק איבער די לײַכטער מיט די ברענענדיקע ליכט. ער טאנצט, און אלע פלעמעלעך טאנצן אים נאָך, און קיין איין פלעמעלע ווערט ניט פארלאָשן. סארא וווּנדער!

כעמע שפּרינגט אראָפּ פון טיש, נעמט ארויס פון די הויזן־קעשענעס א פּאָר הענטשקעס, טוט זיי אָן אף די הענט, פארלייגט דעם פידל אפן רוקן און נעמט אויסשפּילן א „פריילעכס“.

דער אוילעם גאַפּט:

— אוי, איז דאָס אַ כּעמע! אוי, אַ לעץ! ער שפּילט מיט אַלע איווּרים. ער וואָלט מיסטאָם מיט דער נאָז אויך געקאָנט אויסשפּילן אַ מאַרש...

— גענוג! גענוג! איך קאָן עס מער ניט צוקוקן! — האָט עזרע אַ שפּרונג געטאָן און אַרויסגע־כאַפּט דעם פידל פון כּעמעס הענט. — ווי שעמט איר זיך ניט! — עזרעס שטים האָט געציטערט פון אויפרעגונג. — ווי קאָן מען עס פאַרשעמען דעם פידל. דער פידל איז באַשאַפן געוואָרן, מע זאָל אויף אים שפּילן, און ניט אויף צו באַוויַיזן קונצן. איר זײַט דאָך מעסאַמייעך דעם לאַנגן פינצ־טערן קאָרידאָר, איר שפּילט דאָך לעקאָוועד מיר, און ניט אויף קיין פּריצישן באַל, און ניט אויף קיין גוווירישער כאַסענע. זיי, די פּריצים און גווירים, האָבן ליב, מע זאָל זיי קיצלען, מיר נייטיקן זיך ניט אין דעם!

דער אוילעם איז געבליבן אין אַ שווערער פאַרלעגנהײַט, ס'איז געווען ניט אָנגענעם זיך שטעלן סײַ אויף עזרעס און סײַ אויף כּעמעס זײַט. אַלע האָבן געשוויגן, און אַלעמענס בליקן האָבן זיך געבעטן בא עזרען מויכל זײַן כּעמען.

עזרע האָט צוליב געטאָן דעם אוילעם און אומגעקערט כּעמען דעם פידל.

דער אוילעם איז ווידער פריילעך געוואָרן, און ווידער האָבן זיך הילכיק געטראָגן לעכאַיִמס.

עזרע טרינקט. אוי, ווי דער קאָפּ דרייט זיך...

— ער איז שיקער, אונדזער עזרינקע. בראַנפן, געמישט מיט גליק, איז, וויַיזט אויס, זייער אַ האַרבע מאַשקע. נאָר ס'מאַכט ניט אויס, אויב ס'איז אים באַשערט זײַן שיקער, זאָל ער, אונדזער עזרע, שיקער זײַן בלויז פון גליק.

ס'איז שוין געווען שפּעט באַנאַכט, און די סימכע איז געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער. ס'איז איר ענג געוואָרן אין קאָרידאָר, און זי האָט זיך אַרויסגעריסן אין דרויסן.

קאַמסקי האָט, ווי אַלעמאָל, ווען ס'איז אים אויפגעלייגט אַפן האַרצן, דעקלאַמירט פּושקינען. כּעמע מיט שאָלעמקען האָבן געשפּילט אויף זייערע פידלען. קליין און גרויס, ווער נאָר ס'האָט געהאַט מיט וואָס און אין וואָס, האָבן געפּויקט און צוגעקלאַפּט צום טאַקט. עס האָבן זיך געלאָזט הערן לעפל און גאָפּל, בלעכענע שיסלען, קופּערנע טאַצן, שטייסלעך און טויקעטשן... דער אוי־לעם טאַנצט, מע טראָגט זיך אין אַ קראַקאָוויאַק, און אָט גייט מען איבער צו אַ שער.

דער פריידיקער ראַש וועקט שטוב נאָך שטוב, עס הייבט זיך אויף די גאַנצע גאַס, דער אוי־לעם ווערט גרעסער און גרעסער.

— טײַערע פרײַנט, אונדזער עזרע האָט אויסגעהאַלטן! — האָט זיאַמע דעם זייגערמאַכערס קאָל הילכיק זיך געטראָגן איבער דער גאַס. — אונדזער סימכע איז מער, ווי די סימכע פון אַ יידישער מיט אַ פּוילישער כאַסענע צוזאַמען!

כּעמע זינגט, כּעמע וויינט, כּעמע בעט זיך אויף זײַן פידל:

— אוי, ווײ, עס טאָגט שוין! דער טויער פון אונדזער פרייד ווערט צוגעשלאָסן! אוי, נאָך אַ ביסעלע נאַכט.

די נאַכט גייט אויס. שוין לאַנג נאָכן „דאָבראַניטש“, כּעמע שפּילט אַ „דאָברידזוען“.

עס האָט געגומען שאַריִען אויף טאָג.

## ניט אָנגענומען

דער יאָמטעוו האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטן דאָס אָרט דער האַרבער גרויער וואָך. עזרען האָט זיך אַלץ געוואָלט גלייבן, אַז דער לאַנג דערוואַרטער טאָג, דער טאָג פון דורכויסיקן יאָמטעוו, וואָס איז אויסגעטרוימט געוואָרן פון פאַרשיידענע דורעס און פאַרשיידענע צײַטן, איז געקומען אויף שטענדיק.

אין אָט די טעג האָט עזרע ניט געקאָנט זײַן אַליין. טרויער האָט ליב איינזאַמקייַט, און פאַר דער פרייד, וויפל מענטשן ס'זאָלן זי ניט באַגעגענען, וויפל מענטשן ס'זאָלן זי ניט באַגריסן, איז אַלץ ווייניק.

עזרע האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין טיר פון לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר, ער זאָל זי ניט עפענען. ער האָט געהאַלטן אין איין געבן טעלעגראַמעס, אין איין שרײַבן בריוו. אַ טעלעגראַמע דעם טאַטן מיט דער מאַמען, אַ טעלעגראַמע לייבעלען, אַ טעלעגראַמע מיריעמען. עזרע האָט טע־לעגראַפירט פעדאָצערן, און אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער זיך באַטראַכט, אַז פעדאָצער האָט פאַרדינט אַ מער וואַרעמע און האַרציקע טעלעגראַמע, האָט אַ צווייטע טעלעגראַמע געגומען אָניאָגן די ערשטע.

טעלעגראַמעס קיין סעוואַסטאָפּאָל, קיין בעלץ. די אָנגעזאָגטע בסורע האָט פון אומעטום ווי אַ ווידערקאָל זיך אומגעקערט מיט האַרציקע מאַזלטאָווס און באַגריסונגען. סאַראַ גליקלעכער

ער איז! ער האָט אויסגעהאַלטן! ער האָט איבערגענומען דעם פידל און ער וועט אים איבערגעבן ווײַטער, ער זעצט פאָר דעם דאָר פון קלעזמער, דעם דאָר פון מענאַגנים, ער האַלט אונטער דעם קיַעם פון פאָלק. דער דאָר גייט אוועק, און דער ניגון בלײַבט, און אין יעדן פאַרבליבענעם ניגן דערקענט מען דעם אוועקגייענדיקן דאָר. לעבט דער ניגון, וועט קיינמאָל ניט שטאַרבן די געדעכעניש פון פאָלק!

סאַרא גליקלעכער ער איז, עזרע!

אין אָט די גליקלעכע טעג האָט עזרע באַשטימט דאָס, וואָס ס׳איז אים ביז אַהער שווער געווען באַשטימען. גלײַך נאָך דער ערשטער טעלעגראַמע, אין וועלכער ער האָט מיטגעטיילט מיריעמען, אַז ער האָט אויסגעהאַלטן די עקזאַמענעס, איז אַוועק אַ צווייטע:

„מיריעם, טײַערע, קום צו פאָרן קיין וואַרשע! איך וואַרט אָף דיר, איך קאָן אָן דיר ניט זײַן. דײַן עזרע״.

ווידער האָט איבער וואַרשע אַראָפּגענידערט אַ שיינער, זוניקער האַרבסט־טאָג. עזרע איז געגאַנגען אין מוזיק־שול, קעדיי אַליין, מיט די אייגענע אויגן איבערלייענען זײַן פאַמיליע, נאָמען און פאָטערנאָמען אין די צעטלען פון די נײַ־אָנגעקומענע סטודענטן.

אין וועג האָבן עזרען באַגלייט אַלע קלאַנגען, וואָס ער האָט ווען־עס־איז אָף זײַן לעבן אַרויסגעבראַכט, אַלע קלאַנגען האָבן אין אָט דעם אינדערפרי געשפּילט טיף אינווייניק אין אים.

ווידער האָט זיך עזרע באַגעגנט מיט די פאָרטרעטן פון די קייסאָרים. נאָר איצט האָט ער זיך פאַר זיי ניט איבערגעשראָקן.

עזרע איז צוגעגאַנגען צו דער מעלדונג־ברעט. אָט איז דאָס לאַנג געטרוימטע און לאַנג דערוואַרטע צעטל, ווו די פאַמיליעס הייבן זיך אָן אָף „מ״.

עזרע האָט בעשום־אויפן ניט געקאָנט רויִק דורכקוקן דאָס צעטל פון אָנהייב ביזן סאָף לויט דער ריי. זײַנע בליקן זײַנען געשפּרונגען אַרוף און אַראָפּ, אַראָפּ און אַרוף. ער האָט זיך אַליין ניט געגלייבט: אין צעטל „מ״ איז נישטאָ די פאַמיליע מאַליאַרסקי, דער נאָמען עזרע און דער פאָטערנאָמען שלוימע.

עס קאָן ניט זײַן!

איצט האָט ער שוין געלייענט אופמערקזאַם יעדע פאַמיליע לויט דער ריי. נישטאָ! נישטאָ קיין מאַליאַרסקי, נישטאָ קיין עזרע.

עס קאָן ניט זײַן! וווהין בין איך אַהינגעקומען? ווו בין איך? ס׳איז אַ טאָעס!

ס׳איז זייער מעגלעך, אַז מע האָט אַ טאָעס געהאַט אין אַ בוכשטאַב און מע דאַרף זוכן אין אַנדערע צעטלען — פונעם ערשטן ביזן לעצטן בוכשטאַב. עזרע לייענט און לייענט און דערפרייט זיך מיט אַ באַיאַרסקי. עפּשער איז דאָס מאַליאַרסקי און ניט באַיאַרסקי! נאָר דער נאָמען און פאָטערנאָמען זאָגן איידעס, אַז ס׳איז באַיאַרסקי און ניט מאַליאַרסקי. עזרע כאַפּט זיך אָן אין אַ כאַליאַרסקי, נאָר כאַליאַרסקי איז אויך ניט מאַליאַרסקי. נישטאָ! פונעם ערשטן ביזן לעצטן צעטל איז אין ערגעץ פאַר אים קיין אָרט ניטאָ!

פײַל־פון־בויגן איז עזרע אַרײַנגעפלויגן אין קאַנצעליאַריע:

— ווו בין איך? וווהין האָט מען מיך אַהינגעטאָן?

— יונגערמאַן, — האָט איינער אַ טשינאָווניק אַ כאַפּ געטאָן עזרען פאַר דער האַנט, — אויב איר ווייסט ניט, וווהין איר זײַט אַהינגעקומען און אָף וואָסער וועלט איר געפינט זיך, איז אײַער אָרט ניט דאָ, נאָר ערגעץ אַנדערש...

— דערווײַל בין איך נאָך באַם זינען! — האָט עזרע ניט מיט זײַן קאָל געשריִען.

— באַרויִקט זיך! באַרויִקט זיך! — האָט אַ צווייטער טשינאָווניק אונטערגעטראָגן עזרען אַ גלאָז וואַסער. — מע טאָר ניט אַזוי! נעמט זיך אין די הענט. וואָס איז געשען?

— אַ מיספאַרשטייעניש איז געשען, איך האָב די עקזאַמענעס אויסגעהאַלטן אָף אויסגעצייכנט, און אין די צעטלען פון די אָנגענומענע בין איך ניטאָ. ס׳איז געוויס אַ טאָעס. ווײַזט אויס, מע האָט מיך פאַשעט פאַרגעסן אַרײַנשרײַבן!

— וויאַזוי איז אײַער פאַמיליע?

— מאַליאַרסקי. איך הייס עזרא סאָלאָמאָנאָוויטש.

— קלאָר, קלאָר, — האָט דער טשינאָווניק באַדויערט עזרען, וואָס פּרוּווט זיך אײַנרעדן און לעבן אַ ווײַלע אין טאָעס, — קלאָר, קלאָר, — האָט ער פון יויצע וועגן גענישטערט אין די פּאַפּקעס, געבלעטערט און אַרײַנגעקוקט אין די פּאַפּירן.

— יאָ, יאָ, אויסגעצייכנט! אויסגעהאַלטן די עקזאַמענעס אָף אויסגעצייכנט! יאָ, יאָ... שלעכט, ביז גאָר שלעכט. אויסגעהאַלטן און ניט אָנגענומען געוואָרן. ניין, ניין, ס׳איז ניט קיין טאָעס. אין די צעטלען האָט איר ניט געקאָנט אַרײַן. יאָ, יאָ, ניין, ניין! יאָ! יאָ! ניין! ניין!

— וואָס הייסט עס?

ניט האָבנדיק וואָס צו ענטפערן און ניט אויסגעפינענדיק קיין טרייסט־וואָרט פאַר עזרען, האָט דער טשינאָווניק אַלץ געהאַלטן אין איין אָפּלייקענען זײַנע „יאָען" מיט די „ניינען" און זײַנע „ניינען" מיט די „יאָען": יאָ! יאָ! ניין! ניין!

צווישן ניין און יאָ איז אויסגערונען עזרעס לעצטע האָפענונג. פאַרשעמט, מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, האָט ער פאַרמאַכט די טיר נאָך זיך.

וווּהין גייט מען? וווּהין אַנטלויפט מען? ער איז אַן אויסגעמעקטער, אַ פאַרמעקטער, אַן אַרויסגעפאַלענער פון צעטל. אַן אַרויסגעפאַלענער איז אַ געפאַלענער...

וווּהין גייט מען? וויאַזוי ווײַזט מען זיך איצט אין פינצטערן קאָרידאָר? וואָס וועט ער שרײַבן אַהיים? וואָס וועט ער זאָגן פעדאָצערן? וויאַזוי וועט ער איצט מיריעמען קאָנען קוקן אין פּאָנעם? ער האָט זי דאָך אַרויסגערופן קיין וואַרשע, און זי וועט אַף געוויס קומען.

נישטאָ קיין טרייסט. יענטע די טרייסטערן איז ניט גערעכט. זי זאָגט: דער בריליאַנט איז אומעטום אַ בריליאַנט, אַפילו אין מיסט. קאַמסקי איז גערעכט — דאָרט, ווו דער בריליאַנט ווערט פאַרלוירן, דאָרט, ווו מע פאַרגעסט אין אים, דאָרט, ווו מע באַדאַרף אים ניט און מע קאָן זיך באַגיין אָן אים, איז דער בריליאַנט ניט מער ווי אַ שטיקל גלאָז...

נאָר אים איינעם, קאַמסקין, האָט איצט עזרע געוואָלט זען. נאָר פאַר אים איינעם וועט אים ניט זײַן קיין ביזאָיען. איין גורל איז זיי ביידן באַשערט, איין אומגליק האָט זיי ביידן געטראָפן.

* * *

— דער גורל איז גאָרניט אַזאַ אַכזער! ווי נאָר ער האָט פאַרשלאָסן פאַר מיר די טירן פון אוניווערסיטעט, האָט ער ברייט געעפנט פאַר מיר די טירן פון שענק. קום, לאָמיר אויסטרינקען, זיך דורכשמועסן און באַטראַכטן, ווו מיר האַלטן אין דער וועלט.

עזרען איז געווען אַלצײנס, אין וועלכן שענק, אַבי גיכער פאַרטרינקען די צאָרעס...

ווײַט פון לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל, האָט קאַמסקי אַראָפּגעפירט עזרען אין אַ קעלער. דער קעלער איז ווי פאַרצויגן געווען מיט אַ געדיכטן נעפּל. פון אַלע זײַטן האָט זיך געטראָגן אַ הילכיקער טומל פון פאַרשיידענע קולעס, אויסגעשרייען. דער נעפּל איז געווען אויסגעמישט מיטן רויך פון וואָלוועלן טאַבעק, מיט די רייכעס פון פאַרשיידענע מאַשקאָעס און האַרבסטע געריכטן. גלעזער בראַנפן, גלעזער ווײַן און קופלס ביר האָבן זיך גוטברודעריש געקלאַפּט איינער אינעם צווייטן. מע האָט זיך געהאַלדזט, געקושט, געווונטשן זיך אַלדאַסגוטס, געזידלט זיך מיט די מיִעסטע ווערטער. עמעצער האָט געשאָלטן דעם טאָג פון זײַן געבוירן, עמעצער האָט געוויינט, עמעצער האָט געלאַכט, און עמעצער האָט געזונגען.

פונעם געדיכטן נעפּל האָבן זיך גענומען אויסשיילן פּנעמער.

— קעלנער, בראַנפן! — האָט אויסגעשריִען קאַמסקי. — אַ גראַפין בראַנפן! ניין, צוויי גראַפינען! און אַף פאַרבײַסעכץ עפּעס שאַרפס, געפעפערטס, מע זאָל דערזען די באָבע פון יענער־וועלט!

דאָ, ווו די לופט אַפילו וואַקלט זיך פון שיקרעס, איז קאַמסקין שווער געווען אַן איבעריקע מינוט זײַן ניכטער.

— לעכאַיִם, לעכאַיִם, עזרע!

עזרע האָט געפּרוּווט אָפּענטפערן אַ לעכאַיִם, נאָר דאָס וואָרט האָט זיך אָפּגעטאָן פון זײַנע ליפּן.

— איך קאָן ניט... דאָס לעבן האָט באַ מיר ניט פאַרדינט, איך זאָל טרינקען פאַר דעם, טראָגן אַנטקעגן אַ לעכאַיִם... אויב טרינקען, — האָט עזרע צוגעטראָגן דעם קאָס צו די ליפּן, — איז טרינקען אָט אַזוי!..

עזרע האָט אָנגעגאָסן אַ צווייטן קאָס, נאָר איידער ער האָט אים באַוויזן צוטראָגן צו די ליפּן, האָט גענומען שפּילן דער אָרקעסטער.

— באָרוך־האַבאָ! זי איז שוין ווידער דאָ! אויך דאָ האָט זי מיך געפּאַקט! — האָט עזרע צום ערשטן מאָל אין לעבן גערעדט מיט אַזאַ ביטל־טאָן וועגן מוזיק. — וואָס האָט זי זיך אָנגעזעצט אַף מיר? וואָס וויל זי פון מיר? אַז איך קאָן זי מער ניט הערן און וויל זי מער ניט הערן. אויס! גענוג!

עזרע האָט זיך אַלץ מער אופגערעגט.

— אַראָן יעווסייעוויטש, איר ווייסט, דאָ אין קעלער דערמאָנט מיר די מוזיק אין די שײַטערס, ווו מע פלעגט מאַקריוו זײַן קינדער פאַרן אָפּגאָט מוילעך: די קינדער גוואַלדעווען, די מאַמעס שרײַען, און די מוזיק שפּילט און פאַרשפּילט די גוואַלדן מיט די געשרייען.

מיטאַמאָל האָט איינער אַ פידל זיך אָפּגעטיילט פונעם אָרקעסטער. דאָס שפּילן האָט גלײַך באַהערשט און אײַנגעשטילט אַלע קולעס אינעם קעלער. די קלאַנגען פונעם פידל האָבן אופגע־

וועקט עזרעס זיקאָרן: דאָס זײַנען באַקאַנטע קלאַנגען פֿון אַ באַקאַנטן פֿידלער, וועלכן ער האָט שוין לאַנג ניט געהערט. עזרע האָט ניט אַראָפּגענומען זײַנע בליקן פֿונעם פֿידלער.

דוכט זיך, אַז דאָס איז עלישע!

עזרעס האַרץ האָט שטאַרק גענומען קלאַפּן.

— אַראָן יעוווסייעוויטש, איר הערט? איר הערט, סאַראַ ווונדערלעכע קלאַנגען? — האָט עזרע פֿאַרגעסן, וואָס ער האָט דאָ ערשט געזאָגט וועגן מוזיק. — איר הערט? עס שפּילט דאָך אַן עכטער פֿידלער, אַ ווירטואָז! סאַראַ איבערגאַנגען, סאַראַ פֿאַנטאַסטישער פֿלי! סאַראַ ווייטאָק, סאַראַ פֿרייד! איר פֿילט? ס׳איז אויסערגעוויינלעך! וואָס שפּילט ער?

עזרע וויל מער ניט טרינקען. ער איז שיקער פֿון די קלאַנגען. ער האָט פֿאַרגעסן די אייגענע יסורים. פֿאַר עזרען עקזיסטירט איצט בלויז איין וועלט — די וועלט, וואָס עלישע באַשאַפֿט אָט דאָ.

אַ דונער פֿון הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן און באַגײַסטערטע אויסגעשרייען האָט זיך צעטראָגן איבערן קעלער:

— מאַעסטראָ! מאַעסטראָ!

דעם פֿידלער האָט מען פֿון אַלע זײַטן אַנטקעגן־געטראָגן פֿול אָנגעגאָסענע קויסעס מיט ווײַן.

— מאַעסטראָ! מאַעסטראָ! אַהער, צו אונדזער טיש, מיר וועלן טרינקען פֿאַר אײַער געזונט, פֿאַר אײַער פֿידל!

— מאַעסטראָ! פֿרייליכער פֿון אונדזער קאָמפּאַניע איז דאָ ניטאָ, און קיין בעסערן לעכאַים וועט איר אין ערגעץ ניט מאַכן, ווי בײַ אונדז!

— צו אונדז!

— מיט אונדז!

דער מאַעסטראָ איז געגאַנגען פֿון טיש צו טיש, זיך העפֿלעך געגנייגט און געדאַנקט זײַנע באַגײַסטערטע צוהערער.

עזרעס הענט, וואָס זײַנען געווּוינט צו פֿאַרדינען אַפּלאָדיסמענטן, האָבן איצט געצאָלט מיט אַפּלאָדיסמענטן. ער האָט ניט געקאָנט קומען צו־זיך און ניט אופֿגעהערט שרײַען באַגײַסטערט:

— בראַוואָ! בראַוואָ!

דער פֿידלער איז אויסגעוואַקסן לעבן עזרען און קאַמסקין. זײַנע דערשראָקענע בליקן האָבן זיך באַגעגנט מיט עזרעס. און גלײַך האָט ער זיך געגעבן אַ פֿלינקן דריי אויס אין אַ זײַט און אַנטלאָפֿן. עלישע איז געלאָפֿן אַזוי, גלײַך מע זאָל זיך נאָך אים יאָגן, גלײַך ווי ס׳האָט אים גע־דראָעט די גרעסטע געפֿאַר.

— אַ מאָדנער מענטש! — האָט זיך קאַמסקי הילכיק צעלאַכט. — מע זעט גלײַך, אַז ער איז פֿון אײַער בראַנזשע. יעדער קינסטלער איז אַ שטיקל מעשוגענער. אַ קליינוקײַט, אַ גאַנץ לעבן דאַרף מען זיך פֿאַרשטעלן, אַז דו ביסט ניט דו... אַ קליינוקײַט, אין איינער און דער זעלבער צײַט אי בענטשן אי שעלטן, אי פֿײַנט האָבן אי ליב האָבן, אי אויסגיין פֿון בענקעניש אי אַנטלויפֿן, וויינען און לאַכן, זיך פֿרייען און טרויערן, יונג זײַן און אַלט ווערן, האָווען, שמײַען און שטאַרבן. פֿון איין לעבן רירן זיך מענטשן פֿון זינען, ביפֿראַט נאָך פֿון אַזויפֿיל לעבנס צוזאַמען.

עזרע האָט געזוכט אין עלישען די סימאָנים, וואָס זאָלן איידעס זאָגן, אַז דאָס איז ער און ניט קיין אַנדערער. עלישע האָט זיך ניט געלאָזט דערקענען, אָט פֿאַרמאַכט ער די אויגן, אָט לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ און אָט קערט ער זיך גאָר אָפּ אָן אַ זײַט.

— ער וויל זיך מיט מיר ניט באַגעגענען, — האָט עזרע געזאָגט קאַמסקין, — אים איז געוויס אַ ביזאָיען, וואָס איך האָב אים געטראָפֿן אין אַזאַ צושטאַנד, דאָ אין קעלער.

— וועמען איז אַ ביזאָיען, וועגן וועמען רעדסטו?

— איך רעד וועגן עלישען, וועגן דעם פֿידלער, וואָס האָט בײַ אונדז אַזוי שטאַרק אויסגע־נומען. און עפּשער איז דאָס ניט עלישע?

— זייער מעגלעך! — קאַמסקי איז צופֿרידן געווען פֿון דער נײַער טעמע, וואָס עזרע האָט אים אונטערגעשאַרט. — זייער מעגלעך! עס טרעפֿט אָפֿט, אַז גאָר נאָענטע מענטשן, נאָך לאַנגע יאָרן צעשיידט זײַן, דערקענען זיך ניט. די נאַטור לאָזט קיינמאָל דאָס פּענדזל ניט אַרויס, זי האַלט קיינמאָל ניט פֿאַר פֿאַרענדיקט אירע געשטאַלטן, זי האַלט זיי אין איין איבערמאַכן און איבערפֿאַר־רעמען. די קוים באַמערקבאַרע שטריכן אין די קינדער־יאָרן באַקומען זייער בוילעטע קלאָרקײַט אין דער יוגנט, און די שטריכן פֿון דער יוגנט ווערן פֿאַרווישט דורך די קנייטשן פֿון דער עלטער. די ענדערונגען, וואָס די נאַטור מאַכט אין אירע קיינמאָל ניט פֿאַרענדיקטע פּאָרטרעטן, זײַנען אַזוי גרויס, אַז ניט נאָר איינער דעם צווייטן דערקענט ניט, נאָר יעדער איינער פֿון אונדז, ווען ער קוקט אין דער יוגנט אָף די פֿאָטאָ־בילדער פֿון זײַן קינדהײַט און אָף דער עלטער — די פֿאָטאָ־בילדער פֿון זײַן יוגנט, גלייבט ניט, אַז דאָס איז ער...

קאמסקיס ווײַטערדיקע געדאַנקען וועגן דער נאַטור — דעם אומדערמידלעכן מאָלער — זײַנען פאַרשריגן געוואָרן פון די באַשטעלונגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון פאַרשיידענע זײַטן. די אופגעברויזטע בלוטן האָבן זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, עס האָט זיך געוואָלט טאַנצן, דרייען זיך, אויסדרייען זיך פון זיך אַליין.

— מאַעסטראָ, אַ מאַרש! ס׳זאָל אופהייבן פון אָרט און אוועקטראָגן ווו די וועלט האָט אַן עק!

— הערט אים ניט, מאַעסטראָ! וווהין גיין, וואָס גיין? דערלאַנגט עפּעס אַזוינס, מע זאָל זיך פון אָרט ניט קאָנען רירן, אַ טרויעריקס! אַ טרויעריקס!

— אַ טרויעריקס ווילן דיר אָפּשפּילן ווײַב און קינד, ווען דו וועסט קומען אַהיים... דערלאַנג אַ פריילעכס!

— וואָס פאַר אַ שׂימחה איז אָף דיר? אַ טרויעריקס! אַ טרויעריקס!

— דאָ איז ניט קיין בעסוילעם, ס׳איז אַזוי אויך גענוג פּאַסקודנע אָפן האַרצן!..

— מוזיקאַנט, שפּיל! שפּיל אַזוי, אַז דער טײַוול זאָל אונדז נעמען.

— אַ קאַזאַטשקע!

— אַ קראַקאָוויאַק!

— אַ פריילעכס!

— אַ האָפּאַק!

— אַ מאַזורקע!

— אַ שער!

— שפּיל, מאַעסטראָ!

— שפּיל, מוזיקאַנט!

דער סמיק האָט אַ פלי געטאָן אינדערלופטן, אַרײַנגעריסן זיך אין דער געדיכטעניש פון טומל, און ס׳איז געוואָרן שטיל. יעדן איינעם האָט זיך געוואָלט וויסן, וועמעס באַשטעלונג האָט אָנגענומען דער מאַעסטראָ.

לאַנגזאַמע שווערע קלאַנגען האָבן דורכגעריסן דעם שטיקנדיקן קעלער־נעפּל און פרײַ געמאַכט דעם וועג פאַר דער פרייד מיטן טרויער, וואָס זײַנען געגאַנגען באַנאַנד.

וואָס שפּילט ער? גאָט מײַנער, ער שפּילט פעדאָצערן! אַ פּאַסטאָראַל... אַ קנאַל פון אַ בײַטש, עס דודעט אַ דודעלע, אַ געפּײַף, אַ צוויטשערײַ פון פויגלען, אַ שורשען פון בלעטער און גראָזן. דער פּאַסטעך באַגעגנט די אופגייענדיקע זון... די וועלט איז גרויס, און דער פּאַסטעך איז קליין: ער האַלט די גרויסע וועלט בא זיך אין די הענט און ס׳איז אים גוט. נאָר דאָס גוטע פאַרזאַמט זיך ניט לאַנג. עס רוקן זיך אָן וואָלקנס. עס דונערט און עס בליצט. אַ שלאַקסרעגן, אַ מאַבל, אַ שטורעם. ס׳פליִען בלעטער. ס׳ברעכן זיך צווײַגן, ס׳קנאַלן ביימער. נישטאָ וווהין צו לויפן, נישטאָ זיך ווו צו באַשיצן. דער דורכגעווייקטער פּאַסטעך טוליעט זיך צו זײַנע שאָף, און די שאָף טוליען זיך צו זייער פּאַסטעך. עזרע גייט נאָך פּוסטריט די שאָף, און ווי די פעלדער אַרום און אַרום, אַזוי ברייט און אַזוי אומענדלעך איז דער טרויער, וואָס טראָגט זיך פונעם פידל...

— יאָ, דאָס איז ער! די דאָזיקע סאָלאָ האָט פעדאָצער אָנגעשריבן פאַר עלישען. מיט אָט דער סאָלאָ איז ער באַרימט געוואָרן אַלס פעדאָצערס בעסטער תּלמיד.

די דערמאָנונגען לויפן, און דער אומגליק, וואָס האָט אים הײַנט געטראָפן, לויפט נאָך...

„איך האָב אויסגעהאַלטן, און מע האָט מיך ניט אָנגענומען, — קלאָגט זיך עזרע פאַר פעדאָצערן, — מײַן ווייטעק איז דאָך אײַער ווייטעק, מײַן כאַרפּע איז דאָך אײַער כאַרפּע! אוי, סאַראַ ווייטעק, רעבע! רעב פעדאָצער! ווען די צווײַג ברעכט זיך אָפּ פון בוים, קרעכצט דאָך ניט בלויז די אָראָפּגעפאַלענע צווײַג. עס קרעכצן מיט איר צוזאַמען אַלע פאַרבליבענע צווײַגן, ווײַל אויך מיט זיי זאָל קאָן אַזוינס געשען. קרעכצט די אָפּגעבראָכענע צווײַג, קרעכצט צוזאַמען מיט איר דער וואָרצל, וואָס האָט ניט געהאַט קיין קויעך אײַנהאַלטן און באַשיצן זי פון שטורעם... רעבע! רעב פעדאָצער! זעט, וואָס מע האָט געמאַכט פון אײַערע תּלמידים! זעט, וואָס פון זיי איז געוואָרן!"

דער פידלער שפּילט, און די באַשטעלער זײַנען ניט צופרידן מיט זײַן שפּילן. עס זײַנען ניט צופרידן די, וואָס האָבן פאַרלאַנגט אַ פריילעכס, אַ לעבעדיקס, עס זײַנען ניט צופרידן די, וואָס האָבן פאַרלאַנגט אַ טרויעריקס. טרויער צו טרויער איז דאָך ניט גלײַך. מ׳קאָן דאָך ניט אַזוי, מ׳דאַרף דאָך האָבן גאָט אין האַרצן. נאָך אַזאַ טרויער ווילט זיך אַפילע קיין בראַנפן ניט טרינקען. דער שיקערער אוילעם האָט אַן אופגעבראַכטער געשריִען:

— הער אוף! גענוג!

— וואָס, מיר זײַנען פון אײַזן? שטיינערנע הערצער זײַנען בא אונדז?

— אַ סאָף זאָל עס נעמען! גענוג!

פלעשער זײַנען אוועק אַ ווילדן טאַנץ איבער די טישלעך, און קופלס ביר האָבן זיך פאַנאַנדערגעגאָסן.

נאָר דער פידלער שפּילט, דער פידל ווערט אַף קיין רעגע ניט אַנשוויגן. איינער אַליין, אַליין מיט זײַן פידל וואַרפט זיך דער פידלער אין געשלעג: ווער ווּעמען? וואָס שטאַרקער עס ווערט דער געשריי, אַלץ שטילער ווערן די קלאַנגען, אַלץ טיפער נעמט דורכדרינגען דער טרויער אין יעדן האַרץ. דער קעלער האָט זיך באַרויִקט. דער קעלער האָט זיך אונטערגעגעבן, די גפאַר איז דורך...

עזרע איז אויסגעוואַקסן לעבן פידלער:

— עלישע!

עלישע איז געזעסן מיט קאַמסקין און עזרען באַם טיש. עזרע האָט גאָרנישט ניט פאַנאַנ־דערגעפרעגט עלישען, און עלישע האָט קיינע פראַגן ניט פאַרגעבן עזרען. ביידע האָבן זיי זיך געזען אין יענעם עלטער, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט אין בערדיטשעוו, באַ פעדאָצערן אין שטוב, גלײַך מע איז גאָרניט עלטער געוואָרן און קיין יאָרן זײַנען ניט פאַרגאַנגען.

זיי האָבן געלאַכט און זיך געפרייט אַזוי, פּונקט ווי קיין שום בייז איז מיט זיי ניט געשען.

זיי האָבן גערעדט און גערעדט און זיך ניט געקאָנט אָנרעדן, מע האָט איבערגעשלאָגן איינער דעם צווייטן, אַרײַנגעפאָרן אין דער מיט, גערעדט באַזונדער און ביידע מיטאַמאָל.

— דו געדענקסט, עזרע?

— און דו געדענקסט, עלישע?

— געדענקסט, עזרע, ווי מיר האָבן זיך באַגעגנט, ווען דו ביסט געקומען צו פעדאָצערן? געדענקסט, איך האָב זיך געקריגט מיט אַלע ייִנגלעך און דערוויזן זיי, אַז לינעץ און ליפּאָוועץ איז אַ שטוב מיט אַן אַלקער און דעריבער דאַרפסטו ווינען מיט מיר און ניט מיט זיי...

— איך געדענק! איך געדענק!

— דו געדענקסט, עזרע, ווי איך האָב געבעטן פעדאָצערן אָנשרײַבן פאַר אונדז ביידן אַ דועט, און ער האָט טאַקע אָנגעשריבן.

— איך געדענק! איך האָב שוין אַ סאַך דועטן געשפּילט אין מײַן לעבן, נאָר קיין איינער האָט זיך מיר אַזוי ניט פאַרגעדענקט, ווי אונדזער דועט. ער האָט זיך מיר פאַרגעדענקט, ווי יענע ערשטע נאַכט, ווען מיר זײַנען געלעגן אַף איין געלעגער, ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן און ביזן העלן טאָג גערעדט און זיך ניט געקאָנט אָנרעדן וועגן דעם, ווי גליקלעך מיר וועלן זײַן, ווי גוט ס'וועט אונדז זײַן אַף דער וועלט.

— און די סאָלאָ, וועלכע איך האָב דאָ הײַנט געשפּילט, געדענקסטו, עזרע? איך האָב זי אומיסטן געשפּילט, קעדיי זיך איבערצײַגן: צי האָב איך קיין טאָעס ניט געהאַט, צי דאָס ביסטו? דו געדענקסט, ווען איך האָב אָט די סאָלאָ געשפּילט צום ערשטן מאָל באַ פעדאָצערן?

— איך געדענק! אוי, ווי איך בין דיר דאַן מעקאַנע געווען! איך האָב געטראַכט, אַז קיין גליק־לעכערער פון דיר איז גאָר אַף דער וועלט ניטאָ. און איצט בין איך דיר מעקאַנע געווען אַ צווייט מאָל — איך זאָל אַזוי לעבן, ווי איך בין דיר מעקאַנע געווען...

— און דו געדענקסט, עזרע, ווי דו האָסט פאַנאַנדערגעקליבן פאַר אַלע טאַלמידים פעדאָ־צערס „וויגליד". און ער האָט דיך צום ערשטן מאָל אָנגערופן „זון מײַנער". דו געדענקסט, ווי מיר זײַנען יענעם טאָג געלאָפן איבערן מאַרק פּאַקן עמעצן פון ליפּאָוועץ, ער זאָל איבערגעבן אַלע דײַניקע, אַז פעדאָצער האָט דיך אָנגערופן „זון מײַנער".

— און דו געדענקסט?..

עזרע איז מיטאַמאָל אַנשוויגן געוואָרן — ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט זיך געמוזט שיידן מיט פעדאָצערן.

עלישע האָט זיך נאָכגעפרעגט:

— ווּ איז ער, דער לערער אונדזערער? וואָס האָט פּאַסירט מיט אים? באַ מיר האָט זיך דאָס לעבן אַזוי פאַרדרייט, אַז שרײַבן האָט זיך ניט געוואָלט. איך האָב געוואָלט, מע זאָל פאַר־געסן אָן מיר, אויס, אויס עלישע!..

— פעדאָצער האָט דיך ניט פאַרגעסן, אין יעדן בריוו פרעגט ער זיך נאָך אַף דיר: „ווּ איז עלישע? וואָס האָט פּאַסירט מיט עלישען?" ביז הײַנטיקן טאָג האַלט דיך פעדאָצער פאַר זײַן בעסטן טאַלמיד. ער איז אין דיר שטאַרק פאַרליבט און לעבט שטאַרק איבער פאַר דיר...

עלישע האָט דערפילט די אוולע, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן זײַן לערער. ווי שווער זײַן לעבן איז ניט, האָט ער קיין רעכט ניט איוועקר צו זײַן אָפן געבאָט פון אָפּגעבן קאָוועד דעם רעבן, רעב פעדאָצערן.

— פעדאָצער, — דערציילט עזרע, — איז אַפילע געפאָרן קיין לינעץ מיט דער האָפענונג זיך דערוויסן עפּעס וועגן דיר באַ דײַן טאַטן.

— נישטאָ קיין פאַרענטפערונג! שולדיק! שולדיק! — האָט עלישע אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און זײַנע אַקסלען האָבן געגומען צוקן. ער האָט ניט אויסגעהאַלטן און הויך אָפּן קאָל זיך צעוויינט.

עזרען האָט גענומען שטיקן — אָט־אָט צעוויינט ער זיך אויך. און דאָ האָט זיך קאַמסקי אַריינגעמישט.

— לאָמיר אויסטרינקען פאַר פעדאָצערן!

עלישע האָט זיך באַהערשט, נאָר דער קאָס האָט געציטערט אין זײַנע הענט:

— פאַר פעדאָצערן!

## וואָס זשע וועט זײַן ווײַטער?

שפּעט באַנאַכט האָבן קאַמסקי, עלישע און עזרע פאַרלאָזט דעם קעלער. שפּעט באַנאַכט זײַנען דרײַען געגאַנגען איבער וואַרשע, דרײַ אויסגעשלאָסענע, דרײַ אויסגעמעקטע, דרײַ ניט אָנגענומענע. וואַרשע האָט זיי אַלע אָפּגענאַרט. עלישען נאַרט זי שוין אָפּ דאָס צווייטע מאָל. נאָך דעם, ווי מ׳האָט אים ניט אָנגענומען אין דער מוזיק־שול, איז ער געקומען אַהער נאָכאַמאָל זיך אײַנאָרדענען ערגעץ אין אַן אָנשטענדיקן אָרקעסטער, נאָר עס האָט זיך גאָרניט באַקומען. און אָט איז ער געצוווּנגען שפּילן אין קעלער, פאַרדינען אויף הויצאָעס און אוועקפאָרן פונדאַנען וווהין די אויגן טראָגן.

אין אָט דער שפּעטער האַרבסטיקער נאַכט האָט זיי געעגבערט דעם מויעך און נישט געלאָזט צורו די האַרבע פראַגע: וואָס זשע וועט זײַן ווײַטער?

זיי האָבן געשפּאַנט איבער די וואַרשעווער גאַסן, גערעדט און גערעדט און אַלץ ווײַטער און ווײַטער אוועק פון די וואַרשעווער גאַסן... ביזן שאַריען זײַנען זיי אויסגעוועזן ווו די וועלט האָט אַן עק, און צו טאָג זײַנען זיי אָנגעקומען אין לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר. זייער אויסגעמאַטערטער אויסזען, זייערע בלייכע פּנימער און די פאַרשעמטע „גוט־מאָרגנס", וואָס זיי האָבן קוים אַרויסגעמורמלט, האָבן פּאַולינען געגעבן צו וויסן, אַז דער איצטיקער פרימאָרגן איז ווײַט ניט קיין גוטער.

— וואָס האָט געטראָפן? באַהאַלט ניט אויס, דערציילט...

עזרע האָט ניט אויסגעהאַלטן פּאַולינעס בליק און זיך אויסגעדרייט אין אַ זײַט. דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן עלישע. און נאָר איין קאַמסקי האָט זיך, ווי אַלעמאָל, באַ אַלע אומשטענדן, ניט אויסגעדרייט פון געבן אַ קלאָרן ענטפער.

— פּאַני פּאַולינע, — האָט קאַמסקי געצוימט זײַן הילכיקע שטים, — איר פרעגט, וואָס איז געשען? מיט עזרען איז געשען דאָס, וואָס מיט מיר. מער ניט, וואָס מיך האָט מען פריער אַרײַנגעלאָזט און דערנאָך אַרויסגעוואָרפן, און עזרען האָט מען אַרויסגעוואָרפן, איידער מע האָט אים אַרײַנגעלאָזט...

— ווי איז עס מעגלעך, עזרע האָט דאָך אויסגעהאַלטן אויף אויסגעצייכנט! — האָט פּאַולינע אויסגעשריען ניט מיט איר קאָל.

— אַזוי איז עס, פּאַני פּאַולינע, וואָס בעסער — אַלץ ערגער...

— גאָט מײַנער, וואָס זשע וועט זײַן ווײַטער? — האָט פּאַולינע פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט.

ווערנדיק אָפּוווענדן דעם געשפּרעך, האָט עזרע פאַרגעשטעלט עלישען:

— איך האָב הײַנט געפונען מײַן אַלטן כאַווער... איר געדענקט, איך האָב אײַך אַ סאַך דערציילט וועגן אים.

פּאַולינע האָט געגרייט צום טיש. אָפּגעטראָטן איר בעט עלישען און איז אוועק צו לייקען. אויך קאַמסקי איז אוועק. עזרע מיט עלישען זײַנען, זיצנדיק באַם טיש, אַנדרעמלט געוואָרן.

אַ גאַנצן טאָג האָבן די אײַנוווינער פון קאָרידאָר אויסגעמיטן עזרען מיט עלישען. אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז דער באָכער, מיט וועמען עזרע האָט זיך פאַרשפּאַרט באַ פּאַולינען אין צימער, דאָס איז דער כאַווער זײַנער, וועגן וועלכן ער האָט יאַרנלאַנג ניט געהערט. מע האָט שוין געוווּסט, אַז עזרעס כאַווער איז אויך אַ פידלער, אויך אַ ניט־אָנגענומענער. קיינער פון די שכיינים האָט ניט געוואָגט אָנקלאַפּן צו עזרען, קיינער האָט ניט געוואָגט קומען מיט אַ טרייסט־וואָרט. אפילע זי, יענטע די טרייסטערן, האָט אין די הייסע מינוטן פון אומגליק ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. יענטע האָט געהאַלטן, אַז מע טרייסט ניט דעם מענטשן, ווען דער צאַר כאַפּט אים אַרום פון אַלע זײַטן, ווי אַ פלאַם־פײַער, ווײַל די סאַמע אופריכטיקסטע טרייסט איז דאַן אויסגעטראַכט און פאַלש און ווערט ניט אָנגענומען, ווי עס ווערט ניט אָנגענומען דאָס קערנדל אין דער אויסגעטריקנטער פאַרכליאַנעטער ערד. מענטשן האָבן אויסגעמיטן זיך באַגעגענען, מע האָט זיך געשעמט קוקן איינער דעם צווייטן אין פּנים. מע האָט זיך געשעמט מיט דער סימכע,

וואָס מע האָט געפּראַוועט אין קאָרידאָר, ווי מיט זייער און זייער ניט קיין אָנשטענדיקער זאַך, אין וועלכער אַלע זייַנען פאַרמישט און אין וועלכער אַלע זייַנען שולדיק.

די שטיקנדיקע שטילקייַט אין קאָרידאָר האָט פון מאָל צו מאָל אופגעריסן שאָלעמקעס געוויין. לייקע האָט געשריִען אַף שאָלעמקען, אַז ער איז אַ גאַזלען, אַז ער האָט ניט קיין ראַכמאָנעס אַף עזרען: ס'פעלט מער ניט, אַז עזרע זאָל דערהערן זייַן געוויין. און שאָלעמקע האָט זייַן געוויין געשטיקט אין קישן.

זיאַמע האָט ניט געקאָנט אייַנזיצן בא דער אַרבעט. ער פּראַלט אוף די טיר, און דורכן קאָרידאָר וואַרפט ער דער וועלט אין פּאָנעם האַרבע בייזע ווערטער:

— עס שמעקט מיט פּולווער! עס וועט אויסשיסן! עס וועט פאַלן! עס מוז פאַלן! נישקאָשע, פאַלן פאַלט מען פון אומעטום, אַפילע פון אַ שטול... וואָס מיינען זיי זיך, ס'איז לעס דין וועלעס דייַען, ס'איז העפקער פּעטרעשקע?

און ווידער אַרבעט זיך ניט, און ווידער לויפט זיאַמע אַרויס אין קאָרידאָר מיט זייַנע טייַנעס:

— וואָס מיינען זיי זיך, אַז די וועלט איז זייער עקיפּאַזש, מיר זייַנען זייערע פערד און דאָס מאַזל איז זייער קוטשער, וואָס יאָגט די פערד, קערעוועט און טרייַבט, וווּהין זיי ווילט זיך? טפּרו! סטאָפּ! איר הערט, ווי עס ברעכן זיך די אַקסן פון עקיפּאַזש? די פערד ווילן מער ניט גיין אין שפּאַן, און דער קוטשער וויל מער ניט האָבן צו טאָן מיט זייַנע אַלטע פּאַסאַזשירן... עס וועט קומען אַ צייַט, און מ'וועט אונדז זאָגן: „פּראָשע פּאַנאַ, דער עקיפּאַזש איז גרייט! דער וועג איז פרייַ!"

עלישע און עזרע האָבן געהאַלטן אין איין פרעגן און איבערפרעגן:

— וווּהין גייט מען?

— וואָס זשע וועט זייַן ווייַטער?

דער קורצער האַרבסט־טאָג איז גיך אַוועק, און ווידער האָט זיך אָנגערוקט די נאַכט, און, ווי אַמאָל אין בערדיטשעוו, זייַנען ביידע כאַווירים געלעגן אין איין בעט.

סאַראַ קלייניקע זיי זייַנען דאַן געווען. זיי האָבן דאַן געטרוימט ווערן גרויסע, און איצט וואָלטן זיי געוואָלט זייַן קליינע.

— דו געדענקסט, עזרע?

— איך געדענק, עלישע...

— ווי גוט ס'איז געווען!

— יאָ, ס'איז געווען גוט!

— איַי, ווי גוט ס'איז געווען!

ווער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז די האַרבסטיקע נעכט זייַנען לאַנג? זיי זייַנען לאַנג עפּשער פאַר די, וואָס האָבן זיך ניט אין וואָס צו דערמאָנען, פאַר די, וואָס ווילן שוין מער גאָרניט און פאַרלאַנגען גאָרניט פונעם לעבן... און עלישען מיט עזרען איז אַ שאָד פאַרשלאָפן די מינדסטע דערמאָנונג, די מינדסטע קלייניקייַט. ליכטיקע טרוימען! ווי טויבן האָבן זיי זיך געטראָגן אַמאָל אַרום און אַרום, און ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן, אַז די טויבן זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַזעלכע בייזע, שוואַרצע ראָבן. פריִער איז עזרע מעקאַנע געווען עלישען — ער איז אַ סאַך שטאַרקער געווען פון אים, ער האָט אים ווייַט אַריבערגעיאָגט, ער איז געווען פּעדאָצערס בעסטער טאַלמיד. און דאָ, אין וואַרשע, איז עלישע מעקאַנע עזרען — עזרע איז דערוואַרעמט מיט מיריעמס ליבע, ער האָט זיך ניט אָפּגעריסן פון דער היים, פון פּעדאָצערן, עזרע האָט דאָ געפונען קאַמסקין און שאָלעמקען — אי אַ לערער, אי אַ טאַלמיד. ער האָט דאָ געפונען אַ סאַך פרייַנט. דער לאַנגער פינצטערער קאָרידאָר איז זייַן שוץ, זייַן פעסטונג. און ער, עלישע, הענגט אינדערלופטן.

נאָר אָט לעבט אוף די מינוט, ווען ביידע כאַווירים גלייַכן זיך אויס. עס לויפן דורך פאַרשיידענע שטעט, פאַרשיידענע קאָנצערטן, פאַרשיידענע צושויער־זאַלן... עס ווערן אויסגעלאָשן די ליכטיקע דערמאָנונגען. אַרום און אַרום איז נאַכט, אַ שלאָפלאָזע אומרויִקע נאַכט.

— וואָס זשע וועט זייַן?

— וואָס זשע ווייַטער?

ניט געפינענדיק קיין ענטפער, לויפן ביידע כאַווירים ווידער אַף צוריק, אַף צוריק אין דער פאַרגאַנגענהייַט...

עלישע בלעטערט עזרעס אַלבאָמען. דאָ זייַנען צונויפגעזאַמלט פּעדאָצערס פאָטאָגראַפיעס.

פּעדאָצער האָט באַשאַפן אַ נייַעם ניגן. דער ניגן זינגט אַרויס פון זייַנע פאַרמאַכטע ליפּן, פון זייַנע אָפענע אויגן. ער קוקט אים אָן, פּעדאָצער, דעם ניגן, הערט זיך צו צו יעדן קלאַנג זייַנעם און ווייסט נאָך אַליין ניט, וואָס דער ניגן שטעלט מיט זיך פאָר.

פּעדאָצער דיריזשירט מיט זייַן קאַפּעלע. די שוואַרצע האַלב־ווייַסע באָרד איז צעטיילט אַף דער העלפט. די יוגנט מיט דער עלטער ווילן דאָ ניט זייַן צוזאַמען. די מוסקולן פון זייַן פּאָנעם,

די אויגן זײַנען בא אים אָנגעשטרענגט, און די הענט זײַנען צעוואָרפן און צעשלײַדערט מיט אזא קראפט, אז זיי וואָלטן געקאָנט ארומכאפּן צען מאָל אזויפיל קלאַנגען, ווי די קאַפּעלע ברענגט ארויס.

פעדאָצער שפּילט אפן פידל. דער פידל איז צוגעוואַקסן צו אים, און ער צום פידל. יעדן קלאַנג, וואָס דער פידל ברענגט ארויס, כאפּט אוף פעדאָצער, ווי א סאָד, וואָס איז דאָ ערשט אנטפּלעקט געוואָרן פאר אים.

פעדאָצער צווישן זײַנע טאַלמידים. זײַן גאַסטפרײַנטלעך אויסגעשטרעקטע האַנט באַגריסט, רופט און בעט קומען יעדן איינעם, קומען צו אים און נעמען, וואָס ער באַדאַרף, נעמען, וואָס אים פעלט, נעמען אַלץ, וואָס ער, זייער רעבע, פאַרמאָגט.

פעדאָצער רעדט... פעדאָצער קוקט ארײַן אין א סייפער...

עלישע איז מעקאַנע עזרען, וואָס ער האָט באַוויזן צונויפזאַמלען און פאַרהיטן אָט די אַלע פאָטאָגראַפיעס.

— איך האָב אפילע קיין איין פאָטאָ זײַנע ניט, — קלאָגט זיך עלישע, — אָט האָסטו צוויי אַלציינע, שענק מיר איינע...

— נעם!

— אָט אזא האָט ער זיך מיר פאַרגעדענקט, — קאָן עלישע זיך ניט אָנקוקן אינעם בילד.

פעדאָצערס בריוו! די פרײַנט לייענען צוזאַמען.

„קאָנען שפּילן איז נאָך ווייניק, מע דאַרף נאָך קאָנען אויסהיטן, באַשיצן און לאָזן זיך פאַ־נאַנדערוואַקסן דאָס קאָנען. קאָנען שפּילן — איז בלויז דער ערשטער שטאַפּל, און אויב מע שפּאַנט ניט איבער פונעם ערשטן שטאַפּל אפן צווייטן, פירט אין ערגעץ ניט דער ערשטער שטאַפּל...“

„דאָס גרעסטע גליק איז, ווען דער מענטש קאָן זאָגן: איך האָב אַלץ געטאָן, וואָס איך האָב געקאָנט! בלויז אזא מענטש האָט ניט אומזיסט געטראָטן אף דער ערד, ניט אומזיסט געלעבט אף דער וועלט“.

און די פרײַנט פרעגן בא זיך: צי האָבן זיי רעכט דאָס צו זאָגן? וואָס קאָנען זיי ענטפערן זייער לערער?

עזרע האָט געשריבן פעדאָצערן, אז ער האָט מוירע בלײַבן אינמיטן וועג, ער האָט מוירע, אז ער וועט ניט דערגיין צום הויכן באַרג, אהין, ווו ער, פעדאָצער, רופט אים, און פעדאָצער זידלט עזרען, ער הייסט אים זיך לערנען בא דעם שוואַכסטן פון די פייגל — בא דער טויב. א פויגל, אז ער ווערט מיד בעשאַסן פליען, לאָזט ער זיך אראָפּ רוען אף א פעלדז אָדער אף א בוים, און די טויב, ווי מיד זי זאָל ניט זײַן, שטעלט זי זיך ניט אָפּ, זי לאָזט אראָפּ איין פליגל, ער זאָל זיך אָפּרוען, און מיטן צווייטן זעצט זי פאָר פאָכן, פליט זיך איר וועג ווײַטער. די פרײַנט זעצן פאָר לייענען דעם בריוו, און זיי קלאָגן זיך אָן וואָרטער פאר זייער רעבן. אוי, ווי שווער, ווי שווער ס'איז זיך הייבן מיט איין פליגל אין דער הייך, ווען דער צווייטער, דער איבער־געבראָכענער, ציט אין דער נידער, אראָפּ.

פעדאָצער שרײַבט: „נעגינע איז דער אויצער פון אַלע אויצרעס. אָן אויצער, אז דו פאַר־שליסט אים, איז ער דײַן אויצער, און נעגינע, אז מע פאַרשליסט, ווערט אויס נעגינע, אויס אוי־צער. דער אויצער פון נעגינע דאַרף שטענדיק זײַן אָפן. אַלע טאָג דאַרף מען אים זוכן, אָט דעם אויצער, אַלע טאָג דאַרף מען אים באַנײַען, און אז מע זוכט — געפינט מען. ווי זאָגן דאָרט אונדזערע כאַכאָמים: „זאָגט דיר עמעצער: איך האָב זיך באַמיט און ניט דערגרייכט — גלייב ניט; זיך ניט באַמיט און דערגרייכט — גלייב ניט; זיך באַמיט און דערגרייכט — גלייב“.

פעדאָצער זאָגט: „נעגינע איז געגליכן צו וואַסער: ווי וואַסער, פליסט זי אומעטום; ווי אָן וואַסער, קאָן דער מענטש אָן איר ניט לעבן, און ווי וואַסער, רייניקט זי דעם מענטשן...“

עלישע מיט עזרען שפּילן פעדאָצערס דועט — יענעם דועט, וועלכן ער האָט פאר זיי ביידן אָנגעשריבן.

דער זעלבער און ניט דער זעלבער דועט, ווײַל זיי ביידע זײַנען שוין ניט די זעלבע, ווי דאַן, ווען זיי האָבן דעם דועט געשפּילט צום ערשטן מאָל.

ווען שאַלעמקע מיט קאַמסקין האָבן זיך נאָכן דועט ארײַנגעריסן צו פּאָלינען אין צימער, האָט עזרע פּלינק — פון פאַרשיידענע ערטער, פון הינטערן מאַטראַץ, פון דעם טשעמאָדאַן, פון דער שאַפע און פון דער עטאַזשערקע צונויפגעקליבן זײַנע נאָטן־ביכער און נאָטן־העפטן, קעדיי באַקענען עלישען מיט זײַן רעפּערטואַר.

— אָהאָ! — האָט שאַלעמקע באַגײַסטערט אויסגעשריִען. — עס קאָן סטײַען פון הײַנט ביז איבעראָיאָר!

עזרע האָט שטאָלצירט מיט זײַן נאָטן־ביבליִאָטעק:

— ניט אַלץ, געוויינלעך, איז פון מײַן אמפּלוא, אָדער ווי פּעדאָצער זאָגט, פון מײַן גוסט. נאָר קעדיי שפּילן דאָס, וואָס איך וויל שפּילן, דאַרף מען אַלץ שפּילן. אַז ס׳זאָל זײַן ווייניק און גוט, דאַרף מען האָבן א סאַך. פון א סאַך ווייניק וועט זיך שטענדיק באַקומען.

עלישע האָט געבלעטערט די נאָטן־העפטן:

— אָט די סאָנאַטע שפּיל איך אויף אויסווייניק, און די אויך. אַז איך שפּיל אויף אויסווייניק, פיל איך זיך פרײַער...

— און ווער איז דער? — עלישע שטויסט זיך אָן אויף א נײַעם נאָמען און וווּנדערט זיך, וואָס ביז אַהער האָט ער ניט געוווּסט פון אים.

עלישע לויפט דורך מיט די אויגן איבער די ערשטע צוויי שורעס, און זײַנע פיס קלאַפּן צו צום טאַקט פון דער דריטער און פערטער שורע.

עזרע לייגט פאַר עלישען, אַז זיי זאָלן צוזאַמען לייענען פון בלאַט. ווי לויפער אויפן פעלד, וואָס שלינגען מיט זייערע פיס דיסטאַנץ נאָך דיסטאַנץ, אַזוי יאָגן זיך פאַנאַנדער זייערע אויגן איבער דער בלאַט. סאַרא גליק — פאַרמאָגן דעם געבענטשטן אינערלעכן געהער, וואָס הערט, שטעלט זיך פאָר און זעט יעדן קלאַנג.

— וואָס וואָלט געווען מיט בעטהאָווענען, — זאָגט עלישע, — ווען ער וואָלט ניט פאַר־מאָגט דעם דינסטן און פאַרשאַרפטסטן אינערלעכן געהער, וואָס איז געוואָרן נאָך העכערוודיקער און נאָך זעעוודיקער, ווען זײַנע אויערן זײַנען פאַרשלאָסן געוואָרן אויף אייביק.

עזרען קומט אויף אויפן זינען א פאַל, וואָס האָט פּאַסירט מיט זײַן טאַלמיד, מיט שאָלעמקען.

— איך האָב שאָלעמקען פאַרגעבן שאָפּענס אַן עטיוד, שאָלעמקע איז קראַנק געוואָרן און האָט דעם פידל אין דער האַנט ניט געקאָנט נעמען. נאָר ליגנדיק אין בעט האָט ער זיך ניט צעשיידט מיט די נאָטן און אין מעשעך פון א כוידעש צײַט אויסגעשפּילט מיט די פינגער אונ־טער דער קאָלדרע יעדן טאַקט, פאַרגעשטעלט זיך, געהערט און געזען יעדן קלאַנג, און דעם ערשטן טאָג, ווען ער איז נאָר אַראָפּ פונעם בעט, האָט ער מיך איבעראַשט מיט זײַן שפּילן.

עלישע כאַפּט אַרום שאָלעמקען און בעט אים גלײַך שפּילן דעם עטיוד.

— ניין, — האָט קאַמסקי דערווידערט, — שאָלעמקע וועט שפּילן דערנאָך. אין יעדער זאַך דאַרף זײַן אָרדענונג. דער ערשטער באַדאַרף שפּילן דער גאַסט.

אַלע זײַנען מאַסקים געווען, און עלישע האָט גענומען דעם פידל.

איידער עלישע האָט אַרויסגעבראַכט דעם ערשטן קלאַנג, האָבן שוין אַלע קלאַנגען און טאַקטן געעווירט אין זײַנע פינגער און זיך געריסן אויף דער ליכטיקער שײַן. א דונער פון קלאַנגען. א בליץ נאָך א בליץ. אַלץ איז אין פלאַמען, עס שרײַען די פּאַוזעס, עס שרײַט דאָס שווײַגן, עס שטורעמען אַלע שטילקײַטן. ווי שרעקלעך און ווונדערלעך! דער ווונדער, וואָס ווערט געשענקט דעם אויער און דעם אויג, איז בלויז אויף א רעגע.

גלײַך נאָך עלישען האָט עזרע גענומען איבערשפּילן דאָס, וואָס עלישע האָט דאָ ערשט גע־שפּילט, און ס׳איז ניט געווען צו דערקענען, אַז דאָס איז דאָס זעלבע ווערק. עלישע האָט ליב טרייסלען דעם בוים און הערן דעם גערודער פון די וואָרצלען, דעם גערויש פון די צווײַגן מיט די בלעטער — עזרע הערט זיך צו צום ציטער פון יעדער צווײַג, צום פלאַטער פון יעדן בלאַט, קוקט אַרײַן אינעם שאָטן, וואָס דער בוים וואַרפט אָפּ פון זיך. עלישע וויקלט פאַנאַנדער די זעג־לען אַנטקעגן די נײַע ווינטן, אין אומרו זוכט ער די רו, און עזרע זוכט אין רו דעם אומרו.

אין שול זײַנען זיי דורכגעגאַנגען, און ווי פאַרשיידן זיי זײַנען! פאַרשיידענע צוגאַנגען, פאַר־שיידענע טעמבּרען, פאַרשיידענע ניואַנסן... דאָס האָט פאַרלאַנגט און דאָס האָט זיך דערשלאָגן פּעדאָצער.

„מאַכט מיר ניט נאָך, — פלעגט פּעדאָצער שטענדיק טײַנען, — נאָכמאַכן הייסט אײַנגאַנצן זיך פאַרלאָזן אויף יענעם און אויף קיין האָר ניט גלייבן אין די אייגענע קויכעס. שפּילט ניט ווי איך, שפּילט ווי איר, ווי איר באַדאַרפט שפּילן. יעדער איינער האָט זיך זײַן גאַנג, זײַן געשמאַק, און ער האָט קיין רעכט ניט לעבן אויף יענעמס כעזשבן. א גוטער טאַלמיד לאָזט זיך מיט דער בראָכע פונעם רעבן אויף נײַע וועגן, ווײַל ווען אַלע וואָלטן געגאַנגען אויף איינעם און דעם זעלבן וועג, וואָלט מען אין ערגעץ ניט דערגאַנגען, וואָלט מען זיך צוזאַמענגעשטויסן און זיך אַזוי פאַרפּלאָנ־טערט, אַז מ׳וואָלט ניט געוווּסט וווהין גיין, ווו זיך קערן און ווענדן".

עס האָט געשפּילט שאָלעמקע. מיט ברייט צעעפנטע אויגן קוקט דאָס יינגל פון לאַנגן פינצ־טערן קאָרידאָר אויף דער גרויסער וועלט, וואָס איז ווי ערשט באַשאַפן געוואָרן. אַלץ איז, דוכט זיך, אַזוי קלאָר, אַזוי פּאָשעט, אַזוי געוויינלעך, אַזוי מעגלעך. מע נעמט דעם פידל אין דער האַנט — און דאָס גליק איז דײַנס. דער פידל פּאָלגט דיך, דער פידל הערט דיך, פּילט אויס אַלץ, וואָס דו פאַרלאַנגסט, — איז ווער קאָן זיך גלײַכן צו דיר?

שאַלעמקע שפּילט. עלישע גלייבט אים, עזרע פרייט זיך צוזאַמען מיט אים, און קאַמסקי ווערט מילדער און מילדער...

— ווער שפּילט עס? — פרעגן די ווײַבער פון קאָרידאָר.

— דאָס שפּילט מײַן שאַלעמקע, — פאַרכאַפּט לייקען דער אָטעם, — איך דערקען שוין אָן די קלאַנגען, אַז דאָס רעדט זײַן פידל, אַז דאָס שפּילט ער, מײַן שאַלעמקע.

אַלע ווײַבער זײַנען מעקאַנע געווען לייקען, דער גליקלעכסטער פון אַלע מאַמעס, און גע־האַלטן איר אײן אײן ווינטשן, אַז זי זאָל נאָך דערלעבן אַ סאַך נאַכעס אין אים.

— איז וואָס זשע וויינט איר, לייקע?

— איך וויין דען?

שאַלעמקע האָט געשפּילט, און לייקע האָט געוויינט...

## צו נײַע פּײַערלעך

צום שלימאַזל באַדאַרף מען אויך האָבן מאַזל, צום אומגליק אַ שטיקל גליק און צו דער מאַקע אַ רעפּוע, ווײַל אַנדערש וואָלט מען ניט איבערגעטראָגן דעם שלימאַזל, ניט אויסגעהאַלטן פונעם אומגליק און געפּלאַצט פון דער מאַקע.

אין אָט די שווערע טעג האָט זיך עזרע דערמאָנט אָן פּערעצן. נאָך דאַן, ווען עזרע האָט זיך באַקאַנט מיט אים בא זיאַמען, האָט פּערעץ אים אײַנגעלאַדן צו זיך. „מײַן הויז און מײַן האַרץ זײַנען שטענדיק אָפן פאַר אײַך, איר וועט בא מיר שטענדיק זײַן אַן אַנגעלייגטער גאַסט“.

עזרען האָט זיך שוין לאַנג געוואָלט גיין צו פּערעצן, נאָר ער האָט ניט געוואַגט. אָבער איצט מוז ער גיין. ער, פּערעץ, איז דער איין־און־איינציקער אין וואַרשע, וואָס קאָן אים מיט עפּעס־וואָס העלפן.

עזרע האָט קיין טאָעס ניט געהאַט. די לעצטע האָפענונג האָט אים ניט אָפּגענאַרט. אָפן צווייטן טאָג נאָך דער באַגעגעניש איז פּערעץ אַליין געקומען אין לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר מיט דער פריידיקער בסורע, אַז זײַן פרײַנט אַווגוסט באַלעסלאַווסקי, דער פּראָפעסאָר פון מוזיק־שול, איז מאַסקים לערנען מיט עזרען און מיט עלישען אָף אַ פּריוואַטן אויפן בא זיך אין דער היים אָן שום געצאָלטס.

ס'איז געווען אַ קילער האַרבסט־טאָג.

די טיר פון אַווגוסט באַלעסלאַווסקיס וווינונג האָט ברייט געעפנט פאַר עלישען און עזרען אַ יונגע, שלאַנקע פרוי. עס האָט אַן אָטעם געטאָן מיט וואַרעמקײַט. די וואַרעמקײַט האָט זיך געטראָגן פון די בלויע אויגן, פון די גאַסטפרײַנטלעך אײַנלאַדנדיקע הענט און פונעם „פּראָשע פּאַנאַ“.

— גיט איבער, — האָט עזרע זיך העפלעך פאַרנייגט פאַר דער שיינער וווקסיקער פרוי מיט די בלאָנדע האָר, — פּעדאַצערס טאַלמידים זײַנען געקומען צו אים.

עס איז ניט דורך קיין מינוט, און באַלעסלאַווסקי האָט זיך באַוויזן אין פאָדערצימער.

— אָ, פּאַן עזרע! — דער פּראָפעסאָר האָט פעסט געדריקט די האַנט פונעם יונגן מענטשן. — זייער גוט, וואָס איר זײַט געקומען! און איר זײַט געוויס עלישע — עזרעס כאַווער? לעאָן פּערעץ האָט מיר דערציילט וועגן אײַך... זייער גוט, וואָס איר האָט געפונען דעם וועג צו מיר. ווער ס'זאָל שפּילן און ווער ס'זאָל ניט שפּילן — איז ניט אין זייער רעשוס, ניט אינעם רעשוס פון די, וואָס האָבן רעשוס אָף אַלץ... דאָס איז שוין באַשטימט געוואָרן אָן זיי און פאַר זיי! די נאַטור האָט באַשטימט! די נאַטור האָט אָפּגעקליבן, און איר אויסוואַל איז אַ ריכטיקער. איצט איז אַלץ אָפּהענגיק נאָר פון אײַך! און איך פון מײַן זײַט וועל טאָן אַלץ, וואָס איז אָפּהענגיק פון מיר... קומט זיך אונטערפעסטיקן, לאָמיר צוזאַמען פרישטיקן, — האָט דער פּראָפעסאָר אײַנגעלאַדן די געסט אין עס־צימער.

באַם פרישטיק האָט באַלעסלאַווסקי פאַרגעזעצט זיך אָנפרעגן, גלײַך ווי ער האָט נאָרוואָס זיך דערוווּסט וועגן דעם, וואָס עס האָט געטראָפן מיט עלישען און מיט עזרען.

— סאַראַ אינקוויזיטאָרישע אַכזאָריעס, סאַראַ רעציכע! פאַרמאַכן די טיר פאַר די, וואָס האָבן רעכט די ערשטע אַרײַן, אַרויסשלײַדערן צו אַלדי רוכעס דאָס, וואָס איז אַזוי נייטיק, וואָס מע באַדאַרף זוכן ווי גאָלד אין זאַמד!

דער גאָפּל אין זײַן האַנט איז ווי אַ שפּיז געווען אָנגעשטעלט, גרייט צום שטעכן.

— אָבער זיך ניט אונטערגעבן! — איז דער גאָפּל אַלץ פעסטער פאַרקלעמט געוואָרן אין באַלעסלאַווסקיס פויסט. — איר טאָרט אָף קיין איין מינוט ניט אַרויסלאָזן דעם פידל פון דער

האַנט. אין איין שיינעם טאָג וועט איר מיט אײַער שפּילן אָנפּאַלן אף אײַערע סאָנים און זיי פאַרניכטן.

עלישע און עזרע האָבן זיך דערפילט, ווי בא זיך אין דער היים. אַט דאָס הויז וועט ווערן זייער שוץ, זייער פעסטונג. אַט פונדאַנען וועלן זיי אָנפּאַלן אף זייער סוינע און אָפּהאַלטן א ניצאָכן.

דעם פּראָפעסאָרס שטים קלינגט זיגעריש:

— די סאָנים אײַערע וועלן איבערגעשראָקענע זיך ארומקוקן פון אלע זײַטן: וויאַזוי האָט עס פּאַסירט? מיר האָבן דאָך פאַר זיי אלע וועגן אָפּגעשניטן, מיר האָבן דאָך זיי אין ערגעץ ניט צוגעלאָזט, וויאַזוי זשע האָבן זיי געקאָנט ווערן אזעלכע ווירטואָזן, אזעלכע מײַסטערס?.. איך טרײַב ניט איבער, מאַריִע, — האָט זיך אווגוסט געווענדט צו זײַן פרוי, — עזרען האָב איך עקזאַמענירט, עזרען האָב איך געהערט... און וועגן אים, וועגן עלישען, האָט מיר לעאָן פּערעץ דערציילט. איך בין זיכער, אז זיי וועלן באַרעכטיקן מײַנע דערוואַרטונגען.

מאַריִע איז מעכאַבעד געווען עלישען מיט עזרען:

— עסט! פאַרזוכט! דאָס צווייטע מאָל וועלן מיר צוגרייטן עפּעס בעסערס.

— עסט, עסט, — האָט מאַריִען אונטערגעהאַלטן דער מאַן, — פידלער דאַרפן זײַן געזונט, זיי דאַרפן האָבן מער קויעך, ווי דער טרעגער, ווי דער קאַטאָרזשניק. יאָ, יאָ, נישטאָ אף דער וועלט קיין שווערערע ארבעט, ווי אופהייבן און אײַנהאַלטן דעם פידל. ווײַל דער פידלער, אז זײַן פידל זאָל אים אלץ אוועקגעבן, דאַרף ער פריִער פון אלץ זיך אליין אָפּגעבן דעם פידל. דער פידל נעמט בא אײַך צו די קינדהײַט. אלע קינדער שטיפן, אלע קינדער שפּילן זיך, און די, וואָס האָבן גענומען דעם פידל אין דער האַנט, וויסן בלויז פון איין שפּיל, פון דער שפּיל אפן פידל. אויך די יוגנט פאַרשלינגט ער, דער פידל. און וואָס רײַפער דער פידלער ווערט, אלץ שווערער און שווערער ווערט אים. ער איז אנערקענט, ער האָט דערפאָלג, מע אַפּלאָדירט אים, און דער איינציקער אומצופרידענער איז פאַרט ער, דער פידלער. נאָכן גרויסן דערפאָלג, אין די שלאָפלאָזע נעכט, רינגלען אים ארום אף זײַן געלעגער אלע זײַנע ווערק, וואָס ער האָט באַוויזן אויסצושפּילן, און דער פידלער קאָן זיך ניט מויכל זײַן — ער האָט דאָך געקאָנט שפּילן א סאַך בעסער! אין די שלאָפלאָזע נעכט שפּילט ער איבער אין זיך אלץ, וואָס ער האָט געשפּילט, און עס באַקומט זיך אָן אן ערעך בעסער, שטאַרקער און טיפער. און ווען עס נעמט שוין טאָגן, איז ער ווידער ניט צופרידן: ער האָט דאָך געקאָנט שפּילן נאָך בעסער! אַט די אומצופרידנקײַט איז פאַרן פידלער דאָס זעלבע, וואָס דער ווינט פאַר די זעגלען...

פונעם קלאַס־צימער האָבן זיך דערטראָגן פאַרשיידענע צעבראָכענע קלאַנגען־שטיקער. עס קרעכצן פידלען, עס ברומט דער ראָיאַל. איין פידל מאַכט נאָך דעם צווייטן: א סקריפּערײַ פון טויערן, א געקריי פון הענער, א קאָ־קאָ פון הינער, א הירזשען פון פערד, א מעקען פון קי און שעפּסן...

— דו הערסט, אווגוסט?

— איך הער, מאַריִע! — האָט באַלעסלאַווסקי גוטמוטיק געשמייכלט. — דאָס, וואָס כעוורע שטיפן, מאַכט ניט אויס. שפּאַס און שטיפערײַ — איז גאָר ניט אזא שלעכטע אוווערטיורע פאַר דער ערנסטער שפּיל.

— א מאָדנער מענטש מײַן אווגוסט, — האָט שטאָלץ געזאָגט מאַריִע, — זינט איך קען אים, איז נאָך ניט געווען אזא פאַל, אז ער זאָל ארײַן אין קלאַס־צימער אין א פּיזשאַמע. אף א לימוד אין זײַן אייגענעם קלאַס, בא זיך אין שטוב, טוט ער זיך אָן אזוי, ווי ער זאָל גיין אף א קאָנצערט אָדער אין דער מוזיק־שול. מע טאָר ניט, זאָגט ער, וואָכעדיק מאַכן דאָס שפּילן ניט פאַר זיך און ניט פאַר די שילער.

באַלעסלאַווסקי האָט אויסגעהערט עלישען מיט גרויס פאַרגעניגן. ווען עלישע האָט פאַרענדיקט, האָט דער פּראָפעסאָר גענומען בא אים פון די הענט דעם פידל, באַטראַכט אים פון אלע זײַטן און זיך אָנגעשטויסן אף א יידישן אופשריפט. עלישע האָט איבערגעזעצט:

„פון א געליטענעם בוים און א געליטענעם שניצער — א געליטענעם פידלער!“

— וואָס באַטײַט עס?

עלישע האָט דערציילט די געשיכטע פונעם פידל.

— ניט אין איטאַליע, ניט אין ברעשי, ניט אין קרעמאָנע איז דער פידל באַשאַפן געוואָרן, נאָר אין לינעץ, אין א קליין שטעטעלע אף אוקראַינע. ניט סטראַדיוואַרי, ניט אמאַטי און ניט גוואַרנערי האָבן אים אויסגעשניצט, נאָר מײַן אייגענער פאָטער, דער לינעצער שניצער... מײַן פאָטער, דער פאַרשטויסענער, עלנטער קינסטלער, וואָס קיינער דאַרף אים ניט. אין פאַרוואָרפענעם שטעטל איז מײַן פאָטער שטאַרק פאַרביטערט געווען פון זײַן אייגענעם גורל און פון מײַן גורל, און אָט, ווען ער האָט פאַרטראַכט אויסשניצן פאַר מיר א פידל, האָט ער ניט געזוכט דעם „זינגענדיקן“ בוים, נאָר דעם סאַמע לײַדנדיקסטן, מיט וואָס מער אײַנגעשניטענע וווּנדן־

קארבן. „דער אויסגעוויטעקטער בוים, — האָט געזאָגט מײַן פאָטער, — וועט ווי א מענטשלעך הארץ מיטפילן מײַן זון"... ווען מײַן פאָטער האָט מיר צוגעשיקט דעם פידל, האָט ער מיר געשריבן: „און וויסן זאָלסטו, זון מײַנער, אז דער פאָטער פונעם פידל, דער בוים, וועלכן איך האָב אויסגעקליבן און אויסדערוויילט פון אלע ביימער, האָט אן עלנט ביטער לעבן געלעבט. שטאמען שטאמט ער פון פעלדזן, אף א פארוואָרפענעם בארג, אין א פארהוילענעם פעלדז האָט ער דורכגעשלאָגן זײַנע ווארצלען. קיינער האָט דעם בוים מיט קיין וואסער ניט באגאָסן, קיינער האָט זײַנע ווונדן ניט געהיילט, קיינער איז אין זײַן שאָטן ניט געזעסן, קיינער האָט אים ניט באוווּנדערט און קיינער האָט ניט געזאָגט — ווי שיין איז דער בוים! א פארוואָרלאָזטער הפקר־בוים, וואָס האָט ניט געהאט אף וועמען צו פארלאָזן זיך, וואָס האָט ניט געהאט לעבן זיך קיין איין בוים, אין וועלכן ער זאָל זיך אָנשפארן אין א שווערער מינוט. באטאָג האָט אים די זון געברענט, און באנאכט האָט ער פון קעלט געציטערט. בייזע ווינטן האָבן געריסן די צווײַגן, שטורעמס האָבן זיך צו זײַנע ווארצלען דערקליבן. א דונער נאָך א דונער האָבן אים אף שטיקער געוואָלט צערײַסן, א בליץ נאָך א בליץ האָבן אים אין זײַערע פײַערן געוואָרפן, און ער, דער בוים, האָט זיך אײַנגעביסן אין פעלדז און ניט פון אָרט, אפצולאָכעס האָט ער געוואָלט לעבן!.. ווייסטו דאָך פרעגן, זון מײַנער, ווי זשע האָט געקאָנט דער בוים אויסהאלטן? איז קום איך דיר צו מעלדן, אז דער בוים האָט פריִער ווי אלע ביימער אין די טאָלן און אין די וועלדער באגעגנט דעם פרילינג און יעדן טאָג פריִער פון אלע ביימער באגעגנט דעם אופגאנג פון דער זון".

עלישעס פידל איז איבערגעגאנגען פון האנט צו האנט.

דערנאָך האָט געשפילט עזרע.

— די נאטור איז באגאנגען א פעלער, — האָט געזאָגט באָלעסלאַווסקי, — דער געצוימטער עזרע האָט זיך לײַכט געקאָנט באגיין מיט עלישעס פינגער, וואָס זײַנען צו שוואך פאר עלישעס שטארקן טעמפעראמענט. עלישע האָט באדארפט פארמאָגן עזרעס שטארקע פינגער. אין די פינגער פונעם פידלער, — האָט פאָרגעזעצט דער פּראָפעסאָר, — קלאַפּט זײַן הארץ, זיי פילן פאָרויס די נײַע נאָך ניט באשאפענע וועלטן. זיי ברענגען ארויס דעם טרויער, אנטפלעקן די פרייד, זיי זעען, וואָס עס טוט זיך אינעם הארצן פונעם פארליבטן, פילן און הערן, וואָס די יוגנט זאָגט און וועגן וואָס די עלטער טראכט... זיי באגלייטן דעם הארבסט און באגעגענען דעם פרילינג, באזינגען דאָס לעבן און באוויינען דעם טויט. דאָס הארץ באפוילט די פינגער אראָפּלאָזן זיך ביז צו די יאם־גרונטן, אויסגעפינען דאָרט און ארויסברענגען א פערל נאָך א פערל, ארופקלעטערן אפן העכסטן בארג, דערלאַנגען ביז צו די וואָלקנס, בארירן די זון. פינגער!.. לויט זיי אורטייל איך, און קיינמאָל האָב איך קיין טאָעס ניט אין דעם באלעבאָס. און איצט זאָלן די נײַע שילער הערן מײַנע אלטע שילער. הערן — הייסט אויך שפּילן, אויערן — דאָס זײַנען די טויערן, וואָס עפענען אוף א הארץ פאר א הארץ.

באָלעסלאַווסקי האָט זיך געזעצט באַם ראָיאַל, און דערנעבן האָט זיך אוועקגעשטעלט א יונגער בלאָנדער באָכער. דער באָכער האָט אופגעהויבן דעם סמיק, און דער פידל האָט זיך צעהוידעט, צעוויגט, צעברומט, ווי א צווײַג פון א פּלוצעמדיק אָנגעלאָפענעם ווינט. דער פּראָפעסאָר האָט ניט אראָפּגענומען זײַנע בליקן פונעם שילערס פינגער: צי מעג מען זיי פארטרויען, צי וועלן זיי אויסהאלטן דעם ריטם און זיך ניט פארפּלאָנטערן אין די טאקטן, דערפילן דעם ווייטעק און אנטפלעקן די פרייד?

דער פידל האָט געציטערט אין די הענט פונעם בלאָנדן באָכער. ער איז געווען אומרויִק, — דער אלטער שילער האָט זיך געשראָקן פאר די צוויי נײַע. דעם באָכערס אומרויִקע אויגן האָבן אויסגעמיטן עלישעס און עזרעס פּנעמער. ער האָט ווי מיט געבעט געקוקט אף באָלעסלאַווסקין, יענער זאָל אים העלפן, ווײַל דאָ דארף מען קאָנען בײַשטיין, די געפאר איז גרויס!

באָלעסלאַווסקיס פינגער האָבן אויסגעשפּירט אפן ראָיאַל דעם וועג פארן פידל. די קלאַנגען פונעם פידל זײַנען געוואָרן אלץ זיכערער. דער פידלער האָט שוין מער קיינעם ניט געזען, ער האָט געהערט בלויז זײַן פידל, די קלאַנגען, וואָס דארפן באלד אָנקומען, דעם פּראָפעסאָרס האנט, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון די קלאַווישן און געוואָרפן זיך אנטקעגן דעם פידל, אָנווײַזנדיק, וווהין און וויאַזוי זיך באוועגן.

וואָס איז געשען? דעם בלאָנדן באָכערס אויגן האָבן אינמיטן שפּילן זיך אָנגעשטויסן אף עלישען און עזרען... זײַן האנט, וואָס האָט געהאלטן דעם סמיק, האָט געגומען ציטערן, די קלאַנגען האָבן פארלוירן זייער זיכערקײַט, דער פידלער איז ארויסגעשליידערט געוואָרן פון דער וווּנדערלעכער וועלט, ווו ער האָט זיך ערשט אזוי גוט געפילט, און ער האָט זיך דערזען אין קלאַס.

איצט קאָן העלפן בלויז דעם לערערס פידל. דער בלאָנדער באָכער פארנעמט זײַן אָרט באַם ראָיאַל, און דער פּראָפעסאָר גייט דורך אף דעם פידל עטלעכע מאָל יענע ערטער, ווו ס'איז דעם

שילער שווער געווען דורכגיין. די ניט בוילעט אויסגעדריקטע פראזעס זײַנען אויסגעפּאריכט. דער ריטם איז אויסגעגלײַכט. די פארלוירענע ווונדערלעכע וועלט איז אומגעקערט. ס'איז נאָך אָבער פרי געווען לאָזן דעם שילער אליין, און דער פּראָפעסאָר האָט געשפּילט צוזאמען מיט אים. א מינוט און נאָך א מינוט, דער בלאָנדער באָכער ווערט בא זיך אלץ זיכערער און זיכערער, די קלאנגען פון זײַן פידל ווערן פולער, שטארקער. באָלעסלאַווסקיס פידל שפּילט אלץ שטילער און שטילער, ביז ער ווערט אינגאנצן אנשוויגן — ער האָט שוין זײַנס אָפּגעטאָן. ווידער פאלט צו באָלעסלאַווסקיס אײין האנט צו די קלאווישן פון ראָיאַל, און די צווייטע דיריזשירט און פירט נאָך זיך דעם פידלער. נאָך א ווײַלע — און דעם פּראָפעסאָרס ביידע הענט עטעמען פרײַ אַף די קלאווישן. איצט איז ניטאָ וואָס צו אײַלן, איצט קאָנען זיי רויִק נאָכגיין, מיטגיין און באגלייטן.

זינט יענעם טאָג איז שוין פעדאָצער ניט געווען דער איין־און־איינציקער לערער עזרעס און עלישעס. רימענדיק פעדאָצערן, האָבן זיי גערימט אויך דעם פּראָפעסאָר באָלעסלאַווסקי, צוזאמען מיט זיי זײַנען פונעם פּראָפעסאָר באגײַסטערט געווען די אײַנוווינער פון קאָרידאָר.

— סארא לײַטישער מענטש ער איז, אָט דער אווגוסט באָלעסלאַווסקי!

— סארא גוט הארץ ער פארמאָגט!

— פאראן נאָך מענטשן אַף דער וועלט!

ווידער, ווי אמאָל, אין די בערדיטשעווער צײַטן, האָבן עלישע און עזרע קיין מינוט ניט געקאָנט זײַן איינער אָן דעם צווייטן. אַף דער העלפט האָבן זיי זיך געטיילט מיט די „שטונדן", אַף דער העלפט האָבן זיי זיך געטיילט מיט דעם בעט, אַף דער העלפט האָבן זיי זיך אפילע געטיילט מיט שאָלעמקען — א שאָ האָט עזרע מיט אים געלערנט, און א שאָ האָט מיט אים געלערנט עלישע. אַף דער העלפט האָבן זיי געשריבן בריוו צו פעדאָצערן. קיין ליפּאָוועץ, קיין לינעץ און אפילע צו מיריעמען. צו קליין זײַנען פאר זיי געווען די הארבסטיקע נעכט — מע האָט ניט באוויזן ארויסזאָגן איינער פארן צווייטן אלע געדאנקען און געפילן.

באָלעסלאַווסקי האָט פארגעבן עלישען און עזרען אויסלערנען א דועט, וועלכער האָט זיי דערמאָנט פעדאָצערס דועט. די דערמאָנונגען וועגן ערשטן דועט האָבן פארומערט די פרייד פונעם צווייטן. ניט קיין מאָזלדיקער איז ער געווען, יענער ערשטער דועט. אין דעם זעלבן טאָג, ווען זיי האָבן אים באדארפט אויספילן פאר פעדאָצערס געסט, איז עזרע געצוווּנגען געווען פארלאָזן בערדיטשעוו און זיך אומקערן אהיים.

ביידע כאווײרים האָבן פארלאנגט נאָר איינס, אז דער איצטיקער צווייטער דועט זאָל זײַן מאָזלדיקער פונעם ערשטן. זיי האָבן געגלייבט און זיך געשראָקן. וואָס רײַפער און טיפער דער דועט האָט גענומען קלינגען, אלץ מער האָבן זיי געציטערט איבער אים, ווי מע ציטערט איבער א קוים דערוואַרט קינד, וואָס ווערט שענער און קליגער פון טאָג צו טאָג — קיין בייז אויג זאָל דעם ניט שאטן, קיין שלעכטס זאָל מיט דעם ניט טרעפן.

הײַנט קומט צו פאָרן מיריעם, און מאָרגן וועלן עלישע און עזרע שפּילן דעם נײַעם דועט פארן פּראָפעסאָר, פאר די שילער, פאר די געסט — פאר די פידלער און לערער פון מוזיק.

הײַנט וועט עזרע באגעגענען מיריעמען! א שאָד נאָר, וואָס איצט איז הארבסט און מיריעם וועט ניט קאָנען ארויס פון וואגאָן אין איר ווײַסן קלייד, וואָס פּאסט איר אזוי צום פּאָנעם.

שוין לאנג האָט ער זי ניט געזען — ווי זעט זי אויס? פאר עזרעס אויגן גייען דורך פארשיידענע מיריעמס — א זעקסיאָריקע, א צעניאָריקע, א זיבעצניאָריקע... פארשיידענע מיריעמס. און אלע זײַנען זיי ווי געטרײַע כאווערטעס, וואָס געזעגענען זיך מיט דער יוגנט פון זייער באליבטער כאווערטע, נאָר טרעטן אָבער ניט אָפּ אַף קיין מינוט פון דער איצטיקער מיריעם, פון דער מיריעם, וואָס קומט הײַנט צו אים.

וואָס זשע וועט זי אים זאָגן? עזרע וויל טרעפן מיריעמס ערשטע ווערטער.

„איך האָב דיך ליב!" — ניין, דאָס איז ווייניק.

„איך קאָן אָן דיר ניט זײַן!". אויך ניט — דאָס הייסט דאָך אָנשטאָט זיך אליין מאקריוו זײַן, פאָדערן, אז ער, עזרע, זאָל זײַן איר קאָרבן.

און עזרע הערט, ווי מיריעם ברענגט ארויס דאָס שטארקסטע פון דעם, וואָס א פרוי קאָן זאָגן. זי זאָגט דאָס, וואָס ראָכל האָט געזאָגט איר געליבטן אקיווען: „אויב אקיווע איז נאָך ניט דערפלויגן, אויב אקיווע באדארף נאָך פליִען און פליִען, וועל איך ניט זײַן קיין שטיין אַף זײַנע פליגל. איך וועל זײַן די צווייטע פאָר פליגל, וואָס דארפן פארבײַטן די אָפּגעשוואכטע אין לאנגן שווערן וועג. פלי ווײַטער, אקיווע! ווארטן איז שווער, נאָר אויב מײַנע ליידן וועלן דיר גרינגער מאכן, זײַנען אָט די ליידן שטארקער פון די גרעסטע פריידן!"

יאָ, מיריעם האָט אים געשריבן דאָס זעלבע: „פֿלי ווײַטער, עזרע! פֿלי ווײַטער!” אַנדערש קאָן זי ניט זאָגן... אַנדערש וועט זי ניט זאָגן...

דער הימל איז געוועזן אָנגעכמורעט, אָט־אָט וועט נעמען פֿאַלן אַ שניי. די אײַנוווינער פֿון לאַנגן פֿינצטערן קאָרידאָר, וואָס קוקן שטענדיק אויפֿן שניי און אויפֿן פֿראָסט ווי אויף צוויי רויבער, וועלכע רײַסן בײַ זיי אַרויס דעם לעצטן גראָשן אויף הייצונג, זײַנען איצט שטאַרק צופֿרידן געווען, וואָס זיי וועלן באַגעגענען מיריעמען מיט אַן ערשט אַראָפּגעפֿאַלענעם שניי און מיט בלומען אין די הענט... פּאַולינע, לייקע און טשיפּע־שיפּרע האָבן געטוליעט די בלומען צו דער ברוסט און זיי געוואַרעמט. דער קאָרידאָר־אוילעם איז אונטערגעשפּרונגען, געקלאַפּט אַ פֿוס אָן אַ פֿוס. לויט די געלעכטערס און אויסגעשרייען האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז ניט די קעלט טרײַבן זיי אַרויס פֿון זיך, נאָר זיי טאַנצן אַ מין באַגעגעניש־טאַנץ.

— וואָס טוען דאָ אַזוי פֿיל שלעפּער? — האָט אויפֿגעבראַכט אויסגעשריִען אַ פּאָליציימאַן. — אַז די זלידניע קלײַבט זיך צונויף, איז ניט צום גוטן... צעגייט זיך צו אַלדי רוכעס! איך וועל אײַך ווײַזן, קראַמאַלניקעס!

קאַמסקי האָט זיך אַ ריס געגעבן צום פּאָליציימאַן און ווען יענער האָט אויסגעשטרעקט זײַן האַנט, וואָס איז געווינט געוואָרן אָנטאַפּן אַסיגנאַציעס, האָט קאַמסקי זיך צעשריִען ניט מיט זײַן קאָל:

— באַגעגענען אַ קאַלע איז שוין אויך קראַמאָלע?

דער פּאָליציימאַן האָט אַ דערצאָרנטער אַ שפּײַ געגעבן:

— טפֿו! טפֿו זאָלט איר ווערן, פֿאַרשיוועע אַנטיכריסטן!

דער פּאָליציימאַן האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפֿינען; זײַן רעכטע האַנט, וואָס האָט גאָרניט געגנאַשט, האָט זיך פֿאַרשעמט געבאָמבלט הין און צוריק אינדערלופֿטן.

— אַ קאַלע! כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך דער פּאָליציימאַן געקילט דאָס האַרץ. — אַ קאַלע באַגעגענען זיי! קאַרג, וואָס זיי אַליין זײַנען שלעפּערס, באַדאַרפֿן זיי ברענגען אויף דער וועלט נאָך אַ שלעפּערל.

בײַ קאַמסקין האָבן זיך געביסן די פֿינגער, אים האָט זיך געוואָלט אַראָפּרײַסן דאָס רויטע היטל, וואָס דעקט צו דעם ליידיקן מאַקרעטע־קאָפּ, און פֿאַרשטאָפּן מיט דעם דאָס באַרישע לאַכנדיקע מויל!

עלישען און עזרען איז אויסגעקומען זיך אַרײַנמישן.

— דו ווילסט באַגעגענען מיריעמען מיט אַ סקאַנדאַל?

לייקע האָט געשאָלטן מיט ביטערע קלאָלעס:

— וואָס מיינען זיי זיך, אַז די ליבע איז אַ באַראָנעסע, אַ פּריצטע, אַן אָנגעפּרעסענע נע־גידעסטע, וואָס קאָן זיך ניט באַגיין אָן מירמלשטיינערנע פּאַלאַצן, אָן פּליושן מעבל, אָן גאָלד און אָן זילבער, אָן דימענטן און אָן בריליאַנטן? די ליבע איז פּאָשעט געשלייערט, זי האָט ליב אַ ריין האַרץ, אַ וואַרעם האַרץ. ווי לאַנג קרענקען זיי, די פּריצים און נעגידים, צי זיי פֿאַרמאָגן אַזאַ האַרץ! בײַ זיי איז פֿון אויבן דער פּוץ און פֿון אונטן די שמוץ!

זיאַמע דער זייגערמאַכער איז דאָ, ווי שטענדיק, געקומען מיט אַ זייגער־מאָשל, וואָס איז אַ סאַך ווײַטער געגאַנגען פֿון לייקעס קלאָלעס.

— אויב דער שאָטנדיקער ווײַזער פֿון אַ זון־זייגער איז קרום, — האָט ער געזאָגט, — איז ניט דער שאָטן שולדיק, נאָר דער, וואָס מאַכט דעם שאָטן, — דער קרומער שטעקן. אַ קרומער שטעקן — אַ קרומער שאָטן, און קרום איז ניט גלײַך, ווי אָרעם איז ניט רײַך... נאָר נישקאָשע, דאָס פֿײַער וועט אָפּטאָן זײַן רעכט מיטן קרומען שטעקן, און מיר וועלן אוועקשטעלן אַ גלײַכן, און זײַן שאָטן וועט ניט ליגן, גאָרנישט ניט פֿאַרלייקענען.

— דער סעמאַפֿאָר איז אָפֿן!

— דער צוג קומט אָן!

אַלע האָבן גענומען מעסטן די ערטער און לעפּיִערעך זיך מעשאַער זײַן, ווו וועט זיך אָפּ־שטעלן דער וואַגאָן, פֿון וועלכן עס דאַרף אַרויס מיריעם.

— אָט דאָ! אָט דאָ וועט זיך אָפּשטעלן דער זיבעטער וואַגאָן!

עזרע האָט אויפֿגעציטערט: אין עטלעכע מינוט אַרום וועט זיך באַווײַזן מיריעם!

דער סעמאַפֿאָר איז אָפֿן. דער צוג, אַ מידער פֿון אַזוי פֿיל אײַנגעשלונגענע וויאָרסטן, אָטעמט אײַן אין זיך די רו, וואָס באַגעגנט און דערוואַרט אים דאָ אויפֿן וואָקזאַל. דער געקלאַפּ פֿון די רעדער ווערט אײַנגעהאַלטענער און שטילער, און עזרעס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער און שטאַר־קער, עס פֿאַרדרייט זיך אים דער קאָפּ, עס שווינדלט אים אין די אויגן...

זיבן! שוואַרץ אויף ווײַס — זיבן! עזרע איז פֿלינק אַרופֿגעשפּרונגען אויפֿן טרעפּל פֿון וואַגאָן. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער זיך באַוויזן מיט אַ שטרויענער קאָרזינע און מיט אַ קלומעק

אין די הענט. ער האָט איבערגעגעבן די פּרײַנט זײַנע די זאַכן, זיך אומגעקערט צום וואַגאָן און אויסגעשטרעקט די הענט אנטקעגן דער אָפֿענער טיר.

מיריעמען האָט מען אונטערגעטראָגן בלומען. זי האָט אַליין אויסגעזען ווי אַ בלום, ווי די מאַלקע פֿון בלומען.

עזרע האָט פֿײַערלעך זי באַקאַנט מיט זײַנע פֿרײַנט. מיריעם האָט וועגן אַלע געהאַט אַ פֿאָרשטעלונג פֿון עזרעס בריוו, איצט באַגעגנט זי זיך מיט זיי פּאָנעם-לעפּאָנעם, פֿילט די וואַרעמ-קייט פֿון זייערע הענט, די וואַרעמקייט פֿון זייערע ליפּן און אויגן.

די געפּלאַקטענע שטרויענע קאַרזינע איז איבערגעגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט, יעדן איינעם האָט זיך געוואָלט כאַטש אַ ביסל זי טראָגן, אונטערשטעלן אַ פּלייצע. דעם קלומעק האָט געכאַ-מען שאַלעמקע און קיינעם אים ניט געוואָלט אָפּגעבן.

עזרע און מיריעם זײַנען געגאַנגען פֿעסט געאָרעמט. מיריעמס פֿיס, וואָס זײַנען געווינט געוואָרן צו דער ווייכקייט פֿון דער ערד, קאָנען ניט אַריבערטראָגן די האַרטקייט פֿון די שטיי-נער. איר דוכט זיך אַלץ, אַז די שטיינער שלאָגן אירע פֿיס. מיריעם האָט אָפּט פֿאַרלוירן דעם ריטם פֿון גאַנג. אַזאַ זאַך, ווי פּלאָנטערן דעם טאַקט, ווי פֿאַרלירן דעם ריטם, רעגט שטענדיק אויף עזרען, קיין ערגערס איז פֿאַר אים ניטאָ. אַזאַ זאַך קאָן ער ניט מוחל זײַן. טויבע אויערן און טויבע פֿיס זײַנען פֿאַר עזרען די ערגסטע קלאָלע אין דער וועלט, ער איז קיינמאָל ניט געשטאַ-נען אין די דאַלעדאַמעס פֿון אַזאַ, וואָס פֿילט ניט קיין ריטם. און איצט, צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן, באַגײַסטערט אים דער געפּלאָנטערטער טאַקט און געפּלאָנטערטער ריטם, ווי די שענסטע מוזיק. יעדער ניט-געלונגענער טראָט מיריעמס זאָגט אײדעס, אַז קיינער האָט זי פֿאַר די יאָרן ניט געפֿירט אונטער דער האַנט, אַז מיט קיינעם איז זי ניט געגאַנגען שפּאַצירן.

מיריעם שרעקט זיך פֿאַרן ראַש פֿון די גאַסן, וואָס קלאַפּט אויס, ווי אַ האַגל אַלע שטיל-קייטן פֿון איר לעבן, און זי וווּנדערט זיך און קאָן זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלן, ווי לעבט מען אין אַזאַ ראַש.

— אוי, סאַראַ לאַנגע גאַסן! אוי, סאַראַ הויכע מויערן! — וווּנדערט זיך מיריעם. — אין איין מויער וווינען מינאַסטאָם מער מענטשן, ווי אויף אַ ליפּאָוועצער גאַס, פֿון איין וואַרשעווער גאַס וואָלט מען געקאָנט מאַכן צען אַזעלכע שטעטלעך, ווי ליפּאָוועץ... און איך מיין, אַז בעסער צען שטעטלעך, איידער איין וואַרשעווער גאַס... מיר דוכט, אַז וואָס גרעסער, לענגער און ברייטער די גאַס, אַלץ דערווײַטערטער און פֿרעמדער ווערן אירע אײַנוווינער; וואָס העכער די שטאָק, אַלץ קעלטער און שטיקנדיקער באַדאַרף דאָרט זײַן...

אַלע אײַנוווינער פֿון דעם לאַנגן פֿינצטערן קאָרידאָר האָבן אײַנגעלאַדן עזרען און מיריע-מען צו זיך. מע האָט זיי געהאַלטן אין איין מעכאַבעד זײַן און אין איין צווינטשעווען. אַלע זײַנען געווען איבעראַשט פֿון מיריעמען:

— אַזאַ שיינהייט האָט נאָך די וועלט ניט געזען!

— ווי לאַנג קרענקען אַלע פֿריצישע און נעגידישע טעכטער, צי זיי זײַנען ווערט אַפֿילע דעם נאָגל אירן.

מיריעם האָט געגעצטיקט באַ לייקען, און דאָוויד מיט שאַלעמקען — מיט עלישען און עזרען.

לייקע האָט ניט געלאָזט צורו מיריעמען, זי זאָל איר איבערגעבן גרוסן פֿון יעדן ליפּאָוועצער, און באַזונדערס האָט זי געוואָלט הערן, וואָס עס איז געוואָרן פֿון עזרעס כאַווײרים. לייקע באַ-דאַרף וועגן זיי וויסן, קעדיי דערוויזן מיריעמען, אַז עזרע איז מיט צען קעפּ העכער פֿון זיי, אַז ס'איז גאָרניט צו פֿאַרגלײַכן! אַזאַ, ווי עזרע, איז גאָר ניטאָ אויף דער וועלט! און וואָס מער לייקע האָט גערימט עזרען, אַלץ צאַרטער האָט מיריעם זי אַרומגענומען און געקושט.

דער מויער, אין וועלכן אַווגוסט באַלעסלאַווסקי האָט געוווינט, האָט געהייסן דער „שפּילנ-דיקער מויער". ער האָט געהאַט אַ שעם אין אַלע דערבײַיִקע גאַסן און געסלעך. ווען מע האָט דאָ ניט אָפּגעשטעלט און געפֿרעגט אויף „שפּילנדיקן מויער", האָט ער אויסגעמעלדעוועט, ווי צו גיין און וויאַזוי טרעפֿן צו אים.

כעוורע לייצים פֿלעגן שפּאַסן:

— באַלעסלאַווסקיס שטוב וועט איר דערקענען לויטן קומען: פֿון אַלע קומענס גייט אַ רויך, און פֿון זײַן קומען — קלאַנגען.

עזרע האָט אָנגעדערציילט מיריעמען כידושים פֿון דעם „שפּילנדיקן מויער":

— געמישטע פֿידל- און ראַיאַל-קלאַנגען הערן די גאַנצע צײַט ניט אויף, פֿאַרטאָג און שפּעט באַנאַכט דערטראָגן זיי זיך צו דער צענטער גאַס, אַפֿילע דער רויש פֿון באַטאָג קאָן זיי ניט פֿאַר-טויבן און פֿאַרהילכן.

נאָר וואָס זאָל עס באַטייַטן? זיי זייַנען שוין דורך דעם פּאַרלעצטן קוואַרטאַל — און קיין איין קלאַנג, דער לעצטער קוואַרטאַל — און באַלעסלאַווסקיס מויער איז שטום, ווי אַלע מויערן.

עזרע מיט עלישען האָבן פאַרלוירענע זיך איבערגעקוקט. אז דער „שפּילנדיקער מויער" לאָזט זיך ניט הערן, איז עס ניט קיין גוטער סימען. ווייַזט אויס, עפּעס האָט געטראָפן און זייער דועט איז אין געפאַר.

פון באַלעסלאַווסקיס הויז זייַנען ארויסגעגאַנגען פיל באַקאַנטע מענטשן. ניט אומקוקנדיק זיך, זייַנען זיי געלאָפן אין פאַרשיידענע זייַטן. אנטקעגן מיריעמען, עלישען און עזרען איז אָנ־געקומען א קורצזוויקסיקער באָכער מיט רויטע באַקן און איבערגעשראָקענע שמאַלציק־גרויע אויגן. דעם פידל האָט ער באַהאַלטן אונטערן מאַנטל, ווי א פאַרווערטע זאַך, פאַר וועלכער מע קאָן שטרענג באַשטראָפט ווערן.

— וויאַזוי טראָגט איר עס פראַנק־און־פרייַ די פידלען? באַהאַלט זיי! — האָט ער אין איין אָטעם אויסגעשריִען און זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייַטן. — אַף שריט און טריט זייַנען דאָ שפּיקעס. באַלעסלאַווסקיס שילער זייַנען אַלע פאַרדעכטיקט... קערט זיך אום צוריק! באַלעסלאַוו־סקי איז ארעסטירט! זעט, אז איר זאָלט זיך ניט פּאַקן, אז אייך זאָל עס ניט שאַטן!

— עס האָט שוין געשאַט! ערגער שאַטן קאָן שוין ניט, — האָט עלישע געזאָגט צו עזרען און מיריעמען און געקוקט דעם אומגליק גלייַך אין פּאָנעם אַרייַן. עזרע האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, און א דערשיטערטער געהאַלטן אין איין פרעגן:

— ווי איז עס מעגלעך? וואָס הייסט — ארעסטירט? פאַרוואָס און פאַרוואָן?

— ס'זאָל זייַן א פאַרוואָס און א פאַרוואָן, וואָלט עס ניט געשען... פאַרפאַלן! — האָט עלישע הילפלאָז א מאַך געגעבן מיט דער האַנט. — באַלעסלאַווסקיס טפיסע איז אונדזער טפיסע. זייַן אורטייל איז אונדזער אורטייל, פאַרפאַלן!

— רעדט ניט אַזוי, עלישע! אַזוי ריידן טאָר מען ניט! — האָט זיך מיריעם צעוויינט.

— וויין ניט, מיריעם! וויינען טאָר מען אויך ניט! — עזרע האָט צוגעדריקט צו זיך מיריע־מען און געגלעט אירע האָר.

— איז צוריק! אראָפּ־באַרג! — האָט עלישע אויסגעדרייט דאָס פּאָנעם פונעם שטום גע־וואָרענעם מויער.

— וואָס? וואָס האָט איר געזאָגט? — האָט מיריעם אָנגעשטעלט די אויגן אַף עלישען. — צוריק, זאָגט איר? ווי שעמט איר זיך ניט! ווי קאָן מען אנטלויפן צוריק און אויסמייַדן די שטוב פון א פרייַנט און א לערער, ווען דאָרט האָט געטראָפן אַזא אומגליק? דאָס פּאַסט פאַר דעם קורצזוויקסיקן באָכער מיט די פּעטע באַקן, וואָס האָט אונדז אָנגעזאָגט די שיינע בשורע, פונזיינט־וועגן מעג די גאַנצע וועלט אומקומען, אבי אים זאָל ניט שאַטן. דער, וואָס טוט אַזוי, איז ניט ווערט דעם נאָמען מענטש! לאָמיר שוין אַרייַן אין שטוב! אַן אומגליק האָט געטראָפן, טאָרן מיר ניט שטיין אין דער זייַט!

עזרען איז געוואָרן לייַכטער — מיריעם איז ניט פון די, וואָס שפּאַנט באַנאַנד מיט דיר, ווען די זון שייַנט, און באַם ערשטן שאָטן טרעט זי אָפּ אַף צוריק...

ס'איז שווער געווען זיך אופהייבן אַף די טרעפּ, ס'איז שווער געווען אָנקלינגען. ס'איז שווער געווען אריבערשפּאַנען די שוועל.

אינעם פּראָפעסאָרס וווינונג, וווּ ס'האָט הייַנט באַדאַרפט א שפּיל טאָן עלישעס און עזרעס מאַזל, האָבן געפלאַצט די סטרונעס און עס טראָגט זיך דאָ בלויז פון אַלע זייַטן דאָס ווידערקאָל פון בראָך... פון פאַדערהויז ביזן לעצטן ווינקל פון יעדן צימער איז אַלץ געווען אין א שרעק־לעכער אומאָרדענונג צעוואָרפן און צעשלייַדערט... מאַריִע איז געלעגן אַפן דיוואַן פון קאַבינעט מיט א פאַרבונדענעם קאָפּ, מיט רויט־געשוואָלענע אויגן און מיט פאַרבראָכענע הענט. לעבן איר איז געשטאַנען יִצחאָק־לייבוש פּערעץ אין זייַן ברייטער פּעלערינע און געציילט אין א לעפל טראָפּנס פון א קליין פלעשעלע. דערזעענדיק עלישען, עזרען און מיריעמען, האָט זיך פּערעץ גלייַך פאַרפּלאָנטערט אין דער צאָל פון די טראָפּנס, די האַנט האָט בא אים גענומען ציטערן און דער לעפל איז שיר ניט ארויסגעפאַלן.

מאַריִע האָט זיך אופגעהויבן פון דיוואַן, צוגעגאַנגען צו מיריעמען און פּלוצעם צוגעפאַלן צו איר, ווי צו זייער א נאָענטן מענטשן, וועלכן זי קען שוין פון לאַנג־לאַנג:

— טייַערע מייַנע! טייַערע!

ביידע האָבן זיי געכליפּעט און ביידע געטרייסט איינע די אַנדערע:

— מע דאַרף ניט וויינען!

— מע טאָר ניט! מע טאָר ניט וויינען!

פּערעצעס גערדיכטע וואָנצן האָבן זיך נידעריקער אראָפּגעלאָזט און פאַרשטעלט זייַנע פאַר־ביסענע ליפּן. ער איז געווען גערירט פון מאַריִעס און מיריעמס באַגעגעניש. „דער אומגליק

פאַרייניקט, — האָט פּערעץ זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ געדאַנק, ער זאָל אים באַשיצן פון די צאַרטע געפילן, וואָס האָבן אים דאָ אַרומגעכאַפּט פון אַלע זײַטן, — דער וועג פון האַרץ צו האַרץ בײַ פּרויען איז אַ סאַך נעענטער, ווי בײַ מאַנצבילן, ווײַל זיי, די פּרויען, זײַנען געבענטשט מיטן מוטערלעכן, מיט דעם סאַמע הייליקסטן, וואָס ס'איז דאָ אויף דער ערד"...

מיטאַמאָל האָט פּערעץ זיך געווענדט צו מאַריען:

— ווי האָט זיך אַווגוסט געהאַלטן?

מאַריעס אויגן האָבן אויפגעשײַנט. זי האָט זיך אויסגעגלײַכט, פון איר פּנים זײַנען פאַרשוווּנדן די שפּורן פון צעבראָכנקײַט.

— ער האָט זיך פאַר די זשאַנדאַרמען ניט איבערגעשראָקן! פאַרקערט, ער איז בײַ זיך געוואָרן שטאַרקער ווי געוויינלעך און געהאַלטן אין איין איראָניזירן און כויזעקן פון זיי.

— איך קען אַווגוסטן. אַווגוסט איז אַ קעמפער, אין אים ברויזט די אומצופרידנקײַט, און דערפאַר זוכט ער אומעטום נײַע וועגן, — פּערעץ האָט מיט שטאָלץ גערעדט וועגן זײַן פרײַנט, — אַווגוסט האָט קיינמאָל ניט געהערט צו יענע פּראָפעסאָרן, וואָס האַלטן אין איין איבערקײַען דאָס צעקײַטע און וואָס וועלן, ווי דער קאַלב, זיך ניט קעגנשטעלן, ווי שלעכט מע זאָל זיי ניט באַהאַנדלען. אַווגוסט איז אַ פּראָפעסאָר, אַ פידלער, אַ דענקער, אַ קעמפער, און אַ קאַלב בלײַבט אַ קאַלב. קיין איין קאַלב זעצט זיך ניט אַנידער איבערקלערן — עפּשער ניט „מע"?

— זיי האָבן גענישטערט צווישן די פּאַפּירן, — האָט מאַריע פאַרגעזעצט דערציילן, — אַלץ איז פאַר זיי געווען אַ סכּוירע, אַן אַדרעס, אַ בריוו, אַ נאָמען... ביז גאָר האָבן זיי זיך דערפרייט, בײַ זיי האָבן געפּאַקט אײַער נאָמען, פּאַן לעאָן... „פּערעץ איז דאָך אַ געזעסענער!" — האָט געזאָגט דער עלטערער זשאַנדאַרם. „ער איז פון די פליענדע, — האָט געענטפערט אַווגוסט, — בײַ פּערעצן זײַנען ברייטע און שטאַרקע פליגל". דער עלטערער זשאַנדאַרם האָט כיטרע אַ שמייכל געטאָן: „הייסט עס, אַז ער איז אַ פויגל, עס בענקט טאַקע נאָך אים די שטײַג"... אין איינעם פון אײַערע בריוו, פּאַן לעאָן, האָט ער איבערגעלייענט אין דער פּוילישער טראַנסקריפּציע דאָס ייִדישע וואָרט „מאַלאַכאַמאָוועס". „ווער איז אָט דער מאַלאַכאַמאָוועס? — האָט זיך דער זשאַנדאַרם דערפרייט מיטן נײַעם קאָרבן. — ווו לעבט ער?" — „איך ווייס ניט, — האָט מיט שפּאַס געענטפערט אַווגוסט, — ווען איך וויים זײַן אַדרעס, וואָלט איך אײַך גערן אָפּגעשיקט צו אים". — „עס מאַכט ניט אויס, נישקאָשע, מיר וועלן זיך דערקלײַבן צו אים! ער וועט פון אונדזערע הענט זיך ניט אויסדרייען". — „פון פולן האַרצן ווינטש איך אײַך דערפאָלג", — האָט זיך אַווגוסט צעלאַכט... זייער צאָרן האָבן די זשאַנדאַרמען אויסגעגאָסן אויף די ביכער און נאָטן־העפטן — אַ שרעק! די טאָוולען פון יעדן בוך האָבן זיי איבערגעקערט מיט דער לינקער זײַט אַרויף. זיי האָבן געפּליקט בלעטער, געוואָרפן די ווערטפולע ביכער אויפן דיל און געטראָטן זיי מיט די פיס. ס'איז געווען אַ שרעק צו קוקן אויף אַווגוסטן. ער האָט דאָך קיינמאָל ניט פאַרבויגן קיין זײַטל פון אַ בוך...

פּערעץ, עלישע און עזרע האָבן צונויפגעקלײַבט די נאָטן־העפטן און אָוועקגעשטעלט די ביכער אויף זייערע ערטער. מיריעם האָט פאַרקערט די דילן, פאַרבעט די בעטן, אָרדענונג געמאַכט אין דער קליידער־שאַפע, צונויפגעלייגט דאָס גרעט און פאַנאַנדערגעהאַנגען די אַראָפּגעשלײַדערטע בילדער.

פּערעץ האָט אַן אויפגערעגטער געשפּאַנט הין און צוריק איבערן צימער. זײַן שטים האָט געקלונגען הויך און מוטיק:

— דער עיקר איז ניט אויפהענגען די פידלען אויף די ווערבעס און זיך ניט זעצן וויינען בײַ די טײַכן פון באָוול... דער עיקר — זיך ניט אונטערגעבן, ווײַל קאַלזמאַן דער מענטש גיט זיך ניט אונטער, איז ער שטאַרקער פון זײַן גורל. זיי האָבן צוגענומען אַווגוסטן, אָבער אַווגוסטס גײַסט לאָזט זיך ניט פאַנגען, ער פליט אַרום פראַנק־און־פרײַ און דערנעענטערט דעם סאָף פון דעם בייז. אַכזאָריעסן און בייזקײַט קומען שטענדיק פון שוואַכקײַט: וואָס שוואַכער, אַלץ גרעסער די מוירע; וואָס גרעסער די מוירע, אַלץ גרעסער די אַכזאָריעס און בייזקײַט! און וואָס שטאַרקער די אַכזאָריעס און בייזקײַט, אַלץ מער ווערט פאַרגרעסערט די צאָל פון די, וואָס נעמען טרייסלען און וואַקלען די אַלטע וועלט...

א שניט פאַרהיילט זיך, אַ בראָך קאָן פאַרוואַקסן ווערן, אַ ריס ווערט פאַרצירעוועט, נאָר דאָס, וואָס ווערט אָפּגעשניטן און צעריסן אויף שטיקלעך — איז פאַרפאַלן. עלישע און עזרע האָבן דאָ מער ניט וואָס צו טאָן אין ווארשע. זיי וועלן מוזן, ווי פייגל אין טיפן האַרבסט, פאַרלאָזן די נעסט און זיך לאָזן אַהין, ווו דער וועטער איז לינדער.

גלײַך פון באַלעסלאַווסקיס הויז איז עלישע אַוועק אויפן וואָקזאַל. אויף דער פראַגע פונעם אײַזנבאַן־קאַסיר: „וווּהין?" האָט ער געענטפערט, אַז אים איז אַלציינס, דער עיקר, אַז דער

בילעט זאָל ניט קאָסטן טײַערער פון פינף רובל. דער קאַסיר האָט אָנגערופן א ריי שטעט, און עלישע האָט אויסגעקליבן א שטאָט מיט א שיינעם קלינגעוודיקן נאָמען. ווען אין לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר האָט מען זיך דערוווּסט, אז עלישע האָט שוין א בילעט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, האָבן אַלע אופגעהויבן א גוואַלד: אזוי טוט מען ניט, אזוי טוען בלויז העפקער־יונגען. אזוי פאָרן — קאָן מען פאַרפאָרן צו אַלדי רוכעס און זיך צעבערעכן רוק־און־לענד. יעדער טראָט פונעם מענטשן דאַרף גוט באַטראַכט ווערן.

עלישע האָט פאַרקויפט דעם בילעט.

און אינגיכן איז פון פעדאָצער אָנגעקומען אַן ענטפער. פעדאָצער האָט געשריבן:

„גיט זיך ניט אונטער! לאָזט ניט אַראָפּ דעם קאָפּ, ווײַל מיט א געבויגענעם קאָפּ קאָן מען ניט קוקן פאָרויס...“

פעדאָצער האָט געגרופן עלישען און עזרען זײַן שטאַרק, שטאַרקער ווי ווען־עס־איז, און אײנצײַטיק האָט ער זיך געקלאָגט:

„ניט גוט, זייער ניט גוט! אווגוסט זיצט, און איך ליג! איך ליג מער ווי איך זיץ, ווי איך שטיי און גיי!.. די עלטער איז מיך באַפאַלן, ווי א גאַזלען, און שיקט אף מיר אָן אַלע ווײַלע נײַע קרענק. און טאַלמידים קומען און קומען, אַלע טאָג קומען אָן נײַע טאַלמידים און בעטן זיך — לערנט מיט אונדז! אי איך קאָן זיי ניט אָפּזאָגן, אי איך קאָן מיט זיי ניט לערנען... איז מיר געקומען אפן געדאַנק, אז איר ביידע זאָלט קומען צו מיר און לערנען מיט מײַנע טאַלמידים אונטער מײַן אָנפירונג, אונטער מײַן האַזשגאַכע. אָנפירן, אָנווײַזן, מיטהעלפן וועל איך קאָנען אפילע ליגנדיק. טוט עס צוליב אווגוסטן, צוליב מיר, אין נאָמען פון מעסוירע, אין נאָמען פון דער גרויסער מיצווע, פון ניט מאַפסיק זײַן דאָס שפּילן אפילע אף א רעגע“.

אין לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר האָט קיינער ניט געזאָגט „ניין“. פּערעץ האָט געזאָגט: „יאָ!“

— פעדאָצערס שול, — האָט געזאָגט פּערעץ, — דאָס איז די אײנציקע שול, וועמעס טירן עס זײַנען אָפן פאַר אַלע די, וואָס האָבן אין ערגעץ קיין צוטריט ניט. פעדאָצערס שול טאָר ניט פאַנאַנדערגעלאָזט ווערן, טאָר ניט כאָרעוו ווערן, ווײַל מיטן כורבן פון פעדאָצערס שול וועלן פאַרדאָרבן ווערן צענדליקער און צענדליקער פידלער.

עלישע איז גלײַך אוועקגעפאָרן קיין בערדיטשעוו, און עזרע האָט אַלץ אָפּגעלייגט זײַן רײַזע, — מאָרגן פאָרט ער! פון מאָרגן איז געוואָרן איבערמאָרגן, און אזוי א טאָג נאָך א טאָג. ניט ווייניק צײַט האָט עזרע געפּאַטערט, ביז ער האָט געפויעלט בא זײַן אַלטן פרײַנט, בא אַראָנען, וואָס שפּילט אין סימפאָנישן אָרקעסטער פון וואַרשעווער אָפּערע, אז יענער זאָל אָנשטאָט אים פאָרזעצן לערנען מיט שאַלעמקען. אויסער דעם, איז יעדער שאָכן צוגעשטאַנען צו עזרען, אז ער זאָל זיך פאַרהאַלטן נאָך אף א טאָג אין וואַרשע.

— איך בעט אײַך, טוט עס צוליב מיר, — האָט געבעטן פאָולינע.

— איך בעט אײַך, צוליב מיר! — האָט לייקע שיר ניט געוויינט.

— איך בעט אײַך, צוליב מיר, — האָט זיאמע אף דורך און דורך געעגבערט עזרען מיט זײַנע אויגן.

„און צוליב מיר?“ — האָט א פאַרלוירענער געשוויגן דאַוויד דער שנײַדער.

— צוליב מיר! — האָט קאַמסקי ניט געבעטן, נאָר געפּאָדערט.

אָבער מאָרגן וועט ער פאָרט פאָרן!

— איבערמאָרגן! — האָט מיריעם געבעטן אָפּלייגן די רײַזע נאָך אף א טאָג, זי דאַרף אַרויס־ענדיקן דאָס אויסהעפטן פאַר פאָולינען און לייקען. איז ווי זשע זאָגט מען איר אָפּ? אז עס האָט שוין געהאַלטן באַם אָפּפאָרן, האָט זיאמע דער זייגערמאַכער פאַרגעלייגט, אז מיריעם זאָל אויס־העפטן א שיינעם געהעפט פאַר פּערעצן. זאָל יעדע איינע פון אונדזערע פרויען מאַכן עטלעכע שטעך, און דאָס וועט הייסן, אז ס'איז אַלעמענס מאַטאָנע, א מאַטאָנע פון לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר...

דער זייגער האָט געשלאָגן צוועלף. עס האָט אָפּגעקלונגען זיאמע דעם זייגערמאַכערס לעצטער זייגער־מאָשל.

נאָכעמקע „מאַך מיך איבער“ איז געלאָפן הין און צוריק איבערן קאָרידאָר און געבורטשעט:

— איינער מוז דאָך אַרויף אפן ריכטיקן וועג, איינער מוז דאָך אים געפינען, איינער מוז דאָך דערפאָרן, איינער מוז דאָך!..

טשעסלאַווס פידל איז אף שטענדיק געבליבן בא עזרען, און עזרעס פידל איז אף שטענדיק געבליבן הענגען אף דער וואַנט פון פאָולינעס צימער.

פאָולינע האָט מוטערלעך געהאַלדזט און געקושט עזרען און מיריעמען און שטיל געוויינט:

— קינדער מײַנע, זײַט גליקלעך, פאַרגעסט ניט די אַלטע פאָולינע.

פון אלע זײַטן האָבן זיך געטראָגן „זײַ געזונטן".

— זײַט געזונט!

— זאָלן זיך אײַערע װעגן קײנמאָל ניט פאַנאַנדערגײן!

— פאַל בא זיך ניט אַראָפּ, עזרע! מיט װאַרשע ענדיקט זיך נאָך ניט די װעלט!

— די װעלט איז נאָך היפּש גרויס, און זי װעט מוזן אָפּטרעטן פאַר אײַך אַ װינקל, איר זאָלט האָבן װוּ דעם קאָפּ צוצולײגן און װוּ דאָס האַרץ צו באַרויִקן.

— פאַרגעסט ניט און שרײַבט!

— גוטע בריװ און פרײלעכע בסורעס!

דער צוג האָט זיך גערירט.

פאַכנדיקע הענט און װינקענדיקע פײַערלעך.

— עזרע! דערמאָן ניט װאַרשע צו בײזן! װאַרשע איז ניט שולדיק!

— נײן, נײן! — האָט עזרע אויסגעשטרעקט זײַן האַנט דורכן פענצטער פון װאַגאָן. „נאָר צום גוטן, נאָר צום גוטן װעל איך דיך דערמאָנען, װאַרשע!"

װאַרשע איז פאַרשװוּנדן.

מיריעמס טרוימען האָבן זיך פאַנאַנדערגעשפּילט:

— אונדזער װױנונג װעט באַשטײן פון דרײַ צימערן... נײן, װײניק! — און מיריעם האָט צוגעגעבן אַ פערטן. — אײן צימער פאַר מיר מיט דיר, אײן צימער פאַר דיר מיטן פידל, אַ צימער פאַר פּאַולינען און אַ צימער פאַר שאָלעמקען מיט קאַמסקין.

— װײניק! װײניק! — האָט זיך עזרע צעלאַכט. — װוּ זשע װעט װױנען עלישע?

מיריעם האָט גלײַך פאַריכט איר פעלער און מער ניט געקאַרגט קײן צימערן. דעם שענסטן צימער טײלט זי אויס פאַר פּאַולינען.

— פּאַולינען װעט זײַן בא אונדז גוט, — זאָגט זי צו עזרען, — מיר װעלן קײן שטויבעלע ניט לאָזן פאַלן אױף איר. אינדערפרי, װען זי װעט נאָך ליגן אין בעט, װעל איך איר דערלאַנגען קאַװע מיט פײַנקוכן. די באַלעבאַסטע אין שטוב װעט זײַן זי, פּאַולינע — בא איר װעלן זײַן די שליסל, בא איר װעט זײַן אונדזער געלט... װאָס זי װעט הײסן קאָכן, דאָס װעל איך קאָכן, װאָס זי װעט הײסן נײען — װעל איך נײען.

שפּעט באַנאַכט, אין װאַגאָן זײַנען אַלע געשלאָפן, און עזרע מיט מיריעמען האָבן זיך געװוּנ־דערט, װי קאָן מען שלאָפן, װען ס'איז דאָ אַזױפיל צו רײדן, אַזױפיל צו דערמאָנען.

— איך האָב װאַרשע געמאָסטן לױט ליפּאָװעץ, — האָט מיריעם געזאָגט, — און דערפאַר טאַקע האָט װאַרשע זיך באַקומען אַ סאַך גרעסער, װי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. איך האָב גע־טראַכט: צען ליפּאָװצעס, צװאַנציק, נו, דרײַסיק, איז גײ ריכט זיך, אַז ליפּאָװעץ איז גאָר קײן מאָס ניט.

מיריעם האָט זיך דערמאָנט אינעם װאַרשעװער אָפּערע־טעאַטער. ער האָט איבערגעשטיגן אַלע אירע דערװאַרטונגען.

— װען דו, עזרע, װאָלסט לעבן מיר ניט געזעסן און מיר ניט דערקלערט אַלץ, װאָס ס'טוט זיך אױף דער בינע, װאָלט איך זיכער געװוּען, אַז דאָס איז אַ פאַרבלענדעניש.

מיט װײטעק דערמאָנט מיריעם באַלעסלאַװסקיס הויז:

— איך האָב נאָך פריִער געהערט, אַז די בעסטע מענטשן אַרעסטירט מען, מע שמידט זײ אין קײטן און מע פאַרשיקט זײ אין װײַטן קאַלטן סיביר... איך האָב געמײנט, אַז דאָס איז אַ מײַסע.

— און אױף ליבע, מיריעם, האָסטו אויך געקוקט, װי אױף אַ מײַסע, װעגן װעלכער מע קאָן איבערלײענען בלויז אין די ביכלעך?

— אַ מאָשל! ליבע איז דאָך אָט דאָ, — האָט מיריעם צוגעלײגט די האַנט צום האַרצן.

— און קאַמסקי זאָגט, אַז ס'איז ניט אַזױ, — צעשמײכלט זיך עזרע, — קאַמסקי זאָגט, אַז קײן שום ליבע איז ניטאָ אױף דער װעלט, אַז יעדער אײנער טראַכט זי אויס אױף זײַן אופן...

מיריעם האָט אופגעציטערט:

— און װאָס זאָגט װעגן דעם פּערעץ?

— פּערעץ זאָגט... — עזרעס פּנים האָט אופגעשײַנט, — אומעטום, װוּ צװײ הענט נעמען זיך אַרום, דאָרט רוט די שכינע, דאָרט נידערט אַראָפּ דער הימל און די אַרומגענומענע הענט דערלאַנגען די זון.

— פּערעץ איז גערעכט! פּערעץ איז גערעכט! — מיריעמס אויסגעצױגענע הענט ציִען זיך צום הימל, צו דער זון.

עזרעס הענט קומען זײ אַנטקעגן.

און דער צוג האָט זיך אין דער פינצטערער נאַכט אַלץ געריסן פאָרױס — צו נײַע פײַער־לעך, צו נײַע סטאַנציעס, צו נײַע װעגן...

---

# ליכטיקע באַגאַבונג

## צום 60־טן געבורטסטאָג פון ריווקע רובין

מיט א פּאָר יאָר צוריק, ווען אין רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" איז אָפּגעמערקט געוואָרן מוישע טײַפּס 60־טער געבורטסטאָג, איז ארויסגעטראָטן אויך ריווקע רובין און האָט צווישן אַנדערן דערציילט, אז אין איר פריִער יוגנט האָט זי געשריבן לידער. האגאם דאָס איז געווען פאר מיר א נײַס, האָט דאָס מיך ניט פארוווּנדערט. פאר מיר איז דאָס, פארקערט, געווען א באַשטעטיקונג, אז ריווקע רובין איז אן עמעסער קריטיקער. ווײַל אן עכטער קריטיקער איז א קינסטלער, דאָס הייסט ער איז ניט בלויז פײַיִק אופצונעמען, פארשטיין קונסט און דערקלערן אירע דערשײַנונגען, נאָר אויך אליין ריידן אף דער שפּראַך פון קונסט, „דענקען בילדעריש", שאַפן געשטאַלטן און עמאָציאָנעל ווירקן.

איצט ווייסן מיר שוין, אז ריווקע רובין איז ניט קיין דיכטער, נאָר א פּראָזאיִקער. און דאָס איז ווידער א באַשטעטיקונג פון איר עכטן באַרוף אלס קריטיקער. אז מע לייענט ריווקע רובינס אן עסיי, א ליטעראַטור־היסטאָרישע ארבעט, זעט מען גלײַך, אז דאָס האָט געשריבן א קינסטלער.

אינעם דאָזיקן קורצן עטיוד קאָן איך, נאַטירלעך, ניט געבן קיין אַלזײַטיקע און אוואדע ניט קיין אויסשעפּנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון ריווקע רובין אלס שרײַבער. בא הײַנטיקן טאָג איז זי איינע פון די סאַמע באַדײַטנדיקע שעפער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. און האגאם ביז איצט האָט מען וועגן איר שאַפונג קימאַט ניט געשריבן, איז זי אָבער אנערקענט.

ריווקע רובין איז א בעלעטריסט און א קריטיקער. און אין ביידע זשאַנרען איז פאר איר כאַראַקטעריסטיש דאָס, וואָס מע קאָן אָנרופן מוסקולאַטור פון סטיל, קולטור פון שפּראַך און, כ'וואָלט אפילע געזאָגט, קולטור פון שאַפונג. ריווקע רובינס שפּראַך און סטיל איז איידעלע פּאַשטעס, וואָס איז קוילעל אי קלאָרקײַט פון אויסדרוק, אי לויטערקײַט פון געדאַנק.

די כאַראַקטעריסטיק פון אירע ליטעראַריש־קריטישע ארבעטן וויל איך אָנהייבן פון איינִיקע שטריכן, וואָס זײַנען, לויט מײַן מיינונג, איר מער אייגנטימלעך. אין דער ערשטער ריי, דאַכט מיר, דארף געזאָגט ווערן וועגן איר זעלבשטענדיקײַט אינעם קריטישן אנאַליז. נאַטירלעך, קאָן דער קריטיקער ניט איגנאָרירן דאָס, וואָס איז שוין געזאָגט געווען ביז אים וועגן דעם אָדער יענעם שרײַבער און ווערק. ער דארף דאָס וויסן און האָבן אין זינען טאַקע צוליב דעם, קעדיי ער זאָל קאָנען זײַן זעלבשטענדיק און זאָל ניט אנטדעקן קיין אמעריקעס, וואָס זײַנען שוין לאַנג אנטדעקט.

ריווקע רובין איז אינגאַנצן פרײַ פון אָט דער מין פארשלעפּעניש. זי קאָן אָנשרײַבן א מער געלונגענע און א ווייניקער געלונגענע ארבעט. אָבער שטענדיק איז דאָס איר ארבעט, און בלויז אירע. עס איז דאָך אינטערעסאַנט, וואָס אין קיין איין ארטיקל אירס טרעפן מיר ניט קיין ציטאַטעס, אין וועלכע זי זאָל זיך סוימעך זײַן אף פרעמדע מיינונגען. ציטאַטעס נעמט זי בלויז פון די ווערק פונעם שרײַבער, וועלכע זײַנען נייטיק צוליב דעם אנאַליז.



זעלבשטענדיקײַט איז אָבליגאַטאָריש פאר א קריטיקער. עס איז אָבער ניט גרינג צו דערגרייכן אזא שטופּע. ריווקע רובין דערגרייכט זעלבשטענדיקײַט אין די מער געלונגענע ארבעטן אירע. באַזונדערס האָב איך אין זינען אירע ארבעטן וועגן פּערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען. אין אונטערשייד פון א ריי אַנדערע ארטיקלען וועגן די קלאַסיקער, זײַנען ר. רובינס פאָרשונגען גוט דורכגעטראַכט, פון זיי איז צו זען, אז דער אווטאָר האָט פעסטע אָנשויונגען וועגן די סאַמע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון דער קלאַסיק. איך וועל זיך דערלויבן ברענגען דאָ א קליינעם אויסצוג פון ר. רובינס אן עטיוד וועגן פּערעצן, וועלכער זעט מיר אויס צו זײַן גאָר טרעפלעך און געלונגען:

„פּערעץ דער רעאַליסט שנײַדט אוף מיט דער ניכטערער אומבעראַכמאָנעסדיקײַט פון א כירורג די בלאָטערס אינעם געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם פון זײַן צײַט; פּערעץ דער ראָמאַנטיקער באַוועגט זיך אין אן אויסגעטרוימטער וועלט פון איידלקײַט, פון רוכניעס, פון מענטשלעכער גאַנצקײַט. ער שאַפט די פאָלקסטימלעכע געשיכטע, די קישעף־מײַסע, וווּ שטענדיק זיגט די טוגנד; פּערעץ דער סאַטיריקער גרײַפט אָן בייז און גאַליק די אומפארשעמטע געלט־זאַק, די פרומע קעץ, וועלכע דערשטיקן מיט א פרומען זיפץ

דאָס צאַרטע זינג־פייגעלע מיט זײַן פרײַהײַט־ליד, די באַגרענעצטע שמאָלקעפיקע באַשעפענישן פונעם קליינבירגערלעכן „געמויזעכץ“, וואָס מיינען, אַז העכער דעם שליים איבער זייער בלאָטע איז שוין גאָר קיין הימל ניטאָ; פערעץ דער ליריקער שאַפט די וואונדערלעכע נאָוועלן פון די קעלער־שטיבער, ווו אין אָרעמקײַט און ענגשאַפט, הינטער אַ ביליק שפאַניש ווענטל בליט אויף און ווערט אָפט צעטראָטן דאָס צאַרטסטע ליבע־געפיל“.

די כאַראַקטעריסטיק פון פערעצעס שאַפן איז דאָ געגעבן גאָר געפרעסט, לאַקאָניש און אַפילע לאַפידאַריש, און דאָך — אַלזײַטיק, טיף און אייגנאַרטיק. דאָ איז פאַראַן וויסן, פאַרשטאַנד, געפיל און דריקער — טאַלאַנט.

פון ריוועקע רובינס אַרבעטן וועגן שאָלעם־אַלייכעמען וואָלט איך אין דער ערשטער ריי אויסגעטיילט דעם עסיי „אין דער מיט וועג“ — וועגן דעם „פאַרקישעפטן שנײַדער“. אויב איך האָב פריִער גערעדט וועגן רובינס קראַפט פון אַפאָריסטישער געפרעסטער כאַראַקטעריסטיק אין דער אַרבעט וועגן פערעצן, וויל איך איצט אונטערשטרײַכן אַן אַנדער זײַט פון איר ליטעראַריש־קריטישער און פאָרשערישער שאַפונג — די קראַפט פון אַנאַליז. וועגן „דעם פאַרקישעפטן שנײַדער“ האָט מען דאָך אויך ניט ווייניק געשריבן. פונדעסטוועגן האָט ריוועקע רובין אַף אַ נ ײַ ע ם אויפן געזאָגט איר וואָרט וועגן אָט דעם גאָר שטאַרקן ווערק פון שאָלעם־אַלייכעמען. רובינס אַרבעט וועגן „פאַרקישעפטן שנײַדער“ איז אַ טרעפלעכער אַנאַליז פון אידיי, פון סוזשעט, פון דער גאַנצער אַרכיטעקטאָניק פון ווערק, פון געשטאַלט און פון שפראַך. אין דער זעלבער צײַט איז דאָס ניט בלויז אַנאַליז, נאָר אויך שעפערישע זוכונג און סינטעטישע פאַראַלגעמיינערונג, דינע באַמערקונגען וועגן דעם שרײַבערס שאַפונג, פײַנע פאַראַלעלן מיט דער רוסישער ליטעראַטור, באַאָבאַכטונגען איבער שאָלעם־אַלייכעמס הומאָר אאַ.

צו די מער געלונגענע, טיפערע אַרבעטן רעכן איך צו אויך דאָס אַרטיקל „אַרום בערגעלסאָנס פראָזע“. דאָס איז אַ טיפישער עסיי, אָבער ניט פון יענעם מין עסייען, אין וועלכן דער קריטיקער פאַרנעמט זיך מיט „זעלבסטאַנטפלעקונג“ און פאַרגעסט אינעם אָביעקט פון זײַן אַנאַליז. דער עסיי האָט אַן אידיי, וואָס באַגײַסטערט דעם קריטיקער און מאַכט איבערצײַגעוודיק די אַרגומענטאַציע. די אידיי וועגן דעם, אַז בערגעלסאָנס ווערק זײַנען ניט בלויז פראָזע, נאָר אויך דיכטונג, איז עפשער ניט אַזוי נײַ און איז שוין מיסטאָם אַפילע ערגעץ־ווו אַרויסגעזאָגט געוואָרן. אָבער בא ריוועקע רובין איז אָט די פראָבלעם געשטעלט צום ערשטן מאָל ווי אַ פראָבלעם פון בערגעלסאָנס שאַפונג און זי באַקומט דעריבער אַ נײַע באַדײַטונג און אַ נײַע באַלײַכטונג. אויסער דעם, איז דער געדאַנק, אַז בערגעלסאָנס פראָזע האָט געווירקט אַף דער דיכטונג, זייער אַ פרוכטבאַרער און האָט אַ רעאַלן באָדן.

ריוועקע רובין איז אַפילע אין אירע אַרבעטן וועגן די קלאַסיקער — אַ קריטיקער. פאַר איר איז דער שרײַבער פון פאַרגאַנגענהײַט אַן אָביעקט פון קריטישן אַנאַליז, פונקט אַזוי ווי די שאַפונג פון אַ הײַנטצײַטיקן שרײַבער. זי איז שטענדיק קאָנקרעט און לאָזט זיך ניט אַוועק אין די ווײַטע דראָכים פון פילאָסאָפיע, ליטעראַטור־געשיכטע. זי לאָדט ניט איבער אירע אַרבעטן מיט זײַטיקע מאַטעריאַלן. זי שרעקט ניט אָפ דעם לייענער מיט פסעוודאָאַקאַדעמישע כקירעס, וואָס דאַרפן ווײַזן „ערודיציע“.

די זעלבע שטריכן — זעלבשטענדיקײַט, סינטעטישע פאַראַלגעמיינערונג, אָריגינעלקײַט אין אַנאַליז און קאָנקרעטקײַט — זײַנען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר ריוועקע רובינס ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן וועגן די הײַנטצײַטיקע שרײַבער. נאַטירלעך, זײַנען אירע אַרבעטן לויט זייער פראָפעסיאָנעלן קריטישן ניוואָ ניט אַלציינס. אָבער די מער באַדײַטנדיקע זײַנען שטענדיק אינטערעסאַנט.

ריוועקע רובין איז, ווי מיר שײַנט, אַ מײַסטער פון ליטעראַרישן פאָרטרעט. איך וועל דאָ אָנרופן דעם פאָרטרעט פון שמועל גאָדינערן. איינער פון די ערשטע ייִדישע סאָוועטישע פראָזאיִקער, האָט אָבער גאָדינער גאַנץ לאַנג זיך ניט אָפגעשטעלט אין זײַן אַנטוויקלונג. ער האָט אַלץ געזוכט און געזוכט נײַע טעמעס, געשטאַלטן, נײַע פאָרמעס און האָט העלדיש פאַרענדיקט זײַן לעבנסוועג. ער איז אַוועק פונעם לעבן, ווען ער האָט נאָך געהאַלטן אין סאַמע מיטן פון אומרויִקן שעפערישן זוכן. „צווישן קריג און קריג“ — אַזוי הייסט ריוועקע רובינס אַרטיקל וועגן גאָדינערן. בא ריוועקע רובין איז ניטאָ קיין צופעליקע קעפלעך. אינעם נאָמען פונעם אַרטיקל איז שוין פאַראַן די אידיי און די קווינטעסענציע פונעם אַרטיקל. צווישן קריג און קריג — דאָס איז גאָדינערס שעפערישער וועג, וועלכן רובין ווײַזט ריכטיק און קלאָר. פון אַלע אַרטיקלען, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען וועגן גאָדינערן, איז רובינס דאָס סאַמע פאַראַלגעמיינערנדיקע. דער קריטיקער שטעלט פעסט, אַז גאָדינערס שאַפונג איז „די קינסטלערישע ביִאָגראַפיע פון אַ דאָר“, וואָס איז אויסגעשטאַנען צוויי וועלט־מילכאָמעס, צוויי רעוואָליוציעס און אַ בירגערקריג.

נאָך געלונגענער איז דער פאָרטרעט פון זעליק אַקסעלראָדן, און איך וויל ווידעראַמאָל זאָגן, אַז אינעם קעפל פונעם אַרטיקל „דערהויבענע שטילקײַט“ איז שוין גלענצנדיק אויסגעדריקט דער מיין פונעם קריטיקער, וועלכער האָט דאָך סינטעזירט דעם דיכטערס אַ ליד „שטילקײַט האָט דערהויבן מײַנע לידער“ און זי פאַרוואַנדלט אין אַ מין פראָגראַם פונעם דיכטערס שאַפן אינגאַנצן גענומען.

„דערהויבענע שטילקײַט“ איז ניט בלויז אַ דערפאָלג פונעם קריטיקער, נאָר אין אַ געוויסן זין — אַן אויפטו. זעליק אַקסעלראָד — איינער פון די סאַמע באַגאַבטע, פון די ערשטע גרויסע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער, אַ ביז גאָר אייגנאַרטיקער און צאַרטער ליריקער — האָט געהאַט אַ ניט גרינגן גורל באם לעבן און אַ טראַגישן טויט. ריוועקע רובינס אַרטיקל „דערהויבענע שטילקײַט“ איז אין טאָך די ערשטע ערנסטע אַרבעט, וואָס מאָלט דאָס רעאַלע געשטאַלט פון דעם דיכטער זעליק אַקסעלראָד.

פאַר מיר אַלס קריטיקער איז געווען אינטערעסאַנט רובינס אויפן פון אַנטפלעקן די א י נ ע ר ל ע כ ע קינסטלערישע יעסוידעס, אַף וועלכע עס האַלט זיך דעם דיכטערס ליריק, די ספעציפיק פון זײַן בילדערישקײַט. אָנשרײַבן אַ קריטיש אַרטיקל איז ניט אַזוי שווער. מע קאָן דאָך שרײַבן, און ניט זעלטן טוט מען דאָס, בלויז אָנרירנדיק די אויסערלעכע זײַט פונעם קינסטלערס שאַפונג. אַ סאַך שווערער איז אויסגעפינען און ווײַזן דאָס האַרץ, די נעשאָמע פונעם דיכטער, זײַן אינערלעכן גײַסט, זײַנע באַהאַלטענע אינטאָנאַציעס און אַקצענטן, דורך וועלכע ער באַצויבערט דעם לייענער. און אָט אָ־די שווערע אַרבעט האָט ריוועקע רובין אָפגעטאָן גאַנץ געניט בענעגייע דעם דיכטער זעליק אַקסעלראָד. איך קלײַב זיך ניט איבערדערציילן דאָס אַרטיקל. איך וויל נאָר דערמאָנען, וויאַזוי ר. רובין האָט איידל גענומען דעם דיכטערס אינסטרומענט, אַ שפיל געטאָן אַף זײַנע שענסטע סטרונעס

און דערפירט צו דעם אויער פונעם לייענער די קימאט שוין פארגעסענע ליד. איך האָב שוין פריִער געזאָגט וועגן דעם סינטעז פון „דערהויבענער שטילקײַט“. דאָס איז ניט קיין געפינס פונעם קריטיקער, נאָר דער עמעס פונעם דיכטער, וואָס דער קריטיקער האָט אופגעדעקט. און ניט ווייניקער איז ריווקע רובינס דערפאָלג אינעם אופדעקן דעם קינסטלעריש־פילאָסאָפישן טאָך פונעם לייטמאָטיוו אין אקסעלראָדס ליריק. דער לייטמאָטיוו — דאָס איז דער ווינטער־פייזאזש. ווינטער, פראָסט, ווײַסקײַט און זויבער פון שנייען — דורך אזא פריזמע, דורך שניי און גלי פון פראָסט, דורך ווײַסקײַט פון ווינטער קומט דאָס געזאנג פונעם דיכטער וועגן מענטשן, וועגן לעבן. און דאָס ווײַזט רובין. דאָס איז די קונסט פון קריטיק.

ריווקע רובין, דער טאלאנטפולער קריטיקער און ליטעראטורפאָרשער, צייכנט זיך אויס אין אלע אירע ארבעטן מיט אזא מײַלע, וואָס איז מיר באזונדערס צום הארצן: באשיידנקײַט, כ׳וואָלט אפילע געזאָגט — א מין פרוייִשע צניִעסדיקײַט, אבסאָליוטע אָנפרעטענציִעזקײַט, פרעמדקײַט בענעגייע געמאכטער מאנירלעכקײַט, פולשטענדיקע אָרגאנישע נאטירלעכקײַט. דאָס אלץ איז די אייגנשאפט פון ר. רובינס סטיל. און אזויווי מע זאָגט, אז דער סטיל — דאָס איז דער מענטש, מיין איך, אז אָט די מײַלע פון איר סטיל קאָן מען אריבערטראָגן אף ריווקע רובינס כאראקטער, אף איר אינדיווידואליטעט.

איך וואָלט געקאָנט אָנווײַזן נאָך אף אנדערע ארבעטן ר. רובינס: אירע לעצטע ארטיקלען וועגן שעכטמאנען, קאגאנאָווסקין, אירע ארטיקלען און רעצענזיעס וועגן קוויטקאָן, ראבינען, גרוביאנען, קיפניסן, פינינבערגן און אנדערע. אומעטום פילט זיך די שטײַפע האנטשריפט פון אן אָריגינעלן שרײַבער.

און קעדיי צו פארענדיקן מיט אָט דעם טייל פון ריווקע רובינס שאפונג, ווילט זיך מיר נאָך אָפמערקן אירע אופטוען אין געביט פון פאָפוליאריזירן די ייִדישע ליטעראטור פארן לייענער פונעם פילפעלקערדיקן ראטנפארבאנד. איך האָב דאָ אין זינען אירע פאָרווערטער צו די אויסגאבעס פון שאָלעם־אליכעמען, פערעצן, ווענדראָפן, אקסעלראָדן א. אנד. אין רוסיש. אייניקע פון זיי זײַנען איבערגעזעצט פון רוסיש אף ארמעניש און אנדערע שפראכן. ריווקע רובין האָט אויך איבערגעזעצט אין רוסיש פיל ווערק פון שאָלעם־אליכעמען און פערעצן, פון ווענדראָפן און נאָטע לוריע.



ווען איך האָב זיך גענומען גרייטן צו שרײַבן אָט דאָס ארטיקל, האָב איך זיך באקענט מיט ריווקע רובינס זאמלונג גאָר געראָטענע פארצייכענונגען „ייִדישע פרויען“. איך גיי מיט דעם גאנג, אז דער קריטיקער שרײַבט אויך לידער, דראמעס און פראָזע. די געשיכטע פון דער ליטעראטור באשטעטיקט פולשטענדיק אָט דעם שטאנדפונקט. מע קאָן אָנרופן אזעלכע נעמען, ווי לעסינג, דידראָ, בעלינסקי, טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, לונאטשארסקי. פון די ייִדישע סאָוועטישע קריטיקער האָבן געשריבן לידער, דראמעס און פראָזע ווינער, דאָברושין, נוסינאָוו, אויסלענדער, ווענוויאָרקע, האָלדעס; און בא הײַנטיקן טאָג שרײַבן בעלעטריסטישע ווערק אירמע דרוקער און ריווקע רובין. אלס קלאל זײַנען די קינסטלערישע ווערק פון די קריטיקער דער צ ו ו ײ ט ע ר זשאנער אין זייער ליטעראַרישער שאפונג, פונקט ווי בא די קינסטלער — זייערע ליטעראריש־קריטישע ארויסטרעטונגען. דעריבער האָט מיך איבערראשט ניט דער פאקט גופע, וואָס ריווקע רובין האָט פארעפנטלעכט א ביכל פארצייכענונגען, נאָר דער ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ר נ י ו ו אָ פון דער זאמלונג.

ווען מע לייענט איצט די דאָזיקע פארצייכענונגען, נעמט מען זיי אוף ווי נאָוועלן, און בלויז ווי נאָוועלן. ווען קאָן דען אינטערעסירן דער פאקט, וואָס איז געלייגט געוואָרן אין גרונט פון דעם ווערק, וויבאלד עס ווירקט אפן לייענער עמאָציִאָנעל ביז איצט? מיך, דעם לייענער, אינטערעסירט ניט, צי האָט געלעבט אינדערעמעסן די פרוי דווירע עדלין. פאר מיר עקזיסטירט זי ניט ווי א לעבעדיקער מענטש, נאָר ווי א געשטאלט, אין וועלכן עס זײַנען פארקערפערט די שטריכן, דאָס לעבן און דער גוירל פון „ייִדישע פרויען“. די פארצייכענונגען און נאָוועלן, הא גאם אייניקע פון זיי זײַנען ניט פרײַ פון קינסטלערישער נאיִוויטעט, האָבן א שטײַפע קאָמפאָזיציע, אן אָנגעלאָדענע מיט האנדלונג, מיט דינאמיק, וואָס איז פארבונדן מיט די גרויזאמע געשעענישן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע קעגן דעם פארהאסטן פאשיסטישן סוינע, מיט פאטאָס פון סאָוועטישן פאטריִאָטיזם און נאציִאָנאלן מוט.

לייענענדיק איצט די דאָזיקע זאמלונג פארצייכענונגען און אויך אנדערע דערציילונגען פון ריווקע רובין בייס דער מילכאָמע („אין א זײַטיק געסל“, „ווען דער שלאָס האָט געהיט“), איז מיר ניט ווילנדיק אופגעקומען א געדאנק: צי איז עפשער ניט א דראמאטישע מיספארשטייעניש ריווקע רובינס ליטעראַרישער גוירל, וואָס זי האָט אזויפיל יאָרן און באגאבונג אָפּגעגעבן ליטעראטור, קריטיק, בייס איר בארוף איז עפשער גאָר געווען קינסטלערישע פראָזע? ניין, איך זאָג זיך ניט אָפּ פון דעם, וואָס איך האָב געשריבן פריִער, אז ריווקע רובין איז אן עכט באגאבטער קריטיקער. נאָר עפשער איז איר מער הויכער בארוף — בעלעטריסטיק? און עס קאָן זײַן, אז די ייִדישע ליטעראטור איז באגאנגען אן אוולע בענעגייע ריווקע רובין און בענעגייע זיך, דער ליטעראטור גופע, וואָס זי האָט ניט באמערקט די ערשטע געלונגענע פרווון פונעם שרײַבער, ניט געגעבן צו דער צײַט דעם שרײַבער די נייטיקע ריכטונג, ניט אָפּגעשאצט ווי געהעריק ריווקע רובינס דערציילונגען און פארצייכענונגען און אזויארום פאראָרעמט אונדזער פראָזע. איך בין קימאט ווי זיכער: ווען ריווקע רובין זאָל די לעצטע פאָר צענדליק יאָר געווען זיך פארנעמען מיט פראָזע, וואָלטן מיר געהאט נאָך איין רײַפן באדײַטנדיקן ייִדישן פראָזאיִקער.

און דאָס באווײַזן אירע דערציילונגען, וועלכע זי דרוקט די לעצטע פאָר יאָר אין „סאָוועטיש היימלאנד“.

מיר איז שוין אויסגעקומען צו שרײַבן וועגן ריווקע רובינס דרײַ דערציילונגען אין פערטן נומער „סאָוועטיש היימלאנד“ פארן 1964, אז זיי ציִען אף זיך די אופמערקזאמקײַט מיט דער רײַפקײַט פון שפראך, מיט לירישקײַט און מיט לאָגיש געבויטן סוזשעט. דעמלט האָב איך נאָך ניט געוווּסט וועגן אירע פארצייכענונגען און דערציילונגען פון די פערציקער יאָרן און איך האָב געקענט זיך ארויסזאָגן בלויז פאָרלויפיק און פאָרזיכטיק.

איצט האָט ריווקע רובין פארעפנטלעכט אין צוועלפטן נומער „סאָוועטיש היימלאנד“ פארן 1965 נאָך דרײַ דערציילונגען, וועלכע גיבן שוין א מעגלעכקײַט צוזאמען מיט אירע פריִערדיקע ווערק צו ריידן גאנץ באשטימט וועגן איר ווי וועגן איינער פון די בעסערע שעפער פון אונדזער הײַנטצײַטיקער פראָזע.

ריווקע רובינס פּראָזע איז אָריגינעל. די דרײַ דערציי־לונגען „דער פּלעק", „קלאָרע שויבן", „די וועגן קרייצן זיך" זײַנען א פארגאנצט ווערק, וואָס איז, עמעס, ניט קיין ראָמאַן, אָבער מער ווי דרײַ דערציילונגען. עס איז פאראן אין אַט די דערציילונגען אָדער אין דעם נאָוועליסטיש־פראגמענטארישן ראָמאַן דער עלעמענט פון עפּי־שער שילדערונג. די קאָמפּאָזיציע פונעם ווערק איז גע־בויט אפן אומבײַט פון צײַטן, וואָס כאפּן ארום גרויסע היסטאָרישע אָפּשניטן. האגאם ריווקע רובין מאָלט ניט דירעקט קיין היסטאָרישע געשעענישן, נאָר דער גורל פון מענטשן אין איר באשרײַבונג דעקט זייער בולעט אוף דעם קאָלאָריט פון דער צײַט. דורך דער פּסיכאָלאָ־גישער שילדערונג פון מענטשן ווערט קלאָר די פּסיכאָ־לאָגיע פון דער עפּאָכע. די דרײַ דערציילונגען זײַנען דרײַ פּאַנאָראַמעס, וואָס באוועגן זיך אין דער צײַט. נאָר ריכ־טיקער וועט זײַן, אויב מיר וועלן זאָגן, אז ניט זיי בא־וועגן זיך, נאָר זיי אנטשטייען פאר אונדז דורך באשטימ־טע צײַט־אָפּשטאַנדן, אָפּגעטיילטע איינע פון דער צוויי־טער, אָבער דאָך געבונדענע צווישן זיך. און אַט דער עפּישער אין טאָך געבוי פון דער קאָמפּאָזיציע האָט אָבער א לירישע פאָרם, וועלכע פארשמעלערט עפשער די מעגלעכקײַט פון ברייטער אָביעקטיווער שילדערונג, אָבער זי באשײַנט דאָס ווערק מיט ליכטיקע פארבן, מיט עמאָציאָנעלער אָנגעזעטיקטקײַט. איך קלײַב זיך ניט געבן קיין אייצעס, נאָר די דרײַ דערציילונגען זײַנען אן איי־דעס דערפון, אז זייער אווטאָר האָט פּאָטענציִעלע מעג־לעכקייטן צו שאפן גרעסערע און ברייטערע עפּישע לײַוונטן, ניט אָפּזאָגנדיק זיך אויך פון דער ליריש־עמאָציאָנעלער סטיכיי פון אירע איצטיקע דערציילונגען.

דער ליריש־סוביעקטיווער אויפן פון שילדערן איז מי־סטאַם באדינגט פון דעם אווטאָביִאָגראפיזם אין ריווקע רובינס ווערק. אָבער דאָס אווטאָביִאָגראפישע אין דעם פאל איז ניט פארבונדן מיטן פאקטאָגראפישן. עס פילט זיך דורכויס, אז דאָס אווטאָביִאָגראפישע, אויב עס איז פאראן און אף וויפל עס איז פאראן, באשטעטיקט בלויז מיטן רעאַלן הינטערגרונט פונעם געשילדערטן די קינסט־לערישע וואַרהאַפטיקײַט פון די דערציילונגען. דאָס אוו־טאָביִאָגראפישע איז דאָך ביכלאל אייגנטימלעך דער שא־פונג פון יעדן קינסטלער, אף וויפל אין זײַן שאפונג איז סאָפּקלאָסאַף פאראן זײַן אייגענע לעבנס־דערפארונג און זײַן אינדיווידואליטעט.

סײַ די קאָמפּאָזיציע, סײַ דער סוזשעט פון רובינס דער־ציילונגען זײַנען אזויארום, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אָריגינעל. צי דערציילט דער אווטאָר (דער העלד) וועגן אמאָל, צי מאָלט ער בילדער פון הײַנטצײַטיקײַט — קלינגט די שטים זײַנע נײַ. דאָס דארף מען ניט איליוסטרירן מיט ציטאטעס, דאָס פילט יעדערער בייסן לייענען.

אין ריווקע רובינס דערציילונגען זײַנען די כאראקטערן נאָך ניט געשילדערט אלזײַטיק, נאָר מערסטנטייל סילועט־ארטיק; איך וואָלט געזאָגט, אז די שטריכן און די ליניעס זײַנען נאָך ניט אומעטום רעטושירט. אָבער אין דער זעלבער צײַט זײַנען די טנועס פון די פּערסאָנאזשן אזוי בולעט און כאראקטעריסטיש, אז זיי, די דאָזיקע פּער־סאָנאזשן, הייבן אָן אויסזען ווי געשטאלטן. דאָס האָט א שײַכעס ניט נאָר צו דעם דערציילער גופא, נאָר אויך צו אזעלכע פיגורן, ווי דער טאטע („דער פלעק"), ווי די מומע מאלקע, טאמארא יאקאָוולעוונא, יעפים באָריסאָוויטש („קלאָרע שויבן"), טשערנוכין, מאקאראָוו און אנד. („די וועגן קרייצן זיך").

אין דער דערציילונג „דער שלאָס פון דעם פירשט בער־גער" ווערט פּאָרגעזעצט די שילדערונג פון דעם דערציי־לער. דאָס געשטאלט ווערט געשטעלט אין נײַע סיטוא־ציעס און אנטוויקלט אין נײַע פארבינדונגען, פארהעלטע־נישן און קאָנפליקטן. דאָס ווערק איז געבויט לויטן זעלבן פּרינציפּ, ווי די פריִערדיקע דרײַ דערציילונגען. אויך דאָ בײַטן זיך די פאנאָראמעס פונעם לעבן; אויך דאָ איז די באשרײַבונג פון דער פאָלקס־געשיכטע געבונדן מיטן גורל פון דעם דערציילער, פון זײַן לעבנס־געשיכטע; אויך דאָ קרייצן זיך איבער דאָס עפּישע מיטן לירישן. עס איז אָבער שוין גרינג צו באמערקן די קאָנצענטרירטקײַט פון דעם שרײַבער אף דער שילדערונג פון דעם געשטאלט. באזונדערס באדײַטפול איז דאָס געשטאלט פון דעם יִינגל ניסל, שפּעטער — דעם באגאבטן געלערנטן, דאָקטאָר פון פיזיש־מאטעמאטישע וויסנשאפטן ניסאָן כאָנאָוויטש גרין.

דאָס געשטאלט פונעם געלערנטן, מיין איך, איז כאראק־טעריסטיש פאר דער שאפונג פון ריווקע רובין. זי האָט ביכלאל א נטיִע צו אינטעלעקט־געשטאלטן (געלערנטע, קינסטלער, זשורנאליסטן). ניסאָן גרין איז באשטימט רו־בינס א דערגרייכונג. ער איז געצייכנט שארף, זיכער. דאָס איז א טיפּ פון א געלערנטן, וועלכן עס איז אויסגעפאלן צו לײַדן, ווי א סאך אנדערע, פון פארשיידענערליי פורא־ניִעס. אָבער קיינע שום טראגישע אָדיסייעס קאָנען אים ניט אײַנבייגן און ניט ברעכן, ווײַל ער האָט אן אידיי, א ציל, וואָס באגײַסטערט אים, ווי פּראָמעטייען, — דאָס איז די וויסנשאפט, דאָס פײַער, וואָס דארף ברענגען דער מענטשהײַט ליכט און ווארעמקײַט.

אָבער זײַענדיק טיפּיש און כאראקטעריסטיש, איז ער אין דער זעלבער צײַט אזוי ניט ענלעך אף קיינעם, אז ער זעט אויס אינגאנצן נײַ און עס דאכט זיך, אז קיין צווייטן אזעלכן האָבן מיר ניט באגעגנט. און דער אווטאָר, דער דערציילער, איז פול מיט באגײַסטערונג פאר דעם געשטאלט פון דעם גײַסטרײַכן מענטשן, און עס קומט אוף אפן געדאנק, אז עפשער האָט דער אווטאָר אין דעם געשטאלט פארקערפּערט די אייגענע פאָרשטעלונגען וועגן אן עמעסן מענטשן און אויך די אייגענע ליבע צו מענטשן. אלנפאלס דאכט זיך מיר, אז אין דעם פאל האָט ריווקע רובין זיך ניט געהאלטן באם באוווסטן קלאל: מאָל, מאָ־לער, און שווײַג! זי האָט, פארקערט, זיך געהאלטן באם פּרינציפּ: מאָל, מאָלער, און זאָג, וואָס דו מאָלסט!

האגאם ריווקע רובין האָט ניט קיין גאָר גרויסע דער־פארונג פון קינסטלערישער שאפונג, פילט זיך ניט אין אירע ווערק קיין אומזיכערקײַט, קיין אומבאהאָלפנקײַט. זי איז ניט איינטאָניק, נאָר פארשיידנארטיק אין אירע מיטלען, זי קאָן איבערגעבן אי פרייד, אי טרויער. זי פארמאָגט אלץ, וואָס עס דארף פארמאָגן א קינסטלער: אן אויג, וואָס זעט, און אן אויער, וואָס הערט, א געפיל צו שיינעם, צו שיינקײַט אין לעבן (דאָס איז באזונדערס צו זען אין דער מיניִאטור „זון אף די דעכער") און דערי־קער — טאלאנט צו איבערגעבן דאָס געזעענע, דאָס געהערטע און דאָס שיינע אין דער נאטור, אין לעבן און אינעם מענטשן.

פארענדיקנדיק אָט דעם קורצן עטיוד וועגן א קריטי־קער און א פּראָזאִיקער, וועגן דעם מענטשן און שרײַבער ריווקע רובין, דריקן מיר אויס די זיכערקײַט, אז דער שעפערישער וועג פון אונדזער יובילאר איז אין סאמע מיטן.

הערש רעמעניק

# כראָניק

## פאָטאָ־עקספּאָזיציע אין הויז פאַר פריַינטשאַפט

אין מאָסקווע איז אין דעם הויז פאַר פריַינטשאַפט מיט די פעלקער פון אויסלאַנד געעפנט געוואָרן אן אויסשטעלונג, געווידמעט דעם XXIII צוזאַמענפאָר פון קפּסס.

אף דער אויסשטעלונג ווערן דעמאָנסטרירט העכער 100 ווערק פון דער הײַנטצײַטיקער פאָטאָ־קונסט, צווישן זיי פאָטאָגראַפיעס, וואָס זײַנען אויסגעפילט דורך באַקאַנטע מײַסטערס: ד. באַלטערמאַנץ, וו. יעגאָראָוו, וו. סאָבאָלעוו און אַנדערע. א ריי פון די פאָרגעשטעלטע אַרבעטן זײַנען באַצייכנט מיט דיפּלאָמען און מעדאַלן אף צווישנפעלקערלעכע אויסשטעלונגען.

## א נײַער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו

אין טאַלין איז באַוויזן געוואָרן פאַר א גרויסן עולם די ערשטע קאָנצערט־פּראָגראַם פון דעם נײַגעשאַפענעם קאָלעקטיוו פון יידישער קינסטלערישער זעלבסטעטיקײַט.

דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער שטעלונג פון שאָלעם־אַלייכעמס איינאַקטער „מאַזלטאָוו" (רעזשי פון בינימין דרוי). די ראָלן אין דעם ספּעקטאַקל פילן אויס: דער שעף פון אן אווטאָקאָלאָנע יאָסיף שײַקעוויטש, דער יונגער מעכאַניקער ייצחאָק ביילינסאָן, די נייטאָרנס ליבמאַן און פײַנשטיין. י. שײַקעוויטש האָט אויך פאָרגעלייענט שאָלעם־אַלייכעמס מאָנאָלאָג „פון דער ריוויערא". די צושויער האָבן זייער וואַרעם אופגענומען די אַרטיסטן.

פריש און אייגנאַרטיק האָבן דורכגעקלונגען די יידישע פאָלקסלידער אין דער אופירונג פון אווראָם ליידערמאַן (אן אַרבעטער אף א טעקסטיל־פאַבריק), יעווגעניע ווײַנגורט (א שילערן פון א מיטלשול) און פון דעם פרויען־אַנסאַמבל.

אין אָנהייב אַפּרעל וועט דער קאָלעקטיוו איבערכאַזערן זײַן פּראָגראַם אין איינעם פון די בעסטע טעאַטער־זאַלן פון טאַלין.

מ. שער.

## קינאָ־כראָניק וועגן איסאַק איטקינד

צום 95־טן געבורטסטאָג פון איינעם פון די עלטסטע סקולפּטאָרן בא אונדז אין לאַנד איסאַק איטקינד (זע וועגן אים די פאַרצייכענונג אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 12 פאַרן 1965) האָט די מאָסקווער טעלעוויזיע באַוויזן א ספּעציעלע קינאָ־כראָניק, געווידמעט זײַן שאַפונג.

אין דער כראָניק ווערט מיטגעטיילט וועגן אן אויסשטעלונג פון אי. איטקינדס סקולפּטורן, וואָס גרייט זיך איצט אין אַלמאַ־אַטאַ.

## אן אָוונט, געווידמעט מוישע קולבאַקן

אין מינסקער רעפּובליקאַנישן שרײַבער־הויז איז פאָרגעקומען א גרויסער אָוונט, געווידמעט מוישע קולבאַקס 70־טן געבורטסטאָג.

דעם אָוונט האָט געעפנט דער פאָלקס־שרײַבער פון ווײַסרוסלאַנד מיכאַס לינקאָוו.

— מיט גרויס אינטערעס לייען איך קולבאַקס ווערק, — האָט געזאָגט אין זײַן אַרײַנפיר־וואָרט מ. לינקאָוו. — קולבאַק איז געווען א הויך־טאַלענטירטער שרײַבער. דער הײַנטיקער אָוונט איז א בווילעטער באַווײַז פון אונדזער סאָוועטישער פעלקער־פריַינטשאַפט.

מיט דערינערונגען וועגן מוישע קולבאַקן איז אַרויסגעטראָטן דער ווײַסרוסישער דיכטער מיקאָלאַ כוועדאָראָוויטש.

דער סקולפּטאָר זאיר אזגור, פאָלקס־קינסטלער פון ווײַסרוסלאַנד, האָט דערציילט וועגן זײַנע שמועסן מיט מוישע קולבאַקן, בייס ער האָט געאַרבעט איבערן סקולפּטור־פּאָרטרעט פונעם שרײַבער.

דער פּאָעט און איבערזעצער יאָזעף סעמיזשאָן האָט פאָרגעלייענט א פראַגמענט פון קולבאַקס פּאָעמע „רײַסן", וועלכע ער זעצט איצט איבער אף ווײַסרוסיש.

וועגן קולבאַקן אַלס דראַמאַטורג האָבן גערעדט די פאַרדינסטפולע אַרטיסטן פון דער ווײַסרוסישער רעפּובליק יעהודיס אַראָנטשיק און מוישע סאָקאָל.

דערנאָך איז אַרויסגעטראָטן דער יידישער דיכטער כאַים מאַלטינסקי. ער האָט פאָרגעלייענט קולבאַקס לידער און אן אייגענע ליד, געווידמעט קולבאַקן.

אין א רײַכער קאָנצערט־פּראָגראַם זײַנען פאָרגעלייענט געוואָרן אויסצוגן פון קולבאַקס „זעלמעניאַנער" און „בויטרע".

דער אָוונט האָט געמאַכט א שטאַרקן אײַנדרוק אף די צושויער.

ה. רעל

## די ליטעראַרישע זײַט אין דער צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן"

דאָס מאָל האָט די צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן" פאַרן 20 מאַרט געווידמעט איר טראַדיציאָנעלע ליטעראַרישע זײַט די ווערק פון א ריי פּראָגרעסיווע שרײַבער פון אויסלאַנד. די צײַטונג באַקאַנט אירע לייענער מיט א דערציילונג פונעם אַמעריקאַנער שרײַבער באַרעך מילער („פּאָרטרעטע אויגן"), מיט נײַע לידער פון דאָרע טייטלבוים (פראַנקרײַך) און דאָוויד סעלצער (פּשא). עס ווערן אויך געדרוקט רעצענזיעס אפן בוך „דערציילונגען פון ייִסראָעל־שרײַבער", וואָס איז דערשינען אין מאָסקווער פאַרלאַג „פּראָגרעס", און אף דער לידער־זאַמלונג פונעם ייִסראָעל־דיכטער אַלעקסאַנדער פּען „דאָס האַרץ אין וועג", וועלכע ס'האָט אַרויסגעגעבן אין דער רוסישער איבערזעצונג דער פאַרלאַג פאַר קינסטלערישער ליטעראַטור.

## בילדער־אויסשטעלונג פון אַלעקסאַנדער טישלער

ניט לאַנג צוריק איז אין מאָסקווער מוזיי פון פּלאַסטישער קונסט אף פּושקינס נאָמען אײַנגעאָרדנט געוואָרן א גרויסע אויסשטעלונג פונעם באַוווסטן סאָוועטישן מאָלער אַלעקסאַנדער טישלער. אף דער אויסשטעלונג זײַנען געווען פאָרגעשטעלט דעם קינסטלערס אייל־בילדער, גראַפישע אַרבעטן, האָלץ־סקולפּטורן און טעאַטער־עסקיזן.

עס זײַנען עקספּאָנירט געווען א. טישלערס א ריי שאַפונגען אף יידישע טעמעס: די סעריע „שכיינים פון מײַן קינדהײַט", „א יידישע קאַלע", „דער פּאָרטרעט פון א זאָקן" אא.

# נײַעס פון אויסלאַנד

## דער יובילײ פון א פאַרדינסטפולער ארטיסטן

עס איז אַלט געוואָרן 70 יאָר די פאַרדינסטפולע אַרטיסטין און קונסט־טוערין פון אוקראַיִנע אדע סאַנץ.

העכער 45 יאָר האָט אדע סאַנץ געווידמעט דער טעאַטער־קונסט. זי איז שטאַרק פּאָפּולער און באַליבט צווישן די ייִדישע און אוקראַיִנישע צושויער.

אין 1921 איז אדע סאַנץ, צוזאַמען מיט דער קיִעווער סטודיע „קולטור־ליגע", אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע, ווו זי האָט שטודירט אַקטיאָרישע מײַסטערשאַפט בײַ יע. וואַכטאַנגאָוון, רובען סימאָנאָוון אאַ. שוין אין אירע ערשטע ראָלן אויף דער סצענע פונעם כאַרקאָווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער אין די ספּעקטאַקלען „שאַבסי־צווי" (רעזשיסער סמישלײַעוו) און „פּורימשפּיל" (שטעלונג פון עפראַיִם לויטער) האָט אדע סאַנץ זיך אַרויסגעוויזן אַלס באַגאַבטע אַקטריסע.

אין דער געשטאַלטן־גאַלעריי, וועלכע אדע סאַנץ האָט אין מעשעך פון 25 יאָר געשאַפן אין ייִדישן טעאַטער, זײַנען באַזונדערס באַוווסט די ראָלן פונעם יונגאַטש אין דאַניעלס „יוליס", פון דער מוטער אין ב. אָרשאַנסקיס פּיעסע „בלוט", פון וואַסאַ זשעלעזנאָוואַ אין מאַקסים גאָרקיס פּיעסע מיטן זעלבן נאָמען, פון נוימי אין פּ. מאַרקישעס „דער אופשטאַנד אין געטאָ" אאַוו.

אין 1950 איז אדע סאַנץ אַריבערגעפאָרן קיין דניעפּראָפּעטראָווסק, ווו זי אַרבעט אין אָרטיקן דראַמאַטישן טעאַטער אויף מ. גאָרקיס נאָמען.

## אנא אכמאַטאָוואַס אָנדענק

אין עלטער פון 77 יאָר איז געשטאָרבן די באַוווסטע רוסישע דיכטערין אַנאַ אַנדרייעוונאַ אַכמאַטאָוואַ, אַ מיטצײַטלערין פון אַלעקסאַנדער בלאָק און וואַלערי בריוסאָוו.

אַנאַ אַכמאַטאָוואַ איז געווען אַ גרויסער פרײַנט פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג. זי האָט זיך באַטייליקט מיט אירע איבערזעצונגען אין אַ סאַך אויסגאַבעס פון דער ייִדישער דיכטונג אויף רוסיש. עס זײַנען אויך באַקאַנט אירע ביבלישע מאָטיוון — לידער וועגן לאָטס פרוי און וועגן דעם קיניג שאָול, וואָס צייכענען זיך אויס מיט טיפן ליריזם.

ערע איר אָנדענק!

## פינפטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד

אין וואַרשע איז אין פּאַלאַץ פאַר קולטור און וויסנשאַפט פאָרגעקומען דער פינפטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד פון די ייִדן אין פּוילן. עס זײַנען אויסגעהערט געוואָרן פאַרטראַגן און באַריכטן פון די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן און פון די קאָמיסיעס באַם קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד, אַרויסטרעטונגען פון דעלעגאַטן.

צווישן אַנדערע האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען רעזאָליוציעס: וועגן אָפּמערקן דעם פינף־און־צוואַנציקסטן יאָרטאָג פונעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, וועגן די אַקציעס קעגן אָנווענדן דעם פאַרעלטערונג־טערמין אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד לעגאַבע די היטלעריסטישע פאַרברעכערס, וועגן סאָלידאַריטעט מיטן וויעטנאַמער פאָלק — קעגן דער אַגרעסיע פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם אאַ.

דעלעגאַציעס פונעם צוזאַמענפאָר האָבן געלייגט בלומען־קרענץ באַם דענקמאָל די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ, באַם אָנדענק־שטיין אויפן אָרט פונעם שטאַב־בונקער פון דער ייִדישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ און באַם אויהעל־פּערעץ אויפן גענשער בעסוילעם.

## אויסשטעלונג וועגן ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע אין בולגאַריע

דער קולטור־ און בילדונגס־פאַרבאַנד פון די ייִדן אין בולגאַריע האָט באַשלאָסן אָרגאַניזירן אין סאָפיע אַן אויסשטעלונג וועגן ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע אין פעריאָד פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. צווישן די העכער הונדערט עקספּאָנאַטן וועלן פאַרנעמען אַ היפּש אָרט מאַטעריאַלן וועגן דעם אָנטייל פון די ייִדן אין דער אַנטינאַציסטישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פונעם בולגאַרישן פאָלק.

## מאַרלען דיטריך וועגן דעם נאַציִשן ייִדן־מאָרד

די באַרימטע דײַטשישע קינאָ־אַקטריסע און זינגערין מאַרלען דיטריך, וועלכע איז ניט לאַנג צוריק אופגעטראָטן מיט קאָנצערטן אין ייִסראָעל, האָט אויף אַ באַגעגעניש מיט ייִסראָעלדיקע זשורנאַליסטן פאַר איר אָפּפאָרן אויף גאַסטראָלן קיין פּוילן דערציילט וועגן איר האַס צום פאַשיזם און וועגן אירע געפילן אין שײַכעס מיט די גרוילטאַטן פון די היטלעריסטן קעגן דער מענטשהײַט און באַזונדערס קעגן ייִדישן פאָלק.

— ניט וועגן קיין פּערזענלעכן כעזשבן מיט היטלערן און זײַנע שוטפים האַנדלט זיך, — האָט געזאָגט מאַרלען דיטריך, — נאָר אין אַ טראַגעדיע, וואָס האָט געבראַכט אומגליק מיליאָנען מענטשן. מע קאָן דאָס ניט און מע טאָר דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן...

מאַרלען דיטריך האָט דערציילט, אַז זי האָט אין 1933 באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דײַטשלאַנד נאָך דעם, ווי זי האָט זיך דערוווּסט, אַז לויט היטלערס באַפעל ווערן אומגעבראַכט ייִדן בלויז דערפאַר, ווײַל זיי זײַנען ייִדן. זי האָט זיך דאַן אָפּגעזאָגט פון דער בירגערשאַפט אין אַ לאַנד, וווּ עס זײַנען באַגאַנגען געוואָרן אַזוינע שווידערלעכע פאַרברעכנס.

## 60־טער געבורטסטאָג פונעם שרײַבער יעשײַע שפּיגל

דער באַקאַנטער ייִדישער דיכטער און פּראָזאַיִקער יעשײַע שפּיגל, וואָס שטאַמט פון פּוילן, פײַערט איצט זײַן 60־טן געבורטסטאָג.

עס דערשײַנען יעשײַע שפּיגלס צוויי נײַע פּראָזע־ביכער: דער ראָמאַן „שטיגן צום הימל", וואָס האָט אין ניו־יאָרק באַקומען (אין מאַנוסקריפּט) די קאַרל־ראָטמאַן־פּרעמיע פאַרן יאָר 1965, און אַ ראָמאַן פון דער געטאָ־טקופע „פּלאָמען פון דער ערד".

# נײַס פון אויסלאנד

## צו אלעקסאנדער פענס 60־טן געבורטסטאָג

אין טעל־אביוו איז פאַרגעקומען א גרויסער אָוונט לעקאָווועד דעם 60־טן געבורטסטאָג פונעם באַוווּסטן דיכטער־קאָמוניסט פון ייִסראָעל אַלעקסאנדער פען. אין טשערניכאָווסקי־הויז האָט אפן יובליי זיך פארזאמלט א גרויסער אוילעם אָנגעזעענע שרײַבער, דיכטער, קינסטלער, געזעלשאפטלעכע טוער און קולטור־טוער. עס זײַנען אויך בײַגעווען פאַרשטייער פון די אמבאסאדעס פון סאָוועטנפאַרבאנד, פוילן און אנדערע סאָציאַליסטישע לענדער.

מיט ווערטער וועגן א. פענס שאַפונג זײַנען ארויסגעטראָטן די שרײַבער רות לעווין, מוישע שאמיר, דער דיכטער אַווראָם שליאָנסקי, דער שוישפּילער מייער מארגוליס און דער גענעראל־סעקרעטאר פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון ייִסראָעל שמואל מיקוניס.

די באַרימטע שוישפּילערנס כאַנע ראָווינא און מיריאַם בערנשטיין־קויהען האָבן פאַרגעלייענט ווערק פונעם באַל־יויוול.

צום שלוס האָט אלעקסאנדער פען אין זײַן וואָרט אָפּגעדאַנקט די בײַוועזנדע פאַר די וואַרעמע באַגריסונגען און אויך איבערגעלייענט אייניקע נײַע לידער.

## איינער פון די גרעסטע פּעדאַגאָגן פון XX יאָרהונדערט

אין דער שווייץ איז דערשינען א בוך וועגן דעם לעגענדאַרן פּעדאַגאָג און שרײַבער יאנוש קאָרטשאַק (הענריק גאָלדשמידט), וועלכער איז צוזאַמען מיט די קינדער פון זײַן יעסוימים־הויז אין וואַרשעווער געטאָ אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאציסטן אין טרעבלינקע.

דער אווטאָר פון דעם בוך פּ. באַומגאַרטען־טראַמער איז א באַקאַנטער פּסיכאָלאָג, פּראָפעסאָר פון בערנער אוניווערסיטעט און סעקרעטאר פון דער אינטערנאציאָנאַלער געזעלשאפט פאַר פּראַקטישער פּסיכאָלאָגיע. יאנוש קאָרטשאַק ווערט אין דעם בוך באַוויזן אלס איינער פון די גרעסטע פּעדאַגאָגן פון XX יאָרהונדערט.

## א בוך וועגן הירש גליק

אין פּאַריזשער פאַרלאַג „אונדזער קיום" וועט אינגיכן דערשײַנען א בוך פון מארק דוואָזשעצקי וועגן דעם דיכטער און געטאָ־קעמפער הירש גליק — דעם אווטאָר פון דער באַרימטער פּארטיזאַנער־ליד „זאָג נישט קיינמאָל, אז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

אינעם בוך ווערן געבראַכט פיל פּראָטים וועגן לעבן און שאפן פונעם יונגן דיכטער. הירש גליקס פּארטיזאנער־ליד איז אין דעם בוך איבערזעצט אף נײַן שפּראַכן.

## ארויסטרעטונגען פון דאַוויד אויסטראַך אין ייִסראָעל

אין ייִסראָעל איז ארויסגעטראָטן דער באַוווּסטער סאָוועטישער פידלער דאַוויד אויסטראַך.

אפן ערשטן קאָנצערט, וואָס ער האָט געגעבן אין טעל־אביוו, זײַנען בײַגעווען דער סאָוועטישער אמבאסאדאָר ד. טשוואַכין, מיניסטאָרן און קנעסעט־דעפּוטאַטן.

ד. אויסטראַך האָט געהאַט א ריי פרײַנטלעכע באַגעגענישן מיט אָנגעזעענע מוזיקער און מיטן ייִסראָעלדיקן פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער.

## יובליי־אָוונט, געווידמעט גינע מעדעם אין לאָס־אַנזשעלאָס

די פּראָגרעסיווע ייִדישע געזעלשאַפטלעכקײַט פון לאָס־אַנזשעלאָס האָט דורכגעפירט א גרויסע פײַערונג לעקאָווועד דעם 80־טן געבורטסטאָג פון דער באַוווּסטער געזעלשאַפטלעכער טוערן און שרײַבערן גינע מעדעם.

אף דער יובליי־פײַערונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט העכער 700 מענטשן, זײַנען מיט באַגריסונגען ארויסגעטראָטן די געזעלשאַפטלעכע טוער ארן קוירטמאַן, ס. גאַרפילד און דער לאָס־אַנזשעלאָסער ייִדישער דיכטער כאַים שוואַרץ, וועלכער האָט אין זײַן באַגריסונגס־רעדע אָפּגעמערקט, אז „גינע מעדעם איז א זעלטן געשטאַלט אין דער ייִדישער דעמאָקראַטישער וועלט — אלס מענטש, שרײַבער, אָראַטאָר און קעמפער פאַר די רעכט פונעם ארבעטנדיקן פאָלק. איר נאָמען וועט מיט גאָלדענע אויסיעס ארײַנגעשריבן ווערן אין דעם ערן־בוך פון באַרימטע און באַליבטע נעמען פון קעמפנדיקע פרויען אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק".

## צוגרייטונגען צו שאָלעם־אַלייכעמס 50־טן יאָרצײַט אין קאַנאַדע

אין מאָנרעאָל איז לויט דער איניציאַטיוו פון דער אָרטיקער ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק פאַרגעקומען א ברייטע קאָנפערענץ, געווידמעט דער צוגרייטונג צום אָפּמערקן דעם 50־טן יאָרצײַט פון שאָלעם־אַלייכעמען. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט א ריי ייִדישע קולטור־ און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

די עפנטלעכע שאָלעם־אַלייכעם־פײַערונג איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן אָנהייב מײַ. סאיז אויך אָנגעמערקט אײַנצואָרדענען אן אויסשטעלונג פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק און א בילדער־עקספּאָזיציע, געווידמעט דעם גרויסן פאָלקס־שרײַבער.

## אנטדעקט א בעסמעדרעש פון XV יאָרהונדערט

דער אמעריקאנער ראָוו דוויד שוואַרץ, באַזוכנדיק די שטאָט פּונטאַ־דעל־גאַפאַ אף די אַזאָרער אינדזלען, האָט דאָרט אנטדעקט א האַלב־אײַנגעפאַלענעם בעסמעדרעש, וואָס איז, ווײַזט אויס, אופגעבויט געוואָרן אין XV יאָרהונדערט.

די ארכעאָלאָגן האַלטן, אז אף דעם דאָזיקן אינדזל האָבן אמאָל געלעבט אינדיאַנישע ייִדן, שפּעטער אנטלאָפענע אנוסים פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע.

אין דער שול האָט מען געפונען עטלעכע זייער אלטע סייפער־טוירעס, סידורים, כומאָשים און אנדערע ספאָרים.

# בלעטערנדיק זשורנאלן און צײַטונגען

## זיך ארויסגעשטעלט אַף לײַטיש געלעכטער

דער אמעריקאנער ייִדישער דיכטער און פובליציסט עפראַיִם אויערבאך איז לעצטנס געוואָרן דער „העלד" פון א קאָמישער געשיכטע. אין ניו־יאָרקער „טאָג־מאָרגן־זשורנאל" פאַרן 7 פעווראל ד. י. האָט ער אין אן ארטיקל אונטערן סענסאציאָנעלן נאָמען „צוריק די „ם", „ן", „ף", „ץ"... זיך צערעדט מיט קלוימערשטער קאָמפּעטענטקײַט וועגן דעם, אַז אין סאָוועטנפארבאנד האָבן די ייִדישע לינגוויסטן אין אָנהייב פון די 20־ער יאָרן אומזיסט־אומנישט „מעשאלייעך געווען" די סאָף־אויסיעס, און דאָס איז געווען „א גזיירע אף די אומשולדיקע" „ם", „ן", „ף", „ץ". „איצטער, — זעצט פאָר עפראַיִם אויערבאך, — אַז מע האָט די געקריוודעטע ייִדישע אויסיעס צוריק ארײַנגעפירט... האָט מען עס געטאָן אזוי בישטיקע, אַז קיינער האָט זיך גאָרניט אומגעקוקט אף דעם".

עפראַיִם אויערבאך רופט אויס מיט אן ערנסטער מינע: „יאָ, אינעם לעצטן נומער „סאָוועטיש היימלאנד" — נומער 12 פונעם יאָר 1965 — זײַנען זיי דאָ צוריק און, ווײַט איך וויים, האָט די רעדאקציע אפילע ניט געהאלטן, אַז עס איז נייטיק מודיִע צו זײַן, אַז פון הײַנט אָן איז „שטום" ווידער מיט א „ם" באם סאָף, ניט מיט א „מ". און אַז די זון שײַנט ווידער מיט א לאנגער נון. א כאָלעם אין שלאָף איז ווידער מיט א לאנגער „ף", און א שווערער קלאָץ ענדיקט זיך מיט דער שלאנקער „צאדעק", וואָס האָט צוויי קעפעלעך".

מיר ברענגען (עטוואָס געקירצט) דעם פעליעטאָנישן קאָמענטאר אין דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרײַהײַט" פאַרן 9 פעווראל ד. י. אף ע. אויערבאכס „אנטדעקונג".

## א שרײַבער אין „טאָג" איז נעבעך ארײַנגעפאלן...

עפראַיִם אויערבאך האָט מיטאמאָל אנטדעקט אין „טאָג" פון הײַנטיקן מאָנטיק, אַז אין דעם מאָסקווער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" געפינען זיך די אויסיעס „ם", „ן", „ף", „ץ". און ער מאכט א גאנצן און גאָר היפשן פּייִרעש, פארוואָס מיטאמאָל, אין סאמע לעצטן נומער „סאָוועטיש היימלאנד" פונעם יאָר 1965, נומער 12, האָבן זיי זיך באוויזן. פרעגט זיך א פראגע: איז דען דער „טאָג"־קאָלומניסט עפּעס א כויני האמעאגייל אָדער א ריפּ וואן ווינקל, וואָס איז פון אווגוסט 1961, ווען דער ערשטער נומער „סאָוועטיש היימלאנד" איז ארויס, געשמאק געשלאָפן און זינט דעמלט קיין איין־איינציקן נומער אין האנט ניט גענומען?

מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אזעלכע ייִדן זײַנען טאקע דאָ אין אמעריקע, און ס'איז א ראכמאָנעס אף זיי, ווײַל זיי פארפעלן צו לייענען א וואונדערלעכן זשורנאל. אָבער זיי שרײַבן דאָך קיין קאָלומס ניט! און ווען דער „טאָג"־קאָלומניסט וואָלט ניט געשריבן פון „אויסווייניק", נאָר וואָלט טאקע דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" גענומען אין האנט ארײַן, וואָלט ער געוווּסט, אַז פון סאמע אָנהייב אָן, גלײַך אינעם ערשטן נומער, האָבן זיך יענע אמאָל־פארפאָלגטע אויסיעס, נעבעך, באוויזן.

נו, דער טאָעס איז דאָ א גאנץ אומשולדיקער. אָדער דער שרײַבער האָט טאקע ביז איצט דעם זשורנאל ניט גענומען אין האנט ארײַן — איז עס א שאָד, אָבער עס קומט אים דערפאר ניט קיין שטראָף; אָדער ער האָט ווי דורך א „נעס" פּאָשעט ניט באמערקט די פארפאָלגטע אויסיעס אין אלע ביז איצטיקע נומערן. די פראגע איז אָבער: פונוואנען האָט זיך גענומען אזא פּאָשעטער טאָעס? און וויאַזוי נעמט מען און מע שרײַבט אָן א גאנצן קאָלום, איידער מע פאָרשט אויס, איידער מ'פרעגט זיך נאָך כאָטשבי בא אן אנדער מיטארבעטער פון דער צײַטונג?

דער ענטפער אף דעם איז, דאכט זיך, אזא. ווי נאָר מע „כאפּט" עפּעס וועגן יענעם לאנד, דעם באָלשעוויקן־לאנד, איז — אהא! עס איז גאָר ניט נייטיק צו אויספאָרשן, אָדער פּאָשעט א טראכט צו טאָן אפילע, ווײַל אף יענעם לאנד איז דאָך אלץ צו גלייבן! עס איז צו גלייבן אפילע אזא ווילדע זאך, אַז מ'וועט מיצקעדרינען נעמען און ארײַנלאָזן אין שטוב ארײַן די פארפאָלגטע אויסיעס און מ'וועט אפילע ניט מאכן קיין דערקלערונג וועגן דעם.

די מאָראל איז, ראבויסײַ: ניט געכאפּט! מ'מעג פריִער א טראכט טאָן אויך, און אויב נייטיק — אויספאָרשן, אפילע ווען עס האנדלט זיך וועגן דעם באָלשעוויקן־לאנד! און וואָס שײַעך „סאָוועטיש היימלאנד", איז שוין אָנגעקומען אויך דער נומער איינס פון 1966 און נאָך אלץ מיטן לאנגן נון און אזוי ווײַטער — און דאָס איז נאָך אלץ זייער א רײַכער און שיינער זשורנאל.

פ. א. נ.

# פאַרשיידנס

■

## דער ערשטער דאָקו־מענטאַלער פילם וועגן לעוו טאָלסטאָי

ניט לאַנג צוריק האָט מען אין קויבישעוו (געוועזענע סאַמאַרע) גע־פונען דעם ערשטן קינאָ־פילם וועגן דעם גרויסן רוסישן שרײַבער לעוו ניקאָלײַעוויטש טאָלסטאָי. אינעם אַלטן צווישטאָקיקן הילצערנעם הויז נומ. 85 אַף דער אַרציבושעוו־גאַס האָט מען בײַסן רעמאָנט געפונען אונטערן דיל אַן אַרומגעקלאַפּטן מיט אײַזן קאַסטן. אינעם קאַסטן זײַנען געלעגן אַלטע אַפישן, פּראָגראַמעס, אַרײַנגאַנגס־בילעטן, וויזיט־קאַרטלעך און 9 קינאָפילמען. 8 פון זיי זײַנען געווײנלעכע קאָמערץ־לענטעס פאַר די יאָרן 1905—1915. דער נײַנטער פילם הייבט זיך אָן מיט די טיטרען: „דער 80־יאָריקער יובילײ פונעם גראַף ל. נ. טאָלסטאָי".

דאָס איז געווען דער ערשטער דאָקומענטאַלער פילם וועגן טאָלסטאָיען. דעם פילם האָט פאָטאָגראַפירט דעם 28 אויגוסט 1908 יאָר אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ איינער פון די פּיאָנערן פונעם רוסישן קינעמאַטאָגראַף, דער אָפּעראַטאָר דראַנקאָוו. לעוו ניקאָלײַעוויטש איז צו יענער צײַט געווען קראַנק. אַף דער וועראַנדע פון זײַן הויז געפינען זיך די פרוי, די קינדער, די אייגענע און דעם שרײַבערס נאָענטסטע פרײַנט. און אָט האָט זיך באַוויזן אין דעם וויג־שטול אַליין לעוו ניקאָלײַעוויטש טאָלסטאָי אין זײַן טראַדיציאָנעלן רוסישן אויבערהעמדל, אונטערגעגאַרטלט מיט א רימענדל.

ווי אַזוי זשע איז אָט די אוניקאַלע קינאָ־לענטע געקומען קיין סאַמאַרע? ס'האָט זיך אײַנגעגעבן פעסטשטעלן, אַז אין דעם הויז נומ. 85 אַף דער אַרציבושעוו־גאַס האָט געוווינט א געוויסער טולופּאָוו, דער באַלעבאָס פון איינעם פון די ערשטע אין שטאָט קינאָ־טעאַטערן „אוניאָן".

און אָט, אין העכער פופציק יאָר אַרום, ווערט דער פילם אינגיכן אופלעבן אַפן עקראַן.

## דער זיבן־און־זעכציקסטער ראָמאַן

די ענגלישע שרײַבערין אַגאַטאַ קריסטי איז אַלט געוואָרן 75 יאָר.

פאַר דער לעצטער צײַט שענקט אַגאַטאַ קריסטי אַלע פרילינג דעם ענגלישן לייענער א נײַעם דעטעקטיוו־ראָמאַן. היאָר וועט דאָס זײַן דער זיבן־און־זעכציקסטער. נאָר מאַכט אַפילע קיין פּרוּוו ניט צו דערוויסן זיך, וועגן וואָס איז דער ראָמאַן. „איך רייד קיינמאָל ניט וועגן מײַן ווערק, ביז עס איז ניט פאַרענדיקט". די מאָטיוון פונעם מאָרד און דער נאָמען פונעם מערדער וועלן באַוווּסט ווערן ערשט אַף די לעצטע זײַטלעך.

א. קריסטי איז טעטיק אויך אין אַנדערע זשאַנרען. זי האָט אָנגעשריבן צוויי צענדליק פּיעסן, זעקס סענטימענטאַלע ראָמאַנען, א בוך וועגן אַרכעאָלאָגיע. פאַריקן יאָר איז דערשינען אירע א זאַמלונג קליינע דערציילונגען און לידער פאַר קינדער. די שרײַבערין אַליין באַציט זיך אָבער מיט לײַכטן הומאָר צו איר שאַפונג אין „ערנסטע" זשאַנרען, האַלטנדיק מיט רעכט, אַז דעם לייענער אינטערעסירן בלויז אירע דעטעקטיוו־ראָמאַנען.

## קאַפּיטלען פון קאָראַן אין ייִדיש

דער קאָראַן — דאָס „הייליקע בוך" פאַר 350—400 מיליאָן מוסולמענער — איז, ווי באַקאַנט, איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן. אין איוורית איז דאָ אַן אַלטע איבערזעצונג פון ה. רעקענדאָרף (1825—1875) און א נײַע איבערזעצונג פון פּראָפ. י. וו. ריוולין. די ערשטע וויסנשאַפטלעך־פּינקטלעכע איבערזעצונג אין רוסיש איז געמאַכט געוואָרן דורכן באַרימטן אַקאַדעמיקער און אָריִענטאַליסט איגנאַטי קראַטשקאָווסקי (1883—1951) און איז דערשינען נאָך זײַן טויט (פאַרלאַג „מיזרעך־ליטעראַטור", מאָסקווע, 1963).

מענאַכעם קאַפּליוק, א שרײַבער פון ייִסראָעל, אַן אָריִענטאַליסט לויט זײַן בילדונג, האָט איבערגעזעצט אייניקע קאַפּיטלען פון דעם „אַללאַ־בוך" (ווי דער קאָראַן ווערט אויך אָנגערופן דורך די מוסולמענער) אַף ייִדיש. אין דער פערטליאָר־שריפט פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע פראַגן „די גאָלדענע קייט" איז אָפּגעדרוקט די „סורא (קאַפּיטל) יוסוף", איינס פון די שענסטע קאַפּיטלען אין קאָראַן, וווּ עס דערציילט זיך די געשיכטע פון יויסעף מיט זײַנע ברידער.

דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער קאָראַן איז איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש.

## הײַנטיקע קוריאָזן

### „...אײַנשליסלעך ליבעס־דערקלע

מיר ברענגען דאָ אָן קאָמענטאַרן א נאָטיץ (געקירצט) פון דער טעלאוויווער צײַטונג „לעצטע נײַעס":

„הער אָ. ריכטער, וועלכער טיטולירט זיך אַלס דער „פּאָרזיצער פון ייִסראָעלדיקן פאַרבאַנד פאַר סימולטאַנישער[1] איבערזעצונג", האָט באַשלאָסן צוזאַמען מיט פרוי אַללאַ נוראָק, די אַלמאָנע פון האַראַוו ד״ר מאָרדכע נוראָק ז״ל, וועלכע איז אויך באַקאַנט אַלס אַן ערשטקלאַסיקע ספּעציאַליסטקע אין דער איבערזעצונגס־פּראָפעסיע, צו עפענען א מין אינטימען קלוב, אין וועלכן עס זאָלן זיך צוזאַמענטרעפן מענער און פרויען, וואָס ריידן אַף פאַרשיידענע שפּראַכן און קענען זיך ניט צונויפריידן צווישן זיך. אין אָט דעם קלוב וועלן די מענטשן זיך צוזאַמענקומען, שמועסן, טאַנצן, זיך קעגנזײַטיק באַקענען, און פרײַוויליקע איבערזעצערס פון ה׳ ריכטערס איבערזעצונגס־אינסטיטוט

[1] סינכראָנישער.

## געפונען יעדידע מארגאָליסן...

אין דער ייִסראָעלדיקער צייַטונג „דבר״ (דאוואר) איז אָפּגעדרוקט א נאָטיץ פון א לייענער עליִעזער קאליר, אן אָפּשטאמיקן פונעם שטעטל קארעליץ (ווייַס־רוסלאנד):

„בא אונדז אין שטעטל זייַנען געווען צוויי כאווירים — דאָוויד איינהאָרן און יעדידע מארגאָליס. איינהאָרן האָט געשריבן לידער, שטילע מעלאָדיעס, סאָנעטן: „איך וויל, אז מייַן ליבע זאָל ווערן געשלאָסן אין א שטילן און ייִדישן געסל״, „דער לעצטער באלטפילע״, „גרויס איז דער מידבער״... שפּעטער־צו האָט איינהאָרן אופגעשטורעמט די ייִדישע געזעלשאפטלעכקייַט מיט זייַן עסיי „די זיבן זינד פון דער אָרטאָדאָקסיע״ (זשורנאל „עפּאָכע״), אין וועלכן ער טרעט ארויס קעגן דעם אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום. יעדידע מארגאָליס האָט געשריבן וועגן לעבן פון די קליינע שטעטלעך — א סוויווע, אין וועלכער ער איז אופגעוואקסן.

מיט דער צייַט איז דאָוויד איינהאָרן אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע און יעדידע — קיין רוסלאנד. איינהאָרן איז געבליבן באַרימט די גאנצע צייַט, און מיר שטויסן זיך אָן אַף זייַן נאָמען ביז הייַנט. מארגאָליס, פארקערט, איז פארגעסן געוואָרן.

דעריבער האָב איך זיך שטארק דערפרייט, ווען, בלעטערנדיק איינעם פון די נומערן „סאָוועטיש היימלאנד״, אין דער אָפּטיילונג „שרייַבער און ווערק״, האָב איך דערזען און דערקענט מייַן לאנדסמאן און יוגנט־פרייַנט יעדידע מארגאָליס, לויט א פּאָטאָ פון יענע טעג — א בּיִאָגראפישע נאָטיץ צו זייַן 80־טן געבורטסטאָג״.

## א נייַע עקראניזאציע פון פויכטוואנגערס א ראָמאן

אפסנייַ עקראניזירן ליִאָן פויכטוואנגערס ראָמאן „דער ייִד זיס״ וועט איינער פון די ווייַטע אָפּשטאמיקע פונעם העלד פון ראָמאן — דער דייַטשישער רעזשיסער האנס זיס אָפּענהיימער. ווי באוווסט, איז די ערשטע עקראניזאציע, וואָס איז געמאכט געוואָרן אין דער מיט 30־ער יאָרן, אויסגענוצט געוואָרן פאר פאשיסטישער אנטיסעמיטישער פּראָפּאגאנדע און האָט ניט געהאט קיין שום שייַכעס צום ראָמאן. איבער דעם סצענארי פון דעם נייַעם פילם ארבעטן די אלמאָנע פונעם שרייַבער — מארטא פויכטוואנגער און האנס גאבע. אין גרונט פונעם סצענארי ליגן, כוץ פויכטוואנגערס ראָמאן, ארכיוו־דאָקומענטן, וואָס דערציילן וועגן פּראָצעס איבערן ייִד יאָזעף זיס אָפּענהיימער, וועלכער איז אין דער ערשטער העלפט פון XVIII יאָרהונדערט פארמישפּעט געוואָרן צו טויט־שטראָף לויטן באפעל פונעם ווירטעמבערגער הערצאָג און איז אומגעבראכט געוואָרן אין שטוטגארט.

# פארשיידנס

■

## „מעלאָכים־בוך״ דערשינען אין האָלאנד

אין האָלענדישן אקאדעמישן פארלאג „וואן גארקום״ איז דערשינען דאָס „מעלאָכים־בוך״, איינס פון די גרונט־ווערק פון דער אלט־ייִדישער ליטעראטור. דאָס בוך איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורכן באקאנטן ייִדישן געלערנטן דר. לעאָ פוקס, וועלכער פירט אָן מיט דער קאטעדרע פון ייִדיש און העברעיִש אין אמסטערדאמער אוניווערסיטעט.

דאָס „מעלאָכים־בוך״, וואָס שטאמט ווארשייַנלעך פון XIV יאָרהונדערט, איז לויטן פארנעם דאָס גרעסטע ווערק פון דער אלט־ייִדישער ליטעראטור. די איצטיקע אויסגאבע באשטייט פון צוויי בענדער, פון וועלכע דער ערשטער הייבט זיך אָן מיט א גרעסערער ארבעט פון דר. פוקס וועגן דער אנטשטייונג און אנטוויקלונג פון ייִדיש און פון דער אלט־ייִדישער ליטעראטור. דער צווייטער באנד אנטהאלט אן אויספירלעכע באהאנדלונג פון דר. פוקס וועגן די פארשיידענע ביבלישע און נאָכביבלישע קוואלן פונעם „מעלאָכים־בוך״ אין העברעיִש און אראמעיִש.

■

---

רונגען״, אָבער ניט אַף ייִדיש

וועלן איבערפירן די קעגנזייַטיקע אינפאָרמאציעס און העלפן די מיטגלידער פונעם קלוב זיך צוזאמענריידן אין די פארשיידענע שפּראכן — „אייַנשליסלעך ליבעס־דערקלערונגען און הייראט־פּאָרשלאָגן״, ווי עס שרייַבט דער קאָרעספּאָנדענט פון „יעדיִאָט אכראָנאָט״.

דער זעלבער צייַטונגס־קאָרעספּאָנדענט דערציילט, אז אין זייַן געשפּרעך מיטן „איבערזעצער־צווילינג״ (ה׳ ריכטער און פרוי נוראָק) האָט אים הער ריכטער בעפיירעש אָנגעזאָגט:

„איך בעט אייַך אונטערשטרייַכן, אז אין דעם קלוב וועט ניט זייַן קיין שום איבערזעצונג פון ייִדיש אָדער אַף ייִדיש. מיר אנערקענען ניט די דאָזיקע שפּראַך אלס א שפּראך, און דעריבער פארנעמען מיר זיך ניט מיט איר אין די ראמען פון אונדזער לויפנדיקער ארבעט אָדער אַף קורסן, און מיר וועלן זיך אויך ניט פארנעמען מיט איר אין דעם קלוב. ווער עס וועט וועלן אייַנרוימען וועמען ליבעס־ווערטער אַף ייִדיש, וועט ער דאָס דארפן טאָן אָן אונדזער הילף״...

# נאָטיצן אַפן קאַלענדאַר

# שרײַבער און ווערק

עס איז געוואָרן הונדערט יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער באַוווּסטער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־דיכטער דאָוויד עדעלשטאַט.

דאָוויד עדעלשטאַט איז געבוירן אין קאַלוגע אין אַ רוסיפיצירטער פאַמיליע. ער האָט גאָר פרי אָנגעהויבן שרײַבן לידער אין רוסיש. צו 14 יאָר האָט ער אָפּגעדרוקט זײַן ערשטע ליד אין דער אָרטיקער צײַטונג „גר־



בערנסקיִע וועדאָמאָסטי“. אין דאָוויד עדעלשטאַטס רוסישע לידער פילט זיך שטאַרק די ווירקונג פון די דעמאָקראַטישע דיכטער נעקראַסאָוו, ניקיטין, נאַדסאָן.

אין 1880 איז דאָוויד עדעלשטאַט אַריבערגעפאָרן קיין קיִעוו. נאָכן פּאָגראָם פון 1881 עמיגרירט ער קיין אַמעריקע, אין דער שטאָט סינסינעט, וווּ עס האָבן געוווינט זײַנע צוויי ברידער. עדעלשטאַט ווערט אַן אַרבעטער פון אַ שאַפּ. ער פאַרזוכט דעם טאַם פון נויט און אַרבעטסלאָזיקײַט אין דער קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע. עדעלשטאַט הייבט אָן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער זעצט פאָר שרײַבן לידער אין רוסיש, אָבער אינגיכן הייבט ער אָן דרוקן זײַנע ווערק אין ייִדיש אין דער אַנאַרכיסטישער „וואַרהייט“. עדעלשטאַטס דיכטונג איז דורכגעדרונגען מיט מאָטיוון פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף קעגן קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. איינציקע זײַנע לידער („אָ, גוטע פרײַנד! אַז איך וועל שטאַרבן“ אאַ.) זײַנען געוואָרן הימנען פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף פאַר די אַרבעטער פון אַמעריקע און רוסלאַנד.

פאַר קנאַפּע פיר יאָר פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט אין ייִדיש האָט עדעלשטאַט אָנגעשריבן 140 לידער, 15 דערציילונגען און אַ היפּשע צאָל פּובליציסטישע ווערק.

אין לעצטן יאָר פון זײַן לעבן איז דאָוויד עדעלשטאַט געווען דער רעדאַקטאָר פונעם אַנאַרכיסטישן אָפּטייל פון דער „פרײַער אַרבעטער־שטימע“. זײַן בוך „פאָלקסלידער“, וואָס נעמט אַרום דאָס בעסטע פון זײַן דיכטונג, איז דערשינען אין 1892. אין זעלבן יאָר, אין עלטער פון 26 יאָר, איז עדעלשטאַט געשטאָרבן.

דאָוויד עדעלשטאַט פאַרנעמט אַ בעקאָוועדיק אָרט אין דער פּלעיאַדע ייִדישע רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער־דיכטער, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע האַשפּאָע אויף דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער פאָרגעשריטענער ייִדישער ליטעראַטור.

דעם 29 מײַ איז געוואָרן הונדערט יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער באַוווּסטער אַרמענישער דיכטער אַקאָפּ אַקאָפּיאַן.

אַקאָפּ אַקאָפּיאַן איז געבוירן אין דער שטאָט גאַנדזשאַ (איצט קיראָוואָגראַד) אין אַן אַרבעטער־פאַמיליע. אין 1904 איז ער אַרײַנגעטראָטן אין



דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג און איז פיל מאָל געווען אַרעסטירט.

די ליטעראַרישע טעטיקײַט פון אַקאָפּ אַקאָפּיאַן הייבט זיך אָן סאָף 80־ער יאָרן, נאָר באַזונדערס שעפעריש אַקטיוו איז ער געוואָרן אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע. ער זעצט איבער אויף אַרמעניש דעם „אינטערנאַציאָנאַל“, די „וואַרשאַווינקאַ“ און אַנדערע רעוואָליוציאָנערע לידער.

אויף אַקאָפּיאַנס שאַפונג האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג זײַן פרײַנט — דער באַוווּסטער טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ס. ג. שאַומיאַן. אין די יאָרן פון רעאַקציע האָט אַקאָפּיאַן געשאַפן אַ ריי פּאָעמעס — „נײַער פרימאָרגן“ (1909), „רויטע כוואַליעס“ (1911) און קעמפערישע לידער, אין וועלכע ער טרעט אַרויס ווי אַ דיכטער אַ טריבון און זעט פאָרויס דעם זיג פון דער רעוואָליוציע. די אַרבעטער־לייענער האָבן אים גערופן „דער אַרמענישער גאָרקי“.

נאָכן ניצחון פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז אַקאָפּיאַן אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון ציק פון דער טראַנסקאַווקאַזער פעדעראַציע. אין זײַן דיכטונג באַזינגט ער די פּראָצעסן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג און די פעלקער־פרײַנטשאַפט אין פססר. ראָמען ראָלאַן האָט כאַראַקטעריזירט אַקאָפּיאַנס רעוואָליוציאָנערע פּאָעמעס אַלס „מעכטיקע סימפאָניעס“. אַקאָפּיאַנס ווערק זײַנען איבערזעצט אויף די שפּראַכן פון די פעלקער פונעם ראַטנפאַרבאַנד און אויף אַ ריי מײַרעוו־אייראָפּעיִשע שפּראַכן.

אַקאָפּ אַקאָפּיאַן איז געשטאָרבן דעם 13 נאָיאַבער 1937.

דעם 28 מײַ איז געוואָרן 50 יאָר, זינט עס איז געשטאָרבן דער גרויסער אוקראַיִנישער שרײַבער, געלערנטער און רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַט איוואַן פראַנקאָ.

איוואַן פראַנקאָ איז געבוירן געוואָרן אין גאַליציע, אין דאָרף נאַ־



גויעוויטש (דראָגאָביטשער געגנט) אין א פויערישער פאַמיליע. די ערשטע לידער האָט ער געדרוקט אין לעמבערגער סטודענטישן דעמאָקראַטישן זשורנאַל „פריינט“ («Друг»). אין 1874, זייענדיק א סטודענט פון אוניווערסיטעט, האָט איוואַן פראַנקאָ רעדאַגירט דעם זשורנאַל און געדרוקט דאָרטן אף אוקראַיִניש נ. ג. טשערנישעווסקיס ראָמאַן „וואָס טאָן?“ און די ווערק פון מ. יע. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין. איוואַן פראַנקאָ האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער סאָציִאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג פון יענער צײַט. ער האָט איבערזעצט אף אוקראַיִניש די ווערק פון מאַרקסן און ענגעלסן, געווען רעדאַקטאָר פון א ריי ראַדיקאַלע דעמאָקראַטישע פּוילישע און אוקראַיִנישע אויסגאַבעס. פאַר זײַן אַקטיווער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער טעטיקײַט איז ער געווען ניט איין מאָל אַרעסטירט.

איוואַן פראַנקאָ איז געווען א הייסער קעמפער פאַר רעאַליסטישער קונסט און ליטעראַטור, קעגן בורזשואַזן אוקראַיִנישן נאַציִאָנאַליזם.

זײַן ערשט ביכל „באַלאַדעס און דערציילונגען“ (1876) האָט נאָך געטראָגן א ראָמאַנטישן כאַראַקטער. אינעם זאַמלבוך „הייכן און נידערן“ (1887) פאַרנעמען שוין דעם אויבנאָן פּאָליטישע רעאַליסטישע לידער. דער דאָזיקער זאַמלבוך האָט אים געבראַכט פולשטענדיקע אָנערקענונג און איז געוואָרן ברייט באַוווּסט. באַנאַנד דערמיט איז פראַנקאָ אַרויסגעטראָטן אַלס גרויסער מײַסטער פון פּראָזע; באַזונדערס באַוווּסט זײַנען זײַנע ווערק „Boa Constrictor“ („די שלאַנג“, 1878), „באָריסלאַוו לאַכט“ (1881—1882), אין וועלכע ער מאָלט בילדער פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און קלאַסנקאַמף. איוואַן פראַנקאָ האָט אויך א סאַך געשריבן וועגן דעם לעבן פונעם פּויערטום: „א גוטער פאַרדינסט“ (1881), „וועלדער און לאָנקעס“ (1883) אא.

איוואַן פראַנקאָ איז באַוווּסט אַלס אָנגעזעענער געלערנטער פאָלקלאָריסט, ליטעראַטור־קריטיקער און ליטעראַטור־היסטאָריקער. אים געהערט דער בוך „עטיוד איבער דער געשיכטע פון דער אוקראַיִניש־רוסישער ליטעראַטור ביז 1890“, דער איבערזיכט וועגן „דער דאָרעם־רוסישער ליטעראַטור“ אא. ער האָט איבערזעצט אף אוקראַיִניש ווערק פון רוסישע און מײַרעוו־אייראָפּעיִשע ליטעראַטורן. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן א גרויסן אינטערעס צו דער יִדישער ליטעראַטור און צום יִדישן פאָלקלאָר.

●

# זינאָווי טאָלקאַטשאָוו



דער באַוווּסטער סאָוועטישער קינסטלער זינאָווי טאָלקאַטשאָוו איז געבוירן אין ווײַסרוסלאַנד (שטשעדרין, לעבן באָברויסק). מאָלערײַ האָט ער שטודירט אין מאָסקווער און קיִעווער קונסט־אינסטיטוטן. אין די מילכאָמע־יאָרן איז ער געווען אויפן פראָנט. א גרויסע צאָל ווערק זײַנע, אָנגעוויַיטע פון די מילכאָמע־יאָרן, זײַנען געווידמעט דעם שוידער פון די היטלעריסטישע טויט־לאַגערן.

עס האָבן נאָך געהילכט די לעצטע זאַלפן פונעם אַנטיפאַשיסטישן קריג, און עס האָט זיך שוין באַוויזן טאָלקאַטשאָווס אַלבאָם וועגן מײַדאַנעק. נאָך דער מילכאָמע זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דרײַ זײַנע אַלבאָמען פון דער סעריע „אַשווענטשים“.

פון טאָלקאַטשאָווס גראַפישע אַרבעטן צייכענען זיך באַזונדערס אויס זײַנע אילוסטראַציעס צו ווערק פון מאַקסים גאָרקי, דמיטרי פורמאַנאָוו, לעאָניד פּערוואָמײַסקי, ניקאָלײַ אָסטראָווסקי אאַ. א גרויס אָרט אין זײַן שאַפונג פאַרנעמען די פּראַקטיקע צייכענונגען צו שאָלעם־אַליכעמס און י.־ל. פּערעצעס ווערק.

ז. טאָלקאַטשאָווס שאַפונגען זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן אויף א רײ אויסשטעלונגען אין מאָסקווע, כאַרקאָוו, קיִעוו, אָדעס און אין אַנדערע שטעט, אויך אין אויסלאַנד (וואַרשע, אַמסטערדאַם, קאָפּענהאַגן, ווענעציע, לאָנדאָן, פילאַדעלפיע).

מיר דרוקן דאָ פיר נײַע בילדער פון זינאָווי טאָלקאַטשאָוון צו דער שאָלעם־אַליכעם־טעמע.

# אַף העכסטער הייך

ווערטער פון שמואל ראַסין

מוזיק פון לייב יאמפאָלסקי

*Moderato*

O, hirš mit her-ner gol-de-ne-majn frejd, ... nit lojf a-zoj, nit fli a-zoj di berg a-rop. ... Du vest in bloj, in grin un gold fun jam ce-go-se-nem far-xli-nen zix, o, frejd maj-ne, mit her-ner gol-de-ne... O! O! frejd. O, hirš mit her-ner gol-de-ne-majn frejd, ... Blajb stejn ot do mit mir af hex-ster he-j-x!

אַ, הירש מיט הערנער גאָלדענע — מייַן פרייד,
ניט לויף אזוי, ניט פלי אזוי אראָפּ די בערג.
דו ווערסט אין בלוי, אין גרין און גאָלד
פון יאם צעגאָסענעם פארכלינען זיך,
אַ, פרייד מייַנע, מיט הערנער גאָלדענע...

בלייַב שטיין אָט דאָ מיט מיר אף העכסטער הייך
מיט קאָפּ פאריסענעם אף שווינדלדיקער ווייַט,
און זאָל דייַן אויג דייַן קלאָרס זיך זעטיקן,
און זאָל דייַן הארץ זיך ברייטערן
פאר ווייַטקייַטן צעעפנטע פון גרעסטער הייך.
אַ, הירש מיט הערנער גאָלדענע — מייַן פרייד,
בלייַב שטיין אָט דאָ מיט מיר אף גרעסטער הייך!

און זאָל דער יאם פון אונטן שרייַען דאָרט,
און זאָל זיך שלאָגן דאָרט מיט קאָפּ מיט שוימיקן
אין שטיינעריקן ברעג, —
אַ, פרייד מייַנע, דו הירש מיט הערנער גאָלדענע,
ניט לויף אזוי, ניט פלי אזוי אראָפּ די בערג.


СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Ежемесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания шестой

Издательство «Советский писатель»

Главный редактор А. Вергелис.

Редколлегия: И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев (ответственный секретарь), Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств. и техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

Подписано к печати 16/IV 1966 г. Формат 70×108[1]/16. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки. Цена 50 коп. Зак. 1352.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Комитета по печати при Совете Министров СССР
Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821



# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 5

1 9 6 6

**В НОМЕРЕ:**



**ЛИТЕРАТУРА И ИСКУССТВО**